# אף דער לייענער־קאָנפערענץ
# פון „סאָוועטיש היימלאנד״



● אין פרעזידיום



● עס טרעט ארויס אלעקסאנדער טווערסקאָי.

● עס טרעטן ארויס אלא יאָשפּע
און סטאכאן ראכימאָוו.



# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון ססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

פעוורואַל



1990

# אינהאַלט



■

## הויפּט־רעדאַקטאָר

א. ווערגעליס

## רעדקאָלעגיע:

כ. ביידער (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר),

ש. גאָרדאָן, ט. גען,

א. טווערסקאָי, ב. מאָגילנער,

כ. מעלאַמוד, ב. סאַנדלער,

ה. פּאָליאַנקער, ג. עסטרײַך (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), י. שוסטער,

י. שרײַבמאַן

# מיקויעך דעם געזעץ וועגן שפּראַכן פון די פעלקער פון פססר

(פון דער אַרויסטרעטונג אויף דער סעסיע פונעם אויבער־סאָוועט פון פססר)

איך מיין, אַז אין אונדזער געזעצגעבערישער פּראַקטיק איז עס אַ באַזונדערער, אויב ניט קיין אוניקאַלער פאַל, ווײַל דער געזעץ האָט אַ שײַכעס צו דער טיפסטער סטרוקטור פון אַ דענקענדיקער באַשעפעניש, צום אינסטרומענט פון קאָנטאַקטן און פון וועלט־באַזיניקונג — ס'גייט אַ רייד וועגן אַזאַ אייביקן באַגריף, ווי דאָס וואָרט, דאָס וואָרט אינעם מויל פון אַן עטנאָס, ס'גייט אַ רייד וועגן אַ נײַער קאָנצעפּציע פון די לעשוינעס, וועלכע עקזיסטירן אין אונדזער בעעמעס קאָלאָסאַלער מעדינע, וועגן די גורלאָלעס פון שפּראַך־קולטורן און פון אַלץ, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן — אין סאָציאַלע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע אַספּעקטן.

אַלס פילנאַציאָנאַלע מעדינע זײַנען מיר אַן אַמערסטן אַקטיווער קאָמפּאָנענט פון דער הײַנטיקער מענטשהײַט, מע קאָן זאָגן, אַ טעקטאָנישע מאַגמע, און דעריבער צווייפל איך ניט, אַז דער אינהאַלט פון אונדזער געזעץ, די דיסקוסיעס אַרום אים וועלן צוציִען די אויפמערקזאַמקייט מיצאַד דער געזעלשאַפטלעכקייט פון דער גאָרער וועלט, ווײַל מיר זײַנען ניט די איינציקע, וועך עס שטויסט זיך צונויף אויף דער אַרענע פון דער געשיכטע מיט ענלעכע שאַרפסטע פּראָבלעמען פון דער טקופע, און מיר זײַנען ניט די איינציקע, וועך עס זוכט די וועגן צום אַכדעס צווישן גײַסט און סייכל, און אונדזערע זוכונגען אין אָט דעם געביט קאָנען דינען ווי אַ דערפאַרונג פאַר אַנדערע פעלקער און פילעטנישע אויסבילדונגען.

דער געזעץ וועגן שפּראַכן האָט אַ שײַכעס בוכשטעבלעך צו אַלעמען, צו דער גאַנצער באַפעלקערונג, פון קליין ביז גרויס, צו אַלע פעלקער און פעלקערשאַפטן פונעם פאָטערלאַנד. אַזאַ איז די אַלגעמיינע באַדײַטונג פון דער פּראָבלעם, וואָרעם די שפּראַך איז איינע פון די ערשטראַנגיקע פאַרבאַדינגען פאַרן קיעם פון אַ באַליביקער נאַציע. יעדע נאַציע איז ווערטפול אָן און פאַר זיך. איטלעכע נאַציע — צי זי איז אַ גרויסע, אָדער אַ קליינע — לעכצט צו זײַן אייביק, און דאָס איז איר נאַטירלעכע רעכט. צוליב דעם מוז לעבן און פאַרוואַרצלט ווערן אויפן אייגענעם באָדן דאָס לאָשן פונעם פאָלק, און בישכיינעס מיט דער אייגענער שפּראַך דאַרפן בליִען אַנדערע, און גאָט זאָל אָפּהיטן, אַז אַ געוויסע שפּראַך זאָל בלײַבן איינאַליין אויף דער גאַנצער וועלט, אײַנשלינגענדיק אַלע אַנדערע שפּראַכן, וואָרעם אַזאַ לאַגע וואָלט געקאָנט באַטײַטן בלויז איינס — די גלאָבאַלע דעגראַדאַציע פונעם מענטשלעכן גײַסט, וואָס עס וואָלט געבראַכט צום סאָף פון דער וועלט. אין דער זעלבער צײַט קאָן די מענטשהײַט זיך ניט באַגיין אָן שטיק־שפּראַכן, אויף וועלכע עס שפּאַרן זיך אָן די בריקן צווישן קולטורן און ציוויליזאַציעס, אָן שפּראַכן, וואָס סומירן דאָס וועלט־דענקען.

די דיאַלעקטיק פונעם שפּראַך־פּראָצעס פאַר דאָסראָוו נאַציאָנאַלע רעגיאָנען פונעם לאַנד באַשטייט אין דער פּאַראַדאָקסאַלער, און וואָס ווײַטער אַלץ מער קאָמפּליצירטער, באַזונדערס אינעם נאָכמילכאָמע־פּעריאָד, דערשײַנונג פון „פאַרלירן די נאַציאָנאַלע שפּראַך", פון סטיליסטישער דעגענעראַציע פון די שפּראַכן, פונעם אָנווערן זייערע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס.

אַזאַ איז די שווערע פּרײַז פאַר דער אומגעהײַערער צענטראַליזאַציע און מאָנאָפּאָליזאַציע פונעם גײַסטיקן לעבן אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, דערין אין געביט פון דער שפּראַך־פּאָליטיק, די פּרײַז פאַר דער וווּלגאַרער פּאָליטיזאַציע פון דער קולטור, פאַר קעגנשטעלן צווישן זיך די קלאַסן־ און נאַציאָנאַלע אינטערעסן, פאַר אַזאַ לאַגע, ווען די שפּראַך־פּראָבלעמען זײַנען בכלל געווען אויסער דער באַהאַנדלונג און אַ באַליביקער געדאַנק מיקויעך דעם פלעג טייקעף אַרויסגעטריבן ווערן אַלס נאַציאָנאַליסטישער. אַזאַ טאָטאַליטאַריזם האָט געבראַכט ניט ווייניק פאַרלוסטן אויך דעם עצעם רוסישן פאָלק. דער מאָנאָפּאָליזם און דער צענטראַליזם אינעם גײַסטיקן, פּאָליטישן לעבן פלעגן ברענגען אויף דער וועלט, פון איין זײַט, אַן אונטערן צוגאַנג, אַן אימפּערישן באַוווּסטזײַן, וועלכע גיבן וועגן זיך צו וויסן אויך איצט אין אַ גאַנצער רײַ פאַלן, ווען מע וויל ניט אויפנעמען די פּרינציפּן פון נײַע שפּראַך־צווישנבאַציִונגען, און פון דער אַנדערער זײַט, רופט עס אַרויס, אַלס פּראָטעסט, דעם נאַציאָנאַליזם און עקסטרעמיזם, מיט וואָס מיר שטויסן זיך הײַנט צונויף ווי מיט אַן אָפענעם אַרויסרוף. ניט די ערשטע, ניט די צווייטע עקסטרעמקײַטן קאָנען ניט מיטווירקן אונדזער ווילזײַן, וואָס זאָל באַפרידיקן אַלע מענטשן, אַלע שפּראַכן און אַלע האָפענונגען. בײַקומען די עקסטרעמקײַטן — הייסט געפינען אַן אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישן אויפן צו לייזן אָט די פּראָבלעמען אויפן וועג פון דער איבערבויונג, פון דעם נײַעם היסטאָרישן דענקען, ווען דער אינטערנאַציאָנאַליזם וואָלט אויפגענומען געוואָרן אַלס אַן עמעסע פאַראייניקונג פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, אַלס אַזאַ געשטערן, וואָס שלינגט ניט אײַן די באַזונדערע שטערן.

איך רעד וועגן דעם דערפאַר, ווײַל די וואָליונטאַריסטישע פּרוּוון צו פֿאָרמירן אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישע אייגנאַרטיקייט אָן אַן אייגענעם פּנים, צו „איבערמישן און צונויפגיסן די נאַציעס" פּלעגן אין מעשׂך פֿון לאַנגע יאָרן קינסטלעך איינהאַלטן און פֿאַרשמעלערן די אַנטוויקלונג פֿון די שפּראַכן, אַלץ מער באַגרענעצן די ספֿערע פֿון זייער פֿונקציאָנירונג, אוניפֿיצירן די פֿאָרמען פֿונעם שפּראַך־אויסדרוק אין די מיטלען פֿון מאַסן־אינפֿאָרמאַציע, אין עפֿנטלעכע אַרויסטרעטונגען, אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור און אין דער פּרעסע, פֿירן אָביעקטיוו צו אַן אַלגעמיינער מאָנאָשפּראַכיקייט.

מיר דאַרפֿן זוכן, וויִאַזוי צו לייזן די דאָזיקע פּראָבלעמען אויפֿן וועג פֿון שאַפֿן אַ רעכטלעכע דעמאָקראַטישע מעלוכע, וועלכע גאַראַנטירט די רעכט פֿון בירגער און פֿון גאַנצע פֿעלקער אויף צו באַפֿרידיקן זייערע גרינטלעכע שפּראַך־באַדערפֿענישן. דער געזעץ פֿון פּססר וועגן שפּראַכן דאַרף גאַראַנטירן די גרונט־יסודיעס, בעסויכעם אַזעלכע רעכט און אַלגעמיין־רעכטלעכע יסודיעס, ווי:

— די גלײַכע רעכט פֿון אַלע פֿעלקער אויף דער אייגענער שפּראַך־ירושה, אײַנגעשלאָסן ליטעראַטור, פֿאָלקלאָר, טאָפּאָנימען און אַנטראָפּאָנימען;

— גלײַכע רעכט אויף אַ שפּראַכלעכער צוקונפֿט, אומאָפּהענגיק פֿון דער צאָל מענטשן, וועלכע רעדן אויף דער אָדער יענער שפּראַך;

— גלײַכע רעכט אויף אַנטוויקלען און שטערונגען די מוטער־שפּראַך, אויף האָבן אַן אייגענע שריפֿט און אויף אויסניצן זי אין אַלע ספֿערן פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן און קולטור־לעבן;

— רעכט אויף לערנען די מוטער־שפּראַך און דערציִען די קינדער אויף דער מוטער־שפּראַך אין די פֿאָרשול־אַנשטאַלטן;

— רעכט פֿון די בירגער פֿון אַ ניט־אַלטגעזעסענער נאַציאָנאַליטעט („דיאַספּאָרע") אין די ערטער פֿון איר קאָמפּאַקטער באַזעצונג אויף אַן אַלזײַטיקער שפּראַך־אַנטוויקלונג;

— רעכט אויף אַ פֿולער שפּראַכלעכקייט, דה. אויף פֿולווערטיק באַהערשן די שפּראַך און אויסניצן זי אַלס מיטל ניט בלויז פֿאַרן שטייגער־פֿאַרקער, נאָר אויך פֿאַר אַ שעפֿערישער אַנטוויקלונג פֿון דער קולטור, ווײַל אַנדערש ווערט אַ מענטש אויסגעשטעלט אויף „האַלבשפּראַכיקייט" אויף „האַלבקולטור";

— און, לעצטנס, רעכט אויף אַן אייגענער מעלוכע־שפּראַך אין די גרענעצן פֿון אַ מעלוכע־אווטאָנאָמיע;

— ווי אויך, צוזאַמען מיט דעם אַלעם, — רעכט אויף פֿרײַהייט פֿון געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַראייניקונגען לויט די שפּראַך־אינטערעסן, דערין אויף פֿרײַ דערלערנען, פּראָפּאַגאַנדירן און וויסנשאַפֿטלעך פֿאָרשן אויסלענדישע שפּראַכן, אויף אומאָפּהענגיקער באַהאַנדלונג פֿון אַלטערנאַטיווע פּראָגנאָזן פֿאַר דער נאָענטער און ווײַטער שפּראַכלעכער צוקונפֿט פֿון פּססר און פֿון דער גאַנצער מענטשהייט.

די שפּראַך־פּאָליטיק דאַרף זיך באַזירן אויף די איבערגערעכנטע רעכט און אַלגעמיין־רעכטלעכע פּרינציפּן. קיינער האָט ניט קיין אויסנעמלעכע אייגנטום־רעכט אויף קיין איינעם פֿון די לעשוינעס, וועלכע די פֿעלקער פֿון פּססר ניצן אויס אַלס מיטל פֿון זעלבסט־אויסדרוק. אין דער זעלבער צײַט זעט פֿאָרויס דאָס נײַע פּאָליטישע דענקען אין איבערגאַנג פֿון דער גאַנצער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט אויף אַ העכערער מאַדרייגע פֿונעם שפּראַך־ און סטילזעלבסטבאַוווּסטזײַן. דאָס באַציִען זיך מיט דרעכערעך צו אַ באַליביקער שפּראַך און צו אַן אַפּילע ביז גאָר קליינצאָליקער געמיינשאַפֿט, וואָס ניצט די דאָזיקע שפּראַך, אָדער צו אַ פּילמיליאָניקפֿאָלק — איז אַן אומבאַדינגטער טנײַ פֿון אַ האַרמאָניע צווישן דעם פּאַטריאָטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, אָט די סאַמע וויכטיקע אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן. אָט אַזאַ האַרמאָניע אַנטשפּרעכן פֿאָלגנדיקע פּרינציפּן פֿון דער שפּראַך־פּאָליטיק פֿון פּססר:

1) דער פּרינציפּ פֿון שאַפֿן די בעסטע באַדינגונגען פֿאַר יעדער פֿון די שפּראַכן פֿון די פֿעלקער פֿון פּססר;

2) דער פּרינציפּ פֿון מאַקסימאַל באַפֿרידיקן די שפּראַך־באַדערפֿענישן פֿון אַלע פֿעלקער און בירגער פֿון פּססר;

3) דער פּרינציפּ פֿון גאַראַנטירן די פֿולע שפּראַכלעכקייט פֿאַר יעדן בירגער פֿון פּססר;

4) דער פּרינציפּ פֿון פֿאַרווערן אַ באַליביקע דיסקרימינאַציע בענעגייע די שפּראַכן פֿון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן;

5) דער פּרינציפּ פֿון אַלמעגלעכער סטימולירונג פֿון די בירגער פֿון פּססר, וועלכע שטרעבן צו אַ העכערער קולטור פֿון צווייִשפּראַכיקייט און פֿילשפּראַכיקייט, ווי אויך די ספּעציאַליסטן, וועלכע ווירקן מיט, ס'זאָל דערגרייכט ווערן אַזאַ קולטור.

צוזאַמען מיטן אָנהאַלטן די פּרינציפּן 1 — 5:

6) יעדעס פֿאָלק, וואָס האָט אַ סטאַטוס פֿון אווטאָנאָמיע, האָט דאָס רעכט צו פּראָקלאַמירן זײַן שפּראַך אַלס מעלוכע־שפּראַך אין די גרענעצן פֿון דער אווטאָנאָמיע;

7) דער רוסישער שפּראַך אַלס איינער פֿון די אָפֿיציעלע שפּראַכן און אַרבעטס־שפּראַכן פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַראייניקטע נאַציעס און אַלס טראַדיציאָנעלן פֿאַר אונדזער לאַנד מיטל פֿאַרן צווישנאַציאָנאַלן פֿאַרקער וואָלט מען געדאַרפֿט צוגעבן דעם סטאַטוס פֿון דער אָפֿיציעלער שפּראַך פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד.

דער דאָזיקער געזעץ דאַרף דעפֿינירן די אַלגעמיינע פּרינציפּן פֿון דער שפּראַך־פּאָליטיק פֿון פּססר, ווי אויך די אומאָפּנעמלעכע רעכט פֿון די בירגער פֿון פּססר אַלס שפּראַך־טרעגער. ער פֿאַרזיכערט בלויז די סאַמע גרונט־באַדינגונגען פֿאַר אַ פֿרײַער שפּראַך־ און קולטור־אַנטוויקלונג פֿון יעדן בירגער פֿונעם לאַנד און פֿון די אַלגעמיין־מעלוכישע פֿאַרקער־ספֿערן. די ספּעציפֿישע אייגנאַרטיקייטן פֿון באַזונדערע רעגיאָנען און די פּראַקטישע אויפֿגאַבעס בענעגייע דער שפּראַך־בויונג און פֿונעם אַמערסטן פֿולן באַפֿרידיקן די שפּראַך־באַדערפֿענישן פֿון דער געזעלשאַפֿט ווערן דיסקאָנטירט אין די געזעצגעבונגען פֿון די פֿאַרבאַנדישע רעפּובליקן, ווי אויך אין דער טאָגטעגלעכער טעטיקייט פֿון די אָרטיקע סאָוועטן פֿון פֿאָלקס־דעפּוטאַטן, וועלכע דאַרפֿן מיטווירקן די שפּראַך־איניציאַטיוון פֿון די בירגער.

# ס'איז געשאַפֿן געוואָרן די אַלפֿאַרבאַנדישע געזעלשאַפֿט פֿון דער סאָוועטישער

# ייִדישער קולטור

אין פֿאַריקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן מיר מיטגעטיילט וועגן דעם, אַז דעם 21 סענטיאַבער פ.י. איז אין היסטאָרישן אָקטיאַבער־זאַל פֿונעם הויז פֿון די פֿראַפֿאַרייִנען אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען אַן אַלפֿאַרבאַנדישע לייענער־קאָנפֿערענץ פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" מיטן אָנטייל פֿון פֿינף הונדערט דעלעגאַטן פֿון מאָסקווע, קיִעוו, טאַשקענט, לענינגראַד, ביראָבידזשאַן, קעשענעוו, ווילנע, אָדעס, טשערנאָוויץ און אַנדערע — סאַכאַקל 30 שטעט פֿון אונדזער לאַנד. אין דער רעזאָליוציע פֿון דער קאָנפֿערענץ איז דער רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַופֿטראָגט געוואָרן צונויפֿרופֿן אַ גרינדונגס־באַראַטונג אויף צו שאַפֿן אַן אַלפֿאַרבאַנדישע געזעלשאַפֿט פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור. דעם קאָנקרעטן סיידער און די אויפֿגאַבן פֿון אַזאַ באַראַטונג זײַנען אַרומגערעדט געוואָרן אויף מאָרגן, דעם 22 סענטיאַבער, בײַ אַ „רונדן טיש" אין רעדאַקציע־לאָקאַל פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". אין רעזולטאַט פֿון די ווײַטערדיקע באַהאַנדלונגען האָט זיך אויסגעפֿורעמט די גרופּע גרינדער פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער געזעלשאַפֿט אין פֿאָלגנדיקן באַשטאַנד: די פֿאַרוואַלטונג פֿונעם שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון פֿססר, די פֿאַרוואַלטונג פֿונעם סאָוועטישן קולטור־פֿאָנד, די רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" צוזאַמען מיט דער רעדאַקציע פֿונעם „ביראָבידזשאַנער שטערן" און מיט פֿאָרשטייער פֿון די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטן אין קיִעוו, מינסק, טאַשקענט, ווילנע, אָדעס, קעשענעוו.

דעם 22—23 אָקטיאַבער פ.י. האָט געאַרבעט די באַראַטונג פֿון די גרינדער צוזאַמען מיטן שעפֿערישן אַקטיוו פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער סטאַטוט פֿון דער קומענדיקער אַלפֿאַרבאַנדישער געזעלשאַפֿט און ס'איז אָפֿיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן דאָס שאַפֿן פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער געזעלשאַפֿט פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור. די פֿאַרוואַלטונג איז אויסגעוויילט אין באַשטאַנד פֿון 26 פּערזאָן, אַלס פּאָרזיצער — דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס.

אויף דער גרינדונגס־באַראַטונג איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז די אַלפֿאַרבאַנדישע געזעלשאַפֿט פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור איז אָפֿן פֿאַר באַליביקע ייִדישע סאָוועטישע קולטור־קערפּערשאַפֿטן, וועלכע שטייען אויף דער פּאָזיציע פֿון דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג אין אַ געזונטער אַטמאָספֿער פֿון דער דורעסדיקער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור, ליטעראַטור און קונסט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. זי וועט אויך זײַן דער געהעריקער אַדרעס פֿאַר פֿאַרשיידנאַרטיקע שעפֿערישע קאָנטאַקטן מיט ייִדישע נאַציאָנאַלע קולטור־אינסטיטוציעס אין אויסלאַנד.



## מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פון דער אַלפאַרבאַנדישער געזעלשאַפט פון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור:

1. **לעאָניד בערנשטיין** (קיִעוו)
2. **כאַיִם ביידער** (מאָסקווע)
3. **כאַנע ברעגמאַן** (ריגע)
4. **סערגאָ בענגעלסדאָרף** (קעשענעוו)
5. **אַרן ווערגעליס** (מאָסקווע)
6. **שלוימע ווערכאָווסקי** (מאָסקווע)
7. **אַלעקסאַנדער ווישנעוועצקי** (טאַשקענט)
8. **לעאָניד גאַלינסקי** (קיִעוו)
9. **שמועל גאָרדאָן** (מאָסקווע)
10. **מיכאַיִל קול** (ביראָבידזשאַן)
11. **יויסעף לאַכמאַן** (מאָסקווע)
12. **וויקטאָר לענזאָן** (מאָסקווע)
13. **מישע לעמסטער** (קעשענעוו)
14. **אַלעקסאַנדער ליזען** (לוואָוו)
15. **גריגאָרי ליאַמפּע** (מאָסקווע)
16. **באָריס מאָגילנער** (מאָסקווע)
17. **הערשל פּאָליאַנקער** (קיִעוו)
18. **אַלעקסאַנדער רויזין** (אָדעס)
19. **הירש רעלעס** (מינסק)
20. **שימען סאַנדלער** (סימפעראָפּאָל)
21. **אַלעקסאַנדער טווערסקאָי** (מאָסקווע)
22. **וולאַדימיר טערלעצקי** (מאָסקווע)
23. **יעכיִעל שרײַבמאַן** (קעשענעוו)
24. **יויסעף שוסטער** (מאָסקווע)
25. **מויני שולמאַן** (מאָסקווע)
26. **יעווסיי יאַצאָווסקי** (ווילנע)

---

אין די לעצטע טעג פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר איז אין קיִעוו פאָרגעקומען א גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער קולטור־געזעלשאַפט אַף שאָלעם־אַליי־כעמס נאָמען. מיר ברענגען דאָ די באַגריסונג, מיט וועלכער ס׳האָט זיך געווענדט צו דער פאַרזאַמלונג די אַלפאַרבאַנדישע געזעלשאַפט פון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור.

### טײַערע ליבהאָבער און שעפער פון דער ייִדישער קולטור אין קיִעוו און אין גאַנץ אוקראַיִנע!

די אַלפאַרבאַנדישע געזעלשאַפט פון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור, די רעדאַקציע און רעדקאָ־לעגיע פונעם ליטעראַריש־קינסטלערישן כוידעש־זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד”, די ייִדישע שרײַבער־מישפּאָכע אין סאָוועטנפאַרבאַנד באַגריסן האַרציק אײַער פאַרזאַמלונג, וועלכע וועט זײַן א וויכטיקער בײַטראָג צום לייגן דעם יעסאָד פאַר אַן איינהײַטלעכער ייִדישער קולטור־אָרגאַניזאַציע, דאָס הייסט אויך — שאַפן א באַזע פאַר דער ווײַטערדיקער פרײַער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור, קונסט, קולטור, גע־זעלשאַפטלעכער און בילדונגס־טעטיקײַט פונעם אוקראַיִנישן ייִדנטום.

ס׳וועט ניט זײַן איבעריק דאָ צו דערמאָנען, אַז קיִעוו און אוקראַיִנע האָבן געגעבן דעם פאָלק די גרעסטע קאָריפייען פונעם ייִדישן וואָרט אין קלאַסישן פעריִאָד און די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור און קונסט. דאָס גיט צו ניט בלויז קאָוועד און וואָג אײַער פאַרזאַמלונג, נאָר אויך גרויס אַכרײַעס פאַר די ווײַטערדיקע אופטוען.

מיר מיינען, אַז לעכאָלהאַפּאָכעס דאַרפן מיר אַרויסגיין פון עטלעכע גרונט־האַנאָכעס. ערשטנס, אַז די סאָוועטישע ייִדן וועלן, פונקט ווי ביז איצט, בויען בא זיך אין לאַנד א סאָוועטישע ייִדישע קולטור, ניט האַלטנדיק זיך בא אילוזיעס, אַז מע קאָן אימפּאָרטירן א ייִדישע קולטור פון אַנדערע לענדער. צווייטנס, אַז די שפּראַך, אַף וועלכער מיר זעצן פאָר די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור, די שפּראַך פון די וואָלינער, פּאָדאָליער, ווײַסרוסישע, ליטווישע ייִדן איז ייִדיש, דערבײַ ווערט ניט אָפּגעפרעגט דאָס קענען און דאָס ניצן די אוראַלטע העברעיִשע שפּראַך. דריטנס, אַז טאָן אונדזער הייליקע זאַך — אָפּהיטן און ווײַטער פאַרזעצן די קולטור פון די זעקס מיליאָן קדוישים, פון אונדזער פּילגעליטענעם אוראַלטן פאָלק, דאַרפן מענטשן מיט ריינע הענט, מיט ריינעם געוויסן, מיט א געזונטן נאַציאָנאַלן געפיל.

אין א מאַזלדיקער שאָ, טײַערע פרײַנט!

אַלפאַרבאַנדישע געזעלשאַפט
פון דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור

# פֿייגל איבערן בעסוילעם

ראָמאַן

## II

מײַן ערשטער לערער, דער פֿאַריקמאַכער דאַמסקי, וואָס איז אַמאָל געווען אין דער ווײַטער און, ווי ער זאָגט, שיינער שטאָט פּאַריזש, איז פּלוצלינג געליימט געוואָרן. געשטאַנען אַ מענטש פֿאַרן שפּיגל און געשוירן די מאַכיקע באָרד פֿונעם באַלעבאָס פֿון דער שטעטלשער בענזין־קאָלאָנקע עפֿראָיִם קלינגמאַן און פּלוצעם אינמיטן טאָג פֿון דער העלער הויט אַרויסגעלאָזן פֿון די הענט די שער, פֿאַרקרימט דאָס מויל מיט די אַרײַנגעשטעלטע אויסלענדישע ציינער און געפֿאַלן אויף דר׳ערד, פּונקט ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט ער געשטאַנען ניט אויף די פֿיס, נאָר אויף הילצערנע שטאָלצן.

אַזוי־אַרום, איז אויף דער גרויסער וועלט געוואָרן מיטאַמאָל מיט צוויי שערער ווייניקער, כאָטש, דעם עמעס געזאָגט, האָב איך נישט נאָר ניט קיין גאָלמעסער, נאָר אַפֿילע דאָס פּענדזל אין האַנט ניט געהאַלטן. פֿון אינדערפֿרי ביז אָוונט האָב איך זיך געדרייט אין דער פֿאַריקמאַכערסקע, געטראָגן פֿאַר רעב אַרעַנען וואַרעמע וואַסער אין אַ בלעכענעם שיסעלע, געראַמט פֿרעמדע האָר און פֿרײַלעך מיט אַ נאָזטיכל, צוגעבונדן צו אַ שטעקל, געקלאַפּט די אומפֿאַרשעמטע פֿליגן, וואָס האָבן געהודזשעט אין די אויערן און געפּאַטשקעט אויף די שפּיגלען און טאַפּעטן.

רעב אַרן איז געלעגן אינמיטן דער פֿאַריקמאַכערסקע און אין די צוויי גרויסע, פֿון דער צײַט טונקל געוואָרענע, שפּיגלען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט זײַן פֿאַרשטאַרטער קערפּער אין אַ שניי־ווײַסן, ווי תּכריכים, כאַלאַט.

— באַלעבאָס! באַלעבאָס! — האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים דער עלטערער געהילף לייבעלע פֿאַראָוואָזניק, וואָס האָט ערשט פֿאַראַיאָרן אויפֿגעהערט צו ראַמען פֿרעמדע האָר און יאָגן זיך מיט אַ נאַסן טוך נאָך פֿליגן. — אײַך איז ניט גוט?

— פֿרעג ניט קיין נאַרישע קאַשעס, — האָט געענטפֿערט פֿאַר דאַמסקין דער באַלעבאָס פֿון דער בענזין־קאָלאָנקע. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן שטול צו דאַמסקין, באַקוקט אים, דעם ליגנדיקן, און געזאָגט: — בעסער הייב אויף די מאַשינקע און ענדיק מיך שערן. אויב דו קאָנסט.

— איך קאָן, — האָט מיט אַ ציטערנדיקער שטים געזאָגט לייבעלע.

— רעב אַרן וועט ליגן און זען, צי דו קאָנסט טאַקע, — האָט געזאָגט עפֿראָיִם קלינגמאַן.

לייבעלע פֿאַראָוואָזניק, וואָס האָט ערשט פֿאַראַיאָרן אויפֿגעהערט צו קלאַפּן פֿליגן, האָט זיך ניט־דרייסט אײַנגעבויגן און אָנגעהויבן צו שערן די מאַכיקע באָרד פֿונעם באַלעבאָס פֿון דער בענזין־קאָלאָנקע, פֿון צײַט צו צײַט וואַרפֿנדיק דערשראָקענע בליקן אויף דעם באַלעבאָס, וואָס איז געלעגן אויף דר׳ערד. איך קאָן שווערן, אַז אין דאַמסקיס בליק איז נישט געווען ניט קיין פֿאָרוווּרף ניט קיין כּעס, ניט קיין אויפֿרעגונג. ער האָט מיט פֿאַרוווּנדערונג און שרעק, איך וואָלט זאָגן, קימאַט מיט אײַפֿערזוכט, נאָכגעפֿאָלגט נאָך דער אַרבעט פֿונעם יונג, ווי ער

---

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נום. 1, 1990.

קנאקט מיט דער מאשינקע, ווי ער אַרודעוועט פלינק מיט דער לאַנגער שער, וואָס ער, ארן דאמ־סקי, האָט געבראַכט מיט א יאָר פופצן צוריק פון דער גרויסער און געהיימניספולער שטאָט פּאַריזש.

— אײַל זיך ניט, — האָט געזאָגט עפראַיִם קלינגמאַן. — אז רעב ארן שערט מיך, אײַלט ער זיך אויך ניט.

און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז די אויגן פון מײַן ערשטן לערער דאמסקי האָבן באַגיטיקנ־דיק א ווונק געטאָן. איך, א פאַרלוירענער און א ביסל עלטער געוואָרענער, האָב ניט אַראָפּגע־לאָזן פונעם באַלעבאָס די אויגן.

אז לייבעלע האָט געענדיקט שערן, האָבן מיר זאַלבעדריט אופגעהויבן רעב ארענען פון דיל און איבער די געדרייטע טרעפּ אַרופגעטראָגן אים, ווי אפן הימל, אפן צווייטן שטאָק.

— אוי, א בראָך! אן אומגליק! — האָט אויסגעשריִען דאמסקיס פרוי ראָכל, דערזעענדיק דעם מאַן. זי איז געווען א הויכע, א דאַרע, מיט וואָנצעס, וואָס זײַנען שוין א ביסל גרוי געוואָרן, און מיט א גרויסער בראָדעווקע, ענלעך אַף א צײַטיקער טריסקאַווקע, וואָס האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אונטער דער לאַנגער הויקערדיקער נאָז.

רעב ארן האָט געשוויגן. מיר האָבן אויך געשוויגן.

— גאָט וועט געבן, ער וועט געזונט ווערן, — האָט געטרייסט דער באַלעבאָס פון דער בענזין־קאָלאָנקע.

— גאָט האָט, כוץ ארענען, נאָך קלײַענטן, — האָט אָפּגעשניטן ראָכל, און עפראַיִם קלינג־מאַן איז אוועק.

איך בין געגאַנגען אהיים און געקלערט וועגן רעב ארענען, וועגן זײַן געליימט ווערן, וועגן גאָט, וואָס האָט א סאַך קלײַענטן, און אַף דער נעשאָמע איז מיר געווען פוסט, ווי א פויגל־נעסט אום ווינטער. ניט איך האָב זיך געפרייט, ניט איך האָב געטרויערט. מער ניט א ראַכמאָנעס־געפיל, ווי א שטיל מײַזל, האָט זיך געשקראַבעט אין מײַן ברוסט. איך האָב אליין ניט געוווּסט, אַף וועמען האָב איך ראַכמאָנעס. אַף מײַן לערער? אַף זיך? און עפשער אַף זיי אַלעמען, אפילע אַף גאָט, וואָס האָט, ווי דער פאַריקמאַכער, א סאַך קלײַענטן?

דעם גאַנצן וועג איז מיר פון קאָפּ ניט אַרויס דאמסקי, ווי ער ליגט אַף דר'ערד און זײַן בליק איז פול מיט א באַדויערנדיקער פאַרווונדערטקײַט און שרעק. איך האָב פּלוצלינג דערזען זיך, אויך אזא אַלטן שערער, ווי ער, ווי איך שער אן אַנדערע מאָכיקע באָרד פון אן אַנדערן באַלעבאָס פון דער שטעטלשער בענזין־קאָלאָנקע, ווי איך לאָז פלוצעם אַרויס די מאשינקע פון דער האַנט, פאַל פון דער העלער הויט, פאַל אַף שטענדיק, אַף אייביק... איך האָב מיט א ווייטיקדיקער קלאָר־קײַט דערזען אַלע טויטע און קוידעמקאָל די באָבע, ווי זי באַגיסט מיך פון קאָפּ ביז די פיס פון איר פולן צעבער צאַר און ווייטיק.

איך בין געגאַנגען אהיים און כ'האָב געקלערט, וואָס וועט איצטער זײַן מיט דער פאַריקמאַ־כערסקע? נו, פאַרשטייט זיך, זי וועט אָנקומען ניט לייבעלע פאַראַוואַזניקן. נאָכן טויט פון רעב ארענען וועט ראָכל פאַרמאַכן די פאַריקמאַכערסקע, פאַרקױפן די פון פליגן און בליקן פאַרפּאַטשקע־טע שפּיגלען, פאַרקויפן די אָפּגעריבענע פון די שווערע מענערשע מעכילעס לעדערנע פּאָטעל־שטולן, פאַרקויפן אויך דעם בארימטן אמעריקאַנער גאָלמעסער. צו וואָס דאַרף ראָכל א גאָלמע־סער? די וואָנצעס וועט זי סײַווי ניט אָפּגאָלן. דעם גאָלמעסער וואָלט געקאָנט קויפן דער שויכעט — א שלעכטער כאַלעף, האַ?

אז רעב ארן וועט שטאַרבן, האָב איך ניט געצווייפלט, כאָטש זײַנע כיטרע אייגעלעך האָבן געלעבט, ווי פריִער. נאָר אויגן, האָב איך געהערט, לעבן לענגער, ווי אַלץ. ניט אומזיסט פאַרמאַכט מען זיי בא א טויטן. פאַראַיאָרן איז אונדזער שטעטלשער קסיאָנדז געליימט געוואָרן — איינמיטן דער גאָטסדינסט געפאַלן און פאַרטיק. אויב גאָט האָט זײַן דינער ניט געקאָנט העלפן, טאָ אַף וואָס האָט שוין געקאָנט האָפן רעב ארן, וואָס האָט א גאַנץ לעבן געדינט זײַן וואָנציקער ראָכל?

— וואָס איז דער מער, דאַניקע? — האָט מיך געפרעגט דער זיידע. — וואָס אזוי פרי?

— רעב ארן איז געליימט געוואָרן, — האָב איך געזאָגט.

— גאָט צו דאַנקען! עצבאַ עלויקים! באַשערט דיר צו ווערן א זייגערמאַכער.

איך האָב געשוויגן. נו, וואָס זאָל איך אים זאָגן? מ'קאָן דען זאָגן אים דעם עמעס וועגן זײַנע אויגן, וואָס זעען ניט, וועגן זײַנע טיערן, וואָס זײַנען פאַרלייגט, ווי ס'איז פאַרלייגט א קעלער־שטוב מיט שטיינער?

— איך וועל דיך אוועקפירן צו פּאַקעלטשיקן, — האָט מיט זײַן שעפּעליאַוון קאָל געזאָגט דער זיידע. — ס'איז דער איינציקער זייגערמאַכער, וואָס איז עפּעס ווערט. איך אַליין... פון מיר וועט שוין קיין טאָלק ניט זײַן...

— אז איך וויל ניט זײַן קיין זייגערמאַכער.

— וואָס דען ווילסטו זײַן?

— איך וויל זײַן אַ פּריצער.

דער זיידע האָט מיט זײַנע ביינערדיקע פינגער אָנגענומען זײַן באָרד און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. זײַן געלעכטערל האָט זיך צעשאָטן איבערן צימער, ווי ס'צעשיט זיך אַרבעס פון אַ לײַוונטענעם זאַק, און אין צימער איז געוואָרן נאָך אומהיימלעכער. ס'איז געווען, ווי די לופט וואָלט אַרויס פון אַ מעכולע געוואָרענער קאַמער און אין צימער וואָלט געבליבן הענגען דער באַרמינענשער רייעך פון געבראָטענעם גומי.

— פּריצהײַט — דאָס איז אַ מעלאָכע, וואָס באַ אונדז אין שטעטל קאָן מען זי ניט אויסלערנען. אין דער גאַנצער וועלט ניטאָ אַזעלכע באַלמעלאָכעס, וואָס זאָלן דאָס לערנען.

— צו פּאַקעלטשיקן וויל איך ניט.

— באַקלער זיך, קאַלזמאַן ס'איז ניט שפּעט.

די דראָונגען פונעם אַלטן, פּונקט ווי זײַנע אַנצוהערעניש, אַז ער וועט גיך שטאַרבן, האָבן מיך ניט געשראָקן. איך בין שוין געווען צוגעוווינט צו זיי, פּונקט ווי איך בין געווען צוגעוווינט צו זײַן שאַרכנדיקן גאַנג, צו זײַן זקײנישן הוסט, וואָס האָט געשראָקן באַנאַכט די הינטער די טאַפּעטן פאַרטײַעטע וואַנצן און די מײַז, וואָס שליאָנדערן איבער דער שטוב.

— מ'איז געקומען פון דער קעהילע, — האָט שטיל געזאָגט דער זיידע.

— נו, איז וואָס?

— זיי ווילן מיך אָפּשיקן אין מוישעוו־זקיינים.

ער האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט, אָבער איצטער איז דער געלעכטער געווען אַ קלאָרער און אַ גיפטיקער.

— און דיך אין בייס־יעסוימים.

— מיך? אין בייס־יעסוימים? אָבער איך בין דאָך ניט קיין יאָסעם. כ'האָב אַ טאַטן.

— באַקלער זיך, קאַלזמאַן ס'איז ניט שפּעט, — האָט איבערגעכאַזערט דער זיידע. — אויב דו וועסט אָנקומען צו פּאַקעלטשיקן, וועט מען דיך ניט טשעפּען. פּאַקעלטשיק איז אַן אָרנטלעכער מענטש.

— און דו, זיידע?

— מיר איז אַלצייגס. אין מוישעוו־זקיינים איז נאָך בעסער, דאָרט איז מען מיט מענטשן. נאָר בעסער איז, פאַרשטייט זיך, אָפּן בעסוילעם... מיט דער באָבען. אָבער לעבעדיקע פירט מען ניט אָפּן בעסוילעם.

פון די אויגן באַ אים האָט געראָנען. אָבער דאָס זײַנען ניט געווען טרערן, נאָר סטאַם אַזוי טראָפּנס — אַזוי שיטן זיך טראָפּנס פון די שטעטלשע דעכער נאָך אַ רעגן — קאַפּ, קאַפּ, קאַפּ, — ביז די זון גייט ניט אויף און טרינקט זיי ניט אויס. קענטיק אַזוי האָט אויך דער זיידע געוואָרט אויף זײַן זון — דעם טויט, — זי זאָל אויפגיין און אויסטריקענען זײַנע טרערן, נאָר זי איז אַלץ ניט געקומען.

— מע וועט דיך אין ערגעץ ניט שיקן, — האָב איך געטרייסט דעם זיידן.

— מ'עט שיקן. ניט לאָזן שטאַרבן פון הונגער.

— איך וועל פאַרדינען פאַר ביידן.

— ביסט אַ גוטער, — האָט געזאָגט דער זיידע. — ווער וואָלט עס געקאָנט זאָגן, אַז איך וועל בלינד ווערן און טויב? ווער וואָלט עס געקאָנט זאָגן? גאָט, צו וואָס גיסטו אַ מענטשן אויגן? קעדיי זיי דערנאָך אָפּצונעמען? פאַרוואָס גיסטו אים פיס? קעדיי דערנאָך פּענטען, ווי מע פּענטעט אַ פערד אויף אַ לאָנקע? שוין זשע זײַנען דיר שלאָפע מענטשן ליבער, ווי געזונטע? ריבוינעשעלוילעם!..

הינטערן פענצטער האָט געבליט דער צווייט, און אין בלויען הימל האָבן זיך געקוליעט די ערשטע פייגל.

— פיר מיך, דאַניעלקע, אַוועק אָפּן בעסוילעם, — האָט געזאָגט דער זיידע. — איך וויל זיך דורכשמועסן מיט דײַן באָבען. כ'האָב שוין צוויי יאָר מיט איר ניט גערעדט. ס'איז נאַס. כ'וועל אָנטאָן די קאַלאָשן.

ער האָט אָנגעטאָן די קאַלאָשן, וואָס די באָבע האָט געקויפט באַ אַ ציגײַנער, אַ פערד־גאַנעוו, און זײַנע שטאַרע פיס זײַנען ווידער געוואָרן באַוועגלעך. אָבער גאָר אויף אַ ווײַלע. אין הויף האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן פּלאָנטערן.

די באָבע איז געווען באַערדיקט, ווי זי האָט געבעטן, אויף אַ בערגל. נאָר דעם מאַרק האָט מען פון דאָרטן ניט געקאָנט זען. איבער דעם קייווער האָט זיך געהויבן אַן אַלטע גרינע סאָסנע. בלויז פון איר שפּיץ האָט זיך געזען דער מאַרק מיט זײַנע אומבאַוועגלעכע וועגענער, מיט די לאַנגע טאָמבענק און מיט זײַנע שטענדיקע ווײַבער, וואָס נישטערן דאָרטן, זוכנדיק ביליקע בולבעס און אייער.

אז איך בין געווען א קליינינקער, פלעגט מיר דער זיידע דערציילן, אז אױף יענער־וועלט לעבט מען, פונקט ווי אויף דער־וועלט: די זייגערמאכערס פאריכטן זייגערס, די שניידערס נייען הויזן, די סטאָליערס סטאָליאַרעווען, נאָר אַלץ ווערט געטאָן בענימעס, אָן זידלערייען און אָן געשרייען, מאכמעס טויטע פארמאָגן ניט קיין לאַשן. גאָט אין הימל, ווי גוט וואָלט עס געווען, האָב איך דעמלט געטראכט, אז אלע זאָלן שטארבן!

— זי איז איצטער ניטאָ, — האָב איך געזאָגט דעם זיידן, זיך דערמאָנענדיק יענע רייד.

דער אלטער האָט א פינטל געטאָן מיט די אויגן, פון וועלכע ס׳האָט גערונען, און געפרעגט:

— ווער איז ניטאָ?

— די באָבע.

— ווּ איז זי אהינגעקומען?

— אוועק אפן מארק.

— נו גוט, מיר האָבן זיך ניט וואָס צו אײַלן. מירן וואַרטן.

דער זיידע האָט זיך צוגעזעצט אױף א בערגל אנטקעגן דעם קייוער, און איך האָב אָנגעהויבן אָפּצורייניקן די מאַציווע פון די סאָסנע־נאָדלען, וואָס פון יעדן באַריר האָט עפּעס־וואָס געצאַפּלט אין מיר, און א נעפּל האָט פארשטעלט די אויגן, און דאָס הארץ האָט געקלאַפּט שטארקער, און די ניט־שטעכיקע נאָדלען האָבן זיך אקשאָנעסדיק און ווייטיקלעך אײַנגעשניטן אין אים.

— הערסט? — האָב איך געזאָגט צום זיידן.

— וואָס?

— זי גייט.

— ווער? — דער זיידע האָט פארגעסן, וואָס ער האָט אמאָל גערעדט.

— די באָבע.

דער זיידע האָט זיך אופגעהויבן, איז צוגעגאנגען צו דער מאַציווע, א לעק געטאָן די פאַר־טריקנטע ליפּן און ארויסגעגעבן א מאָדנעם קלאנג, עפּעס ווי א פייגלשער געשריי, אין וועלכן ס׳איז געווען אי א קרעכץ, אי א זיפץ, אי א געוויין. ער איז שווײַגנדיק געשטאנען איבער דעם קייווער און אין זײַן גאנצן אָנבליק — אין דעם אויסגעטריקנטן, פארוואקסענעם ניט מיט האָר, נאָר מיט סאָסנע־נאָדלען, פּאָנעם, אין אָפּגעטראָגענעם, פארדומפּטן פּאַלטאָ, אין זײַנע שווארצע קאַלאָשן, וואָס זײַנען געווען אויסגעבענקט נאָך לוזשעס, איז געווען ניט קיין טרויער, ניט קיין צאַר, נאָר א בענקשאַפט נאָך עפּעס, וואָס האָט געקאָנט זײַן, נאָר איז אייביק אוועק. ער איז אזויווי צו־געוואקסן צום ברעקל ערד, ווי א צעשויבערטער קוסט, אױף וועלכן ס׳וועלן שוין קיינמאָל ניט זײַן קיין קנאָספּן.

דער זיידע האָט עפּעס געשעפּטשעט. ער האָט, ווײַזט אויס, געבעטן מעכילע בא דער באָבען, וואָס ער איז ניט געשטאָרבן באַצײַטנס און ער האָט זיך ניט אוועקגעלייגט לעבן איר, ווי ער איז זיך נויהעג געווען טאָגטעגלעך קימאַט פופציק יאָר נאָכאנאנד. ער האָט איר, פארשטייט זיך, גאָר־נישט ניט געזאָגט וועגן מוישעוו־זקיינים, ווײַל די באָבע וואָלט פון אים דאָן אינגאנצן ניט גע־האַלטן — א מוישעוו־זקיינים איז ניט קיין אָרט פאר אן ארבעטס־מענטש, אפילע ווען ער איז א זייגערמאכער.

— זיך דורכגעשמועסט? — האָב איך געפרעגט.

— זיך דורכגעשמועסט, — האָט געזאָגט דער זיידע. — זי איז מיט מיר מאַסקים.

— אין וואָס?

— דו דאַרפסט אָנקומען צו פאקעלטשיקן.

דער זיידע האָט מיר א קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און זיך צעשמייכלט.

— איך וויל ניט זײַן קיין זייגערמאכער, נאָר א פויגל, — האָב איך געזאָגט.

— זײַ ניט קיין מעשוגענער. דו וועסט זײַן דער ערשטער מעשוגענער אין אונדזער מיש־פּאָכע, — האָט גוטמוטיק געזאָגט דער זיידע.

— פארוואָס זאָל גאָט ניט איבערמאכן אלטע לײַט אין פייגל? פארוואָס נעמט ער צו פון אײַך די אויגן, די אויערן? אז איך וואָלט געווען גאָט, וואָלט איך דיך, זיידע, איבערגעמאכט, אשטייגער, אין א טויב.

— אין א טויב? — דעם זיידן איז דער איניען געפעלן.

— וואָלסט דעמלט געלעבט אונטערן דאך פון דער שול, אָדער פונעם קאָסטיאָל און ניט געוווּסט פון א מוישעוו־זקיינים.

— פאר טויבן זײַנען דאָ שפּארבערס...

— דו, זיידע, ביסט דאָך א מײַסטער. וואָלסט זיך ווי־עס־איז ארויסגעדרייט פונעם שפּארבער.

— נו גוט, לאָמיר ווײַטער ריידן. אין וואָס פאר א פויגל וואָלסטו איבערגעמאכט די באָבע?

— די באָבע?

— יאָ, יאָ, די באָבע.

דער זיידע האָט טריומפירט, ער האָט מיך אַרײַנגעיאָגט אין אַ טעמפּן ווינקל.

— אין אַ וואָראָנע?

דער זיידע האָט אַ גיפּטיקן לאַך געטאָן.

— אין אַ גאַנדז. כאַ־כאַ־כאַ, — האָט דער זיידע זיך פֿאַרקײַכט אין אַ געלעכטער, — מע וואָלט זי טייקעף אַוועקגעטראָגן צום שויכעט...

— הער אויף, — האָב איך אויף אים אָנגעשריִען, — ווי שעמסטו זיך עס ניט צו ריידן אַזעלכע ריידן!.. ווילדע גענדז שלעפּט מען ניט צום שויכעט... ווילדע גענדז לעבן ניט אויף דער ערד... זיי לעבן אויף די אָזערעס... איך ווייס...

— נו גוט, נו גוט. לאָז זײַן, ווי דו ווילסט, גאָטעלע מײַנס.

מיר זײַנען געגאַנגען איבערן בעסוילעם, דער זיידע האָט זיך פֿון צײַט צו צײַט אָפּגעשטעלט, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, געקוקט אויף די מאַצייוועס און געזיפֿצט:

— גאָט מײַן פֿאָטער! וויפֿל באַקאַנטע פּייגל זײַנען דאָ באַגראָבן!

איך בין געווען אין קאַס אויפֿן זיידן, נו וואָס אַזוינס האָב איך געזאָגט, ער זאָל לאַכן פֿון מיר און כויזעקן? איך בין דען שולדיק, וואָס איך בין ניט גאָט. כאָטש ער, גאָט, ווי איך האָב שוין באַוויזן צו זען, איז אויך ניט אַזאַ אַלמעכטיקער. ער ברענגט מענטשן אויף דער וועלט און נעמט זיי צו צוריק. אָבער איידער ער נעמט זיי צו צו זיך, דאַרפֿן די מענטשן זיך גוט אָנמוטשען אין אַ פֿאַבריקמאַכערסקע, אין אַ זייגערמאַכערײַ, אָדער אין אַ מוישעוו־זקיינים, ווי ניט גאָט וואָלט זיי האָבן באַשאַפֿן. מיר, פֿאַר מײַנע ניט־פֿולע צוועלף יאָר, האָט גאָט, קאָן מען זאָגן, קיינמאָל ניט געהאָלפֿן, כוץ עפּשער יענעם מאָל, ווען איך האָב זיך געטרונקען. נאָר אויך דאַן האָט מיך געראַטעוועט ניט גאָט, נאָר פֿראַנאַס. גאָט איז פּונקט יענעם טאָג ניט געווען אויפֿן טײַך. די באָבע איז, עמעס, מיט מיר ניט מאַסקים געווען און האָט מיך שאַבעס אַוועקגעשלעפּט אין שול, איך זאָל בענטשן גוימל.

— ער האָט עס פֿראַנאַסן אונטערגעשיקט אויפֿן טײַך, — האָט די באָבע מיך פֿאַרזיכערט.

נאָכן גוימל בענטשן בין איך אַוועקגעלאָפֿן צו פֿראַנאַסן און געפֿרעגט.

— דיך האָט גאָט געשיקט?

— ווּהין?

— אויפֿן טײַך.

— מיך האָט די מאַמע געשיקט. נאָך וואַסער, — האָט געענטפֿערט פֿראַנאַס און אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן, ווי ער וואָלט מיך דערזען צום ערשטן מאָל אין לעבן.

אַז מיר האָבן געהאַלטן באַם פֿאַרלאָזן דעם בעסוילעם, איז אין דעם הילצערנעם טויער מיט די צעפֿוילטע סלופּעס אַרײַנגעפֿאָרן אַ וואָגן, אָנגעלאָדן מיט שווערע גרויסע שטיינער. אויף די שטיינער איז געזעסן יויסעף און געשריִען אויפֿן פֿערדל, וואָס איז פֿאַרזונקען מיט די קאָפּיטעס אין דער געדיכטער וועסנע־בלאָטע.

— ניאָ, פֿאַדלע, ניאָ!

דער איינפֿוסיקער איז אַראָפּגעקראָכן פֿון וואָגן, זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אין דער פֿאַד־לעס הינטן און געזאָגט:

— אײַך ביידן דאַרף מען אין מוישעוו־זקיינים...

— פֿונוואַנען ווייסטו וועגן מוישעוו־זקיינים? — האָט זיך פֿאַרוווּנדערט דער זיידע און זיך נאָך מער אײַנגעהויקערט.

— איך ווייס אַלץ, — האָט אָפּגעפּאַטערט יויסעף. — אַנו, דאַנילקע, קום אַהער און ווײַז דעם פֿערדאַטש מײַנעם, וואָס דו קענסט.

איך בין געקומען אַהער, נאָר באַווײַזן דעם פֿערדאַטש, וואָס איך קען, בין איך ניט געווען בעקויעך. די פֿור איז געשטאַנען אין בלאָטע, ווי אַ צוגעשמידטע.

— לײַדאַקעס זיצן אין קעהילע, — האָט זיך באַקלאָגט דער זיידע. — האָבן ניט וואָס צו טאָן, טראַסקען זיי מיט דער צונג.

— דו האַלטסט פֿון זיך מיִעדייע וואָס, — האָט געזאָגט דער איינפֿוסיקער. — אַצינד זײַנען דאָ בילכערע פֿאַר דיר.

— ווער איז עס בילכער?

— היטלער! ניאָ, פֿאַדלע, ניאָ!

— היטלער? היטלער? — האָט זיך פֿאַרקלערט דער זיידע. — ער איז ניט פֿון ווילקאָמיר?

— ניט פֿון ווילקאָמיר, נאָר פֿון בערלין.

— נו, איז וואָס?

— א פײַנער מאַן, — האָט מיט כּוחעק געזאָגט דער קאַברען. — דער ערשטער ייִדן־פרײַנט.
— באַ וועמען האָט ער זיך אָפּגעשטעלט? באַ קלינגמאַנען, אָדער פּיאַנקאָ?
— וואָס איז מיט דיר? דו רעדסט אַ בוידעריק! היטלער איז אַ מעטורף, אַ הונט, אַ האַ־מאָן, — איז דער איינפּוסיקער צעקאָכט געוואָרן.
— אָט איז ער דער בעסטער ייִדן־פרײַנט, אָט איז ער אַ האַמאָן... גיי פאַרשטיי דיך...
— היטלער דאָס איז דער גלאַוונער אין דײַטשלאַנד, — האָב איך אונטערגעזאָגט דעם זיידן.
אין דער פאַבריקמאַכערסקע פון מײַן לערער רעב אַרעלען האָבן אַלע, אַנהייבנדיק פון לייבעלען און ענדיקנדיק מיטן איידעלן אָפּטייקער, גערעדט וועגן היטלערן. אפילו די דאַרע ראָכל פלעגט זיך אַראָפּלאָזן פון אייבערשטן עטאַזש און אויך געהאָלפן בוידעק זײַן היטלערן. זי האָט געטײַנעט, אַז היטלער איז אַ מאַמזער, אַ זון פון אַ ייִדישער אַקטריסע — „אָט כ'האָב פאַרגעסן איר פאַמי־ליע" — און אַן עסטרײַכישן גראַף, וואָס די עלטערן האָבן אים אָפּגענומען אױף דערצײַען צו אַ מאַ־ליער, אַ גראָבן־יונג און אַ שיקער. ראָכל האָט געשווירן, אַז ס'איז אַזוי, נאָר קיינער, כּוץ מיך, האָט ניט געהאַלטן פון דעם. איבערהויפּט איז קעגן איר סוואָרע געווען דער איידעלער אָפּטייקער. ער האָט זיך געדרייט, ווי אַ דריידל, אין פאַבריקמאַכערס שטול, געשאָקלט מיט זײַן פליכבעוואַטן קאָפּ און אַרויסגעשפּײַט צוזאַמען מיט זייפן־שוים ווערטעלעך, וואָס האָבן גאָרניט געפּאַסט צו זײַן איי־דעלן מעהוס. מײַן ערשטער לערער, רעב אַרן, פלעגט דערציילן ניט אַזוי וועגן היטלערן, ווי וועגן זײַן פאַבריקמאַכער — „אגעוו, פון אכינו בניי ייִסראָעל" — ווי עס ציטערן באַ אים די הענט, ווען ער נעמט זיך צו די באַרימטע וואַנצעלעך. איך האָב געהערט און בעשום־אויפן ניט באַנומען, פאַר־וואָס איז אָט דער גלאַוונער דײַטש אַזאַ סוינע־ייִסראָעל, אַז די מאַמע איז באַ אים אַ ייִדישע און דער פאַבריקמאַכער מעאַכיינו בניי ייִסראָעל.
— ניאָ, פּאַדלע, ניאָ! די קישקעס זאָלן פון דיר אַרויסקריכן! — האָט געשריגן יויסעף, נאָר די קליאַטשע האָט גאָרניט געקלערט זיך אַ ריר צו טאָן. זי האָט געקוקט מיט אירע גרויסע אויגן אָפּן הימל, אױף דער כמאַרע, וואָס איז אַזוי ענלעך אױף אַ פערד, און מיסטאַם מעקאַנע געווען אים, דעם ניט־ערדישן, וואָס ווייסט ניט פון וועסנעסדיקע בלאָטעס און פון אַזאַ אַכזער, ווי דער איינ־פּוסיקער איז.
— וואַרף אַראָפּ אַ שטיין פון דער פור, — האָט געעייצעט דער זיידע.
— און ווער וועט אים שפּעטער אופהייבן? דו, עפּשער? — איז דער איינפּוסיקער אין קאַס געוואָרן. — זאָל זי צעפּיקט ווערן און שטיין ביז די זון וועט אַ וואַרעם טאָן און אויסטריקענען די בלאָטע.
דער איינפּוסיקער האָט אונדז פאַרבעטן צו זיך אין שטיבל.
אין שטוב איז געווען הויל און פּוסט. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ ניט־פאַרבעטע בעט, אַ האַרטע און אומגעווײנלעך ברייטע, ווי אַ פּליט אױף אַ טײַך, אַ פּאַשעטער הילצערנער טיש און אַ טישטעך. אױף אים איז איינזאַם געשטאַנען אַ ליימענע טיפע שיסל מיט צוויי ניט־אָפּגעשיילטע בול־בעס. דאַנעבן האָבן זיך געוואַלגערט ביינער צי פון אַ הערינג, צי פון אַן אַנדער פיש. איך האָב זיך דערמאָנט, ווי אױף דעם זעלבן טיש איז געלעגן די באָבע, און אויסגעטריקנטע און אײַנגע־וויקלטע אין טאַכריכים, און ווי צען מאַנצבלען, כּוץ מיך און דעם זיידן, האָבן שטיל און מאַ־נאָטאָן געזאָגט טפילעס, און ווי שפּעטער האָט דער קוימענקערער גדאַליע גאַליק אַ זאָג געטאָן:
— אַלע וועלן מיר דאָ ליגן אָפּן טיש.
איך האָב געקוקט אָפּן טיש, אױף דער ליימענער שיסל, נאָר געווען האָב איך גאָר אין אַנדער זאַך. איך האָב געזען אָפּן טיש אי זיך, אי דעם זיידן און אפילו דעם קאַברען גופע. איך האָב געוואָלט לויפן פונדאַנען אױף דער ריינער וועסנעדיקער לופט, צום טײַך, וואָס איז געווען אופגע־בלאָזן, ווי דער בויך פון דער שוואַנגערער שולאַמיס, דער טאָכטער פון אונדזער שטעטלשן קרעמער.
— מיט וואָס זאָל איך אײַך מעכאַבעד זײַן? — יויסעף האָט געעפנט די שאַפע און באַקוקט איר אײַנגעווייד. — עפּשער אַ קעלישעקל?
— זאָל זײַן אַ קעלישעקל, — האָט געזאָגט דער זיידע.
יויסעף האָט אַוועקגעשטעלט אָפּן טיש אַ פלעשל.
— איך וויל זיך אָנשיקערן, — האָט געזאָגט דער זיידע.
נאַ דיר אַ מײַסעו! אױף אַזוינס האָב איך זיך גאָרניט געריכט. דער זיידע האָט פײַנט געהאַט שיקורים, ניט געהאַלטן פון זיי.
— מאַכעטייסע, שיקערן איז שיקערן, — האָט צוגעשטימט יויסעף און אָנגעגאָסן דעם אַלטן.
דער זיידע האָט אויסגעטרונקען און איז גלײַך געוואָרן בעגילופן.
— איך וויל ווערן אַ טויב, — האָט ער, פּלאָנטערנדיק מיט דער צונג, געזאָגט.
— דו ביסט סײַווי אַ טויב, — האָט געזאָגט דער קאַברען.

— ניין, ניין, — האָט דער זיידע אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. — דו האָסט מיך ניט פאַר־שטאַנען... איך וויל לעבן אַפן דאַך פון דער קלויז און אַרומפליִען איבערן שטעטל.

קוּקנדיק די ליפּן, האָט יוסף אַ קוק געטאָן מיט פאַרשטענדעניש אַפן זיידן, אַף זײַן אַנ־צאַניקן, פון דער אומגעוויינטער מאַשקע, אָפּגעבריטן מויל, אויסגעטרונקען מיט אַ פּינטלעכער אָנשלאָסנקייט זײַן גלאָז און געזאָגט:

— דאַניִלקען נעם איך צו זיך.

— איך וויל ניט לעבן אַפן בעסוילעם, — האָב איך, שיִר ניט וויינענדיק, געזאָגט.

— ס׳גאַנצע לעבן לעבט אַ מענטש אַפן בעסוילעם, — האָט געזאָגט דער אײַנפּוסיקער. — וואָס איז די וועלט? אַ גרויסער בעסוילעם. און די הײַזער, זיי זײַנען דען ניט קיין מאַצייווס?

— כ׳וועל ניט אָפּגעבן דאַניִלקען, — האָט דערווידערט דער זיידע.

— אין מוישעוו־זקיינים וועסטו אים ניט מיטנעמען.

— כ׳וועל אַליין אויך ניט גיין אַהין, — האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנס דער זיידע. — קיינער קאָן מיך ניט צווינגען. און דאַניִלקען וועל איך מאָרגן אָפּפירן צו פאַקעלטשיקן.

— אַ גאַרנישט איז דײַן פאַקעלטשיק, — האָט געפּאַסקעט דער קאַברען און זיך געווענדט צו מיר: — איך האָב געהערט, דו פאַרמעסט זיך מיט גאָט אַליין — קלעפּסט אויס מענטשן און כײַעס פון ליים.

פונוואַנען ווייסט ער דאָס? — בין איך נישטוימעם געוואָרן.

— איז אָט: ליים איז בײַ מיר פאַראַן, וויפל בײַ די ייִדן צאָרעס. ס׳וועט דיר סטײַען אַף דעם גאַנצן לעבן. קלעפּ זיך געזונטערהייט. און נאָך עפּעס וועל איך דיך, דאַניִלקע, אויסלערנען: אויס־צוהאַקן אַף שטיינער אויסיִעס, — האָט מיך אײַנגערעדט יוסף.

— דרעק זײַנען דײַנע אויסיִעס און דרעק דײַנע שטיינער, — דער שיקערער זיידע האָט קוים געקערעוועט מיט דער צונג. — כ׳ל דיר ניט אָפּגעבן דאַניִלקען. פאַר קיין...

ער האָט ניט פאַרענדיקט, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אַפן טיש, ווו ס׳איז געשטאַנען די ליימענע שיסל מיט די צוויי ניט־אָפּגעשיילטע בולבעס. זײַן קאָפּ, אַ גלאַטער און אַ מאַטער, איז אויך גע־ווען ענלעך אַף אַ זאַרגעוודיק אָפּגעשיילטע בולבע מיט בלוילעכע אָדערלעך.

אין אַ וואָך אַרום האָט מען דעם זיידן אַוועקגעפירט. דער אַלטער, וואָס האָט פריִער ניט גע־וואָלט הערן פון דעם מוישעוו־זקיינים, איז פּלוצעם מאַסקים געוואָרן.

אַז דער פאָרזיצער פון דער קעהילע, דער באַלעבאָס פון דער בענזין־קאָלאָנקע עפראָיִם קלינגמאַן, האָט אים געבראַכט אַ בילעט אַפן צוג און האָט אים דערקלערט, ווו דאָרט אָנצוקומען, האָט דער זיידע געזאָגט:

— איין מינוטעלע, רעב עפראָיִם. איך דאַרף נאָך עפּעס־וואָס נעמען.

— איר דאַרפט דאָרט קיין זאַך ניט, — האָט דערווידערט רעב עפראָיִם און אַ גלעט געגעבן זײַן מאָכיקע באָרד.

— באַלד, באַלד...

דער זיידע איז אַרויס אין זײַן צימער און אומגעקערט זיך מיט זײַן פאַרגרעסער־גלאָז.

— אַ פאַרגרעסער־גלאָז? — האָט זיך פאַרוווּנדערט עפראָיִם קלינגמאַן. — וואָס דאַרפט איר אַ פאַרגרעסער־גלאָז אין מוישעוו־זקיינים?

— אַ גוטער זייגערמאַכער, רעב עפראָיִם, נעמט מיט זײַן פאַרגרעסער־גלאָז אַפילע אין קיי־ווער. דאָן וועלן די ווערעם האָבן דערעכערעך פאַר אים.

— וואָס רעדט איר? — האָט אים פירגעוואָרפן דער באַלעבאָס פון דער בענזין־קאָלאָנקע.

— אַ זייגערמאַכער נעמט מיט זײַן פאַרגרעסער־גלאָז, אַ שנײַדער זײַן נאָדל, אַ שוסטער זײַן אָל, און איר?

— וואָס איך? — האָט זיך אָנגעבלאָזן עפראָיִם קלינגמאַן.

— וואָס וועט איר נעמען? דעם שטונק פון בענזין?

אַף דער סטאַנציע האָט דער זיידע געזאָגט דעם קאַברען, וואָס האָט אים באַגלייט:

— פּאַס אָפּ אַף דאַניִלקען. כ׳וועל אײַנגיכן קומען.

אַז דער צוג איז אַוועקגעגאַנגען, איז יוסף צו צו מיר און געזאָגט:

— אַנטקעגן גאָט קאָן מען קיין כאָכעם ניט זײַן.

— וואָס?

— דו ווייסט, דאַניִלקע, פאַרוואָס דײַן זיידע איז אַוועקגעפאָרן?

— כ׳ווייס ניט.

— דער מוישעוו־זקיינים איז אין דער זעלבער שטאָט, ווו די טורמע. דער אַלטער קלערט, אַז ער וועט זען שויעלן.

איך בין געשטאַנען אַ געפּלעפּטער און קוים אײַנגעהאַלטן די טרערן. נעבעך, דער זיידע! ער האָט, קענטיק, פֿאַרגעסן, אַז דער טאַטע איז אַנטלאָפֿן פֿון טורמע, מע האָט אים געכאַפּט און אַוועקגעשיקט ערגעץ ווײַט אויפֿן צאָפֿן פֿון ליטע. און עפּשער האָט די באָבע פֿאַר איר טויט ניט באַוויזן עס צו זאָגן אים.

אין דער ווײַט האָבן זיך געצויגן די רעלסן, אויסגעוואַשענע דורך דעם ערשטן פֿרילינג־רעגן. אָן דעם צוג, אָן דעם הודאָק פֿונעם פּאַראָוואָז און אָן דעם פֿאַרסאַזשעוועטן פּאָנעם פֿונעם מאַשיניסט האָבן זיי אויסגעזען, ווי פֿאַריאָסעמטע.

— ער׳ט אַנטלויפֿן פֿון מוישעוו־זקיינים, — האָב איך געזאָגט, קוקנדיק אויף די רעלסן און פֿינטלענדיק מיט די אויגן, כּדי זיך ניט פֿאַנאַנדערוויינען.

— ווען ניט די פֿיס, — האָט אַ בורטשע געטאָן דער קאַברען. — נו, וואָס, דאַנילקע, וועסט גיין צו מיר אַלס לערן־ייִנגל?

— ניין.

איצטער זײַנען די רעלסן געווען ענלעך אויף צוויי בלישטשענדיקע שלאַנגען, וואָס לויפֿן אויף געוועט.

— אָן עכטער מאַנצבל טאָר זיך ניט אײַלן מיט אַן ענטפֿער. באַקלער זיך, דאַנילקע.

— ניין.

— נאָכאַמאָל באַקלער זיך. אין בייס־יעסוימים איז גאָרניט פֿויגלדיק.

איך בין געלאָפֿן ראַפּטום פֿון דער סטאַנציע און געקומען ערשט צו־זיך, ביים איך בין אַרײַנגעלאָפֿן אין פֿראַנאַסעס הויף.

— פֿראַנטקאַס איז אויף דער פֿאַבריק, — האָט מיר געזאָגט די מומע טערעסע.

— אויף דער פֿאַבריק?

— פֿון הײַנט אָן. ביסט, מיסטאָם, הונגעריק?

— ניין.

— קום שפּעטער. דאַן וועסטו זיך מיט אים געזעגענען.

— איך בין ניט געקומען זיך געזעגענען.

— דו בלײַבסט דען אין שטעטל? און מיר האָט מען געזאָגט, אַז מע נעמט דיך צו אין בייס־יעסוימים.

— קיינער נעמט מיך ניט צו, — האָב איך געזאָגט און כ׳בין אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ צו דער מעבל־פֿאַבריק.

אין הויף פֿון דער מעבל־פֿאַבריק האָט שטענדיק געשמעקט מיט סטרוזשקע, מיט סטאָליער־קליי און מיט געהיימניסן. איך פֿלעג אַמאָל אַריבערקריכן איבערן צאַם אַהין נאָך שפּענדלעך אויף אײַנצוהייצן. כ׳פֿלעג אַריבערקריכן, זיך אַראָפּלאָזן אויף אַ הויפֿן סטרוזשקעס און זיך אײַנהערן, ווי עס זינגען די זעגן, ווי עס רוישן די מאַשינען און הודזשען די שויבן אין די פֿענצטער. איך פֿלעג דעמלט פֿאַרגעסן די באָבע, דעם אָפּגעקראָכענעם אויוון אונדזערן און מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם קוקן, ווי ברייטפּלייציקע, שווײַגנדיקע יונגען לאָדן אויף מאַשינען אָדער וועגענער פּאָלירטע שטולן, שאַפֿעס און אַפֿילע בעטן. קיינמאָל אין לעבן בין איך ניט געזעסן אויף אַזעלכע שטולן, ניט געשלאָפֿן אויף אַזעלכע בעטן. איך פֿלעג פֿאַרזשמורען די אויגן און אין די געדאַנקען זיך אויסציִען אויפֿן ווייכן מאַטראַץ, זיך צודעקן מיט אַ פּוכיקער זײַדענער קאָלדרע, אָדער זיך פֿאַנאַנדערזעצן אויף דעם גלאַנציקן שטול און עמעצן געבן שטרענגע באַפֿעלן. נאָר מער פֿון אַלץ זײַנען מיר געפֿעלן געווען די סטאָליערס גופֿע. זיי זײַנען נישט געווען ענלעך ניט אויפֿן זיידן, ניט אויף דעם קאַברען, ניט אויף רעב אַרענען. יונגע און געזונטע, פֿלעגן זיי צײַטנווײַז ניט אַרבעטן גאַנצע מעסלעסן, און דער זיידע האָט דעמלט געבורטשעט אויף דער באָבען, האַלעמײַ זי שיקט מיך נאָך שפּענדלעך.

— אויף דער פֿאַבריק איז פּאָליציי.

— נו, איז וואָס? — פֿלעגט זיך די באָבע מאַכן ניט־וויסנדיק. — דאַנילקע שטרײַקט דאָך ניט.

— שטרײַק, שטרײַק, דאַנילקע! — האָט געשריִען דער זיידע, נאָר איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען דעם מיין דערפֿון.

וואָס דאָס איז אַ שטרײַק, דאָס האָב איך מיט פֿראַנאַסן זיך דערוווּסט פֿונעם פּעטער סטאַסיס... פֿאַרוואָס האָט קיינמאָל ניט געשטרײַקט דער זיידע, דער קאַברען, אָדער רעב אַרן?.. שוין זשע זײַנען זיי מיט אַלץ אין לעבן צופֿרידן? פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט. די באָבע האָט געפֿאָלגט דעם זיידן טאָג־אויס, טאָג־אײַן, געזויגן פֿון אים, ווי ער האָט אַליין געזאָגט, דעם מאַרך פֿון די ביינער, נאָר אים איז גאָרניט אײַנגעפֿאַלן צו שטרײַקן. ווי קומט ער? איך זשע, פֿאַרקערט, האָב געשטרײַקט און, מע קאָן זאָגן, מיט דערפֿאָלג. פֿריִער האָב איך געדאַרפֿט גיין מיט דער באָבען דרײַ מאָל אַ טאָג

דאוונען, שפּעטער האָב איך זיך דערשלאָגן, איך זאָל גייִן מער ניט ווי אום שאַבעס, און נאָך דער באָבעס טויט פּלעג איך אַפילו שאַבעס אויך ניט גייִן אַהין.

דער מומע טערעסעס רייד האָבן מיר אינגאַנצן אַראָפּגעשלאָגן דעם מוט. הייסט עס, אויך צו איר זײַנען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן בייס־יעסוימים. וואָס איז דאָ אייגנטלעך צו וווּנדערן זיך? דאָס שטעטל איז אַ קליינס און אַ קלאַנג, ווי אַ באַבעלע, פֿליט אים אַדורך אין אַ האַלב־שאָ.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט איבערן הויף פֿון דער מעבל־פֿאַבריק, מיינענדיק צו טרעפֿן דאָ פֿראַנאַסן, נאָר ער איז אין ערגעץ ניט געווען.

אַהיים האָט זיך ניט געוואָלט גייִן. נאָך דעם ווי דער זיידע איז אַוועקגעפֿאָרן, איז דאָס הויז געווען אינגאַנצן אַ פֿאַריאָסעמטס. אַפילו די קאַץ האָט זיך געפֿילט אומהיימלעך. זי איז געזעסן אויף דער שוועל און מײַסע אַלטיטשקע אויף עפּעס־וואָס געוואַרט, אויסבייגנדיק דעם רוקן און מיאַוקענדיק אויף די פֿאַרבײַגייער, וואָס האָבן געצײַלט צו זייערע שוועלן און זייערע קעץ. געווען אַ צײַט, ווען איך האָב געקלערט, אַז כוץ מײַז און דער באָבען, דאַרף אונדזער קאַץ גאָרניט האָבן. נאָר צו־ערשט זײַנען פֿון דער שטוב אַוועק די מײַז, דערנאָך די באָבע, און די קאַץ, אַן איינזאַמע און אַ טראַגעדיקע, האָט ניט געוווּסט וווּ זיך אַהינצוטאָן. איך האָב אויף איר ראַכמאָנאָס געהאַט און אויס־געקלעפּט פֿון ליים אַ צענדליק מײַזלעך, פֿאַנאַנדערגערוקט זיי אונטערן טיש, הינטערן אויוון, נאָר זי האָט זיך גיך אַנטוישט אין זיי.

ניין, אַהיים האָט זיך ניט געוואָלט.

ס'איז צוגעפֿאַלן דער אָוונט. דאָס שטעטל האָט זיך אײַנגעוויקלט אין אַ וואַרעמען וועסנעדיקן נעפּל. ער האָט זיך צעגאָסן און פֿאַרפֿולט אַלץ אַרום מיט ווײַסלעכער ציגן־מילך.

אַז איך בין אַרײַן אין קלויז, האָט דער שאַמעס כאַיִם, וואָס האָט געהאַלטן אין אָנצינדן ליכט, געזאָגט:

— ריכטיק, דאַנילקע. פֿאַרן אָפּפֿאָרן דאַרף מען זאָגן אַ טפֿילע.

— איך בין ניט געקומען זאָגן אַ טפֿילע.

— אין אַ בעסמעדרעש גייט מען ניט און מע גאָלט ניט, — האָט געזאָגט כאַיִם.

— איך דאַרף רעב פּיאַנקאָ.

רעב פּיאַנקאָן האָט געהערט די מעבל־פֿאַבריק אין שטעטל. דאָס איז געווען אַ שטילער פֿרו־מער מענטש מיט אַן אָפּגעבערענט פּאָנעם, אַ פֿאַרוואַקסנס מיט באַקענבאַרדן. אויף דער פֿאַבריק איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ סרייפֿע און דער באַלעבאָס איז גוט אָפּגעסמאַליעט געוואָרן.

— רעב נאָטע קומט צום סאַמע דאַוונען, — האָט געזאָגט כאַיִם און אָנגעצונדן נאָך אַ ליכט. — ער וועט דיר סײַווי ניט העלפֿן.

דער שאַמעס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען גערעכט. רעב נאָטע האָט מיך אויסגעהערט און, גלעטנדיק די באַקענבאַרדן, מיר געזאָגט:

— אַלס ראָש־האַקאָהאָל מוז איך אויספֿירן דעם באַשלוס פֿון דער קעהילע. ס'איז באַשלאָסן דיך אַריבערשיקן אין בייס־יעסוימים. פֿאַר מײַן פֿאַבריק ביסטו צו קליין.

— אין אַ יאָר אַרום וועט קומען דער פֿאָטער.

— וועלן מיר אין אַ יאָר אַרום מיט דיר ריידן, — רעב נאָטע האָט אַ גלעט געטאָן זײַנע באַקענבאַרדן, ווי מ'גלעט אַ הינטל, און צוגעטראָטן צום דאַוונען.

דער נעפּל האָט אַרײַנגעיאָגט די קאַץ אין שטוב. איך האָב שטילערהייט געעפֿנט די טיר און כ'בין אַרײַן אין צימער. ניט אָנצינדנדיק ליכט, האָב איך זיך אויסגעטאָן און זיך געלייגט שלאָפֿן. די קאַץ האָט זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון דער פֿינצטערניש, איז אַרופֿגעשפּרונגען אויף מײַן בעט און האָט זיך צוגעטוליעט צו מײַנע פֿיס, צו וועלכע זי האָט ביז איצט געהאַט גאָר אַ קנאַפּן אינטער־רעס. אין איר מאָנאָטאָנעם בורטשען האָב איך אַרויסגעהערט ניט נאָר אירע קעצישע קלאָגערײַען אויף איר בידנעם גורל, נײַערט אויך די הייזעריקלעכע שטים פֿון דער באָבען, וואָס האַלט, אַז אין אַלע אונדזערע צאָרעס איז שולדיק איר איינציקער זון, דער אַרעסטאַנט שויעל.

איך בין געלעגן און געיאָגט פֿון זיך די געדאַנקען וועגן בייס־יעסוימים. איך האָב געקוקט דאָ אויפֿן פּאַלאַפּ, דאָ אויף די צעריסענע טאַפּעטן, הינטער וועלכע כ'האָבן זיך באַוועגט וואַנצן. איבערן סופֿיט איז אַרומגעגאַנגען דער שאַמעס כאַיִם און געצונדן ליכט, ווי שטערן אויפֿן הימל, און אונטער די שטערן האָט זיך געקוליעט דער זיידע, און די שטערן האָבן געסמאַליעט זײַנע פֿליגלען.

מײַן פֿאַנטאַזיע האָט געמאָלט אויפֿן סופֿיט ניט נאָר דעם שאַמעס און דעם זיידן. דאָרט איז געלאָפֿן פֿון דער טורמע מײַן פֿאָטער שויעל ווײַסאַס, קעדיי מיך אַרויסצוראַטעווען פֿון בייס־יעסוימים.

איך האָב געיאָגט די געדאַנקען וועגן בייס־יעסורימים, נאָר זיי האָבן זיך ווידער און ווידער געקערעוועט צו אים, אָדער צום קאַברען יויסעף, און דאַן זײַנען פונעם סופּיט פּאַרפאַלן געוואָרן די שטערן און ער האָט געדריקט אױף מיר, ווי א מאַצייווע.

אינמיטן נאַכט האָב איך פּלוצלינג דערהערט, ווי עס סקריפּעט די טיר. ס'האָבן זיך דער־הערט טריט און איך בין צוגעפאַלן צו דער וואַנט, ווי איך וואָלט געזוכט א שוץ בא די וואַנצן.

— מ'דאַרף אױף דער נאַכט פאַרשליסן די טיר, — האָב איך דערהערט א שטים און א שטיין איז מיר אראָפּגעפאַלן פון האַרצן. דאָס איז געווען דעם קאַברענס שטים. ער האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע, און דער צימער איז באַלויכטן געוואָרן דורך א בלאָנדזשענדיקער ליכט.

מיך האָט געשווידערט. א דריבנער ציטער האָט דורכגענומען מײַן גאַנצן קערפּער. די ציינער האָבן געקלאַפּט, ווי עס קלאַפּט דער נאַכט־סטרוזש מיט זײַן העלצל.

דער איינפוסיקער האָט נאָכאַמאָל אָנגעצונדן א שוועבעלע און געזאָגט:

— דו האָסט זיך גוט איבערגעשראָקן, דאַנילקע. א צאָן אױף א צאָן פאַלט בא דיר ניט.

יויסעף האָט צוגעטראָגן דאָס אָנגעצונדענע שוועבעלע צום קנויט, און איבערן צימער האָט זיך צעגאָסן דער ווילבאַקאַנטער און היימישער רייעך פון געברענטס.

— איך האָב זיך גאָרניט איבערגעשראָקן, — האָב איך געזאָגט און ס'האָט מיך ווידער אָנגע־הויבן צו טרייסלען.

יויסעף איז צו צו מיר און אוועקגעלייגט זײַן האַנט אױף מײַן שטערן.

— ריכטיק. אנו, לייג זיך, דאַנילקע. כ'וועל דיך צודעקן, — ער האָט אראָפּגענומען זײַן פּעלצל און עס ארופגעוואָרפן אױף דער קאָלדרע.

— ס'איז גוט? — האָט געפרעגט יויסעף.

— גוט.

דער ציטער איז אריבער אין א היץ. אזוי הייס איז מיר ניט געווען אפילו זומער בײַם די זון באַקט. ס'האָט געברענט דאָס פּאָנעם, די אויגן, די ברעמען, אָט־אָט צינדן זיך אָן בא מיר די האָר און דער צימער וועט פול ווערן מיט סמאַלעניש.

— איך וועל בלײַבן מיט דיר ביז פאַרטאָג, און אינדערפרי וועלן מיר רופן א דאָקטער, — האָט געזאָגט דער קאַברען. — אויב דיר וועט ניט בעסער ווערן.

ער האָט אָפּגעשפּיליעט זײַן הילצערנעם פוס, צוגערוקט א טאַבורעטקע און זיך אוועקגעזעצט, אָן אומגעלומפּערטער און ריזיקער אין דעם ליכט פון נאַכט־לעמפּל. איך בין געווען שטאַרק צו־פרידן, וואָס דער קאַברען זיצט, נאָר מיט קיין אײן וואָרט עס ניט ארויסגעזאָגט.

— א מענטש טאָר ניט לעבן אליין, — האָט מיט זײַן גראָבער שטים געזאָגט דער קאַב־רען. — ווייסט, דאַנילקע, פאַרוואָס מע באַגראָבט די מענטשן אפן בעסוילעם? ווײַל א טויטער קאָן אויך ניט אליין... מע דאַרף לעבן אים אוועקלייגן נאָך עמעצן...

צווערשט האָב איך אים נאָך געהערט, נאָר שפּעטער האָט עמעצער פאַרקלאַפּט מיר די אויגן. ווי מע פאַרקלאַפּט א באַנקע אױף ווינטער, און אין די אויגן אָנגעשאָטן זאַלץ. איך האָב אראָפּ־געלאָזן די אָנגעצונדענע וויִעס און אַלץ איז אוועק כאַדאַראַם. ס'האָט זיך געדרייט דער הילצערנער פוס, די קאַץ, די בעט און איך האָב געשוועבט איבער אַלץ, ווי א מאַלעך, און די שטערן פון אויבן האָבן געהויכט אױף מיר מיט א הימלשער קילקײַט.

איך האָב זיך געוואָרפן אין פיבער און גאָרניט באַמערקט, ווי ס'איז געקומען דער קאַיאָר.

אז כ'האָב זיך אופגעכאַפּט, האָב איך דערזען פאַר זיך דעם שטעטלשן דאָקטער. ער איז גע־שטאַנען איבער מיר, א דאַרער, א הויכער, אין ברילן, וואָס האָבן געגלאַנצט, ווי די שפּיגלען אין דער פאַבריקמאַכערסקע פון רעב אַרענען.

— אזוי, אזוי — האָט געזאָגט דער דאָקטער. ער האָט מיר געהייסן אראָפּנעמען דאָס העמד און צוגעשטעלט צו דער ברוסט א טרײַבל.

דעם דאָקטערס טרײַבל איז פאַר מיר געווען א קישעפדיק טרײַבל — מע שטעלט עס צו צו דער ברוסט און מע ווייסט אַלץ וועגן מענטשן, זײַנע מאַכשאָווים, זײַנע פאַרלאַנגען. כ'בין קיינעם אין שטעטל אזוי ניט מעקאַנע געווען, ווי דעם דאָקטער יאַכעלסאָנען. אמאָל, אמאָל האָט אין דאָק־טערס שטוב געאַרבעט אלס דינסט מײַן מאַמע און, כאָטש איך בין נאָך דעמלט אױף דער וועלט ניט געווען, האָט שוין זײַן טרײַבל געוווּסט וועגן מיר אַלץ.

— צווייזײַטיקע לונגען־אָנצינדונג, — האָט געזאָגט יאַכעלסאָן דעם קאַברען. — מ'עט דאַרפן ליגן א פּאָר וואָכן. מינדסטנס.

— וואָס־וואָס? — האָט ניט פאַרשטאַנען דער קאַברען.

— א פּאָר וואָכן מינדסטנס, — האָט דערקלערט יאַכעלסאָן. ער האָט אראָפּגענומען די ברילן און אויסגעווישט די גלעזלעך.

— ווו ליגן?

— אין שטוב.

— פאַרשטייט איר, הער דאָקטער, איך האָב ניט אומזיסט געפֿרעגט. איר ווייסט דאָך אוודאי, אַז די באָבע זײַנע איז געשטאָרבן, און דעם ייִדן האָט מען צוגענומען אין מוישעוו־זקיינים.

— יאָ, יאָ, — האָט זיך פֿאַרטראַכט יאַכעלסאָן. — כ׳האָב גאָר פֿאַרגעסן.

— איך וואָלט, פֿאַרשטייט זיך, אים געקאָנט נעמען צו זיך... אָפּן בעסוילעם. נאָר ס׳איז דאָך, ווי איר פֿאַרשטייט...

— ניין. אָפּן בעסוילעם איז נאָך אַ ביסל צו פֿרי פֿאַר אים, — האָט העפֿלעך באַמערקט דער דאָקטער. — מער קיין קרויווים האָט ער ניט?

— ניין.

— אַזוי, אַזוי... איז אָט וואָס, — יאַכעלסאָן האָט ווידער אַ וויש געטאָן זײַנע קאַפּריזנע גלעז־לעך. — ברענגט אים צו מיר.

— צו אײַך?

— איר ווייסט דאָך מײַן אַדרעס?

— אײַער אַדרעס און מײַנעם ווייסן אַלע.

— נו, איז גוט. נאָר וויקלט אים אײַן. און זאָל ער די גאַנצע צײַט עטעמען ניט דורכן מויל, נאָר דורך דער נאָז.

— זײַט זיכער, הער דאָקטער, ער וועט שוין בײַ מיר עטעמען דורך דער נאָז, — האָט דער קאַברען זיך צערעדט. — אַ גרויסן דאַנק אײַך... מירן זיך אַמאָל אויסרעכענען...

— אוודאי, אוודאי — האָט געזאָגט יאַכעלסאָן, אַ שנעל מיר געגעבן אין נאָז און איז אַרויס.

אינגיכן האָט זיך לעבן אונדזער שטוב אָפּגעשטעלט די פֿור פֿון מייסים־שטיבל.

גלײַך איז פֿון אַלע שכייניש שטיבער געוואָרן אָן אַנגעלאָף. ווײַבער האָבן געוויינט, גע־בראָכן די הענט, געשאָלטן דעם גוירל.

— אַזאַ יונגער בוים! אַזאַ גאָלדן ייִנגל! פֿאַרברענט געוואָרן! — האָט געגאָסן טרערן די פֿיש־הענדלערקע שיינע־דווירע, וואָס האָט מיך פֿײַנט געהאַט סינעס־מאָוועס.

— שטיל, ווײַבער! איר זאָלט אַליין פֿאַרברענט ווערן! — איז אַזש רויט געוואָרן פֿון קאַס דער קאַברען.

אַז ער האָט מיך אַרויסגעטראָגן אויף די הענט, איז דער האַמוין אָפּגעטראָטן פֿון וואָגן און די זעלבע שלאַק שיינע־דווירע האָט אויסגעשאָסן:

— וויי איז דאָס געהערט געוואָרן... אָן טאַכריכים... אין אַ שטינקענדיק פּעלצל...

— ביסט אַליין אַ שטינקענדיקע, — האָט אָפּגעהאַקט דער קאַברען און אַוועקגעלייגט מיך אויפֿן דנאָ פֿון וואָגן.

איך בין געלעגן און זיך ניט גערירט. דער אוילעם אַרום איז געוואָרן געדיכטער.

— ייִדן! — האָט אויסגעשריִען דער איינפּוסיקער, — לאָזט דורכפֿאָרן! און דו, דאַנילקע, עטעם דורך דער נאָז!

— איר׳ט געהערט אַ כוצפּע? — האָט זיך ווידער אַרײַנגעמישט שיינע־דווירע. — ער איז־דיעקוועט זיך נאָך איבערן טויטן!

— מ׳דאַרף צונעמען בײַ אים דאָס ייִנגל!

— ס׳איז דאָך פּאַרט אַ מענטש! — האָבן זיך געהערט שטימען.

— עטעם, דאַנילקע, דורך דער נאָז, — האָט געהייסן יויסעף און אַ שמיץ געטאָן דאָס פֿערד. — ניאָ, פֿאַדלע! ניאָ!

— גאָט אין הימל, ער באַוועגט זיך דאָך! — האָט פּלוצעם אויסגעשריִען שיינע־דווירע. — ער לעבט, ייִדן! ער לעבט!

און דאָ האָבן די יעלאָלעס זיך אָפּגעשטעלט און די טרערן זײַנען מיטאַמאָל אויסגעטריקנט געוואָרן. איך בין געלעגן אויפֿן דנאָ פֿון וואָגן, געעטעמט דורך דער נאָז און דורך דער גראָבער אָנגעפּעלצטקײַט, זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פֿון די טלאָען איבערן ברוק, און מיר איז געווען אַזוי גוט, ווי קיינמאָל.

דער דאָקטער יאַכעלסאָן מיט דעם ווײַב און זון האָבן געלעבט אַנטקעגן דעם קאַסטיאָל אין אַ צווייגאָרנדיקן הילצערנעם הויז, אָפּגעצאַמט פֿון דער גאַס מיט אַ פּאַרקן, הינטער וועלכן ס׳זײַנען געשטאַנען עטלעכע עפּלביימער, וואָס האָבן זיך צו פֿרילינג אויסגעפּוצט אין שניי־ווײַסע שמעקנ־דיקע יאַרמעלקעס. דורכן פֿענצטער פֿונעם קינדער־צימער, וווּ מ׳האָט מיך אײַנגעקוואַרטירט, האָט מען גוט געקאָנט זען די אַלטע, ווי וועסלעס, גרויסע ווײַזערס פֿונעם קאַסטיאָל־זייגער, וואָס האָט שטענדיק געוויזן איין און די זעלבע צײַט. דאָס האָט ניט געלאָזט צורו מײַן ייִדן. ער האָט אַלע־מען דערציילט, אַז ער ווייסט דעם סעקרעט, וויאַזוי צו אונטערמונטערן די ווײַזערס־פּויליאַקעס, נאָר, העיויס ווי אויף צו פֿאַריכטן זיי דאַרף מען האָבן אַ דערלויבעניש פֿונעם קסיאָנדז, אַ אַ העס־

קעם פונעם ראָוו, איז גלײַכער פאַר אים, ער זאָל זיך פּאַרקען אין דאַמסקיס זייגער, אָדער אינעם זייגער פון דער פיש־הענדלערקע שיינע־דווירע.

יעדן פרימאָרגן פלעגט שימען, דעם דאָקטערס זון, אַוועקגיין אין שול, און איך פלעג בלײַבן אַליין אין דער ריינער בעט, צווישן ווייכע זײַדענע קישנס, ווי אַ מאַלעך צווישן וואָלקנס.

גאָט, מײַן פאָטער, כ׳ײַ וואָלט מען געקאָנט האָבן לונגען־אַנצינדונג אַ גאַנץ לעבן!

עמעס, די ערשטע פינף טעג בין איך געלעגן אָן באַוועגונג און האָב געבעטן דעם זעלבן גאָט, איך זאָל שטאַרבן. נאָר דער אייבערשטער האָט מיר ניט געפאָלגט און, כ׳לעבן, ער האָט ריכטיק געטאָן.

ווי נאָר שימען פלעגט אַוועקגיין, פלעגט אַרײַנקומען יוזעפאַ, דאָס דינסטמיידל, פאַרבעטן די בעט און מיט אַ גראָבער מאַנצבלשער שטים פרעגן:

— וואָס וויל דער פּאַן? אַ פּײַנקוכן, אָדער מאַנע־קאַשע מיט ראָזשינקעס?

— מיט ראָזשינקעס.

— און די הענט האָט דער פּאַן געוואַשן?

— ניין.

יוזעפאַ פלעגט אַרײַנטראָגן אַ שיסל, איך פלעג אַרײַנשטעקן אין ס׳וואַרעמע, ווי אַ מיקסטור, וואַסער די הענט, זיי אָנזייפן, ווידער אַרײַנשטעקן און אויסווישן זיי מיט אַ גרויסן ווייכן האַנט־טעך. יוזעפאַ פלעגט מיט דעם ביטל פון אַ געניטן מענטשן קוקן אויף מײַן האַווניש, אַרויסטראָגן דעם טאַז צוזאַמען מיט איר ביטל אין קיך און אין פינף מינוט אַרום האָב איך שוין געשעפּט מיטן לעפל פון טעלער די קאַשע מיט ראָזשינקעס.

איינמאָל, ווען איך האָב געווישט מיטן ווייכן האַנטעך די הענט, האָט יוזעפאַ געזאָגט:

— פּאַן יעסטעש פּאַראַזיט.

איך האָב אויסגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר אויגן, און יוזעפאַ איז אַריבער אויף אַ געבראָכענעם ייִדיש:

— זיך פאַנאַנדערגעלייגט און ליגט, ווי אַ פּאַריץ...

איך בין רויט געוואָרן, אָפּגעשטויסן דעם טעלער און זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט. אויס די ווייכע, ווי וואָלקנס, קישנס, אויס די זיסע, ווי אַ כאָלעם, ראָזשינקעס און פּײַנקוכנס, אויס די עפּלביימער הינטערן פענצטער, וואָס טוען אָן אום פרילינג שניי־ווײַסע שמעקנדיקע יאַרמעלקעס.

איך בין אופגעשפּרונגען פון בעט און אָנגעהויבן זוכן מײַנע בגאָדים. כ׳האָב שוין וואָס גיכער געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך שימענס פּיזשאַמע — מ׳האָט זי מיר געגעבן דעם ערשטן טאָג — און לויפן, וווהין די אויגן טראָגן. כ׳האָב אַרײַנגעקוקט אונטער דער בעט, געזוכט אין דער שאַפע, נאָר מײַנע הויזן און העמדל זײַנען ניט געווען. דאַן האָב איך געעפנט דעם פענצטער, אַרופגעכאַפּט זיך אויף אים און כ׳בין אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער פּײַכטער, נאָך קאַלטער, ערד.

איך וואָלט מיסטאַמע געמאַכט די פליטע, נאָר אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די פאָרט־קע און ס׳איז אַרײַן דער דאָקטער יאַכעלסאָן.

— ווער האָט דיר דערלויבט אַרויסצוגיין אין גאַס? — האָט שטרענג געפרעגט דער דאָקטער.

— קיינער ניט.

— די מינוט מאַרש צוריק!

— כ׳וועל ניט גיין.

די קאַלטע ערד האָט געבריט די פּיאַטקעס.

— וואָס איז דאָ געשען? — איז צו מיר צוגעשטאַנען יאַכעלסאָן.

— קיין זאַך ניט. איך בין ניט קיין פּאַראַזיט. איר האָט אַליין מיך אַריבערגעפירט. און די פּיזשאַמע וועל איך אײַך אָפּגעבן. איך דאַרף ניט אײַער פּיזשאַמע און אײַערע אײַנשפּריצונגען און אײַער קאַשע...

— קום אויבן, דאַנילקע, מירן זיך פאַנאַנדערקלײַבן.

יאַכעלסאָן האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט, און מײַן צאָרן איז צערונען געוואָרן, ווי שניי.

— יוזעפאַ! — האָט יאַכעלסאָן געזאָגט אויבן. — וואַרעמט, זײַט אַזוי גוט, אָן וואַסער. מיט אַזעלכע פּיס טאָר מען ניט אין בעט. — און ער האָט געוויזן אויף דער בלאָטע אויף מײַנע פּיס, אויף דער פּיזשאַמע. דעם דאָקטערס באַוועגונגען זײַנען געווען באַדאַכט, פון הינטער זײַנע ברילן האָט געפלאַסן די שײַן פון מידקײַט און גוטסקײַט, די שענסטע שײַן אויף דער וועלט.

אַז יוזעפאַ האָט געבראַכט דאָס וואַסער, האָט יאַכעלסאָן קלוימערשט גלײַכגילטיק געזאָגט:

— אַ דאַנק, פּאַני. און איצטער, זײַט אַזוי גוט, און אַנטשולדיקט זיך.

— פאַר וועמען? — יוזעפאַ האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.

— פאַרן פּאַן.

— איך האָב זיך ניט פאַרשולדיקט קעגן פּאַן.

— אויב איר וועט זיך ניט אנטשולדיקן, וועל איך געצוווּנגען זײַן אײַך אָפּצוזאָגן, — האָט בעניםעסדיק געזאָגט דער דאָקטער. — בא אונדז אין שטוב זײַנען ניטאָ קיין פּאַראַזיטן. פאַרגעדענקט עס איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

— איך הער, פּאַן דאָקטער, — האָט געזאָגט יוזעפּא און, ניט קוקנדיק אױף מיר, ארויסגעבורטשעט: — איך בעט אנטשולדיקונג, פּאַן... דאָס וואַסער איז ניט צו הייס?

— אקוראַט, — האָב איך געזאָגט און כ׳בין אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קאָלדרע.

דאָקטער יאַכעלסאָן איז קימאַט קיינמאָל ניט געווען אין שטוב. ער פלעגט גאַנצענע טעג אַרומפאָרן אין שטעטל און ראַיאָן, פלעגט זיך דערקלײַבן צו די סאַמע פאַרלעגענע ערטער און קומען צוריק א מידער און געעלטערטער. אױף אים איז געווען א שטיקל געוואָרענער וועג־מאַנטל און א גרויס היטל פון קראָליק־פעלץ. קיין קוטשער האָט יאַכעלסאָן ניט געהאַלטן. ער האָט אַליין אָנגעטריבן זײַן פערדל, אָן אײַנגעשפּאַנטס אין א שטאַרק אָפּגעניצטער בריטשקע. דאָס פערדל האָט אַרומגעזען יוזעפּא, זי האָט עס אײַנגעשפּאַנט, אויסגעשפּאַנט, געריייניקט מיט א דראָטענעם בערשטל און אפילע אַליין עס געפירט צום שמיד פראַנישקוס. פון גאַס האָט יאַכעלסאָן ניט געהאַלטן, אין קלויז איז דער דאָקטער ניט געגאַנגען און דערפאַר האָבן די פרומאַקעס ניט גערופן אים צו זיך און געהאַלטן אים שיר ניט פאַר א מעשומעד.

— ווער געזונט! — האָט ער מיר געזאָגט און צוגעגעבן: — הײַנטיקע צײַטן דאַרף מען זײַן א שטאַרקער.

דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זיך געשעמט פאַר יאַכעלסאָנען. איך האָב זיך שוין געפילט גאָר נישקאָשעדיק און וואָלט שוין געקאָנט זיך אָפּטראָגן. נאָר כ׳האָב אומישנע ניט געײַלט זיך. מיך האָט געהאַלטן ניט אזוי די קאַשע מיט ראָזשינקעס און די ריינע בעט, ווי דעם דאָקטערס זון שימען, וואָס איז געווען מיט מיר אין איינע יאָרן. ער איז געווען א הויכער און דאַרער, ווי דער פאָטער, געטראָגן ברילן, וואָס האָבן גאָרניט געפּאַסט צו זײַנע קורצע הייזלעך, פון וועלכע ס׳האָבן געשטאַרטשעט דינע, ווײַסע פיס.

— דו גייסט אין שול? — האָט מיך גלײַך דעם ערשטן טאָג געפרעגט שימען.

— ניין.

— פאַרוואָס?

— כ׳האָב ניט האָלט זיך לערנען.

— איך האָב אויך ניט האָלט, — איז זיך מוידע געווען שימען. — נאָר די עלטערן צווינגען. דו האָסט עלטערן?

— א טאַטן.

— ווער איז דײַן טאַטע?

— א שנײַדער... אין טורמע זיצט ער.

— פאַרשטענדלעך, — האָט געזאָגט שימען. — דײַן טאַטע נייט זיי קליידער.

— וועמען?

— די אַרעסטאַנטן.

— ניין. ער איז אַליין אַן אַרעסטאַנט.

— אַרעסטאַנט? — בא שימענען זײַנען די ברעמען אַרופגעקראָכן אין דער הייך. — אז איך וועל אויסוואַקסן, וועל איך אויך ווערן אן אַרעסטאַנט.

— וועסט ניט ווערן.

— כ׳וועל ווערן... — האָט אקשאָנעסדיק איבערגעכאַזערט שימען.

— דער דאָקטער וועט ניט דערלויבן.

— כ׳וועל אָוועקהאַרגענען יוזעפּען און מ׳וועט מיך אַרײַנזעצן.

— פאַרוואָס זשע וועסטו זי אָוועקהאַרגענען?

יוזעפּא האָט שטענדיק געפירט מאַכלויקעס מיט שימענען וועגן עסן, וועגן קליידונג: דאָ האָט ער ניט דאָס אָנגעטאָן, דאָ האָט ער ניט דאָס געגעסן, דאָ איז ער געקומען צו שפּעט, דאָ צו פרי.

— זי טוט מיט מיר, וואָס זי וויל. א גליק נאָך, וואָס זי פירט מיך ניט צום שמיד, ווי דעם פאַס פערדל, — האָט זיך געקלאָגט שימען. — איך וואָלט זיך מיט דיר, דאַניעלקע, געביטן. דו וואָלסט געלעבט בא אונדז, געגאַנגען אין שול, און איך וואָלט אַוועק אלס לערן־ייִנגל צום קאַברען. קוידעם־קאָל וואָלט איך באַגראָבן ניט א מענטשן, נאָר דעם סקעלעט.

— וואָס פאַר א סקעלעט? — בין איך פאַרכידעשט געוואָרן.

ער האָט מיך אַרונטערגעפירט אונטן, אין קאַבינעט פונעם דאָקטער.

— וועמענס איז עס? — האָב איך געפרעגט, סטאַרענדיק זיך ניט צו קוקן אױף די אײַנגעפאַלענע אויגנלעכער און אױף די גאָלע ביינער, וואָס האָבן אומפאַרשעמט געסטאַרטשעט.

— דעם טאטנס. וועמענס דען? — האָט געענטפערט שימען. ער איז צוגעגאַנגען צום סקע־לעט און א שנעל אים געגעבן אין דער אײַנגעפאַלענער נאָז.

— איך מײן... ווען ער איז געווען א לעבעדיקער... — האָב איך ארויסגעשטאַמלט און זיך אָפּגעדרייט.

— אָ! — איז געפאַלן אַפן סײכל שימען, — פון אַן אנטיסעמיט. אזוי זאָגט דער טאַטע.

— אַן אנטיסעמיט? — האָב איך איבערגעפרעגט. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון אזא פּראָפעסיע.

מער האָב איך ניט געוואגט צו פרעגן. אין מײַן פאַרשטעלונג איז אַן אנטיסעמיט געווען א גראַף, אָדער עפּעס קעדוימע, אַניט וואָלט דער דאָקטער ניט ארויסגעשטעלט אין קאַבינעט זײַן סקעלעט. און גאָר אומפאַרשטענדלעך איז געווען, פאַרוואָס וויל שימען אים דאַפקע באַגראָבן. אײַן קלייניקײַט — ס'איז דאָך א גראַף, אַפילע אויב ער האָט אזא אומגעזיינלעכן אויסזען.

קאַלזמאַן איך בין געלעגן, האָט דער פרילינג זיך געשטאַרקט און געשטאַרקט. ביימער זײַ־נען גרין געוואָרן און הינטערן פענצטער האָבן, ווי מעכוטאָנים אַף א כאַסענע, געהאַוועט ריטשקע־לעך. די לופט האָט געקלונגען פון פייגלשע געזאַנגען און מער פאַר אַלעמען האָט געקנאַקט, ווי א כאַזן באַם אָמעד, א קליין פייגעלע מיט א זילבערן גלעקעלע אין האַלדז.

און איך, באַגלײַך מיטן פרילינג, האָב זיך אויך געשטאַרקט. אַפן צענטן טאָג האָט מען מיר דערלויבט אופצושטיין פון בעט, נאָר אין דרויסן האָט מיר דער דאָקטער שטרענג פאַרבאָטן ארויס־צוגיין.

— עס זאָלן ניט אופקומען קאָמפּליקאַציעס.

יאָכעלסאָן פלעגט אָפט זאָגן ווערטער, וואָס דער באַדײַט פון זיי האָט זיך ארויסגעגליטשט פון מויעך, ווי עס גליטשט זיך ארויס א פיש פון נעץ.

איינמאָל איז צו אונדז אין קינדער־צימער ארײַן יוזעפּא און מיט א קלוימערשטיקער פײַער־לעכקײַט געמאָלדן:

— צו אײַך זײַנען געקומען געסט.

— צו מיר? — האָט געפרעגט שימען. ער איז געזעסן לעבן מײַן בעט און געוויזן מיר, ווי ער שפּילט אַף א האַרמאָשקע.

— ווער? — בין איך מעוווּלבל געוואָרן.

— דער פּאַן גראַבאַזש.

— רוף אהער, — האָט זיך דערפרייט שימען.

קלאַפּנדיק מיט זײַן הילצערנעם פוס, האָט זיך דער קאַברען אופגעהויבן אַף די הילצערנע טרעפּ. שימען האָט אוועקגעלייגט די האַרמאָשקע, פאַרגעלייגט יויסעפן א שטול, נאָר דער איינ־פוסיקער האָט זיך ניט אנטשלאָסן צו זעצן. ער איז געשטאַנען אַף דער שוועל מיטן היטל אין האַנט.

— אַלץ איז אין אָרדענונג, — האָט פריילעך געזאָגט דער קאַברען. — פון הײַנטיקן טאָג אָן בין איך דײַן אָפּעקון. איצטער וועט מען דיך, דאַנילקע, ניט פאַרשפּאַרן אין יעסוימים־הויז.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אוועק צו דער טיר.

— וואַרט, — האָט אים אָפּגעשטעלט שימען, — צוגאַסט אַף איין מינוט קומט מען ניט.

— כ'האָב קיין צײַט ניט, — האָט אים אָפּגעענטפערט יויסעף. — דער בעדער צאַליע איז געשטאָרבן.

— זאָגט מיר, זײַט אזוי גוט, — האָט שימען אים ניט אָפּגעלאָזן, — מײַן טאַטן האָט איר באַגראָבן?

— איך.

— און דעם זיידן?

— איך, — האָט ניט אָן שטאָלץ געזאָגט דער גרעבער.

— איר וועט דאָס גאַנצע שטעטל באַגראָבן?

— איך באַגראָב נאָר יידן.

— פאַרוואָס?

— פאַר ניט־יידן איז פאַראַן א קאַטוילישער בעסוילעם.

— אַפן קאַטוילישן איז בעסער, — האָט געמאָלדן שימען, — מער ביימער, און מאַציוועס שע־נערע. מיט מאַלאָכימלעך און צײַלעמער. נאָכן טויט וועל איך בעטן פּאַפּאַ, מע זאָל מיך דאָרטן באַגראָבן, — האָט ער געזאָגט און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. — און דו, דאַנילקע, אַף וועלכן בעסוי־לעם ווילסטו ליגן?

— איך וויל ביכלאל ניט שטאַרבן.

— נארישקייטן, — האָט זיך אַנגעצונדן שימען. — קיינער לעבט ניט אייביק. ניט עמעס? — האָט ער געזוכט הילף באַם קאַברען.

— עמעס, — האָט צוגעשטימט דער קאַברען.

— און איך וועל ניט שטאַרבן. איך וועל ווערן א פויגל.

— דאָס איז אומעגלעך, — האָט דעם דאָקטערס זון געזאָגט. — ניט עמעס? — האָט ער ווי־דער געזוכט הילף באַם קאַברען.

— פאַרוואָס אומעגלעך? — האָט זיך דער קאַברען דערמאָנט אין זײַנע אַפּעקונישע פליכטן. — אז גאָט וויל, קאָן אַלץ זײַן. אז דער אייבערשטער וויל, קאָן א מענטש ווערן א שלאַנג, א פויגל.

— נארישקײַטן, — האָט שימען געזאָגט מיט האַרץ. — גאָט איז ניטאָ. פרעגט בא מײַן פאָטער.

— אַף מיר וואַרט דער מעס, — האָט געזאָגט דער קאַברען און, געבנדיק מיר א פינטל מיטן אויג, איז ער אַרויס.

שימען האָט זיך אַלץ ניט געקאָנט באַרויִקן. ער האָט מיר אומבאַדינט געוואָלט דערווײַזן, אז ער איז גערעכט, זיך געדרייט אין בעט, ניט געקאָנט אײַנשלאָפן און דער גערויש איז קענטיק דערגאַנגען אונטן צום דאָקטער. ער האָט זיך אופגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צום זונס בעטל און געפרעגט:

— פאַרוואָס שלאָפט איר ניט?

— דו הער זיך נאָר צו, פאַפּא, וואָס דאַנילקע זאָגט, — האָט שימען זיך געקלאָגט אַף מיר.

— וואָס זאָגט ער? — דער דאָקטער האָט אַרײַנגערוקט דעם טערמאָמעטער אונטער שימענס אָרעם. — מיִעסע רייד?

— ניין. ער זאָגט, אז ער וועט ניט שטאַרבן, נאָר ווערן א פויגל. א מענטש קאָן דאָך ניט ווערן א פויגל. ניט, פאַפּא?

— פּראַקטיש — ניט, — האָט געזאָגט יאַכעלסאָן. — שלינגען טוט ניט וויי?

שימען האָט געמאַכט עטלעכע טאַמלאָזע שלונגען און געזאָגט:

— ניין.

— בעסער, קינדער, באַטראַכט זיך, וואָס וועט איר ווערן באַם לעבן. — יאַכעלסאָן האָט אַרויס־גענומען דעם טערמאָמעטער, א קוק געטאָן און צוגעגעבן: — טעמפּעראַטור איז בא דיר א נאָר־מאַלע. שלאָף!

נאָך דעם ווי די טיר האָט זיך נאָכן דאָקטער צוגעמאַכט, האָט שימען אַרויסגעשעפּטשעט:

— ס'ט געהערט?

— די טעמפּעראַטור איז בא דיר א נאָרמאַלע.

— ניט וועגן דער טעמפּעראַטור... וועגן פויגל...

— סײַווי וועל איך ווערן, — האָב איך זיך ניט אונטערגעגעבן. — דו, שימען, וועסט ליגן אַפן קאַטויליִשן בעסוילעם, און איך — איך וועל פליִען איבער דיר און זינגען, ווי א פויגל.

— נארישקײַטן.

ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט, אז איך בין טאַקע געוואָרן א פויגל. איך שוועב אין דעם קלאָרן הימל איבער דעם מאַרק, איבער דער קראָם, איבער דער קלויז און איבערן בעסוילעם, און די שטעטלשע ייִנגעלעך שיסן אַף מיר מיט שטיינער, און דער דראָנג פייסעך, צאַדעק דעם באַלע־גאָלעס לערן־ייִנגל, שרײַט:

— דאַנילקע! נעם זיך ניט איבער! אניט וועלן מיר דיר באַלד ווײַזן! וווּהין פליסטו, בעהיימע?

נאָר איך שפּאַר אַלץ העכער און העכער, אָט גרייך איך שוין די זון, זי סמאַליעט מײַנע פליגלען, אָבער זיי ברענען ניט, נאָר ווערן יאַמטעווודיק־שוואַרץ און גלאַנצן, ווי די שטיוול באַם ווירשינינקאַס, און אָט פלי איך שוין איבער די ביימער פונעם גאַניידן, און די דאַזיקע ביימער זײַנען ענלעך אַף די ביימער פון יאַכעלסאָנס גאָרטן, נאָר זײַנען העכער און אַף זיי הענגען ניט אַנ־טאָנאָווקעס און גראַנאַטן, נאָר גאָלדענע פּרוכטן, און מאַלאָכים דרייען זיך אַרום זיי און זעצן זיך צו אַף די צווײַגן, און איך זעץ זיך אויך צו, און די מאַלאָכים פאַרפירן מיט מיר א שמועס אַף זייער הימלשן לאָשן וועגן דאָס און יענץ, און איך דערצייל זיי וועגן דער טורמע, וועגן מוישעוו־זקיינים, וועגן מײַן ערשטן לערער דאַמסקי, וועגן מײַן אַפּעקון דעם קאַברען, וועגן דעם דאָקטער יאַכעלסאָן און זײַן זון שימען ,וואָס האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און גלייבט ניט, אז מענטשן קאָנען ווערן פייגל, און די מאַלאָכימלעך הערן, כידעשן זיך און איינס א מאַלעכל הייבט אָן אפילע צו זיפצן און וויינען, און זײַנע טרערן, ווי טראָפּנס רעגן, קײַקלען זיך און פאַלן אַף דער זינדיקער ערד, וואָס איך וועל זי קיינמאָל מער ניט זען.

נאָך דעם ווי דער דאָקטער יאַבעלסאָן האָט מיר דערלויבט אויפצושטיין פון בעט, איז דער קינדער־צימער מיר ענג געוואָרן. ווי נאָר שימען פלעגט אוועקגיין אין שול, פלעגט יוזעפא פאַר־שליסן אַף א שליסל די טיר פונעם צימער, איך זאָל ניט ארומלויפן איבער די צימערן און ניט שטערן, כאָלילע, דער דאָקטערשע אין איר שלאָף. די דאָקטערשע איז געווען א שוואַכגעזונטע, ניט פריינטלעכע פרוי. זי איז זעלטן ארויסגעגאנגען פון שטוב, געזעסן אין גאַסט־צימער און געלייענט ביכלעך, אָדער געשפּילט אַף דער פּיאַנע. א פּיאַנע האָב איך קיינמאָל ניט געזען פריִער, און אז שימען האָט זי מיר געוויזן, איז עס פאַר מיר געווען א ווונדער. ווי קומט א פידל, א קלאַרנעט, אָדער אפילע א באַראַבאַן צו איר? נאָר א פּיאַנע — דאָס איז מער ניט פאַר איין מענטשן, א פּיאַנע קאָן מען ניט נעמען אַף א כאַסענע, אין הויף קאָן מען אויך ניט שפּילן אַף איר, דאָקעגן איז א פידל א ווונדער פאַר אַלעמען.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער פונעם צימער, געקוקט אַף די אויפגעלעבטע ביימער, אַף דעם קאַסטיאַל־זייגער, וואָס האָט שטענדיק געוויזן איין און די זעלבע ציַיט, אַף די פרילינגדיקע וואָלקנס, וואָס האָבן ערגעץ־ווּהין זיך געיַילט, און געקלערט וועגן דעם, וואָס וועל איך טאָן, אז איך וועל געזונט ווערן.

און דאָ איז מיר אין קאָפּ געקומען א גרויסאַרטיקער געדאַנק. עפּשער גאָר פרווון אָנקומען אַלס לערן־ייִנגל צום קלעזמער לייזער? לייזער — ער וועט מאַסקים זײַן, מ׳דאַרף נאָר האָבן א קלאַרנעט. מיט א פּײַפל, געמאַכט פון קאָרע, טאָר מען זיך צו אים ניט רוקן.

— הער, שימען, — האָב איך געזאָגט צו אים, אז ער איז געקומען פון שול, — דו האָסט א פידל?

— כ׳האָב. נו, איז וואָס?

— דו שפּילסט אַף אים?

— ניין.

— פאַרקויף אים מיר.

— דו האָסט קיין געלט ניט.

— איכ׳ל קריגן.

— צו וואָס דאַרפסטו א פידל?

— כ׳דאַרף.

— זאָג צוערשט, צו וואָס?

— איך וויל אָנקומען אַלס לערן־ייִנגל צום קלעזמער לייזער. אָן א פידל וועט ער ניט נעמען.

— איך קאָן ניט. די מאַמע וועט ניט לאָזן.

ווי גרויס איז אָבער געווען מײַן פאַרוווּנדערונג, ווען אפן אנדערן טאָג איז געקומען יוזעפא און האָט מיר געזאָגט, ווישנדיק מיטן ברעג קלייד אירע קורצפינגערדיקע אומדערמידלעכע הענט:

— די באַלעבאָסטע רופט דיך.

איך בין אַראָפּ אין גאַסטצימער, און דאָס האַרץ האָט בא מיר געקלאַפּט, ווי דער קאַסטיאַל־גלאָק, ווען ער צעקלינגט זיך אפן גאַנצן שטעטל. איך בין געשטאַנען לעבן דעם דיוואַן און האָב געקוקט אַף די בילדער אַף דער וואַנט. אַף דער סאַמע גרעסטער פאָטאָגראַפיע איז געווען א זאַקן אין א יאַרמעלקע, קענטיק, דער דאָקטערשעס פאָטער. א האַדרעס־פּאָנעמדיקע באָרד האָט באַצירט זײַן געזיכט און ס׳האָט זיך געדאַכט, אז אָט־אָט וועט זי, ווי גראָז פון דער ערד, ארויסשפּארן פון אונטער דער גלאָז פון דער ראַם.

— שימען האָט מיר געזאָגט וועגן דײַן פאַרלאַנג, — האָב איך דערהערט א פרויען־שטים און זיך אומגעדרייט. די דאָקטערשע איז געשטאַנען אין דער טיר און איר ניט־פריינטלעכער פּאָנעם האָט געלויכטן מיט א מאַטן שמייכל.

דער גלאָק האָט אויפגעהערט צו קלינגען, און אין האַרצן איז מיר געוואָרן שטיל און פוסט.

— האָסט א געהער? — האָט געפרעגט די דאָקטערשע און זיך צוגעזעצט צו דער פּיאַנע.

— א געהער האָב איך. וואָס טויג דאָ א געהער? — האָב איך איר אָפּגעענטפערט, קוקנדיק איר אין פּלייצע.

— לאָמיר זען, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע. — זאָג מיר נאָך!

זי האָט א קלאַפּ געטאָן איבער די קלאַווישן. אזוי קלאַפּט מיט אירע פליגלען איבערן וואַסער א ווילד ענטל, ווען עס דערשרעקט זיך.

— דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל־ליאַ־סי־דאָ...

איך האָב ניט פאַרשטאַנען, צו וואָס דאַרף איך עפּעס זיך רייצן מיט דער פּיאַנע, נאָכמאַכנדיק אירע קלאַנגען, נאָר כ׳האָב געעפנט ס׳מויל און, שטיקנדיק זיך פון אומבאַוווּסטקײַט און מי, געצויגן:

— דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל־ליאַ־דאָ...

— נאָכאַמאָל. איַיל זיך ניט.

— דאַרע־מי־פאַ־סאָל־ליאַ־סי־דאָ.

דעם אַלטנס באָרד האָט זיך טאַקע דורכגעשלאָגן דורך דער גלאָז און פאַרנומען א האַלבע וואַנט. און עפּשער איז פון אָנשטרענגונג אַלץ געשפּרונגען בא מיר פאַר די אויגן, און א שטראַל פון דער זון איז געשפּרונגען אױף דעם גלאָז און צעשפּריצט אױף אַלע זײַטן די האַרטע, האַלב־גרויע באָרד פונעם אַלטן.

— ניט שלעכט, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע. ס'איז איר קענטיק אומעטיק אַליין אין שטוב און זי האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרווײַלן א ביסל. דעם פידל וועט זי סײַווי ניט פאַרקויפן. מיסטאָמע האָט אים דער זיידע געקויפט פאַרן אייניקל שימען און באַצאָלט האָט ער פאַרן פידל א יאָם געלט.

— א געהער האָסטו, — די דאָקטערשע האָט זיך ווידער צעשמייכלט מיט איר מאָטן שמייכל.— און וויבאַלד אַזוי, וועסטו אויך האָבן א פידל.

מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער אַלטער אױף דער וואַנט האָט אָנגעשפּיצט זײַנע גרויסע אויערן און זיך פאַרקרימט.

— עפּשער וועסטו מיט דער צײַט ווערן דער צווייטער כייפעץ.

— ווער? — איך האָב ניט געוווּסט ניט פון ערשטן כייפעץ, ניט פון צווייטן, ניט פון צענטן.

— כייפעץ. דער גרויסער מוזיקער, — האָט מיר דערקלערט יאַכעלסאָנס ווײַב.

— און שימען?

— שימען וועט בלײַבן יאַכעלסאָן, — ווידער האָט א שמייכל זיך א גליטש געטאָן איבער איר פּאָנעם און איז טייקעף פאַרשוווּנדן, ווי עס וואָלט זיך דערשראָקן פאַר דער שײַן פון דער זון. מײַן באָבע פלעגט אויך שמייכלען נאָר אין דער פינצטערניש. בא דער שײַן פון זון איז זי געווען פינצ־טער, ווי א וואָלקן.

— היט אים, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע. — ער איז קימאַט א נײַער. עפּשער וועסטו אַמאָל אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, און איך וועל הערן דײַן שפּיל.

זי איז צו צו דער שאַפע, אַרויסגענומען דעם פידל און אים גענומען אױף דער האַנט, ווי מע נעמט א זויגקינד.

— איך האָב אָבער קיין געלט ניט, — האָב איך געזאָגט.

— פאַרן פידל איז שוין באַצאָלט, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע.

— באַצאָלט? ווער? יויסעף?

— וואָס פאַר א יויסעף?

— מײַן אָפּעקון. דער קאַברען.

— ניין, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע. — ס'האָט באַצאָלט מײַן פאָטער, — זי האָט א קוק געטאָן אױפן אַלטן אין ראָם. — ס'איז אַן אַוועירע, אַז א פידל ליגט אין דער שאַפע. א פויגל אין שטײַג איז א האַלבער פויגל.

די דאָקטערשע איז אַנשוויגן געוואָרן, און איך בין געשטאַנען, געקוקט דאָ אױף איר, דאָ אױפן אַלטן אין דער ראָם און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט וועט יאַכעל־סאָנס פרוי א געשריי טאָן: „כאַפּט דעם גאַנעוו!". ס'וועט קומען צו לויפן יוזעפּא, זי וועט מיר פאַר־ברעכן די הענט, צונעמען דעם פידל, א רוף טאָן דעם שטעטלשן פּאָליציאַנט, און דאַן וועל איך זיך שוין ניט אַרויסדרייען פון יעסוימים־הויז.

— גיי, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע.

כ'האָב זיך נידעריק פאַרנייגט, ווי ס'פּלעגט זיך פאַרנייגן די באָבע פאַרן ראַוו, בײַס ער פלעג איר באַצאָלן פאַר די גענדז.

— נו, אָט, — האָט געזאָגט שימענס מאַמע, — פאַרנייגן זיך קאָנסטו שוין. איצט דאַרפסטו מער ניט זיך אויסלערנען שפּילן.

— לייזער וועט מיך אויסלערנען.

— לייזער האָט געשפּילט, ווי א גאָט, — האָט געזאָגט די דאָקטערשע. — זײַן פידעלע האָט אַרויסגעגעבן קישעף־טענער, נאָר איצטער זײַנען די פינגער זײַנע פאַרטריקנט. איך האָב געהערט, ער שמײַסט זיי.

— שמײַסט די פינגער?

— שמײַסט און רעדט דערבײַ: „איך וועל אײַך צווינגען, לײַדאַקעס וואָס איר זײַט, צו אַר־בעטן. כ'וועל אײַך צווינגען". פאַראַיאָרן איז ער געקומען צום דאָקטער און געבעטן א רעצעפּט פאַר זיי. נו, גיי און גאָט זאָל דיר מאַצליעך זײַן.

דער קלעזמער לייזער האָט זיך אײַנגעבויגן, אַרײַנגעטאָן זײַן גראָען קאָפּ אין עמער אַרײַן, ווי א פאַרמאַטערט פערד, אָנגעהויבן זופּן דאָס קאַלטע ברונעם־וואַסער. כ'האָב אָפּגעוואַרט, ביז ער האָט זיך אָנגעטרונקען און געזאָגט:

— גוט־מאָרגן!

לייזער האָט ניט געענטפערט. ער האָט אפילע זיך ניט אומגעדרייט צו מיר. אָפּגעווישט מיטן אַרבל די נאַסע ליפּן און אַוועק צו זיך אין שטוב.

— גוט־מאָרגן! — האָב איך געזאָגט נאָכאַמאָל, און ווידער האָט לייזער ניט געענטפערט.

איך בין אַרײַן נאָך אים אין שטוב און זיך אַוועקגעשטעלט, ווי אַ בעטלער, בײַ דער טיר.

— אויב כוץ „גוט־מאָרגן" האָסטו ניט וואָס צו זאָגן, טאָ זאָל שוין זײַן „גוט־יאָר", און מעגסט גיין, — האָט אַ בורטשע געטאָן לייזער.

— איך בין געקומען, איר זאָלט מיך אויסלערנען שפּילן, — האָב איך שטיל אַרויסגערעדט, האַלטנדיק דעם פידל אונטערן אָרעם.

— וואָס אויסלערנען? — האָט געפרעגט לייזער.

— שפּילן אפן פידל.

— הערסט אַ מעשׂה, — לייזער האָט זיך געזעצט צום טיש און אָנגעהויבן צו קײַען אַ סקאָרינקע, — שפּילן אפן פידל?

— איך בין מסכּים צו שפּילן אומזיסט, — האָב איך דערקלערט.

— הערסט אַ מעשׂה! מסכּים צו שפּילן אומזיסט? — לייזער האָט אַ קײַע געטאָן די סקאָרינקע און אַ קאָסע געטאָן אפן פידל. — דו, כאָכעם דו איינער, ווייסט אַ גאַנץ לעבן אָפּלעבן אומזיסט... ווי איך... ווי דײַן באָבע, אָלעהאַשאָלעם... ווי אַלע מענטשן...

אַלע מענטשן זײַנען מיר קנאַפּ אָנגעגאַנגען, און איך האָב ניט געוואָלט זיך אַמפּערן מיט אים. קענטיק, ער איז שוין אָן דעם געווען אין אַ שלעכטער שטימונג.

— ס'ט געדאַרפט אָנקומען צו מיר אַלס לערן־ייִנגל מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

— דאַן בין איך נאָך אפֿ דער וועלט ניט געווען.

— דערפאַר בין איך געווען, — האָט געזאָגט לייזער. — און אַלע מײַנע לערער זײַנען געווען, — ער האָט אַוועקגעלייגט אפן טיש זײַנע פינגער און באַקוקט זיי. — און איצטער זײַנען זיי שוין אָלעוו־האַשאָלעם.

— ווער?

— מײַנע פינגער. אַלע צען לערער מײַנע.

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. ס'האָט זיך נאָר געהערט, ווי לייזערס ציינער קײַען די סקאָרינקע און דער דאָזיקער קלאַנג האָט אַרויסגערופן בײַ מיר אַן אומפאַרשטענדלעכן ווייטיק און מוירע.

— אנו, ווײַז דײַן באַנדורע.

איך האָב דערלאַנגט לייזערן דעם פּוטליאַר. ער האָט אַרויסגענומען דעם פידל, באַקוקט אים און אַוועקגעלייגט.

— דער דאָקטער האָט דיר געשאָנקען?

— די דאָקטערשע.

— איך האָב געשפּילט אפֿ זייער כאַסענע, — האָט זיך דערמאָנט לייזער. — דער אַלטער לעווין, דער קאַלעס פאָטער, האָט מיר דעמלט געבראַכט אפֿ דעם אָוונט דעם פידל.

— הייסט עס, ס'איז זייער אַן אַלטער?

— אַ פידל איז ניט קיין מענטש. פידלען ווערן ניט אַלט. מע זאָגט, אַז ערגעץ־וווּ אין דײַטשלאַנד, צי אין עסטרײַך איז דאָ אַ פידל, וואָס איז דרײַ אַ האַלב טויזנט יאָר אַלט. און זײַן קלאַנג איז זיס, ווי האָניק.

— נו? — בין איך פאַרכידעשט געוואָרן.

— מע זאָגט, אַז שלוימע האַמעלעך מיט זײַנע ווײַבער האָט אים נאָך געהערט. און נאָך זאָגט מען, אַז דער ערשטער פידלער בײַ אים איז געווען אַ זאָקן מיט יונגע, ווי בײַ אַ באָכערל, פינגער און מיט אַ געהער פון אַן אָדלער. גאָט האָט געשאָנקען זײַנע פינגער און זײַן געהער אייביקע יוגנט, און אַלע איבעריקע אייוורים זײַנען געווען אַלט. ס'איז ניט געווען קיינער, ניט אין יעהודע, ניט אין מיצראַיִם, וואָס האָט געקאָנט זיך מיט אים פאַרמעסטן. אַז שוואַרצע קראָען, די, וואָס זאָגן אָן שלעכטס, פלעגן פאַרבײַפליִען איבער אים, פלעגן זיי פאַרברענט ווערן, און זייער אַש האָט זיך אַרומגעטראָגן איבער די געצעלטן.

— פון וואָס, רעב לייזער, פלעגן זיי פאַרברענט ווערן?

— פון זײַן שפּיל. זײַן שפּיל האָט אויסגעראָטן אַלדאָס שלעכטס, ווײַל זי איז געווען שטאַרק און הייס, ווי פײַער... אַ שאָד, ייִנגל, וואָס דו ביסט געקומען צו מיר נאָך דער לעווײַע...

— וועמענס לעווײַע?

— כ'האָב דאָך געזאָגט: פון מײַנע פינגער. ווייסט דען ניט, אַז יעדע זאַך אפֿ דער וועלט האָט איר בעסוילעם?

— כ'ווייס ניט.

— אבי דו קלײַבסט זיך ווערן א קלעזמער. קלעזמער באגראָבן זייערע פינגער אין קעשענע, אָדער אין די האָר פון זייערע פּאָטיליצעס.

— אָבער אײַערע פינגער, רעב לייזער, לעבן דאָך.

— ניין, ניין... אױף זייער לעװײַע איז געװען אזא אוילעם, וואָס אױף קיין אנדערע לעוויַעס וועט עס קיינמאָל ניט זײַן. פון גאנץ ליטע — וואָס זאָג איך, ליטע — פון גאנץ פוילן און אפילע פון דײַטשלאנד זײַנען געקומען כאסאנים און קאַלעס, שוויגערס און שווערן, שאדכאָנים און שאדכנטעס, דײַן באָבע און זיידע זײַנען אויך געווען, כ׳האָב דאָך געשפּילט אויך אױף זייער כאסענע. ראַבאָנים האָבן געזאָגט קאדיש נאָך מײַנע פינגער, און טרערן זײַנען געפלאָסן איבער זייערע הייליקע בערד. וואָס, מיינסט איך בין מעשוגע? — האָט געצישעט לייזער, און איך האָב אָפּגעווענדט די אויגן אָן א זײַט, קעדיי ניט ארויסגעבן זיך. — איך קאָן דיך ניט אויסלערנען שפּילן. וועסט זיך אליין אויסלערנען. מיך האָט אויך קיינער ניט געלערנט, כ׳האָב איינמאָל גענומען דעם פידל, צוגעשטעלט אים צום אקסל און אָנגעהויבן צו שפּילן. עפּשער וועט דיר פון גאָט באשערט זײַן און דו וועסט ווערן א פידלער, ווי יענער בלינדער, און אלע ייִדן וועלן דיך רופן אױף זייערע כאסענעס, און עפּשער וועסטו אפילע שפּילן פאר קייסאָרים און זייערע ווײַבער...

איך בין שוין קימאט ווי זיכער געווען, אז דער קלעזמער לייזער, צי פון אלטקײַט, צי פון איינזאמקײַט, איז געווירט געוואָרן פון זינען. א קלייניקײַט — א גאנץ לעבן אליין, אָן א ווײַב, אָן קינדער און אפילע אָן א קאַץ.

— איך קאָן דיך בלויז אויסלערנען דאָס, וואָס א קלעזמער טאָר ניט טאָן, — האָט ווײַטער גערעדט לייזער.

— וואָס טאָר ער ניט טאָן?

— ערשטנס, טאָר ער ניט מעקאנע זײַן אָן אנדערן. ביימער זײַנען דען מעקאנע איינער דעם אנדערן? יעדער וואקסט זיך און רוישט מיט זײַנע בלעטער. און וועמענס רוישן איז אָנגענעמער פאר גאָט, דאָס איז ניט זייער אייסעק.

זײַן שטים האָט געקלונגען מיד, ווי ער וואָלט גערעדט ניט צו מיר, נאָר צו עמעצן אָן אנדערן, אָן אומזעבארן, דעם איינציק נאָענטן, וואָס איז געוווינט צו זײַנע מאָדנע רייד, צו זײַן איינזאמקײַט און זײַנע האוויַעס. איך האָב זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד האכנאָעדיק, עס הערן זײַנע רייד די ווענט פון זײַן שטוב, דער אלטער נידעריקער קאָמאָד, דאָס שטיקל פּארטריקנט ברויט אפן טיש, ניט וואגנדיק אים איבערצושלאָגן און קוים עטעמענדיק מיט מײַנע אָקאָרשט געזונט געוואָרענע לונגען.

— צווייטנס, — לייזער האָט א קנאַק געטאָן מיט זײַנע פינגער, — טאָר א מוזיקער ניט טיילן דײַן ליבע צווישן מוזיק און פרוי, מאכמעס ביידע זײַנען זיי אייפערזיכטיק, און א האלבע ליבע וויל קיינער ניט פון זיי. און דריטנס — ווער עס שפּילט, טאָר ניט זײַן קיין שיקער. מאָל פרעסט א קלייד, און בראנפן — די נעשאָמע. ניט גוט, זייער ניט גוט, אז דער פידל וויינט מיט שיקערע טרערן. האָסט מיך פארשטאנען, ייִנגל?

— פארשטאנען, — האָב איך אויסגעשטאמלט, — איך וועל ניט האָבן קיין פרוי.

— פארזאָג זיך ניט.

— און א שיקער וועל איך אויך ניט זײַן.

— קאָן גרײַלעך זײַן, קאָן גרײַלעך זײַן, — לייזער איז אופגעשטאנען, צו צום קאָמאָד און געזאָגט: — קום אהער. כ׳וועל דיר ווײַזן מײַן פידל.

איך בין צוגעגאנגען, און דער קלעזמער האָט געעפנט דעם שופלאָד פונעם קאָמאָד.

— איך האַלט אים פארשלאָסן, — האָט געזאָגט לייזער. — אויב דו וועסט טרעפן פארוואָס, וועסטו ווערן א קלעזמער פון קלעזמער־לאנד.

— מע זאָל אים ניט אוועקגאנווענען, — האָב איך געזאָגט.

— ניין, ניין. בא מיר קאָן מען שוין גאָרנישט ניט גאנווענען.

דער פידל איז געלעגן אפן דנאָ פונעם שופלאָד אזוי ווי אין א קייווער, אין א פוטליאר, מיט אָנגעצויגענע סטרונעס. דאָ איז אויך געלעגן דער סמיטשעק, א לײַכטער, קימאט אָנוואָגיקער, וואָס לייזער פלעגט נעמען אין די הענט און וועלכער האָט בא אים געשוועבט איבערן פידל, איבער פרעמדע כאסענעס, איבער דעכער.

— נו, קאָנסט ניט טרעפן? — האָט זיך מיט מיר גערייצט לייזער.

— כ׳קאָן ניט, — בין איך זיך מוידע געווען.

— איך פארשליס אים, קעדיי ער זאָל ניט אנטלויפן. אױף עמעצנס א כאסענע. ער פארמאָגט דאָך נאָך אזויפיל קויעך אין זיך... איך זע, גלייבסט מיר ניט. ווו איז עס געהערט געוואָרן, אז א פידל זאָל אנטלויפן? ער איז דאָך ניט קיין קאַץ, ניט קיין הונט, ניט קיין ווײַב.

— ניט קיין ווײַב.

— איינמאָל האָט ער שוין געוואָלט אַנטלויפֿן, נאָר כ'האָב אים געכאַפּט. אָט דאָרטן... הינטער דער שוועל... ס'איז געווען שטיל, די לעוואָנע האָט געלויכטן. ערגעץ־ווו האָט געזיפּצט דער קלאַרנעט, געטראַסקעט דער באַראַבאַן. דער פֿידל האָט עס דערהערט און זיך געלאָזט אַהין. פֿון דאַן אָן פֿאַרשליס איך אים. נאָר ס'וועט קומען די שאָ, ווען דער פֿידל וועט זיך פֿאַרט אַרויסגאַנווענען. ווייסט זיך אַרויסגאַנווענען, האַ? — האָט לייזער זיך געווענדט צום פֿידל. — ער ענטפֿערט ניט. שעמט זיך פֿאַר דיר אַוואַדע. שעם זיך ניט, פֿידעלע, שעם זיך ניט. אָט דער באַכערעץ וויל ווערן אַ קלעזמער. זאָג אים דעם עמעס, זאָג אַלץ.

לייזער האָט נאָך וואָס געשעפּטשעט, נאָר איך האָב אים ניט געהערט. איך בין באַגאָסן געוואָרן מיט אַ שווייס, די באַקן האָבן געברענט, ווי אַן אָנגעגליטער פּרעס־אײַזן. ס'האָט זיך געוואָלט אַרײַנשטעקן דעם קאָפּ אין קאַלט וואַסער און האַלטן אים אין עמער, ביז ער וועט ניט אויפֿהערן צו סאַרפּען.

איך וואָלט מיסטאָמע אַזוי טאַקע געטאָן, ווען אין דעם מאָמענט וואָלט ניט אַרײַן אין שטוב מײַן אַפּעקון, דער קאַברען יויסעפֿ.

— איך בין שוין אַיסגעווען חוץ אַ שטוב אין שטעטל, — האָט געזאָגט יויסעפֿ. — און דו, לאָזט זיך אויס, ביסט גאָר דאָ...

— קיינער האָט דיך ניט גערופֿן, — האָט זיך אָף אים אָנגעבייזערט לייזער. — גיי פּונדאַנען, שוואַרצע קראָ.

— אַ לעך ביסטו, לייזער, אַ לעך... קלעזמער זײַנען אַלע לייצאָנים, — האָט מיר דערקלערט יויסעפֿ און צוגעגעבן: — קום, דאַנילקע!

— גיי, גיי, — האָט געזאָגט לייזער. — ער וועט דיך אויסלערנען באַגראָבן טויטע אין דר'ערד. צו וואָס פֿאַר אַ שוואַרציאָר דאַרפֿסטו האָבן אַ סמיטשעק, אַז ס'איז דאָ אַ לאָפּעטע!

— איך וועל ניט זײַן קיין גרעבער, — האָב איך געזאָגט. — איר'ט מיך ניט צווינגען.

— אַ גוטן טאָג, לייזער, — האָט געזאָגט דער קאַברען מיט זײַן גראָבער שטים. — אײַן שלאָג מיר ניט אָפּ דאָס קינד פֿון דערעך־האַיאָשער.

— פֿון דערעך־האַיאָשער? — האָט געכויזעקט דער קלעזמער. — פֿאַראַן וועגעלעך, סטעזשקעס, וועגן און שאָסייען. אָבער קיין דערעך־האַיאָשער איז ניט פֿאַראַן. ניטאָ און ס'וועט ניט זײַן. און ס'דאַרף ניט זײַן, וואָרעם דער דערעך־האַיאָשער איז דער סאַמע קירצסטער און פֿירט אין ערגעץ ניט.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אָף דעם טאַבורעט און האָט ווידער אָנגעהויבן צו קײַען די סקאָרינקע.

— בײַ לייזערן איז ניט אַלץ אין אָרדענונג, — האָט אויפֿן הויף געזאָגט יויסעפֿ און אַ דריי געטאָן מיטן פֿינגער באַם שלייף, — זײַן טאַטע, אַלעווהאַשאָלעם, איז אויך געווען אַזוינער. געוואָרן אַ מאַטראָס, זיך אָנגעדונגען אָף אַ פּאַראָכאָד. אַ ייִד האָט ניט וואָס צו טאָן אויפֿן יאָם.

— און אָף דער ערד?

— וואָס, אָף דער ערד?

— וואָס האָט צו טאָן אַ ייִד אָף דער ערד?

— מאַכן ייִדעלעך און געלט, — האָט אַ שמייכל געטאָן יויסעפֿ.

— און אויב אַ מענטש וויל ניט דאָס און ניט יענץ, וואָס זאָל ער דאַן טאָן?

דעם ערשטן טאָג פּייסעך איז געשטאָרבן מײַן ערשטער לערער, רעב אַרן דאַמסקי. ווי איך האָב געקלערט, האָט ער ניט לאַנג געצויגן נאָכן געליימט ווערן. פֿאַרמאַכט האָבן זיך די כיטרע אייגעלעך, באַרויִקט זיך די שטענדיק באַוועגלעכע הענט, און די צאַלדרײַכע נאַזיכלעך האָט די דאַרע ראָכל נאַס געמאַכט מיט אירע טרערן.

באַגינען איז לייבעלע פּאַראַוואַזניק געקומען צו לויפֿן אויפֿן בעסוילעם, אָנגעקלאַפּט אין די לאָדנס, אויפֿגעוועקט יויסעפֿן און, ניט קוקנדיק אין זײַן פֿאַרשלאָפֿן צעקנייטשט פּאָנעם, געזאָגט:

— די באַלעבאָסטע האָט געשיקט האַנטגעלט.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע צוויי זילבערנע מינצן, דערלאַנגט זיי מײַן אַפּעקון און צוגעגעבן:

— ראָכל האָט געבעטן אויסצוקלײַבן אַ גוט אָרט.

— בײַ מיר זײַנען אַלע ערטער גוטע, — יויסעפֿ האָט צוגענומען דאָס געלט און איז אַרויס פֿון שטוב אויפֿן בעסוילעם. — מירן אים אַוועקלייגן נעבן איציק פֿײַנבלומען.

— נאָר ניט נעבן פֿײַנבלומען. זיי האָבן זיך ניט האָלט געהאַט, זיך געריסן, ווי צוויי הינט.

— זיי וועלן גוט ווערן, — האָט געזאָגט דער גרעבער.

— ניין. נאָר ניט נעבן פֿײַגבלומען.

— דאַן וועלן מיר אים אוועקלייגן נעבן יענטע אראַנסאָן.

— און ווּ וועט מען לייגן ראָכלען? — האָט באַמערקט לייבעלע פּאַראָוואָזניק. — רעב ארן קאָן דאָך ניט ליגן מיט צוויי ווײַבער מיטאַמאָל.

— הער, לייבעלע, נאַ דיר דאָס האַנטגעלט צוריק און דריי מיר ניט דעם ספּאָדעק. עפּשער ביכלאל ניט טשעפּען רעב אַרענען? לאָז ער זיך ליגן אין שטוב?

די זון האָט באַגילדעט די בעסוילעם־סאָסנעס מיט די אָפּגעהאַקטע שפּיצן און אַפֿילע די קראָען האָבן אין די זון־שטראַלן אויסגעזען, ווי קישעף־פֿייגל מיט צאַרטע בלישטשענדיקע פּעדערן.

מײַן אַפּעקון און לייבעלע זײַנען נאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען איבערן בעסוילעם, זיך אָפּגעשטעלט אין איין אָרט, אין א צווייטס, געקליבן און געאַמפּערט זיך און צו קיין טאָלק ניט געקומען.

— זאָל ראָכל אליין קומען. דו האָסט מיך, לייבעלע, פֿאַרמוטשעט.

מיר איז געווען מאָדנע, פֿאַרוואָס זיי דינגען זיך צוליב אַן אָרט, אַזוויוי עס וואָלט ניט געווען אַלצ״ינס, ווּ צו באַגראָבן מײַן ערשטן לערער רעב אַרענען, אױף דער זון, צי אין שאָטן. איך בין אָפּגעשטאַנען פֿון יויסעפֿן און אַוועק אױף דער באָבעס קייווער, צו איר מאַצייווע, און מיר איז פּלוצלינג באַפֿאַלן דער כיישעק אויסצוקלעפּן פֿון ליים דעם מאַרק, די קאָרב מיט דער גאַנדז און די אַלטע, וואָס טאַפּט זי מיט אירע ניט־גוטע הענט.

איך בין אַוועק צום שטיבל, גענומען אַן עמער און זיך געלאָזט אונטערן באַרג נאָך ליים.

דאָרט איז געווען נאָך פּײַכט, ס׳האָבן נאָך געפֿוילט די פּאַראַיאַריקע בלעטער און דער זיס־לעכער רייעך. פֿון פֿוילעניש איז געשוווּמען אין דער דורכגעוואָרעמטער לופֿט, זיך אויסמישנדיק מיטן רייעך פֿון די זיך־עפֿענענדיקע קנאָספּן און פֿון די פֿריליגנדיקע וואָלקנס, אָנגעצונדענע פֿון דער אױפֿגייענדיקער זון.

איך האָב פֿאַרמישט ליים און קודעמקאָל אָנגעהויבן צו קלעפּן די באָבע מיט דער גאַנדז. די באָבע האָט זיך לאַנג ניט באַקומען, אָבער די גאַנדז איז גלײַך אַרויס — א לאַנגהאַלדזיקע, א צו־לאָכעסניצע מיט רויטע לאַפּקעלעך. דער מאַרק איז אויך גיך פֿאַרטיק געוואָרן. באַזונדערס גוט האָבן זיך באַקומען די פֿורן. כ׳האָב אַראָפּגעריסן עטלעכע בלעטער, אויסגעשפּרייט זיי אױפֿן דנאָ פֿון די פֿורן און אַוועקגעשטעלט זיי זיך טריקענען אױף דער זון. די זון האָט געבאַקט אַלץ שטאַרקער און אײַגיכן זײַנען די באָבע, די גאַנדז און דער מאַרק אויסגעטריקנט געוואָרן.

— דאַנילקע! — האָב איך דערהערט יויסעפֿס שטים. — ווּ ביסטו אַהינגעקומען? דאַנילקע!

איך האָב זיך ניט אָפּגערופֿן.

מאָרגן, האָב איך געטראַכט, וועל איך פּרוּוון אויסצוקלעפּן דעם ייִדן, לאָז ער אויך שטיין אױפֿן באָבעס קייווער. ווי־ניט־איז האָט ער דאָך אָפּגעלעבט מיט דער באָבען קימאַט פֿופֿציק יאָר. מע דאַרף אויך ניט פֿאַרגעסן די קאַץ, דער באָבעס ליבלינג און מיטשמועסערן, און אויב ס׳וועט בלײַבן אָרט, וואָלט ניט קיין אוולע געווען צו ברענגען געסט אויך. אַשטייגער, מײַן ערשטן לערער, רעב אַרע־נען. ער׳ט זײַן צוגאַסט א טאָג־צוויי און דערנאָך אַוועק אין קייווער. אַריבערטראָגן דעם לײמענעם פֿאַריקמאַכער איז א קײַ־און־שפּײַ. זאָל זיך נאָר ראָכל צונױפֿריידן מיט יויסעפֿן וועגן אָרט.

— צײַט צום פֿרישטיקן, — איז צוגעגאַנגען צום קייווער יויסעף. — די בולבעס וועלן קאַלט ווערן.

— זאָלן זיי קאַלט ווערן.

מײַן אַפּעקון האָט באַקוקט דעם קייווער פֿון דער באָבען און האָט בייז געזאָגט:

— אָנגעליאַפּעט... א זינד קעגן גאָט און לײַטן...

— וואָס פֿאַר א זינד? איר זעט דאָך...

— וואָס?

— דאָס איז די באָבע.

— הערסט א מײַסע... — זײַן פּאָנעם האָט אױפֿגעלויכטן. — טאַקע די באָבע! ווי אויסגעגאָסן! איבערהױפּט די נאָז...

— און דאָס איז א גאַנדז.

— הערסט א מײַסע... — יויסעף האָט געקוקט א פֿאַרכידעשטער. — אַן פֿאַרוואָס איז זי אַזוינע?

— וואָס אַזוינע?

— א געלע. גענדז זײַנען אָדער ווײַסע, אָדער גרויע.

— זי איז אַן אָפּגעפּליקטע, — האָב איך געזאָגט.

— אַן אָפּגעפּליקטע? טאַקע אַן אָפּגעפּליקטע? — האָט זיך דערפֿרייט יויסעף. — מאָלאָדעץ, דאַ־נילקע! ביסט א כוואַט! און מיך קענסטו אויך אויסקלעפּן?

— איר זײַט ניט קיין טויטער.

— אזוי, אזוי... נאָר טויטע קלעפּסטו אויס?
— לעבעדיקע איז ניט קעדײַ צו קלעפּן.
— פאַרוואָס?
— זיי האָבן פּאַריבל.
— א מאָדנער ביסטו, דאַנילקע, — דער גרעבער האָט ווידער באַקוקט דעם קייווער און געזאָגט: — די בולבעס וועלן קאַלט ווערן.

מיר זײַנען געזעסן מיט יויסעפן באַם טיש און, בריִענדיק די ליפּן, געשלונגען די הייסע בולבעס, אײַנטונקענדיק זיי אין הערינג־ראָסל. הינטערן פענצטער האָבן מעשוגענערהייט געקאַרקעט די קראָען און פון זייער קאַרקען האָבן געציטערט די שויבן. און עפּשער האָט עס דער ווינט געקלאַפּט אין לאָדן. אויב ניט די קראָען, וואָלט מען נאָך געקאָנט לעבן אַפן בעסוילעם. איך האָב זיך דערמאָנט די רייד פונעם קלעזמער לייזער. האָלעווײַ וואָלט איך זיך אויסגעלערנט צו שפּילן אזוי, אז די קראָען זאָלן פאַרברענט ווערן אין דער לופט און דער אַש זייערער זאָל זיך טראָגן איבער די געצעלטן.
— ווייסט, דאַנילקע, — האָט פּלוצעם געזאָגט יויסעף. — איך האָב א ביסל געלט. דו הערסט?
— כ׳הער.
— כ׳האָב געשפּאָרט געלט, געוואָלט זיך קויפן א פוס.
— פאַרוואָס זשע האָט איר ניט געקויפט?
—א קונציקן פוס: פון לעדער און אײַזן. אין אמעריקע מאַכט מען אזעלכע. וואָלט איך טאַקע א פּאָר געטאָן אהין, נאָר א שאָד זיך צו שיידן.
— מיט וועמען?
— מיטן בעסוילעם.
יויסעף האָט אײַנגעטונקען א בולבע אין ראָסל, געגעבן א ביס און ווײַטער גערעדט:
— עפּשער אָפּפירן דיך אין שטאָט?
— צום טאַטן?
— א שטאָט איז א שטאָט. דאָס איז ניט אונדזער שטעטל. דאָרט זײַנען פאַראַן אַלערליי מײַסטערס. וועסט זיך אונטערלערנען און קומען צוריק אין שטעטל א מײַסטער! וועסט מאַכן דאָן מאַלאַכימלעך פאַרן קאַטוילישן בעסוילעם. פאַר אזעלכענע זאַכן לאָזט מען זיך גוט באַצאָלן.
ער האָט שאַרף א קוק געטאָן אויף מיר, וואַרטנדיק אויף אן ענטפער, נאָר איך האָב א פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ניט וואַגנדיק אופצוהייבן די אויגן פונעם טעלער. אין ראָסל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מײַן פּאָנעם, צעשוואומען זיך און איז פאַרשוווּנדן. פון יויסעפס אומדערוואַרטער גוטסקײַט האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם, כ׳האָב זיך צעהוסט, און דער גרעבער האָט פאַרשטאַנען מײַן צושטאַנד.
— כ׳וועל וואַרטן ביז דער טאַטע וועט צוריקומען, — האָב איך געזאָגט יויסעפן.
— ווי דו ווילסט, דאַנילקע, ווי דו ווילסט, — האָט ער געזאָגט גלײַכגילטיק. נאָר די קנייטשן אויף זײַן פּאָנעם זײַנען שאַרפער אַרויסגעטראָטן און אין זײַנע ברוינע אויגן, צוגעדעקטע מיט האַרטע, ווי קאָרע, ווײַעס, האָט אופגעלויכטן א דאַנקבאַרקײַט. ס׳האָט זיך אים שטאַרק ניט געוואָלט בלײַבן איינער אליין מיט די מייסים.
— מאָרגן וועסטו פאָרן נאָך דײַן ערשטן לערער, — האָט ער געזאָגט מיט א וואָכעדיקן טאָן. — איך וועל גראָבן די גרוב, און דו וועסט אים ברענגען, נאַ דיר געלט.
— מ׳דאַרף ניט.
— דו האָסט איצטער רעכט אויף א האַלבן פאַרדינסט.
— כ׳וועל באַגראָבן מײַן לערער אומזיסט, — האָב איך געזאָגט און אָפּגעשטויסן זײַן האַנט.

א מאָדנע נאַטור געווען בא יויסעפס פערד. דער קאָברען האָט עס געקאָנט איבערלאָזן אין אן אנדער שטאָט, אָדער שטעטל, פון אומעטום האָט עס זיך אליין אומגעקערט אַפן בעסוילעם. יויסעף האָט שוין איינמאָל געוואָלט פאַרקויפן דאָס פערד, ס׳האָט זיך שוין אפילו א קוינע אײַנגעפונען, דער באַלעגאָלע צאַדעק, נאָר פון דער קניִע איז גאָרניט געוואָרן: יויסעף האָט געמוזט צוריקגעבן דאָס גאַנצע געלט ביזן לעצטן סענט. ווי נאָר צאַדעק פלעגט אויף א מינוט איבערלאָזן ס׳פערד אָן אויפזיכט, פלעגט עס גלײַך נעמען און אוועקשפּאַנען מיט אַלץ, וואָס אַפן וואָגן איז געווען: ווייץ אָדער זאַמד, עפּל אָדער מעל, צום בעסוילעם.

איך בין געשטאַנען אונטן בא דער פאַריקמאַכערסקע פון מײַן ערשטן לערער רעב אַרן דאַמסקי און געהיט דאָס פערדל, עס זאָל ניט, די שאַ זאָל ניט זײַן, אַוועקשפּאַנען לײדיקערהייט צום בעסוילעם. דאַן וואָלט מען געדאַרפט טראָגן רעב אַרענען דעם לאַנגן וועג אױף די הענט.

דער ערשטער פון צווייטן עטאַזש איז אַראָפּגעפלױגן דער מײַסטער־געזעל לײבעלע פּאַראַוואָזניק. ער האָט געטראָגן דרײַ גרויסע פּוכענע קישנס.

— די באַלעבאָסטע וויל ניט וויסן פון שטרוי, — האָט געזאָגט לײבעלע פּאַראַוואָזניק.

— וואָס וויל זי ניט וויסן?

— זי זאָגט, אַז רעב אַרן איז קיינמאָל ניט געלעגן אויף שטרוי און אין זײַן לעצטן וועג טאָר ער אויך ניט ליגן אױף שטרוי.

דער מײַסטער־געזעל לײבעלע האָט אויסגעשפּרייט די קישנס אין וואָגן.

— מײַן באָבעס קישנס, — האָב איך זיך באַרימט.

לײבעלע איז פּלוצעם אַרײַנגעקראָכן אין וואָגן, זיך אויסגעשפּרייט אױף די קישנס.

— ווייך, אַ מעכײַע.

— קריך אַרויס. אַניט וועל איך כאַפּן אַ גאַב פון יויסעפן.

אָן כײשעק איז ער אַרויסגעקראָכן פון וואָגן און אַנגעהויבן צו קוקן אױף די אײבערשטע פענצטער.

— וואָס פּאַרקענען זיי זיך דאָרטן? מיסטאַמע איז ראָכל ווידער געפאַלן אין כאַלאָשעס. נו, וויפל מאָל קאָן מען עס כאַלעשן? די פאַריקמאַכערסקע איז שוין דעם דריטן טאָג פאַרמאַכט.

— ווען וועט זי אָנקומען, די פאַריקמאַכערסקע?

— וואָס הייסט, ווען? מיר. איך וועל כאַסענע האָבן מיט איר.

— מיט דער פאַריקמאַכערסקע?

— מיט ראָכלען.

— זי איז דאָך אַן אַלטע...

— איז אַוואַדע גוט, — האָט געזאָגט דער געזעל, שטשירענדיק זײַנע ציין.

סאַפּקאַלסאָף האָט זיך דורך דער אָפענער טיר פונעם הויז אַדורכגעריסן אַ געוויין און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די געוועזענע קלײַענטן פון מײַן ערשטן לערער האָבן אים שוין אױפגעהויבן אױף דער ניט־אָפּגעהובלטער טאַרע־ברעט און טראָגן אים אַראָפּ צום וואָגן. ראָכל איז געווען אין שוואַרצן. זי איז געגאַנגען שאַקלענדיק זיך, נישט זעענדיק ניט די גאַס, ניט די פור, ניט די זון. די מאַנצבלען האָבן אַרופגעלייגט אַפן וואָגן דעם קערפער, אײַנגעוויקלט אין טאַכריכים, און לײבעלע האָט געגעבן די קאָמאַנדע:

— פאָר!

איך האָב אַ צי געטאָן די לײצעס און דאָס פערד איז אַוועק, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, איבערן ברוק. איך בין געגאַנגען פון דער זײַט און געקלערט וועגן די פּוכענע זײַדענע קישנס, וועגן דער ניט־געהובלטער טאַרע־ברעט און ניט געקאָנט פאַרשטײן, פאַרוואָס איז דער דאַרער ראָכל אַזוי ניט געפעלן געוואָרן אונדזער שטרוי.

מענטשן אױף דער גאַס האָבן באַגלייט מיט די בליקן דעם וואָגן און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי קוקן ניט אַפן מעס, ניט אױף דער אַלמאָנע, נאָר אױף מיר און זיי באַדויערן ניט מײַן ערשטן לערער רעב אַרענען, נאָר מיך, וואָס איך בין געוואָרן אַ קאַברען. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָב איך געפירט אַ מענטשן אַהין, פונוואַנען מע קומט ניט צוריק, נאָר, אַ מאָדנע זאַך, איך האָב נישט געפילט ניט קיין צאַר, ניט קיין בושע, ווי איך וואָלט אונטערגעטריבן ניט די בעסוילעם־קליאַטשע, נאָר אַ געוויינלעך באַלעגאָליש פערד. דער רייעך פון פערדישן שוויס, פון דער לאַנג ניט געקעמטער גריווע, פון די ביז בלוט אָפּגעהאַקטע טלאָען האָט אָנגעפילט אַלץ אַרום מיט לעבן און פאַרקלאַפּט דעם פרעמדן ווייטיק און צאַר. ניין, איך האָב מיך לאַכלוטן ניט געפילט אַלס גרעבער. מיר האָט זיך געדאַכט, איך בין אַן אַקערער, איך גיי לענגויס דער פריש־אופגעאַקערטער ערד, אין וועלכער עס גריבלען זיך מאַלינעווע ווערעמלעך און די ערד האָט ניט קיין ברעג, קיין סאָף.

אַז מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן פון שטעטל, איז ראָכלען ניט גוט געוואָרן, און איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו טאָן: אָפּשטעלן דאָס פערדל, אָדער ווײַטער פאָרן.

— עפּשער אין וואָגן? — האָט ניט־דרייסט פאַרגעלייגט לײבעלע דער אַלמאָנע. — רעב אַרן וועט זיך אַ רוק טאָן.

די פרוי פון מײַן ערשטן לערער רעב אַרן דאַמסקי האָט אופגעציטערט, זי האָט געוואָרפן אַ מאָדנעם בליק אַפן געזעל, צורעכט געמאַכט דאָס שוואַרצע שאַלכל און זיך אײַנגעמאַסטעט בא די פיס פונעם מעס.

דער זאָגן האָט אונטערגעשפּרונגען אױף די גריבער, דער קערפער איז געקראָכן פון טאַרע־ברעט און די פיס פון מײַן ערשטן לערער רעב אַרן האָבן געטאַרקעט די ביינערדיקע היפטן פון ראָכ־

לען. אזוי איז זי אָפּגעזעסן דעם גאַנצן רעשט וועג, און איך האָב מ׳ירע געהאַט זי אָנצוקוקן, ווי איך וואָלט עס געווען דער שולדיקער אין איר מאַנס טויט, אין דעם שלעכטן וועג, און א ראָכ־מאָנעס־געפיל האָט געקוועטשט דעם האַלדז. איצטער האָב איך שוין געוואָלט אַוועקוואַרפן די לייצעס און לויפן, לויפן פונדאַנען, ווייל עס איז שוין ניט געווען דער פערד־שווייס, ניט געווען דאָס אומענד־לעכע פעלד, וואָס דאַרף צעאַקערט ווערן, ניט געווען די רויערד, פול מיט מאַלינעווע ווערעם, נאָר ס׳זיינען בלויז געווען די גריבער אַפן וועג און די ביינערדיקע ראָכל.

בייס מע האָט געוואַשן דעם קערפּער אין טאַרע־שטיבל בין איך געזעסן אַפן באַרג נאָסן לייס בא דער גרוב, וואָס יויסעף האָט אויסגעגראָבן, און באַטראַכט אירע הויל־נאַקעטע ווענט. פאַרוואָס, האָב איך געטראַכט, דאַרף די שטוב, ווו עס וווינט דער מענטש אַף יענער־וועלט, זיין אזוי הויל און וויסט? פאַרוואָס איז אַף די ווענט ניטאָ קיין פאָטאָגראַפיע, קיין איין שפּיגל, קיין איין צוואַק?

איך בין אַרונטערגעשפּרונגען אין גרוב, די צוקינפטיקע היים פון מיין געוועזענעם לערער, רעב אַרן דאַמסקי, און אָנגעהויבן מיט א שטעקעלע צו מאָלן אַף די ווענט א שפּיגל, א גאָלמעסער און א בערשטל.

— אין גרוב איז עמעצער דאָ, — האָט געזאָגט לייבעלע פאַראָוואָזניק.

— דאַנילקע, דו? — האָט געפרעגט יויסעף. — וואָס טוסטו דאָרטן? קריך אַרויס!

— באַלד. כ׳וועל נאָר אָנמאָלן דעם גאָזעל לייבעלע פאַראָוואָזניק און זיך.

— א זינד! א כעט! — האָט אויסגעשריִען טעוויע דער רימער, א שטענדיקער קליִענט פון מיין ערשטן לערער דאַמסקי.

איך בין אַרויסגעקראָכן פון גרוב און גאָרניט געקלערט צו וואַרטן ביז מ׳וועט אַראָפּלאָזן אין קייווער מיין ערשטן לערער רעב אַרענען. זאָלן זיי אליין קוקן. איך האָב מיינס געטאָן. אויב די באָבע וואָלט געלעבט, וואָלט זי, כ׳לעבן, מיך געלויבט. זי האָט דאָך אַלעמאָל געזאָגט, אַז דעם, וואָס לערנט דיך, דאַרף מען קושן די הענט.

ס׳איז שוין געווען זומער, ווען דער שטעטלשער פּאָטשטאַליאָן יעווסטאַכיוס איז געקומען צו יויסעפן און געבראַכט א בריוו.

— א בריוו? — האָט זיך פאַרוווּנדערט דער גרעבער.

— א בריוו, — האָט געזאָגט יעווסטאַכיוס. — אָבער ניט פאַר דיר, נאָר פאַרן אייניקל פון אַלטן ווייסאַס.

— פון וועמען זשע? — יויסעף האָט גענומען דעם קאָנווערט און אָנגעהויבן צו באַטראַכטן דעם שלעכטן קסאַוו.

— איך טראָג פאַנאַנדער בריוו און ניט איך לייען זיי, — האָט געענטפערט יעווסטאַכיוס און איז אַוועק.

— היי, דאַנילקע, — האָט מיך א רוף געטאָן יויסעף. — א בריוו פאַר דיר. ברענג די שפּאַקולן.

איך האָב אים געבראַכט די שפּאַקולן. יויסעף האָט געעפנט דעם קאָנווערט, אַרויסגענומען פון דאָרט פיר ווייטלעך פּאַפּיר, אָנגעפילטע מיט דריבנע אויסיִעלעך, און, שווער פאַנאַנדערקלייבנדיק דאָס געשריבענע, אָנגעהויבן צו לייענען:

„טייער אייניקל מיינס, דאַנילקע, אויב מ׳האָט דיך ניט צוגענומען אין יעסוימים־הויז, און אויב יאָ, טאָ זאָל מען דעם בריוו אָפּגעבן יויסעפן אַפן בעסוילעם".

— פון זיידן, — האָב איך אָן אַנטוישטער געזאָגט.

— הער ווייטער, — האָט געזאָגט יויסעף און געלייענט: — „קיינמאָל אין לעבן איז מיר ניט גע־גאַנגען, נאָר, גאָט צו דאַנקען, איך לעב און פיל זיך אין מוישעוו־זקיינים ניט ערגער, ווי אין שטוב, כאָטש זיי האָבן מיך טאַקע אָפּגענאַרט, און איך, דער אַלטער פערד, האָב זיך געלאָזט אָפּנאַרן..."

— גאָרנישט צו פאַרשטיין, — האָב איך געזאָגט.

— דאָס רעדט ער וועגן יענע... פון דער קעהילע. — האָט מיר געזאָגט יויסעף. — שלאָג מיך ניט איבער. ווו האַלט איך? אַהאַ. „איצטער זיינען מיר ביידע, דאַנילקע, יעסוימים. נאָר ס׳איז דאָ א גאָט אין הימל און ער וועט אין אונדז ניט פאַרגעסן. דיין פאָטער, מיין זון שויעל, האָב איך ניט געזען. גלייך פון וואָקזאַל האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין מוישעוו־זקיינים, כאָטש איך האָב זיך געבעטן אין טורמע און זיי געוויזן דעם בילעט. דער מוישעוו־זקיינים איז א גרויסער און ס׳האָבן זיך איינגעפונען באַקאַנטע. לעמאַשל, פייוול קראַוועץ פון זשאַגאַר. ער איז א שוועסטערקינד פון שלוימע רובינשטיין, און שלוימע רובינשטיין האָט כאַסענע געהאַט מיט אונדזער ברײַנע, און ברײַנע האָט נאָך שלוימעס טויט כאַסענע געהאַט צום צווייטן מאָל מיט מאָישע־יאַנקלען, און מוישע־יאַנקל האָט מיט מיר געדינט צוזאַמען אין באַברויסק. איך קען אים גוט". מ־מ־מ־יאָ, — האָט יויסעף גע־זאָגט. — וואָס־וואָס, נאָר א זיקאָרן האָט דיין זיידע אַן אייזערנעם.

— ער איז דאָרט מאַמעש אויווער־באָטל געוואָרן, — האָב איך געזאָגט.

— „פּאַראַן דאָ נאָך איינער אַ מעשומעד פון קיידאַן מאָטל פּעסוך, גאָרניט לאַנג איז ער צו־ריק געוואָרן אַ ייִד, כאָטש אונטער דער קישן איז בא אים נאָך באַהאַלטן אַ צײלעם. איך האָב עס ניט געזען, מאַכמעס מ'האָט בא אים דעם קישן אַוועקגעגאַנוועט. נאָך איז דאָ גוט, וואָס איך בין דאָ דער איינציקער זייגערמאַכער. פּײַוול קראַוועץ איז אַ שנײַדער. שנײַדערס זײַנען דאָ, ווי הינט, און נייען נייען זיי ניט, מער ניט לאַטעווען איינער באַם אַנדערן און זײַנען צופרידן. טײַער אייניקל מײַנס דאַניִעל! איך ווענד זיך צו דיר מיט דער גלאַוונער באַקאָשע אין לעבן. אויב מ'האָט דיך ניט צוגענומען אין בייס־יעסוימים, שיק מיר צו מײַן קליין צווענגל. עס ליגט אין אונטערשטן שופלאָד, און נאָך צוויי פּינצעטן און נאָך בענזין אין אַ פלעשעלע, דאַכט זיך, איך האָב עס פאַרמאַכט מיט אַ קאָרעק און עפּשער ניט. און נאָך שיק מיר צו אַלע קעשענע־זייגערס, דעם וואַנטזייגער ניט, דעם וואַנטזייגער לאָז איבער פאַר זיך. די זייגערס דאַרף איך האָבן, ווײַל קיינער האָט דאָס ניט דאָ. דאָס אַלץ שיק מיר צו דורך רוווין סטאָליאַרסקי, מע האָט נאָך פאַראיאָרן געקליבן זיך אים אָפּשיקן אין מוישעוו־זקיינים. און זאָג אים אַז, ער זאָל קיין זאַך ניט פאַרלירן אין וועג. אויב מ'האָט דיך ניט צוגענומען אין בייס־יעסוימים, גיי מיטן בריוו צו יויסעפן אָפּן בעסוילעם...״ — דער קאַברען האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און געזאָגט: — גאָט צו דאַנקען, דערמאָנט זיך אין מיר! „גיי מיטן בריוו צו יויסעפן און ער וועט אים דיר דורכלייענען. נאָר זאָל ער פון דיר ניט מאַכן קיין קאַברען. זאָל דיך גאָט שוימער אומאַצל זײַן. דײַן זיידע פון מוישעוו־זקיינים״.

— אַלץ? — האָב איך געפרעגט, אַז יויסעף איז אַנשוויגן געוואָרן.

— אַלץ, — האָט געזאָגט דער קאַברען.

פון זיידנס בריוו, אַזאַ טרויעריקן און אומגעלומפּערטן, האָט אַף מיר אַ ווייע געטאָן מיט עפּעס נאָענטס און קלעמענדיקס. איך האָב מיך פלוצלינג פאַרשעמט, וואָס איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ער איז אויווער־באָטל. ס'האָט זיך דערמאָנט אונדזער שטוב, ווו כוץ דעם וואַנטזייגער און די מײַן אין קעלער, איז גאָרנישט ניט פאַרבליבן (די קאַץ האָבן מיר מיטגענומען אָפּן בעסוילעם).

— רוווין סטאָליאַרסקי איז שוין לאַנג אַריבערגעפאָרן קיין קיבאַרט. ס'האָט זיך דאַרטן אײַנ־געפונען בא אים אַ טאָכטער פון דעם ערשטן ווײַב. — האָט געזאָגט יויסעף. — כ'וועל אַליין צופאָרן צו דײַן זיידן.

— און אויב ס'וועט ווער שטאַרבן?

— ניט שטאַרבן. בייס ס'איז וואַרעם, שטאַרבט מען זעלטן. די פאַרגעס נאָר ניט אָנצוהאָדע־ווען אונדזער קליאַטשע און אײַנדערפרי צי פירן זי אָפּן טײַך זיך פּאָיען.

— עפּשער וועט דער זיידע קומען מיט אײַך צוריק?

— קאָן זײַן.

ער איז אַוועקגעפאָרן אַף שאַבעס, ווען מע מאַכט ניט קיין לעווײַעס. אין טשעמאָדאַנטשיקל האָט ער אַרײַנגעלייגט עטלעכע פאַרזשאַווערטע זייגערס, דאָס צווענגל, געקויפט בא דעם בעקער פּײַן אַ בולקע מיט ראָזשינקעס — ס'פּאַסט דאָך ניט צו פאָרן צוגאַסט אָן אַ מאַטאָנע — און איך האָב אים אָפּן בעסוילעם־וואָגן אַוועקגעפירט אַף דער סטאַנציע.

אַז איך בין געפאָרן צוריק פון דער סטאַנציע, האָט מיך אָנגערופן דעם דאָקטערס זון שימען.

— פאַרוואָס קומסטו ניט אַרײַן? — ער האָט זיך אַרופגעכאַפּט אָפּן וואָגן און זיך צוגערוקט צו מיר. — די מאַמע פרעגט, ווו איז דײַן דאַנק?

— וואָס פאַר אַ דאַנק?

— פאַר דעם פידל. ס'ט צוגעזאָגט, אַז דו וועסט ווערן אַ לערן־ייִנגל בא לייזערן און גאָר גע־וואָרן אַ קאַברען.

— איך בין ניט קיין קאַברען.

— וואָס דען ביסטו?

— קיינער ניט.

— ניט עמעס. דו האָסט שוין עמעצן באַגראָבן?

— כ'האָב קיינעם ניט באַגראָבן. טשעפּע זיך אָפּ.

— ווילסט נאָך אַלץ ווערן אַ פויגל? — איז שימען אַלץ ניט אָפּגעשטאַנען פון מיר.

— וואָס גייט עס דיר אָן?

— זײַ ניט אין קאַס. איך וואָלט אויך גרײַלעך געוואָלט ווערן אַ פויגל. מיינסט, ס'איז אַ מײַכל צו זײַן אַ מענטש? ס'איז טאַקע זייער שווער צו זײַן אַ מענטש. אײַן יוזעפּאַ איז וואָס

# קינסטלער מאַטווײ װײַסבערג

מאַטווײ װײַסבערג איז געבוירן געוואָרן אין קיִעוו אין 1958. ער איז אַן אייניקל פֿונעם באַקאַנטן ייִדישן דיכטער מאָטל האַרצמאַן. פֿאַרענדיקט די רעפּובליקאַנישע קינסטלערישע שול און דעם אוקראַיִנישן פּאָליגראַפֿישן אינסטיטוט אויף איוואַן פֿיאָדאָראָווס נאָמען. מ. װײַסבערגס װערק געפֿינען זיך אין קאָלעקציעס און גאַלערייען פֿון פּסר, פּשא, ייִסראָעל, מײַרעוו־דײַטשלאַנד, שוועדן און אַנדערע לענדער. פֿאַר זײַן שאַפֿונג איז כאַראַקטעריש די אַנטפּלעקונג פֿון ביבלישע מאָטיוון און פֿילאָסאָפֿישע געדאַנקען. אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמען װערק לויט די מאָטיוון פֿון גריגאָרי קאַנאָוויטשעס פּראָזע.




אוטאָפּאָרטרעט




כאַים דער מעשאָרעס



די ראבאָנים זײַנען געקומען

די באָבע






א מאנצבל אפן בענקל

ווערט — דערגייט די יאָרן. נאָר פון איר וועלן מיר אינגיכן פּאַטער ווערן... און די לערער? און די מאַמע? עמעס, כ'האָב זיך דערוווּסט גאָר א וואַשנע זאַך...

— וואָס פאַר א זאַך?

— אַלע פייגל לעבן ניט לאַנג. כוץ א קראָ. א קראָ לעבט דריי הונדערט יאָר. נאָר א קראָ צו זיין איז א כאַרפּע. און א וואָראָביי פאַרקעט זיך ס'גאַנצע לעבן אין מיסט, און א בושל עסט פּרעש.

— איך וואָלט געקאָנט.

— נו? טאַקע?

מיר זיינען דערפאָרן צו דער מעבל־פאַבריק. בא דעם טויער איז געווען א האַמוין.

— מילכאָמע, — האָט געזאָגט שימען. — מ'האָט איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ.

— ווו?

— אין שפּאַניע. פּאַפּא האָט אַליין געהערט. די דייטשן זיינען אַנגעפאַלן אויף שפּאַניע. די שפּאַניער האָבן בלויז ביקסן, און די דייטשן טאַנקען און עראָפּלאַנען. דו האָסט ווען געזען אַן עראָפּלאַן?

— ניין.

— און א טאַנק?

— ניין.

— און איך האָב געזען. אין שטאָט. אויפן פּאַראַד.

איך האָב אָפּגעשטעלט די קליאַטשע, זיך אויפגעהויבן און, שטייענדיק אויפן וואָגן, דערזען א יאַט, וואָס האָט געשניטן מיט דער דלאָניע די לופט און אויסגעשריִען מאָדנע ווערטער, ענלעכע צו די, וואָס דער דאָקטער יאַכעלסאָן פלעגט געברויכן.

— פּאַשיזם...

— פאַלאַנגאַ...

— רעפּובליק...

— פאַר ווייטער, — האָט געזאָגט שימען. — דאָס איז ניט אינטערעסאַנט.

דער האַמוין האָט געהערט דעם יאַט אין געשוויגן.

די בעסוילעם־קליאַטשע האָט גלייכגילטיק באַוועגט מיט די אויערן, געצופּט מיט אירע ווייכע ליפּן דאָס גראָז לעבן דעם צאַם. איבער איר צעפּאַטלטער גריווע האָבן געהודזשעט מאָגערע פליגן, און שימען האָט געגראַבלט מיטן פינגער אין זיין באַשפּרענקלטער נאָז. אַלץ איז געווען, ווי פריִער, כוץ דער דלאָניע, וואָס האָט געשניטן די לופט, און דער שטים, פול מיט צאָרן און אויפגעבראַכט־קייט.

— פאַנאַנדערגיין זיך! — האָב איך פּלוצעם דערהערט אַן אַנדער שטים און איך האָב דערזען אינדזער שטעטלשן פּאָליציאַנט. „פּאַריאַדאָק" איז צוגעלאָפן צום יאַט און אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט, ער זאָל מער ניט שניידן די לופט — די לופט פון אונדזער שטעטל, אין וועלכן ס'האָבן נאָך קיינמאָל ניט געקלונגען אַזעלכע ווערטער. נאָר דער יאַט האָט נאָך אַלץ אויסגעשריִען ווערטער און זיין געשריי האָט אונטערגעכאַפּט דער עכאָ און אָפּגעטראָגן עס ערגעץ־וווּהין הינטערן טייַך און וואַלד און עפּשער נאָך ווייטער, צו די שפּאַניער און דייטשן.

סאַפּקאָלסאַפּ איז דער יאַט אַנשוויגן געוואָרן. דער האַמוין איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און איך האָב א שמיס געגעבן די בעסוילעם־קליאַטשע.

— דו ביסט פאַר וועמען, שימען? — האָב איך געפרעגט דעם דאָקטערס זון.

— איך? ווי פּאַפּא: פאַר די קראַנקע און אָרעמע.

— און די שפּאַניער זיינען אָרעמע?

— אָרעמע.

מיר זיינען צוגעפאָרן צום טייַך, זיך אויסגעטאָן און אָנגעהויבן זיך פּליעסקען אין דעם וואַרעמען וואַסער, וואָס האָט געשמעקט מיט פיש און אַטשערעט.

— און איצטער, — האָט געזאָגט שימען נאָכן באָדן זיך, — וועל איך דיר אויסזאָגן דעם גלאַוונעם סאָד.

— וואָס פאַר א סאָד?

— מיר פאָרן פונדאַנען אַוועק.

— אויף אינגאַנצן?

— אויף אינגאַנצן.

— אין שטאָט?

— נאָך ווייטער.

— ווו קאָן זיין נאָך ווייטער? צי דען קיין שפּאַניע?

— קיין אמעריקע.

— א ליגן.

— זאָל איך אזוי לעבן. פּאַפּאַ האָט זיך שוין צוזאַמענגערעדט מיטן ווירשינינקאַס.

— ער פירט אײַך אַהין?

— ניין. דער ווירשינינקאַס קויפט בײַ אונדז דאָס הויז און דעם סאָד.

— און פאַרוואָס פאָרט איר?

— אין אמעריקע איז ניטאָ קיין היטלער.

— בײַ אונדז אין שטעטל איז ער אויך ניטאָ.

— דערווײַל ניט. אָבער ער איז דאָרטן, הינטערן טײַך. — שימען האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו דער בריק. — היטלער הארגעט ייִדן.

— און שפּאַניער אויך?

— דאַכט זיך. ער וועט אונדז אויך אוועקהארגענען, אויב מירן ניט אוועקפאָרן. פּאַפּאַ ווייסט. ער האָט זיך געלערנט אין דײַטשלאַנד.

— און ווער וועט דאָ הײלן?

— וועמען?

— אַלעמען.

— ס׳וועט קומען אן אנדער דאָקטער. די מאַמע וויל ניט. און איך וויל. פּאַפּאַ האַלט פון אמע־ריקע. ער זאָגט, אז דאָרטן גייען די צוגן אונטער דער ערד און די הײַזער זײַנען אזוי הויך — פון דאַך גרייכט מען מאַמעש דעם הימל. קום אויך פאָרן מיט אונדז.

— ניין. איך וועל וואַרטן.

— אויף וועמען?

— אויף מײַן טאַטן. עפּשער וועט איר דאָ נאָך בלײַבן? עפּשער וועלן די שפּאַניער בײַקומען דעם היטלער? — מיר איז געווען א שאָד צו פאַרלירן שימענען.

— אויב פּאַפּאַ האָט באַשלאָסן, וועט עס בלײַבן, ווי ער זאָגט. קום צו אינדז צוגאַסט, דאַ־נילקע!

— כ׳וועל זען ארײַנצוגיין, — האָב איך געזאָגט. אויסגעשפּאַנט די קליאַטשע, גענומען זי פאָרן צאַם און אוועקגעפירט צום טײַך. זי איז ארײַן אין וואַסער און אָנגעהויבן פּאַמעלעך און זשעדנע צו טרינקען, הייבנדיק פון צײַט צו צײַט די מאָרדע און באַקוקנדיק דעם ארום, וואָס איז פאַרזונ־קען געווען אין א דינעם נעפּל.

ס׳איז פאַרבײַ דער שאַבעס, ס׳איז געקומען זונטיק, און יויסעפי איז אַלץ ניט געווען. עפּשער האָט מיט אים וואָס געטראָפן אין שטאָט? איך בין געלעגן אויף דער האַרטער בעט און מיט שרעק געטראַכט, וואָס וועט זײַן מיט מיר, אויב מײַן אַפּעקון וועט ניט קומען, ווער וועט זײַן דער שומער אויפן בעסוילעם, ווער וועט גראָבן גריבער, ווער וועט ארומזען די קליאַטשע. איך טאָר דאָך ניט אַלץ אוועקוואַרפן און אַנטלויפן צום זייגערמאַכער פאַקעלטשיק.

שטערן האָבן ארײַנגעקוקט אין פענצטער פון שטיבל, זיי זײַנען געווען גרויסע און לויכטנ־דיקע און פון זייער שײַן איז געווען נאָך אײמעדיקער. ס׳האָט זיך געדאַכט, אז טויזנטער אויגן קוקן דיך נאָך און פּרוּוון אויס דײַן סאַוולאָנעס. יויסעפי האָט אמאָל געזאָגט, אז שטערן זײַנען די אויגן פון פאַרשטאָרבענע צאַדיקים, וואָס זײַנען ארײַנגעפאַלן אין גאַניידן. פון זיי קאָן מען ניט ערגעץ אוועקגיין, גאָרניט אויסבאַהאַלטן.

איך בין אופגעשטאַנען פון בעט, פאַרצויגן דאָס פאָרהענגל, נאָר אויך דורך דעם דינעם ציץ איז אדורכגעדרונגען דאָס ליכט, און דאָ איז נאָך די לעוואָנע אויך דאָ — זי בלישטשעט, ווי אן אַליומינענער טאָפּ, וואָס די באָבע האָט אויסגעשײַערט לעקאָוועד יאָמטעוו.

— קיץ־קיץ, — האָב איך א רוף געטאָן די קאַץ, קעדיי צו פאַרטרײַבן די אײמע. זי איז ארויס פון דער פינצטערניש און אָנגעשטעלט אויף מיר א פּאָר בלודנע אויגן־שטערנדלעך. — ווילסט, וועל איך דיר אופשפּילן אויפן פידל?

— מיאו, — איז מאַסקים געווען די קאַץ.

איך האָב איר אופגעשפּילט א לידל, וואָס די באָבע פלעגט מיר אמאָל זינגען, ווען בען־מיילעך, וואָס האָט געפּאַשעט זײַן ציגעלע.

די קאַץ האָט מיך אופמערקזאַם געהערט, אין אירע אויגן־שטערנדלעך איז געווען אויסגעגאָסן א מיטלײַד, ווי מיסטאַמע איך בײַ יענע צאַדיקים.

אז דער וואַנטזייגער האָט אָפּגעקלאַפּט צוועלף, האָב איך אופגעהערט צו שפּילן און אָנגע־הויבן צו שמועסן מיט דער קאַץ וועגן אירע כאַטאָים.

— דו האָסט הײַנט ווידער אופגעגעסן א פײגעלע, — האָב איך איר פירגעוואָרפן.

— מיאו, — האָט געענטפערט די קאַץ. זי פלעגט גאַנצענע טעג זיך ארומטראָגן איבערן בעסוילעם, געיאָגט זיך נאָך פײגל און אמאָל פלעגט זי זיך אוועקזעצן אױף א מאַצייווע און מיט טיַיוועדיקע אויגן נאָכגעשפּירט זיי, ווי זיי פליִען. אויב קען וואָלטן געקאָנט פליִען, וואָס וואָלטן, נעבעך, געטאָן די פײגל?

— א פײגל איז דען געשמאַקער פאַר א מויז?

— מיאו, — האָט באַשטעטיקט די זוילעל־וועסרויוועניצע.

— וועסט אַרײַנפאַלן אין גײהענעם פאַר דײַנע זינד.

די קאַץ איז אַרופגעשפּרונגען מיר אױף די קני און האָט מיט איר מורמל באַשטעטיקט, אַז זי שלאָגט זיך אל־כעט.

— פאַרוואָס וואַרפסטו זיך ניט אױף די קראָען? האָסט מורא? די באָבע איז אױף דיר אין קאַס. די קראָען טראָגן זיך ארום איבער איר קייווער און לאָזן זי ניט צורו. כאַפּ קראָען!

— מיאו, — איז מאַסקים געווען די קאַץ. זי האָט געוווּסט, ווו ס׳איז דער קייווער פֿון דער באָבען, פלעגט אָפט קומען אהין, רײַבן זיך אָן דער מאַצייווע און געקלאָגט זיך אױף איר ביטערער דאָליע, אױף יויסעפן, אױף מיר און אױף די פײגל, וואָס פליִען עפּעס אַלץ אין הימל און אױף דער ערד לאָזן זיי זיך אַראָפּ מער ניט אױף צו רייצן זיך מיט איר.

באַגינען איז געקומען יויסעף. ער איז אַרײַן אין שטוב, א קוק געטאָן אױף מיר, דערנאָך אױף דער קאַץ און געפרעגט:

— קיינער איז ניט געשטאָרבן?

— קיינער ניט.

— זיי לאָזן ניט אָפּ דײַן אַלטן, דאַנילקע, — האָט זיך פאַרענטפערט יויסעף. — אָט אזוי, ברודערל, איז עס. איך האָב מיט זיי אזוי גערעדט און אזוי. לאָזן ניט. — ער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזן אױף דער באַנק. — כ׳האָב זיך פאַרהאַלטן א ביסל. א סרײפע געלאָשן.

— א סרײפע?

— מיט דײַן ײדן לעבט אין איין צימער איינער א פאַזשאַרניק איציק. האָט ער אַנגעשלעפּט א הויפן שטרוי, אַרונטערגעלײגט אונטער דער בעט און אָנגעצונדן.

— אָנגעצונדן?

— קיינער האָט אים ניט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז אמאָל געקראָכן אױף די העכסטע דעכער. נו, האָט ער געוואָלט ווײַזן, אַז ער איז דער עמעסער פאַזשאַרניק.

מײַן אַפּעקון איז אַנשוויגן געוואָרן, א קיק געטאָן אױפן פענצטער, דורך וועלכן ס׳האָט זיך גערויטלט די פרימאָרגנדיקע זון, און האָט אָפּגעזיפצט:

— כאָטש ווער ווייסט, עפשער וואָלט געווען בעסער, אַלץ זאָל דאָרט אָפּברענען.

— מיטן ײדן צוזאַמען?

— עפשער וואָלט עס געווען מער קעדײַ פאַר אים. אױף דער עלטער פליט א מענטש צו לאַנג. דו האָסט אָנגעפּאָיעט די קליאַטשע?

— אָנגעפּאָיעט, — האָב איך געענטפערט. — דאָקטער יאַכעלסאָן פאָרט קיין אמעריקע.

יויסעף האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט עס ניט געהערט. ער איז געזעסן אױף דעם בענקל און געקוקט אױפן פענצטער, וואָס איז באַלויכטן געווען פונעם קאַיאַר, און אין זײַנע אויגן, פונקט ווי אין די אויגן פון דער קאַץ, איז גאָרנישט ניט געווען, כוץ מידקײַט און מיטלײַד.

אין צוויי וואָכן אַרום איז צום בעסוילעם צוגעפאָרן יאַכעלסאָנס בריטשקע. דער דאָקטער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די קאָזלעס, אַרויסגעזעצט דאָס ווײַב און שימענען און מיט עפּעס א פײַערלעכער לאַנגזאַמקײַט אַוועק צום קאַברענס שטיבל.

— מיר זײַנען געקומען זיך געזעגענען, — האָט געזאָגט יאַכעלסאָן.

— זייער וויל, — האָט געזאָגט דער קאַברען. — איך מיט דאַנילקען האָבן פאַריקע וואָך געבראַכט אין אָרדענונג ביידע קוואָרים.

דאָקטער יאַכעלסאָן איז ערנסט און שווײַגנדיק אַוועק צום קייווער פון זײַן פאָטער.

— פאַסט אױף דעם קייווער, רעב יויסעף, — האָט ער שטיל געבעטן.

— אויב איך וועל אַליין ניט אַוועקפאָרן, — האָט יענער געענטפערט.

— איר קלײַבט זיך דען אױך קיין אמעריקע? — האָט זיך פאַרוווּנדערט יאַכעלסאָן.

— מײַן אמעריקע איז אָט דאָרטן, הינטערן קוסטל, — האָט יויסעף געוויזן אױפן בערגל.

— איך וועל אײַך איבערלאָזן אַלס דאַנק דאָס פערד און די בריטשקע.

— א דאַנק אײַך, — האָט דער קאַברען געזאָגט מיט א טיף געריר־טער שטים.

— פאר דעם גוטס, וואָס איר האָט געטאָן... דאַנילקען... מיר... אונדז אַלעמען...

מיט דעם זעלבן ערנסט איז יאַכעלסאָן אוועק צום קיווער פון זײַן שווער. די דאָקטערשע האָט געווישט מיט א טיכל די אויגן.

— הער דאָקטער, — האָט זיך יויסעף געווענדט צו יאַכעלסאָנען, — וואָס וועט זײַן, אז אלע וועלן זיך צעפאָרן: ווער אין אמעריקע, ווער אין מוישעוו־זקיינים, ווער אין טורמע? א בעסי־לעם לעבט דאָך נאָר קאַלזמאַן כאָטש איין מענטש באַזוכט אים.

— עמעצער וועט בלײַבן, — האָט געזאָגט דער דאָקטער און מיט דער זעלבער פײַערלעכער ערנסטקײַט אוועק צום ארויסגאַנג.

— אין דער בריטשקע, — האָט ער געזאָגט באַם טויער, — ליגן פאַרשיידענע זאַכן פאר דאַנילקען. ער איז דאָך פון איין וווקס מיט שימענען... קריוודעט ניט דאָס ייִנגל. זעט פון אים מאַכן א מענטש. לאָז ער דערלערנען עפּעס א מעלאָכע. דאָס איז דאָס גרעסטע גליק אויף דער וועלט.

— עמעס, — האָט געזאָגט דער קאַברען, — אָבער איך קאָן זייער ווייניק טאָן.

די יאַכעלסאָנס זײַנען שוין פאַרבײַ דער בריטשקע, און יויסעף האָט זיי אָנגערופן:

— וווּהין?

— אויף דער סטאַנציע. מיר האָבן שוין אַלץ אײַנגעפּאַקט און אוועקגעפירט.

— צו וואָס דאַרפט איר עס גיין צופוס אזא מעהאַלעך?

— איך וויל אזוי אוועקגיין פונדאַנען, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב קיין זאַך ניט געהאַט — ניט קיין ווײַב, ניט קיין זון, ניט קיין בריטשקע, ניט קיין סאָד. גאָרנישט ניט, כוץ ווייטיק. נו, זײַט געזונט!

זיי זײַנען ארויס אפן וועג, און מיר האָבן לאַנג נאָכגעקוקט, ווי זיי דערוויטערן זיך: דער קאַברען, איך און דעם דאָקטערס פערד. אָבער ניט יויסעף, ניט דאָס פערד האָבן זיך אין דעם מאָמענט ניט געפילט אזוי באַאוולט, ווי איך. באַאוולט צוליב אמעריקע, און גאָר באַזונדערס צוליב היטלערן, וואָס האָט פאַרטריבן פון שטעטל דעם בעסטן מענטשן אין דער וועלט.

— צי איז דען היטלער אזא שטאַרקער? — האָב איך געפרעגט בא יויסעפן, ווען די יאַכעלסאָנס זײַנען שוין פאַרשוווּנדן.

— כ׳האָב אין צירק זיך מיט אים ניט פאַרמאָסטן, — האָט א שמייכל געטאָן יויסעף. — קום בעסער זיך אײַנקוקן, וואָס פאר א זאַכן האָט דיר איבערגעלאָזט יאַכעלסאָן.

נאָר מיך האָבן ניט אינטערעסירט די זאַכן, וואָס יאַכעלסאָן האָט מיר איבערגעלאָזט. איך האָב געוואָלט וויסן, פאַרוואָס היטלער שלאָגט אונדז.

— פרעג מיך בעכיירעס, — האָט געזאָגט דער קאַברען. — ווען, אשטייגער, וועלן מיר פאַרקויפן אינדזער פערד?

— היטלערן, — האָב איך זיך באַליידיקט.

— דאַנילקע, דו טראַכסט צופיל. און טראַכטן טראַכסטו, ווי דײַן פאָטער. ס׳איז ניט גוט. פאַראַן א גאָט אויף דער וועלט, זאָל ער טראַכטן. אים וועט מען ניט ארײַנזעצן, וואָס ער זאָל ניט טראַכטן. און מיר, דאַנילקע, זײַנען פּאָשעטע בײַ־וועקײַעמס. מיר טראַכטן אינדערהויך.

— נו, איז וואָס?

— טראַכטן אינדערהויך איז געפערלעך.

— אָבער איר טראַכט דאָך, לעמאָשל, וועגן דער קליאַטשע.

— וועגן דער קליאַטשע מעג מען.

— און וועגן וואָס טאָר מען ניט?

— מאַלע וועגן וואָס. וואָס וועל איך, אשטייגער, האָבן דערפון, וואָס איך וועל טראַכטן טאָג־איס, טאָג־אײַן וועגן היטלערן? אויב ס׳איז באַשערט, מע זאָל אונדז אײַכהאַרגענען, וועט מען אונדז אויסהאַרגענען. לאָמיר טראַכטן, דאַנילקע, וועגן דער קליאַטשע. אזוי, ברודערל, איז עס...

די קליאַטשע האָבן מיר פאַרקויפט דעם וואַסערפירער אַניצעטאַס.

אַניצעטאַס האָט זיך לאַנג געדונגען, ער האָט אַלץ געטײַנעט, אז איין זאַך איז פירן טויטע, און אַן אַנדער זאַך — וואַסער. אַן אַנדערש מאָל וועגט א באַרמינען ווייניקער, ווי א פוסטע פאַס, ביפראַט נאָך, אז עס רעדט זיך וועגן ייִדן, ווען מע פירט אָן א טרונע, און ער, אַניצעטאַס, דאַרף דאָך פירן ניט קיין פוסטע פאַס, נאָר אַן אָנגעפילטע מיט וואַסער, און אז צען ליט דאָס איז גענוג און איבערגענוג פאר אזא פאַדלע.

סאָפקאָלסאָף זײַנען זיי מושווע געוואָרן אויף צוועלף ליט און זײַנען אוועק צו דראַגאַצקין באַר שפּריצן די קניִע.

— דעם אונטערשייד, — האָט געזאָגט אַניצעטאַס, — וועלן מיר פאַרטערינקען, און דאַן וועט קיינער ניט זײַן באַוווּסט.

בײַ דראַגאַצקין אין טראַקטיר האָט יוסעפֿ געהאַט זײַן אָרט. דאָס איז געווען לעבן פֿענצטער, דורך וועלכן מע האָט געקענט זען דעם הויקער אויפֿן טײַך — די הילצערנע בריק — און עפּראַיִם קלינגמאַנס בענזין־קאַלאָנקע. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט מײַן אָפּעקון קומען צו דראַגאַצקין, קעדיי, ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, אַ קוק צו טאָן אויפֿן גרויסן וועג פֿון לעבן, אויף די וועגענער און מאַשינען, וואָס פֿאָרן הין און צוריק, און דעריקער אויפֿן טײַך, וואָס דערמאָנט אים זײַן אייגענעם גורל — אַזוי שטיל און ניט־וויסנדיק צוליב וואָס, צוליב וועמען פֿליסט ער. נאָר איצטער איז יוסעפֿס טישל געווען פֿאַרנומען.

— בעזשענצעס, — האָט דער טראַקטירשטשיק דעריקלערט בײַם יוסעפֿס האָט אַ קוק געגעבן אויף די אומבאַקאַנטע.

די בעזשענצעס האָבן זיך אופֿגעהויבן און זיך פֿאַרנייגט פֿאַרן קאַברען, פֿאַרן וואַסערפּירער און פֿאַר מיר.

— זיי זוכן, ווּ אײַנצוקוואַרטירן זיך, — האָט געזאָגט דראַגאַצקי.

— בײַ מיר, ווייסטו דאָך, איז פֿאַר לעבעדיקע קיין אָרט ניטאָ, — האָט געזאָגט יוסעפֿ. — ברענג אַ פֿלעשל שנאַפּס.

די בעזשענצעס זײַנען געווען דרײַ: אַ רויטהאָריקער מאַנצבל אין אַ געקעסטלט, ווי אַ שטאָך־טישער טראַטואַר, רעקל, אַ קליינע דאַרע פֿרוי מיט גרויסע אויגן, וואָס האָבן פֿאַרכאַפּט שיִער ניט דאָס גאַנצע פּאָנעם, און אַ זויבער ייִנגל, קורץ אָפּגעשוירן.

— איך האָב אַ טראַכט געגעבן, עפּשער צו זיי, — האָט געזאָגט דראַגאַצקי און געוויזן מיטן קאָפּ אויף מײַן זײַט. — דאָס הויז שטייט סײַווי־סײַ אַ פּוסטס. — ער האָט אוועקגעשטעלט יוסעפֿן אַ פֿלאַש.

— ווער זײַנען זיי?

— ער איז אַ דײַטש, זי — אַ ייִדישקע.

— און וואָס טוען זיי?

— ער איז אַ זייגערמאַכער, זי — אַ שנײַדערקע און דער זון — אַ גימנאַזיסט. — האָט ער אָפּגעהאַקט, ווי אַ פּיזמון.

אַ זייגערמאַכער? — בין איך פֿאַרכידעשט געוואָרן און אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אויפֿן בעזשענעץ, אויף זײַנע לאַנגע הענט, אויף זײַנע, ווי נאָדלען, דינע און שפּיציקע פֿינגער, אויף זײַן געפּענטן רעקל און אויף זײַן שניפּס, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען, ווי אַ פֿאַרשטאַרטער פּאַמפּעדיקל. — אַ זייגער־מאַכער?

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ דער רויטהאָריקער מאַנצבל. — איך בין אַ אור־מײַסטער... — האָט ער גערעדט, קוקנדיק אויף מיר, אַזאַ פֿאַרכידעשטן.

— זײַן זיידע, — האָט געזאָגט דער קאַברען, — איז אויך אַן אורמײַסטער. לעכאַיִם! — האָט ער אויסגעטרונקען מיט אַניצעטאַסן.

— דאָס איסט וווּנדערבאַר! — איז אויך דער בעזשענעץ ניספּאַעל געוואָרן.

— און איך בין אַ קאַברען, — האָט זיך פֿאָרגעשטעלט מײַן אָפּעקון.

— וואָס? וואָס?

— אײַן קאַברען, פֿאַרשטייען זי, אײַן קאַברען!

די פֿרוי האָט עפּעס־וואָס אַרײַנגעשושקעט דעם רויטהאָריקן, און אירע גרויסע שוואַרצע אויגן זײַנען נאָך גרעסער געוואָרן.

— אָ! — האָט אויסגערופֿן דער בעזשענעץ. — יאָ, יאָ... מײַן פֿראַו סאַראַ... מײַן זאָן — ווילהעלם...

— הערסט אַ מײַסע, נאָכן קײַזער אָנגערופֿן, — האָט געזאָגט דער קאַברען, שוין אַ ביסל בע־גילופֿן.

— יאָ, יאָ, — האָט געטײַנעט ווײַטער דער דײַטש. — מײַן נאָמען איסט הערמאַן... הערמאַן האַנ־צענמילער...

— דאַניעל, — האָב איך מיך פֿאָרגעשטעלט און צוגעגעבן: — ביז דער טאַטע וועט ניט קומען לעבט דאָרט.

די בעזשענצעס זײַנען געגאַנגען נאָך מיר און דעם בעגילופֿנדיקן יוסעפֿן איבערן שטעטל מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט מיט זייער אומפֿאַרשטענדלעכן לאָשן, מיט זייער זויבערער קליידונג און פֿאַריאַסעמטקײַט. זיי האָבן אָקשאָנעסדיק געשוויגן, און אין זייער שווײַגן איז געווען עפּעס פֿון דעם שווײַגן פֿון אַ מאַציווע — רעטעניש־פֿול און פֿאַטאַלס.

אין טראקטיר נאָך האָט מײַן אָפּעקון יויסעף געפּרוּווט אופּמינטערן דעם דײַטש מיט פּאַרשײ־דענע פּראַגעס, נאָר יענער האָט זיך באַגרענעצט בלויז מיט זײַנע אויסרופן „יאָ, יאָ".

— קיינער אויף דער וועלט שטעלט ניט אַזויפֿיל פֿראַגעס, ווי מיר, ייִדן, — האָט געזאָגט דער טראַקטירשטשיק. — און אַנדערש מאָל קלער איך, אַז דער אייבערשטער האָט אונדז אָפּגעשאַפֿן מיט פֿראַגעס פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, נאָר די ענטפֿערס האָט ער צוגעטיילט עמעצן אַנדערש.

— יאָ, יאָ, — איז מיט אַלץ מסכּים געווען דער בעזשענעץ און איז אַנשוויגן געוואָרן.

דעם גאַנצן וועג האָב איך געהאַט כיישעק צו שטעלן דעם בעזשענעץ נאָר איין־און־איינציקע פֿראַגע: ווער איז היטלער און פֿאַרוואָס האָבן אַלע מוירע פֿאַר אים — אוי זיי, אוי דער דאָקטער יאַכעל־סאָן? זאָל דער רויטהאָריקער ענטפֿערן. עס קאָן דאָך ניט זײַן, מע זאָל פֿאַרפֿאַלגן אַ מענטשן סטאַם אַזוי. מיט וואָס האָט זיך פֿאַרשולדיקט דער דאָקטער, דער זייגערמאַכער מיט זײַן מאָדנעם פֿאַמיליע־נאָמען, זײַן פֿרוי סאַראַ און זײַן זון ווילהעלם, וועמען מ'האָט אַ נאָמען געגעבן נאָכן קייזער.

— רעב יויסעף, פֿרעגט באַ זיי, ווער איז דאָס היטלער, — האָב איך געזאָגט בייס מיר זײַנען צוגעגאַנגען צו אונדזער שטוב. — און פֿאַרוואָס הארגעט ער אונדז?

נאָר ניט דער רויטהאָריקער הערמאַן, ניט סאַראַ מיט אירע גרויסע אויגן, ניט דאָס זונדל ווילהעלם האָבן קיין אַכט ניט געלייגט אויף דער פֿראַגע. און עפּשער האָבן זיי אַפֿילו דאָ, אין שטעטל, נאָך אַלץ געציטערט פֿאַר דעם, וועמענס נאָמען ס'האָט אָנגערופֿן מײַן אָפּעקון. די בעזשענעצס האָבן בלויז געקוקט אויף דעם בעגילופֿנדישן קאַברען, אויף זײַנע האַריקע פֿינגער, אין וועלכע ס'האָט, ווי אַ געפּאַנגענער פֿיש, זיך געצאַפּלט דער שליסל פֿון דעם הויז, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן און געוואַקסן.

אַז מיר זײַנען אַרײַן אין שטוב, האָב איך דערפֿילט, ווי פֿון ערגעץ אויבן, פֿון סופּיט, האָבן זיך אַ שאָט געגעבן אויף מײַן קאָפּ פּוך און פֿעדערן, געקלעפּט צו מײַן פּאָנעם, צו מײַנע הענט און פֿיס, צו מײַן פּלייצע און ברוסט. פֿון יעדן פֿעדערל האָט פּלוצעם אַזוי טרויעריק אַ ווייע געטאָן מיט דער באָבען, מיט אירע זידלערײַען און איר לאַסקע, אַז איך האָב געמוזט פֿאַרבײַסן די ליפּן, קעדיי זיך ניט פֿאַנאַנדערוויינען און ניט אָנרופֿן זי באַם נאָמען.

— קוואַרטירט זיך אײַן, — האָט געזאָגט יויסעף, געעפֿנט דעם קאָמאָד און אין פֿינצטערניש אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט.

— דאָרט איז קיין זאַך ניטאָ, — האָב איך געזאָגט.

— געשיר האָט איר? — האָט יויסעף געפֿרעגט באַ דער פֿרוי.

— ניין, — האָט זי געזאָגט, — מיר האָבן מער ניט מיטגענומען דאָס נייטיקסטע פֿאַר דער אַר־בעט. — די בעזשענקע האָט געוויזן אויף אַ קליין טשעמאָדאַנטשיקל, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט, ווי אַ הינטל, צו די פֿיס פֿונעם זייגערמאַכער.

— ס'מאַכט ניט אויס. זאַכן איז אַ קלייניקײַט. אַבי דער נעפֿעש, — האָט געזאָגט דער קאַב־רען. — איך, לאָמיר נעמען, האָב ס'גאַנצע לעבן אָפּגעלעבט אָן זאַכן.

— און איר זײַט גליקלעך?

— אַ טאָג יאָ, אַ טאָג ניט. אַ מענטשן טאָר מען ניט באַלעווען. גליק פֿאַרדאַרבט אַ מענטשן.

— גליק פֿאַרדאַרבט?

— נו, יאָ, — האָט אָפּגעפּאַסקנט יויסעף. — אַ גליקלעכער שפּײַט אויף אַלץ, אַפֿילו אויף גאָט.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשטימט דער רויטהאָריקער. — גאָט איסט אימער גאָט. — ער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אָפֿן וואַנטזייגער.

— ער שטייט, — האָט געזאָגט יויסעף.

דער בעזשענעץ האָט געזאָגט עפּעס־וואָס דעם ווײַב, און סאַראַ האָט איבערגעגעבן זײַנע ווער־טער דעם קאַברען.

— הערמאַנען געפֿעלט ניט, אַז אַ זייגער שטייט. אַ זייגער דאַרף גיין. אַפֿילו אין אַ פּוסטער שטוב. ער בעט באַ אײַך אַ דערלויבעניש אים צו פֿאַריכטן. דאָס, זאָגט ער, וועט זײַן זײַן ערשטע אַרבעט אויף דער נײַער ערד.

— זאָל ער פֿאַריכטן, — האָט געזאָגט דער אָפּעקון.

— זאָל ער, — האָב איך געזאָגט.

— דאַנקע שיין, — האָט געזאָגט הערמאַן.

ער איז אַרויף אָפֿן טאַבורעט און, זיך וואַרגנדיק מיט שטויב, אַראָפּגעריסן דעם זייגער פֿון דער וואַנט.

— וואַנצן! — האָט אויסער זיך אויסגעשריִען דער, וואָס איז אָנגערופֿן געוואָרן נאָכן קיי־זער. — וואַנצן! — און האָט געוויזן מיט זײַן ווײַס הענטל אויף דער וואַנט.

איך האָב געקוקט אויף די איבערגעשראָקענע וואַנצן, אויף די אויסגעבלייכטע צעריסענע טאַפּעטן און געקלערט, אַז די וואַנצן וועלן ניט גיך זיך צוגעוווינען צום פֿרעמדן לאַשן, ניט גיך וועלן זיי

אַרויסקריכן פֿון זייערע שפּאַלטן און פֿאַרזוכן פֿרעמד בלוט, און אויב זיי וועלן עס יאָ פֿאַרזוכן, וועט זיי עס מיסטאָם ניט אַזוי געפֿעלן ווערן, ווי אונדזעריקס. און נאָך האָב איך געקלערט וועגן די מײַז. אויב זיי זײַנען נאָך ניט געפּײַגערט פֿון הונגער, דאַרפֿן זיי דאַנקבאַר זײַן מיר און היטלערן — היטלערן דערפֿאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעטריבן די בעזשענצעס פֿון דײַטשלאַנד, און מיר — וואָס איך האָב זיי אַרײַנגענומען.

איך בין געשטאַנען אינמיטן שטוב און שטילערהייט געגעבן אַ שווּע דעם טאַפּטשאַן, אױף וועלכן איך בין אַזויפֿיל יאָרן געשלאָפֿן, דער פּאָדלאָגע, אױף וועלכער איך בין געגאַנגען, דעם טיש, אױף וועלכן איך האָב אַזויפֿיל מאָל געכליאָבעט דעם מוטנעם, ווי אַ פֿרילינג־טײַכל, אַרבעס־זופּ, אַפֿילע די וואַנצן הינטער די אויסגעבלייכטע צעריסענע טאַפּעטן, אַז מיר וועלן זיך נאָך אומקערן אַהער: אי איך, אי דער זיידע, אי מײַן פֿאָטער שויעל, וואָס איז פֿאַרשיקט געוואָרן פֿאַר זײַנע טרייפֿע געדאַנקען.

באַנאַכט האָב איך געזען אַ כאָלעם.

אין אונדזער שטעטל איז געקומען היטלער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אױף אַן אַעראָפּלאַן צוזאַמען מיט זײַנע סאָלדאַטן גלײַך אױפֿן מאַרק־פּלאַץ, צוגעבונדן דעם אַעראָפּלאַן צו אַ סלופּ, ווי מע בינדט צו אַ פֿערד, און זיך געלאָזן גיין איבערן מאַרק. און דאָ איז גראָד אַ מאַרק־טאָג, באַ די פֿורן איז אַ געדרענג פֿון ווײַבער, זיי דינגען זיך, פּילדערן און זידלען זיך.

— קאַרפּן! פֿרישע קאַרפּן! — שרײַט די פֿיש־הענדלערקע שיינע־דוווירע. — קויפֿט קאַרפּן! קויפֿט, האַרעלע! — ווענדט זי זיך צו היטלערן און שלעפּט אַרויס פֿון קאָרב אַ פֿעטן גליטשיקן קאַרפּ.

נאָר היטלער זאָגט איר:

— וואָן, פֿאַרפֿלוכטע, פֿון מאַרק! וואָן!

פֿאַרטריבן דעם מאַרק און זיך געזעצט אױפֿן בעסוילעם. גייט ער צו צו יויסעפֿן, וואָס האַלט גראָד אין אויסהאַקן די פֿאַמיליע פֿון מײַן ערשטן לערער אױפֿן שטיין, און זאָגט:

— אַלעמען פֿון שטעטל האָב איך שוין פֿאַרטריבן. פֿאַרוואָס טראָגסטו זיך ניט אָפּ, פֿאַרפֿלוכטער יודע?

— איך און דאַניעל היטן די טויטע, — ענטפֿערט יויסעף.

— איך וועל די טויטע אויך פֿאַרטרײַבן, — זאָגט היטלער.

— טויטע קאָן קיינער ניט פֿאַרטרײַבן, — ענטפֿערט יויסעף.

— און איך קאָן! היי, סאָלדאַטן! איך באַפֿעל אַרויסטרײַבן אַלע טויטע!

— יאַ, יאַ, — ענטפֿערן אים די סאָלדאַטן, וואַרפֿן זיך צו די קוואָרים, רוקן מיט אײַזנס אַראָפּ די מאַצייוועס, גראָבן אויס די קוואָרים און שרײַען:

— וואָן, פֿאַרפֿלוכטע! וואָן!

און די טויטע לויפֿן פֿון בעסוילעם, שפּרינגען איבער די אָפּגעדרוקטע מאַצייוועס, שטרויכלען, פֿאַלן, הייבן זיך אױף און לויפֿן ווּהין די אויגן טראָגן, צום טײַך, צום וואַלד, און די סאָלדאַטן גייען אויס מיט שיקערע געשרייען:

— וואָן, פֿאַרפֿלוכטע! וואָן!

אָט לויפֿט יאָכעלסאָנס שווער, דער אַלטער לעווין, און דער ווינט צעפּאַטלט זײַן שיינע האָדערעס־פּאָנעמדיקע באָרד און די האָר שווימען אין דער לופֿטן, דינע, גראָווע, ווי שפּינוועבס אָנהייב אָסיען.

אָט לויפֿט מײַן ערשטער לערער רעב אַרן, וואָס האָט פֿאַרגעסן אי די פֿאַריקמאַכערסקע, אי זײַן געליימטקײַט, אי די וואָנציקע ראָכל.

אָט איז אויך די באָבע. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אױף מײַן זײַט און אויסגערופֿן:

— וואָס וואַרטסטו, דאַנילקע! כאַפּ די קאַץ און לויף!

— שטייט, שטייט! — שרײַט מײַן אָפּעקון, דער קאַברען יויסעף. נאָר די טויטע פֿאָלגן אים ניט, זיי לויפֿן און לויפֿן, און איך כאַפּ זיך אױף אין קאַלטן שווייס און וויין, און מײַן געוויין פֿאַרטויבט דעם פֿרימאָרגן און דעם פֿויגלשן געשריי הינטערן פֿענצטער.

אינמיטן זומער האָט מײַן אָפּעקון געבראַכט אױפֿן בעסוילעם העניך ראַפּאָפּאָרטן, דעם לערער פֿון דער שטעטלשער שול, אַ קרענקלעכן אויסגעצערטן מענטשן אין אַן אָפּגעריבן רעקל, אַ דורכגעווייקטן מיט שימל און קרײַד. אַ קליינטשינקע צעקנייטשטע יאַרמעלקע האָט צוגעדעקט זײַן קאָפּ, וואָס איז געווען פֿאַרוואַקסן מיט פּאַטלעס און טוירע. געווען איז ראַפּאָפּאָרט אַלט אַ יאָר פֿופֿציק, נאָר אויסגעזען האָט ער, ווי יעדער סוכאָטניק און טוירע־מענטש, אַ סאַך עלטער.

— רעב העניך וועט דיך לערנען שרײַבן, לייענען און רעכענען, — האָט געזאָגט יויסעף. — אין אַ יאָר אַרום וועט דיר ווערן דרײַצן. דו וועסט ווערן אַ פֿאָלנער ייִד, אַליין שוין זײַן פֿאַראַנט־

וואַרטלעך פאַר דײַנע מײַסים. איז קעדיי דו זאָלסט ניט מאַכן צופּיל זינד, דאַרפסטו זיך לערנען און פאַנאַנדערקלײַבן.

— לערנען דאַרף מען, ניט קעדיי צו מאַכן ווייניקער זינד, נאָר קעדיי זיך אַרויסצודרייען און זען וואָס ווייניקער צאָלן פאַר זיי, — האָט דערקלערט ראַפּאַפּאָרט און צוגעגעבן: — אויב אײַך איז ניכע, וועלן מיר לערנען אויף דער פרײַער לופט.

— גוט, — האָט געזאָגט יויסעף, — לערנט, רעבע, געזונטערהייט.

— געזונטערהייט? — האָט אַ ביטערן שמייכל געגעבן העניך. — מײַנע לונגען זײַנען, ווי אַ רעשעטע. לאָזן דורך אַלץ, כוץ די כאַלאַנעס. איז פון וואָס וועלן מיר אָנהייבן, ייִנגל?

— איך ווייס ניט.

— קודעמקאָל וועל איך אָפּשנײַדן אַ רוט, — האָט געזאָגט העניך און מיט זײַן פּוילבלעך גענגל אַוועק צו די קוסטעס.

— מיר האָבן דאָך אָפּגערעדט, רעבע, — איז געוואָרן אומרויִק מײַן אָפּעקון.

— אָפּגערעדט איז אָפּגערעדט. נאָר ס'קאָן געמאָלט זײַן, אַז מ'וועט אים דאַרפן ווען־ניט־ווען אַ שמײַס טאָן.

ראַפּאַפּאָרט האָט אָפּגעבראָכן אַ רוט און פּלוצעם זיך מוידע געווען:

— מיך האָט מען אין דער קינדהײַט געשמיסן יעדן טאָג. אַז מע שמײַסט, איז עס לעטויווע פון דעם, וועמען מע שמײַסט. גייט, רעבע יויסעף, און זײַט רויִק. אומזיסט־אומנישט וועל איך דאָס ייִנגל ניט טשעפּען.

— איך וועל זיך ניט לאָזן, — מיך האָט געטרייסלט פון פאַרדראָס, — איך וועל אויך אָפּ־שנײַדן אַ רוט.

— דאָס ייִנגל געפעלט מיר, — האָט געזאָגט העניך, — נו, שנײַד אָפּ, איך וועל וואַרטן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קיווער, וואָס איז געווען פאַרוואַקסן מיט גראָז און אָנ־געהויבן מיט אַ מעסערל אָפּצורייניקן די רוט.

— נו?

איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט.

— דאַנילקע האָט געמאַכט קאַטאָוועס, — האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר מײַן אָפּעקון יויסעף.

— אַ שאָד, — האָט געזאָגט ראַפּאַפּאָרט, — אַ שאָד.

ער האָט אויף אַ ווײַלע אַראָפּגענומען זײַן יאַרמעלקע, אויסשטעלנדיק אָפן ווינט זײַן קאָפּ, פול מיט פּאַטלעס און טוירע, טיף אַרײַנגעעטעמט אין זײַנע לעכערדיקע לונגען לופט און זיך פאַרמאָסטן מיט זײַן רוט אויף אַ קראָ, וואָס האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר עגבערנדיקע אויגן.

— גאָט איז מיט אײַך, רעבע, — האָט דערשראָקן געזאָגט דער קאַברען. — פאַרוואָס קומט אים שמײַסן?

— פאַרוואָס? — ראַפּאַפּאָרט האָט זיך פאַרקלערט און אַרויסגעבראַכט: — נו, כאָטשבי פאַר זײַן פאָטער... פאַר שויעלן...

— פאַר מײַן פאָטער? — איך האָב שוין כאַראָטע געהאַט, וואָס איך האָב אויך ניט אָפּגע־שניטן אַ רוט. — וואָס האָט איר אים געטאָן?

— אַראָפּגעפירט אים פון דערעך־האַיאָשער. אויסגעלערנט אים לייענען און שרײַבן.

ראַפּאַפּאָרט איז אופגעשטאַנען און ווידער זיך פאַרמאָסטן אויף אַ קראָ, נאָר יענע איז געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי זי וואָלט כויזעק געמאַכט פון אים פאַר זײַן מאַכטלאָזיקײַט.

— לערער דאַרף מען יאָגן פון די שטיבער, הינט אָנרייצן אויף זיי, ווײַל זיי גיבן מענטשן ניט פרייד, נאָר ספּייקעס. ביטער, אוי ווי ביטער איז דער האָניק פון וויסן!.. אויב דו ווילסט, ייִנגל, טויעם זײַן פון אָט דעם האָניק — לאָמיר אָנהייבן. מירן אָנהייבן פון רעכענען. דער איקער אין לעבן איז קאָנען רעכענען. וויפל איז צוויי מאָל צוויי?

— איך ווייס ניט.

— דו וועסט קיינמאָל ניט ווערן אַ ראָטשילד. ראָטשילד האָט שוין אין דער מאַמעס בויך גע־וווּסט: צוויי מאָל צוויי — דאָס זײַנען פיר מינצן. נאָר וואָס רייד איך דיר וועגן אים. דו האָסט גאָר מיסטאָמע קיינמאָל ניט געהערט פון אים?

— ניט געהערט.

— דאַרף מען ניט, — האָט געזאָגט ראַפּאַפּאָרט, — אָבער טאָמער וועט זיך דיר פאַרוועלן ווערן אַ נאָגיד?

— איך וויל ווערן אַ פויגל, — האָב איך פּרעך געזאָגט.

— אויסגעצייכנט. איך, לעמאָשל, האָב אין דער קינדהײַט געכאָלעמט צו ווערן אַ מײַזל. יאָ, יאָ, אַ מײַזל... און דאָס אַלץ דערפאַר, וואָס מיך האָט מען יעדן טאָג געשלאָגן. און ניט אָפן הינטן, נאָר אויף דער פּלייצע. מיט אַ וואַלגערהאָלץ, מיט אַ קאָטשערע, מיט קולעקעס. מיט וואָס ס'האָט זיך

געמאכט. ווען איך וואָלט געווען אַ מײַזל, וואָלט דער שטיף־פֿאָטער מיר ניט אָפּגעשלאָגן די לונגען און איך וואָלט ניט געשפּיִען מיט בלוט. האָסט מיסטאָם געזען, וואָס פֿאַר אַ קליינטשינקע פּלייצע האָט אַ מײַזל. קלענער פֿון מײַן יאַרמעלקע.

— געזען.

— מאָלאָדעץ! — ראַפּאָפּאָרט האָט זיך פֿאַרהוסט, אויסגעשפּיִען און לאַנג געקוקט אויפֿן ראָזלעכן שפּײַ אויף דעם גראָז.

פֿון ערגעץ־ווּ דורך עפּעס אַ לאָך אין צאַם איז אויפֿן בעסוילעם אַרײַן אַ קו. זי האָט געצופּט מיט די ליפּן דאָס גראָז צווישן די קבֿרים. איר שווערער אײַטער האָט זיך געשאָקלט און די סאָס־קעס זײַנען ענלעך געווען אויף אָנגעקוואָלענע קנאָספּן.

— לאָז זי זיך פּיטערן, — האָט געזאָגט ראַפּאָפּאָרט, איבערכאַפּנדיק מײַן אומצופֿרידענעם בליק.

— און דערנאָך ראַמען נאָך איר אירע קנײדלעך, — האָב איך געזאָגט.

איך האָב פֿאַרטריבן די קו און צוריקגעקומען צו הענעכן, וואָס האָט נאָך אַלץ באַטראַכט זײַן שפּײַ אויפֿן גראָז.

— וועמענס מאַצייווע איז די גרעסטע אויפֿן בעסוילעם? — האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ראַפּאָפּאָרט.

— דעם אַלטן ראָווס.

— טאָ קום אַהין.

מיר זײַנען פּאַמעלעך אַוועק צום קייווער פֿונעם אַלטן ראָוו. ראַפּאָפּאָרט איז געגאַנגען פֿאָרויס, און איך האָב געקוקט אויף זײַן פּלייצע און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דורך זײַן אָפּגעטראָגן רעקל זע איך באַשײַמפּערלעך די רויטע פּאַסן פֿון וואַלגערהעלצער און קאַטשערעס.

— גוט, — האָט געזאָגט הענעך, באַקוקנדיק די מאַצייווע, — קימאַט ווי אַ שול־טאָוול.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע אַ קרײַדל און עפּעס־וואָס אָנגעשריבן אויפֿן שטיין.

— אָט דאָס איז דײַן נאָמען, דאַנילקע! קוק און פֿאַרגעדענק!

איך האָב זיך אײַנגעגעסן אין די גרויסע אויסיִעס.

— מאָרגן וועסטו עס אַליין הונדערט מאָל אָנשרײַבן. און איצטער מעק איך עס אָפּ.

הענעך האָט אָפּגעריסן גראָז, אָפּגעמעקט די אויפֿשריפֿט פֿון דער מאַצייווע און געזאָגט:

— אויף הײַנט איז גענוג.

דעם אַלעפֿבייס האָב איך גיך בײַגעקומען, אָבער מיט רעכענען איז עס געגאַנגען שלעכט. ער האָט זיך לאַנג געמאַטערט מיט מיר, ביז איך בין דערגאַנגען דעם סייכל פֿון צאָל, וואָס פֿון איר, ווי ער האָט אַליין געזאָגט, הענגט אָפּ אַלץ: נאַר און קלוג, רײַך און אָרעם.

— אָט אויף יענעם צווײַגל זיצן צוויי קראָען, — האָט געזאָגט ראַפּאָפּאָרט. — אויב צו זיי וועלן צוקומען נאָך צוויי, וויפֿל קראָען וועלן דאַן זײַן אויף דער צווײַג?

— צוויי, — האָב איך טײקעף געענטפֿערט.

— אײַל זיך ניט, באַקלער.

— צוויי.

— פֿאַרוואָס?

— ווײַל יענע צוויי, וואָס זיצן איצטער, וועלן אָדער זיי פֿאַרטרײַבן, אָדער אַליין אַוועקפֿליִען.

— מ־מ־מ־מ־יאָ, — האָט ראַפּאָפּאָרט געקראַצט די פּאָטיליצע, — לאָמיר נעמען אַן אַנדער מאָשל. אין יענער ריי ליגן זעקס קבֿרים. אויב מיר וועלן צוויי אָפּנעמען, וויפֿל וועט בלײַבן?

— אַלע וועלן בלײַבן.

— ניט עמעס.

— עמעס. קבֿרים טאָר מען ניט טשעפּען.

— אַ, גאָט, — האָט געשוויצט הענעך ראַפּאָפּאָרט, — איך לייג דען פֿאַר זיי צו טשעפּען? איך לייג פֿאַר אָפּנעמען.

צום סאָף זומער איז ראַפּאָפּאָרטן פֿאָרט געלונגען מיר אַרײַנצוהאַקן אין מויעך, אַז אַלע זאַכן אויף דער וועלט קאָן מען צוזאַמענלייגן אָדער אָפּנעמען, ניט רירנדיק זיי פֿון אָרט, און איך האָב אָנגעהויבן צוזאַמענלייגן אַלץ, וואָס איך האָב געזען.

ערשטנס, האָב איך צוזאַמענגעלייגט אַלע קבֿרים פֿון בעסוילעם; מיט די גאָר אַלטע האָב איך באַקומען צוואַנציק מאָל צו הונדערט, דערנאָך האָב איך געציילט די קראָען אויף די צווײַגן און עפּעס האָט זיך באַקומען, אַז ס'איז אויך צוואַנציק מאָל צו הונדערט, נאָר דאָ בין איך ניט געווען אײַנגאַנצן זיכער, מאַכמעס קראָען זײַנען סטראַשנע ענלעך איינע אויף דער צווייטער און איך האָב גע־קאָנט זיך טויע זײַן.

אז ס'איז געקומען די צײַט אָפּצורעכענען זיך מיט אים, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט בא אים:

— דערלויבט מיר, רעבע, אײַך צו שטעלן א פראגע.

— נו.

— איר ווייסט מיסטאמע, פארוואָס האָט מען ארײַנגעזעצט מײַן פאָטער?

— אומגעפער.

— קיינער וויל מיר ניט זאָגן דעם עמעס, — האָב איך זיך געקלאָגט.

— דעם עמעס ווייסט קיינער ניט, — האָט געענטפערט ראַפּאַפּאָרט, — אָדער וויל ניט וויסן.

— וועגן מײַן טאַטן?

— וועגן אלץ אין דער וועלט, — האָט געזאָגט ראַפּאַפּאָרט. — ווײַל דער עמעס, זאָלסטו וויסן זײַן, ברענגט ארײַן טרויער.

— פארוואָס זשע האָט מען אים אוועקגעזעצט?

— פארשטייסטו מיך, דײַן טאַטע האָט געוואָלט מאכן א נעס.

— וואָס פאר א נעס?

— ענדערן די וועלט־אָרדענונג. ניט מער און ניט ווייניקער.

— וואָס איז דאָס וועלט־אָרדענונג?

— וועלט־אָרדענונג? — ראַפּאַפּאָרט האָט אָפּגעשפּיליעט דאָס רעקל, — וועלט־אָרדענונג דאָס איז קוידעמקאָל פּאָליציי.

— מײַן טאַטע האָט געוואָלט, ס'זאָלן זײַן אנדערע פּאָליציאַנטן?

— אומגעפער אזוי...

— גוטע...

— גוטע פּאָליציאַנטן זײַנען ניטאָ. — הענעך האָט א קראַץ געטאָן זײַן דאַרן, ווי א שטאָקעטניק, גוף. — אז דײַן טאַטע וועט קומען, וועט ער דיר אליין אלץ זאָגן. נאָר זאָג אים ניט, אז דו ווילסט ווערן א פויגל.

— פארוואָס?

— וואָס איז א פויגל אנטקעגן א פּאָליציאַנט? צוויי נעבעכדיקע פליגלען און מער גאָרנישט. דיר האָט גאָט געגעבן פארנונפט. נעקסטן זומער, מירצעשעם, וועלן מיר דיך אָפּנעמען פארנעמען מיט לערנען. איך וועל דיך צוגרייטן, זאָלסט קענען אָנקומען אין שקאָלע. אלע מײַנע ביז איצטיקע טאַלמידים זײַנען געווען בעהיימעס. געוואָלט ווערן קרעמער, מעקלער, הענדלער. קיינעם פון זיי איז ניט אויפגעקומען דער ווילן אויפצוהייבן זיך אין דער הייך, שוועבן אונטער די הימלען. אויב איך וועל לעבן, וועל איך אומבאדינגט קומען אהער צו דיר. גאָט מײַן פאָטער, ווי גוט דאָ איז! כ'האָב גאָר קיינמאָל ניט געטראכט... אזא לופט! אזויווי אין דער שווייץ!.. ס'איז דאָ אזא לאַנד — שווייץ.

— רעבע, איר זײַט דאָרט געווען?

— איך, ליבער פרײַנט, בין אומעטום געווען. אין געדאנקען, פארשטייט זיך. דאכט זיך, ס'קלײַבט זיך אָף א רעגן. — ראַפּאַפּאָרט האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, וואָס איז געווען פארדעקט מיט שווערע, שוין ניט זומערדיקע וואָלקנס און געזאָגט: — אז גאָט גיט רעגן, וועט ער געבן א דאך אויך.

— וויפל קומען מיר אײַך, רעבע? — האָט געפרעגט יויסעף, אז מיר זײַנען ארײַן פון רעגן אין שטוב.

— גאָרניט, — האָט געענטפערט הענעך. — אײַער לופט איז טײַערער פון געלט.

— לופט איז לופט, און געלט איז געלט, — האָט געזאָגט דער קאַברען און ארויסגעלייגט א זשמעניע זילבערנע מינצן.

— איך קוק אין פענצטער און טראכט: צו וואָס פאר א רוען דאַרפן זיי אָט די סאָסנעס, אָט די בלומען, וואָס שמעקן ווי האָניק, אָט דאָס ווייכע און לאַסקעווע גראָז?

— ווער זיי?

— די טויטע. — האָט געזאָגט ראַפּאַפּאָרט. — פארוואָס האָט גאָט געוואָרפן אזא אומכיין אָף די לעבעדיקע? פארוואָס האָט ער אונדז ארײַנגעיאָגט אין די דושנע נאָרעס, באזעצט אונדז אין דעם איימעק־האַבאָכאָ? ווער האָט עס אונדז ארײַנגעלייגט אין סייכל, מיר זאָלן מיט פינף טויזנט יאָר צוריק אראָפּגיין פון דיביימער אָף דער ערד? וואָס האָבן מיר דאָ געפונען?

ס'האָט זיך געדאכט, אז ראַפּאַפּאָרט רעדט ניט צו אונדז, נאָר צום לאַנגזאַמען רעגן, און דער רעגן האָט אים געהערט, ניט איבערשלאָגנדיק אים, ווי דאָס וואָלט גערעדט גאָט אליין.

— די לעצטע צײַט קלער איך אלץ, אז מיר דאַרפן זיך אומקערן צוריק.

— ווהין? — האָט אַרויסגעשעפּטשעט דער קאַברען.
— אַהין. — ראַפּאַפּאָרט האָט געוויזן אױף די שפּיצן סאַסנעס.

אין אַ כּוידעש אַרום האָט ראַפּאַפּאָרט זיך אױפגעהאַנגען אױף אַ צווײַג פון אַ בעריאָזע.
אַזוי איז ער שטעקן געבליבן אַפן האַלבן וועג צווישן דער ערד און די ביימער, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט זיך אומצוקערן.
נאָך העניעכס לעווײַע — און באַגראָבן האָט מען אים ניט ווי מע באַגראָבט אַלעמען, נאָר הינ־טערן צאַם — האָב איך לאַנג ניט געקאָנט קומען צו־זיך. אין קאָפּ האָבן געווירבלט ניט־קלאָרע גע־דאַנקען, וואָס האָבן מיך ניט געלאָזט צורו. באַזונדערס האָט מיך געפּלאָגט איין געדאַנק, און אַז מײַן אָפּעקון, יויסעף האָט עס דערהערט, איז ער אַזש בלייך געוואָרן פון צאָרן.
— אַריבערטראָגן ראַפּאַפּאָרטן אַפן בעסוילעם? ביסט מעשוגע, צי כּאַסער־דייע?
עפּשער בין איך טאַקע כּאַסער־דייע, נאָר פאַרוואָס האָט מען דעם גאַנעוו וועלוועלע יעזערסקי געקאָנט אַוועקלייגן נעבן דעם אַלטן ראָוו און דער לערער ראַפּאַפּאָרט דאַרף ליגן צוזאַמען מיטן שטאָט־מעשוגענעם אַבע זינגער הינטערן צאַם?
— ער האָט זיך אַליין געהאַרגעט, — איז אויסער זיך געווען דער קאַברען.
— איז ווער זשע האָט אים געדאַרפט האַרגענען?
— דער ריבוינעשעלוילעם! — האָט זיך געקאָכט יויסעף. — נאָר ער האָט דאָס רעכט.
— און פאַרוואָס האָט מען דעם שטאָט־מעשוגענעם אַבע באַגראָבן הינטערן צאַם? אים האָט דאָך גאָט געהאַרגעט.
— דער אייבערשטער דאַרף טײַטן אי דאָס גאַשמיִעס, אי דאָס רוכניעס, און אַבע האָט זײַן רוכניעס אַליין געפּאַטערט. — האָט זיך געפּלאָנטערט דער קאַברען.
די דאָזיקע דערקלערונג האָט נאָך מער צערודערט מײַן נעשאָמע, און דאָ האָט זיך מײַנע פוקס אונטערגעגאַנוועט דער האַרבסט, ס׳זײַנען געפאַלן די בלעטער פון די ביימער, די קראָען האָבן געקאַרקעט אַזוי, אַז מ׳האָט געקאָנט טויב ווערן, און מײַן אָפּעקון יויסעף איז געוואָרן פינצטער, ווי אַ וואָלקן, ווײַל דער אָסיען האָט, כאָטש נײַע טויטע, קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט.
גאַנצענע טעג האָבן מיר געברענט די אָראָפּגעפאַלענע בלעטער.
איך האָב געקוקט אַפן בלוילעכן פײַער און געקלערט, ווי ווערט מען פּאַטער פון מײַנע גע־דאַנקען. ס׳וואָלט געווען גוט, ווען מע קאָן זיי צוזאַמענשאַרן ווי בלעטער און אָנצינדן זיי. זאָלן זיי אויסגיין מיט פײַער. נאָר די געדאַנקען זײַנען אָנגעוואַקסן אין קאָפּ, ווי נײַע בלעטער אױף אַ בוים. פאַרברענט איינע, וועלן אין פרילינג אויסוואַקסן אַנדערע, נאָך ערגערע, ווי פריִער.
פרײַטיק פלעגן מיר, איך און מײַן אָפּעקון יויסעף, גיין אין באָד אַפן אַנדערן עק שטעטל. קוידעמקאָל פלעגט דער קאַברען וואַשן זײַן הילצערנעם פוס. ער פלעגט אים באַגיסן מיט זודיקן וואַסער, אָפּקראַצן מיט די נעגל פון אים די בלאָטע און אַרויסטראָגן אים אין פּאַדערשטיבל. דערנאָך פלעגט ער זיך וואַשן, שמײַסן מיטן בעזעם און זינגען אַ מאָדנע לידל, וואָס איז באַשטאַנען פון איין שורע:
— אָ, מײַן ליבער אַוגוסטין, אַוגוסטין, אַוגוסטין!
שפּעטער האָט מיך דער קאַברען געשיקט אַהיים, שטענדיק מיט איין און דעם זעלבן אָנזאָג:
— פאַרגעס ניט אונטערוועגס אַרײַנגיין נאָך ביר.
געוויינלעך פלעג איך גיין צו דראַגאַצקיס טראַקטיר ניט מיט דער גאַס, נאָר פאַרקירצנדיק דעם וועג, דורך די גערטנער. נאָר דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן צו גיין מיט דער גאַס פאַרבײַ אונדזער שטוב, קעדיי כאָטש פונדערווײַטנס וואַרפן אַ בליק אױף דער נידעריקער טיר, אױף דעם זיידנס פענצטער. יעדעס מאָל האָב איך מיט עפּעס אַן אָמרו געוואַרט, צי האָט זיך ניט באַוויזן אַפן פענצטער אַ ציפערבלאַט, אָנגעמאָלט דורך אַנופּראַסן, און געקלערט, אַז מיר וועט דאַן אויסקומען צו וואַרפן אַ שטיין אין ציפערבלאַט. אָבער ניט קיין שילדל „זייגערמאַכער פון דײַטשלאַנד״, ניט קיין ציפערבלאַט איז ניט געווען.
— דאַנילקע! — האָב איך דערהערט פּלוצעם סאַרעס שטים. — וואַרט אַ ביסל!
כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט.
— דאָ איז געווען עפּעס אַ מאַנצבל, — האָט די בעזשענקע זיך צערעדט, — ער האָט געזוכט די אַלטע, אָדער דעם אַלטן...
די פינגער האָבן זיך בײַ מיר אויסגעגלײַכט, איך האָב דערהערט דעם קלאַנג פון דער פלאַש, וואָס צעברעכט זיך, און זיך געלאָזט לויפן.
איך בין אַרײַנגעלאָפן אין הילצערנעם בעסוילעם־טויער און זיך אַרומגעקוקט.

אזוי איז עס טאַקע געווען: דאָרט אויף בערגל, ווו עס האָט געראַנשט מיט אירע בלעטער אַן אַלטע, אַנגעזאָפּטע מיט לעבנס־כּאָכמע, סאָסנע, וואָס פון איר שפּיץ האָט מען געקאָנט זען דעם מאַרק מיט די פויערישע פורן און מיט די אייביקע ווײַבער, וואָס נישטערן אַרום נאָך ביליקע בול־בעס און אייער, — דאָרט איז געשטאַנען א מיטלוווקסיקער מאַנצבל אין א גרויען מאַנטל און אַן א היטל. דער אָסיענדיקער ווינט האָט געפּאַטלט זײַנע קורצע און האַרטע האָר.

איך האָב מיך אײַנגעקלאַמערט מיט די פינגער אין דער גאַנץ געבליבענער פּלאַש, צוגעגאַנגען צו דער באָבעס קייווער און געזאָגט:

— אויפן בעסוילעם אַן א היטל טאָר מען ניט.

דער מאַנצבל האָט זיך אויסגעדרייט, צוגעגאַנגען צו מיר און אַרומגענומען. איך האָב גע־קוועטשט מיט די גאַנצע קויכעס די פּלאַש און זיך געכידעשט, פון וואָס פאַר א שטאַרק גלאָז זי איז.

— גאָט מײַנער, ווי דו ביסט אויסגעוואַקסן! — האָט געזאָגט דער מאַנצבל.

— איך וועל ברענגען א היטל. מע טאָר ניט שטיין אָן א היטל איבער א קייווער.

— נאַרישקײַטן, — האָט דער מאַנצבל געזאָגט, — און ווו איז דער זיידע? איך האָב ניט גע־פונען זײַן קייווער.

— דער זיידע איז אין מוישעוו־זקיינים, — האָב איך געזאָגט, — ער האָט געוואָלט קומען צו דיר אין טורמע, איז ער מאַסקים געווען צו פאָרן אין מוישעוו־זקיינים.

— ניט געטאָרט עס טאָן.

— און איך מיט דער באָבען האָבן געפירט אין טורמע א גאַנדז. נאָר זי איז טוכלע געוואָרן.

— שוין לאַנג איז זי געשטאָרבן? — האָט געפרעגט דער מאַנצבל און א קוק געטאָן אויפן קייווער.

— שוין באַלד דרײַ יאָר, — האָב איך געענטפערט. — זי האָט געוואָלט דיר א שפּײַ טאָן אין פּאָנעם, אָבער גלייב איר ניט.

— איך גלייב טאַקע ניט.

— יויסעף גייט, — האָב איך געזאָגט, — ער וועט אין קאַס ווערן, אַז ער וועט דיך זען אָן א היטל.

דער קאַברען איז געגאַנגען איבערן בעסוילעם און זײַן אויסגעוואַשענער הילצערנער פוס האָט געצויגן צו זיך די אַראָפּגעפאַלענע נאַסע בלעטער, וואָס האָבן געקלעפּט זיך צו אים, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען א גרויסע צו אָסיען־צײַט פאַריאָסעמטע צווײַג.

ביז טיף אין דער נאַכט אַרײַן האָט יויסעף דערציילט מײַן פאָטער שויעלן, ווי מיר האָבן גע־לעבט, וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינלעכע פּעיִקײַטן איך האָב, געוויזן דעם פידל, וואָס די דאָקטערשע האָט מיר געשענקט, געריימט זיך מיט דער ברישקע און מיטן נײַעם פערד, אויסגערעכנט אַלע שטעטלשע מענטשן, וואָס זײַנען פאַר דער צײַט געשטאָרבן. מײַן פאָטער שויעל האָט זיך צוגעהערט, ווי עס פּאַסט פאַר א גאַסט, מיט גרויס דערעכערעץ, געגעצנדיק צוביסלעך אין זײַן מיט האָר פאַר־וואַקסענער האַנט און קוקנדיק פון מאָל צו מאָל אויף זײַן אויסערגעוויינלעך פּעיִקן זון.

— ווען ניט די אַמניסטיע, וואָלט איך נאָך צוויי יאָר געדאַרפט פינצטערן, — האָט געזאָגט מײַן פאָטער.

סאָפּקאָלסאָף האָט יויסעף אויסגעשפּרייט זײַן פּעלצל אויפן דיל, זיך אָנגעקלייגט און אַנשוויגן געוואָרן. מיר האָבן זיך געלייגט אויף דער ברייטער האַרטער בעט — איך בײַ דער וואַנט, דער טאַטע באַם ברעג.

הינטערן פענצטער האָט געוואָיעט דער ווינט, אַרײַנגעדרונגען דורך די שפּאַלטן פון דער כאַ־טע און דורכגעבלאָזן זי, ווי א דודקע. דער פאָטער האָט מיך אַרומגענומען און איז אײַנגעשלאָפן, און איך בין געלעגן און געקלערט וועגן אים, וועגן ווינט, וועגן קאַברען און וועגן מײַן מעלאַמעד, וואָס האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

— שלאָף, — האָט זיך אין דער פינצטערניש דערהערט דעם קאַברענס באַס.

— און פאַרוואָס שלאָפט איר ניט? — האָב איך אַרויסגעשעפּטשעט.

— איך טראַכט.

— וועגן וואָס?

— וועגן דיר... וועגן זיך... — האָט מיט א דומפּער שטים געזאָגט יויסעף. — איכ'ל שטאַרבן, אַז איר וועט אַוועקגיין...

— מיר וועלן ניט אַוועקגיין, — האָב איך ווידער אַרויסגעשעפּטשעט, צוהערנדיק זיך, ווי דער פאָטער כראָפּעט. שוין זשע האָט ער ניט געקאָנט אויסשלאָפן זיך פאַר די צען יאָר!

— שלאָף! — האָט באַפוילן יויסעף. — אַניט וועלן מיר נאָך אויפוועקן דײַן פאָטער.

— און ער איז טאַקע מײַן פאָטער?

— ווי דען, ווי דען.

— אויב ער איז מײַן פֿאָטער, טאָ פֿאַרוואָס כראָפּעט ער אַזוי?
הינטערן פֿענצטער אויף אַ בוים האָט זיך צעקאַרקעט די ערשטע קראָ.
— שוין קאַיאָר, — האָט געזאָגט יויסעף.
מײַן פֿאָטער האָט זיך קיין ריר ניט געגעבן. ער האָט ניט געהערט, ווי ס'האָט אַ קאַרקע געגעבן די ערשטע קראָ, ווי דער קאַברען האָט זיך שווער אויפֿגעהויבן און געטאַנצט אויף איין פֿוס.
— איך האָב צו דיר, דאַנילקע, אַ ביטע. זאָג צו, אַז דו וועסט זי אויספֿילן.
— איך זאָג צו.
— אַז איך וועל שטאַרבן, באַגראָבט מיך מיט מײַן קוליע, — ער האָט צוגעשפּיליעט זײַן הילצערנעם פֿוס און צוגעגעבן: — ווי־ניט־ווי האָב איך אָפּגעשפּאַנט אויף איר איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט.
אויף דער בעט האָט זיך אַ קערעווע געטאָן מײַן פֿאָטער. ער האָט געעפֿנט די אויגן און געזאָגט:
— ס'איז גוט זיך אויפֿצוכאַפּן אויף דער פֿרײַ.
איך האָב אָפּן הויף געגאָסן אים וואַסער פֿון עמער, און ער האָט זיך געוואַשן.
— וואָס קלײַבסטו זיך צו טאָן, שויעל? — האָט געפֿרעגט דער קאַברען.
— איך ווייס ניט.
— ס'וואָלט ניט געווען קיין אוילע, זאָלסט צונעמען דעם אַלטן פֿון מוישעוו־זקיינים.
— אַוודאי.
— און וואָס וועט זײַן... מיט די בעזשענצעס? — האָב איך געפֿרעגט, — מע קען דאָך זיי ניט אַרויסוואַרפֿן אויף דער גאַס.

דער טאַטע האָט זיך שוין געקליבן אין שטאָט, נאָר דאָ איז געקומען אָפּן בעסוילעם סטאַסיס. ער איז נאָך פֿריִער געקומען פֿון טורמע. איך האָב אים ניט איין מאָל געטראָפֿן מיט פֿראַנאַסן, ווען איך האָב געפֿירט דאָס פֿערד אָפּן טײַך, אָדער לעבן דער מעבל־פֿאַבריק.
דער סטאָליער סטאַסיס האָט אַרויסגערופֿן מײַן טאַטן פֿון שטוב און זיי האָבן זיך לאַנג געשעפּטשעט הינטערן פֿענצטער.
— פֿאַרשטייסט, סטאַסיס, איך האָב געוואָלט צופֿאָרן צו מײַן אַלטן אין מוישעוו־זקיינים, — האָט געזאָגט מײַן פֿאָטער.
— צײַט איז דאָ. פֿאָר צו, — האָט געזאָגט דער סטאָליער.
— איך האָב געוואָלט אים ביכלאַל צונעמען פֿון דאָרטן, — האָט געזאָגט מײַן פֿאָטער. — איצט וועט מען דאַרפֿן אָפּוואַרטן.
— מע קאָן גאָרניט מאַכן. מיר אַלע דאַרפֿן ברענגען קאָרבאָנעס. ביז מאָנטיק דאַרף איך געבן די כאַווירים אַן ענטפֿער.
— איך בין מאַסקים.
— ביז מ'וועט צוגרייטן די דאָקומענטן, ביז וואָס־ווען, וועט פֿאַרגיין אַ כוידעש. — האָט געזאָגט סטאַסיס.
זיי זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען.
איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, וועגן וואָס פֿאַר אַ קאָרבאָנעס זיי ריידן, נאָר איינס איז מיר קלאָר געווען: מײַן פֿאָטער וועט שוין אין שטאָט ניט פֿאָרן. איך האָב עס אים טאַקע געזאָגט.
— וועסט ניט פֿאָרן צום זיידן?
— מירן ביידע פֿאָרן, — נאָר אין זײַן שטים איז ניט געווען קיין פֿרייד.
דער מוישעוו־זקיינים איז געשטאַנען אין אַן אַלטן פֿאַרלאָזטן פּאַרק הינטער דער שטאָט. אין דער סאַזשלקע, וואָס איז געווען פֿאַרמיסטיקט דורך אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער און אָפּפֿאַלן, האָבן זיך געשפּיגלט די אָפּגעקאַלופּעטע ווענט פֿונעם הויז און די הויכע טרויב, פֿון וועלכער ס'האָט געשלאָגן אַ שוואַרצער רויך.
מײַן פֿאָטער האָט אויפֿגעזוכט דעם אויפֿזעער פֿון מוישעוו־זקיינים, אַ דאַר באַוועגלעך מענטשעלע אין פּענסנע, מיט אַ זײַדענער יאַרמעלקע אָפּן קאָפּ און אים געפֿרעגט, וווּ קאָן מען געפֿינען ראַכמיִעל ווײַסאַסן.
— ראַכמיִעל ווײַסאַס? — דער אויפֿזעער האָט אַראָפּגענומען די פּענסנע און באַקוקט מײַן פֿאָטער. — און ווער אייגנטלעך זײַט איר אים?
— איך בין זײַן זון, — האָט געענטפֿערט מײַן פֿאָטער.
— ראַכמיִעל ווײַסאַס איז מיט דרײַ טעג צוריק פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.
— פֿאַרפֿאַלן געוואָרן?

— יאָ, יאָ. מיר זײַנען אַפּילע געצװוּנגען געװען צו מעלדן װעגן דעם דער פּאָליצײ.
— אַ מענטש איז ניט קיין נאָדל, — האָט זיך אָפּגערעגט מײַן פֿאָטער, — ער קען ניט פֿאַרפֿאַלן װערן.
— לאָמיר האָפֿן אַפֿן אייבערשטן, — האָט געזאָגט דאָס מענטשל, — אײַער פֿאָטער האָט געלעבט אין איין צימער מיט איינעם אַן איציק, אַ געװעזענער פֿאָזשאַרניק. עפּשער װעט ער אײַך דערציילן גענױער. אויב איר װילט, װעל איך אײַך באַגלייטן צו אים.
דער אָפּזעער האָט אונדז געפֿירט איבער שטיינערנע טרעפּ, געעפֿנט די טיר פֿון אַ צימער און, ניט איבערטרעטנדיק די שװעל, האָט ער אַרײַנגערעדט אין צימער:
— דערציילט זשע, רעב איציק, װאָס איר װייסט װעגן אײַער שאָכן.
דער אַלטער, װעמען דער אָפּזעער האָט אָנגערופֿן איציק, האָט זיך אױפֿגעהױבן פֿון דער סקריפּענדיקער הילצערנער בעט און מיט אַ הײזעריקער שטים געזאָגט:
— װאָס איז דאָ, פֿאַן װאָראַבײטשיק, צו דערציילן? אַװעק, און פֿאַרטיק.
— ער האָט אײַך ניט געזאָגט, װוּהין ער גייט? — האָט פֿאַרזיכטיק געפֿרעגט מײַן פֿאָטער.
— װי דען, װי דען, — האָט איציק געשאָסן מיט װערטער. — געזאָגט, אַז ער גייט אין שטוב.
— נאָר ער איז דאָך קימאַט אַ בלינדער, — האָב איך זיך אַרײַנגעמישט.
— די אייגענע שטוב זעט אַ בלינדער אויך. ער איז אַרויס, הייסט עס, אין הויף, זיך אומגעדרייט צו די פֿענצטער פֿון מױשעװ־זקיינים און אויסגערופֿן: „ייִדן, גייט מיט מיר! איך װעל אײַך אַרויספֿירן פֿונדאַנען, װי מושע פֿון מיצראַים". מיר לאַכן, און ער גייט פֿאַרויס און טאַקע גלײַך אין סאַזשלקע. נו, דער עמעסער מושע. נאָר פֿאַר מױשען האָט זיך דער יאַם געשפּאָלטן, און די סאַזשלקע האָט זיך ניט געװאָלט שפּאַלטן. מער האָט אים קיינער ניט געזען.
מײַן פֿאָטער האָט באַדאַנקט איציקן און מיר זײַנען אַרויס פֿון מױשעװ־זקיינים, אַרומגעגאַנגען די סאַזשלקע און אַװעק מיט דער אָסיענדיקער סטעזשקע, װאָס איז געװען אויסגעטראָטן דורך זקיינישע פֿיס.
— מע דאַרף אים זוכן אױף די ביימער, — האָב איך געזאָגט, — אַזױ־װי ראַפּאָפּאָרטן.
— דײַן זיידע האָט ניט געקאָנט זיך אױפֿהענגען, — האָט געזאָגט מײַן פֿאָטער.
— פֿאַרװאָס?
— קעדיי אַזױ צו שטאַרבן, דאַרף מען האָבן קויעך.

אין שטעטל האָבן מיר זיך אומגעקערט מידע און דערדריקטע.
— מע האָט אײַך אים ניט אָפּגעגעבן? — האָט זיך פֿאַרװוּנדערט דער קאַברען.
— ער איז דאָרט ניטאָ, — האָב איך געזאָגט.
— װוּ איז ער אַהינגעקומען?
— אַװעק, — האָט געזאָגט מײַן פֿאָטער, — אַװעק אַהיים.
— אויב ער איז אַװעק, װעט ער קומען, — האָט באַשלאָסן דער קאַברען.
נאָר דער זיידע האָט זיך ניט אײַנגעפֿונען. עפּשער האָט דער אייבערשטער געמאַכט אַ נעס און פֿאַרװאַנדלט אים אין אַ פֿויגל, און טאַקע אין אַ טױב. אויב אין אַן אַנדער פֿויגל, װעט ער קומען ערשט איבעראַיאָר זומער. ער װעט קומען צו פֿלִיען אין שטעטל, זיך אַװעקזעצן אױפֿן דאַך פֿון יויסעפֿס שטיבל און מעלדן:
— אָט בין איך. װאָס מאַכט איר, שלימאַזאַלניקעס װאָס איר זײַט?
און דערװײַל זײַנען די זינג־פֿייגל געפֿלױגן אױף דאַרעם און בלויז די שװאַרצע קראָען האָבן זיך געדרייט איבערן בעסוילעם, געקװיטשעט די ערד און באַגלייט מיט פֿאַראַכטנדיקע בליקן די אַװעקפֿליִענדיקע זינג־פֿייגל.
ערעװ ראָשעשאָנע איז װידער געקומען אַפֿן בעסוילעם סטאַסיס. ער האָט זיך לאַנג געשושקעט מיטן פֿאָטער, און די דאָזיקע שושקערײַ האָט אָנגעפֿילט מײַן האַרץ מיט אַ ביטערן און װייטיקפֿולן אומרו.
— פֿון דאָרט װעט מען אײַך אַריבערפֿירן קיין שפּאַניע, — האָב איך געהערט די לעצטע װערטער סטאַסיסעס.
איז אָט פֿאַרװאָס מײַן פֿאָטער האָט זיך ביז איצט ניט צוגעקליבן קיין אַרבעטן! ער פֿאָרט אַװעק! ער פֿאָרט קיין שפּאַניע אױף מילכאָמע.
— איך דאַרף זיך מיט דיר דורכריידן, דאַנילקע, — האָט ער מיר געזאָגט בײַס מיר זײַנען געבליבן אַליין.
— איך װייס אַלץ, — האָב איך געזאָגט, — דו פֿאָרסט קיין שפּאַניע.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — נאָר זאָג עס קײנעם ניט. אַפֿילו יױסעפֿן.

— נעם מיך מיט.

— איך קאָן ניט.

— פֿאַרװאָס?

— דאָרט איז מילכאָמע. מע קאָן דיך דערהאַרגענען.

— און דיך?

— מיך אױך, — האָט געזאָגט מײַן פֿאָטער, — איך האָף, אַז אָן מיר װעסטו ניט פֿאַרפֿאַלן װערן.

— און זי, — האָב געפֿרעגט, — זי װעט פֿאַרפֿאַלן װערן?

— װער זי?

— שפּאַניע.

— ס'װעט קומען די צײַט, װעסטו פֿאַרשטײן.

— איך פֿאַרשטײ שױן. דו װעסט סײַװי קײן זאַך ניט ענדערן.

— מירן יאָ ענדערן, — האָט געזאָגט דער פֿאָטער.

— אױב מע װאָלט געקאָנט װאָס ענדערן, װאָלט איך געװאָרן אַ פֿױגל.

— אַ פֿױגל? — דער פֿאָטער האָט זיך גוטמוטיק פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

— מיר איז דערעסן צו זײַן אַ מענטש.

— האָסט אַ טאָעס. דער שענסטער פֿױגל אױף דער װעלט איז פֿאָרט דער מענטש.

אינגיכן איז ער אַװעקגעפֿאָרן, און איך בין געבליבן מיט יױסעפֿן, מיט מײַנע כאַלױמעס און מיט מײַן טרױער.

מיר האָט זיך געכאַלעמט, אַז איך בין געװאָרן אַ פֿױגל, כ'האָב זיך דערקליבן צוזאַמען מיט די זינג־פֿײגל ביז שפּאַניע, כ'האָב אױסגעזוכט דאָרטן אױף דער מילכאָמע מײַן פֿאָטער און איך האָב מיט מײַן ברוסטל פֿאַרשטעלט דאָס שפּעלטל, פֿונװאַנען ס'האָט געדאַרפֿט אַרױספֿליִען די קױל און טרעפֿן זײַן קאָפּ, װאָס איז פֿול מיט געדאַנקען װעגן שפּאַניע, װעגן װעלט־אָרדענונג װעגן יױשער און עפּשער אױך װעגן מיר.

---

קולטור־נײַעס

# אַ סעמינאַר פֿון ייִדישע כאָרעאָגראַפֿן

אַנטװיקלען די אײגנאַרטיקע אױטענטישע פֿאָרמען פֿון ייִדישע פֿאָלקס־טענץ אין ראַטנפֿאַרבאַנד — אַזאַ אױפֿגאַבע האָבן געשטעלט פֿאַר זיך די אָנטײלנעמער פֿונעם צװישנפֿעלקערלעכן סעמינאַר, װעלכער האָט אין משך פֿון אַ װאָך געאַרבעט אין װילנע. צװישן די אָנטײלנעמער זײַנען געװען צװאַנציק כאָרעאָגראַפֿן פֿון פֿאַרשײדענע שטעט פֿון פּססר, װי אױך געסט פֿון לאָנדאָן — דער פּרעזידענט פֿון דער צװישנפֿעלקערלעכער אַסאָציאַציע פֿון ייִדישע פֿאָלקלאָר־טענץ מאָריס סטאָון, דער כאָרעאָגראַף אַנאַ גרינװוד און די טענצערן קאַראָלין האָפּבראַנד.

בעשאַס דעם סעמינאַר איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנצערט פֿונעם װילנער פֿאָלקלאָר־אַנסאַמבל „פֿײַערלעך". דער קאָלעקטיװ איז געשאַפֿן געװאָרן אין 1971 אַלס זעלבסטעטיקע גרופּע, אָבער מיט צװײ יאָר צוריק איז זי געװאָרן אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אַנסאַמבל, װעלכער איז שױן גוט באַקאַנט אין פֿיל שטעט פֿון פּססר, פּױלן און ייִסראָעל. אין 1989 האָט דער אַנסאַמבל באַקומען אַ פּרעמיע פֿון צושױער־סימפּאַטיעס אױפֿן טענץ־פֿעסטיװאַל אין ייִסראָעל. כוץ די טענץ פֿון מיזרעך־אײראָפּעיִשע ייִדן, פֿילט אױס דער קאָלעקטיװ אױך כאָרעאָגראַפֿישע מיניאַטיורן פֿון אַנדערע ייִדישע אײדעס, אַרײַנגערעכנט טענץ פֿון די טײַמענער ייִדן.

# פּאָעם ציקל „רינג נאָך רינג"

## טראַנספּלאַנטאַציע

כ'וועל דאָס ווערק מײַנס דערטאָן און דעראַרבעטן
בײַס דער כויוו גייט מיר נאָך און פאַרפאָלגט.
ווי דאָס האַרץ פון אַן אַקאַרשט דערהאַרגעטן,
טראַנספּלאַנטירט אין דער ברוסט מיך פון פאָלק.

און מע דאַרף מיך ניט שעלטן און לעסטערן,
מײַנע וואָרצלען פאַרסאַרפּען מיט קעלט.
וועמען שטער איך — א לעצטער, פאַרגעסענער,
איין־אַליין אפן אָרעמען פעלד?

עמעס, אָפּט כ'טו א פײַף צו דער ראָשטשיצע,
רוף צונויף, ווער עס לעבט און ווער ניט:
— לאָמיר ווידער פאַרמישן א ראָשטשינע!
— לאָמיר ווידער א גיי טאָן מיט טריט!

נעמט צוריק אײַך די בלעטער די לאָרבערנע,
אין די כקירעס ניטאָ איז קיין טאָלק.
ווי דאָס האַרץ פון אַן אַקאַרשט דערמאָרדעטן,
טראַנספּלאַנטירט אין דער ברוסט מיך פון פאָלק.

## פאַרוואָס?

די וועלט ווערט אַלץ קליגער? דער מענטש האַלט אין וואַקסן?
איך בעט אײַך, קלערט אויף, צוליב וואָס אַזאַ קונץ,
פאַרוואָס, בײַ דעם אויסהייבן אונדז ביז מאַרקסן,
דערלאָזט האָט מען, היטלער זאָל אויסקוילען אונדז?

די ליבע פון ברידער דערמאָנט אונדז אין העוועלך.
פאַרוואָס כאַזערט איבער די פאַלשקייט זיך הײַנט,
ווען איידער מע גייט אונדז מיט עפּעס באַוואולען,
פאַרענטפערט מען זיך, אַז מע האָט אונדז ניט פײַנט?

פאַרוואָס מיטאַמאָל הערט די זון אויף צו שײַנען
און בלאָזן נעמט שטאַרקער און בייזער דער ווינט?
פאַרוואָס, אויב ווי מענטשן ווי אַלע מיר זײַנען,
אויף אונדז דאַרף מען אָנרייצן מיִעסע הינט?

מע שרײַט, אז מיר לעבן אין לוסט און אין ווילטיק,
די שכיינים פאַרגינען ניט אונדז דאָס גערולד.
פאַרוואָס, אויב מע פּאַסקנט: מיר זײַנען ניט שולדיק,
דאָך מעג מען אונדז אומברענגען פאַר אַט דער שולד?

באַם דינגען זיך איז פּאַר אונדז וואָלוול די טאַקסע,
און טײַער עס קאָסט אַט די דינגעניש אונדז.
די וועלט איז אַ מאַרק, ווו די פּרײַזן וואַקסן,
און ביליקער ווערט אינעם שווינדל די קונסט.

ווו איז דער געזעץ, אַז מע טאָר אונדז ניט טשעפּען
מיט גזירעס, פּאַגראָמען און פּײַנט אָן א שיר?
קעדיי אונדז א גלעט געבן איבערן קעפּל —
פאַרוואָס דאַרף מען שפּײַען אין פּאָנעם אונדז פריִ׳ר?

## זון־אופגאנג

דער האַריזאָנט האָט זיך געפּליעסקעט אינעם טײַך,
צעטרייסלט האָבן זיך דאָרט זון־באַשײַנטע זיפּן,
און מיטאמאָל איך האָב דערזען: די וועלט איז רײַך,
א בלויקײַט האָט געקושט מיך אין די ליפּן.

איך האָב צעווײנט זיך גלאַט אָן א פּאַרוואָס
און אָנגעהויבן ריידן מיט מעליצע,
נאָר ס׳האָט דאָס לעבן אופגעפירט זיך פּראָסט
און ווי אומיסטן גנייווויש מיך געקיצלט.

האָב איך געלאַכט, געלאַכט און זיך געקוויקט
מיט דעם פאַרטאָג, מיט זיך אליין בעסויכעם.
אויב עמעץ האַנדלט מיט דער זון געשיקט —
דאַן וויל איך זײַן דער קוינע און דער סויכער.

## שפּינוועבס

א שפּין האָט געראַטעוועט דאָוויד האמעלעכן דאָס לעבן. ווען דער קיניג שויעל האָט דאָווידן נאָכגעיאָגט און יענער האָט זיך באַהאַלטן אין דער הייל, האָט א שפּין אפגיך אויסגעשפּינט א נעץ באַם אַרײַנגאַנג, פּונקט ווי קיינער וואָלט שוין פון לאַנג אין דער הייל ניט אַרײַנגעקומען.

ליגט א הייל אין באַרג אין אַלטן...
דאָוויד איז אַרײַן אַהין,
און מיט שפּינוועבס שנעל באַהאַלטן
דעם אַרײַנגאַנג האָט די שפּין.

שטייט און שטייט דער קיניג שויעל,
פון אזא פּאַסירונג מיד,
און לעסאָף בא זיך ער פּויעלט
פרעגן שטרענג באַקיינעמ־ניט:

ווער עס הערט מיך, זאָל מיר זאָגן
(ווילסט — פּאַר גוטסקײַט, ווילסט —
פּאַר לוין):
וועלכער מענטש איז דער פאַרשוין,
אויב מע היט אים אָפּ פון פּלאָגן?

דאַן דערטראָגן האָט זיך פריילעך
פון דער שפּין דאָס וואָרט, וואָס בלײַבט:
— ער נאָך דיר וועט זײַן דער מיילעך,
צוליב דיר דעם טהילים שרײַבט.

# נאַכמען בראַסלאַווער

נאכמען בראסלאווער: כסידישער רעבע, אורייניקל
פונעם בעש״ט. געב. אין 1772, געשט. אין 1880.

יידישע ענציקלאפעדיע

אוואַדע האָט געוווּסט וווּ־אַהין, וווּ־אײַן
דער סטאַרשינאַ פֿון בראַסלאַווער נאַכמען.
„מע מאַכט די בראָכע פֿריִער פֿאַרן ווײַן,
און אױף דעם טאָג דערנאָך די בראָכע מאַכט מען"[1].

און טאַקע ברענגען פֿלעג ער אין טראַבשײ
די פֿליאַגע בראַנפֿן פֿריִער פֿאַרן ראַפּאָרט
(דעם פּריץ פּײרושים געבן קאָלערלײ,
אים עטלעכע גראַנאַטעס וואַרפֿן ראַפּטום).

זאָג, נאַכמען בראַסלאַווער, — איך פֿרעג, — א זיווּעג ביסט
פֿון יענעם צאַדיק, וואָס געטאָן האָט גרויסע ווּנדער?
אַצו, ציל אָן וווּהין מע דאַרף דײַן ביקס
און נעם אַראָפּ דעם אָבערסט דאָרט באַזונדער.

געטראָפֿן האָט ער אין דעם אָפּיצער,
נאָר אים אַלײן א דײַטש האָט אויך געטראָפֿן.
ער האָט אַװעקגעלײגט זיך שווערלעך אױף דער ערד,
גלײַך ווי אין פֿעלד אַוועקגעלײגט זיך שלאָפֿן.

באַם גריסענען געזאָגט, אַז אין דעם פֿאַל,
אויב אומגעריכט באַ אונדז עס וועט זיך ענדיקן
דער נייטיקער ען־זע, בעדיל־האַדאַל
די ראָטע בלײַבן וועט, — צו אים מע זאָל זיך ווענדן:

א קוויטל ברענגען צו דעם קייווער פֿון זײַן רו,
ווי ס'פֿלעגן קוויטלעך שרײַבן ווײַבער אָרעמע:
„רעב נאַכמען בראַסלאַווער, וואָס גיכער שיק אונדז צו
פּאַטראָנען, סוכאַרעס און מאַשקע לויט דער נאָרמע..."

און ווען דאָס קוויטל צו דעם צאַדיק־סטאַרשינאַ
רעב נאַכמען בראַסלאַווער דערגײען וועט לויטן אַדרעס,
דאַן וועט די ראָטע אָפּטאָן גרינג איר זאַך,
און ווערן אָפּן פֿראָנט וועט שטיל און שאַ,
און זיגן אױף דער גאָרער וועלט וועט אַכדעס.

---

[1] אַן אויסדרוק אין דער געמאָרע.

# ל י כ ט

מיר האָבן אין לידער באַזונגען
פֿון צערטלעכע ליכטלעך די שײַן,
דעם אופֿלויכט פֿון כײַלעכוונע פֿונקען,
וואָס רופֿן דעם שאַבעס אַרײַן.

מיט ליכט צו דער כופּע מיר פֿירן,
ליכט צינדן מיר אָן באַ א מעס.
אויב ווערסט א מאַטבייע פֿאַרלירן,
מיט ליכט זי געפֿינען דו וועסט.

סײַ שווּעס אין סײַ צו האַוודאָלע,
בײַס מאַכן א בריס — טאָמיד ליכט.
מיט כאַנעקע־ליכט די געדולע —
באַלויכטן זי איז אַן באַצירט.

יאָ, ליכט זײַנען נייטיקע זאַכן,
פֿיל ווּנדער מע קאָן מיט זיי טאָן,
נאָר פֿריִער א ליכט דאַרף מען מאַכן,
און דאַן שוין זי צינדן מע קאָן.

## וו ײַ!

(פראַגמענט פון אַן אופשריפט אף אַ פרעסקע
בא דער זײַט פון אַ דענקמאָל די קדושים)

שטילט ניט אײַן מיך.
ווײַ! ווײַ! ווײַ!
שלאָגט ניט איבער
מײַן געשרײַ.

מ׳האָט מיך געטרייסט,
אַז ראַטעווען דער רוס וועט —
אים פֿאַרטרויט איך האָב די שמערצן.
ס׳האָט געשוויגן רוזוועלט,
זיך געדרייגעזט טשערטשיל.
איך פרעג אײַך:
פֿאַרוואָס האָט איר דערלויבט,
פֿאַרוואָס געדונגען זיך?
פֿ־אַ־ר־וו־אָ־ס־ס־ס!
זײַט מוחל, וואָס אַצינד איך רעד ניט איידל,
אף אײַך איך רײַטשע, ווי אַן אָקס,
אף אײַך איך האַווקע, ווי אַ הונט,
כ׳גיי נאָך פוסטריט אײַך, ווי דער מוילעד.
וועל קײנמאָל שוין ניט זײַן געזונט,
בין פונקט ווי ניט דערקוילעט,
וואַרף זיך ווי די הון אין שויכעטס הענט.
אין אײַך געווען געווענדט...
איך האָב געוווּסט:
בלויז ראַטעווען דער רוס וועט,
און אים פֿאַרטרויט די שמערצן.
עס האָט געשוויגן רוזוועלט,
זיך געדרייגעזט טשערטשיל.
איצט שלאָגט ניט איבער מײַן געשרײַ —
ווײַ!

פון מײַנע זעקס מיליאָן
ניט אומגעקערט איך האָב קיין איינציק לעבן,
קיין איין־און־איינציק קינד —
פֿאַר אַלע פופציק יאָר, פון אָנהייב אָן,
פון זינט דעם ראָשע איז געווען געגעבן —
וואָרג אַן צינד.

איצט שלאָגט ניט איבער
מײַן געשרײַ —
ווײַ!

## אַ סרײַפֿע אין דאָרף

שוין אַוועק פון שטוב די קאַץ,
די איקאָנעס הענגען.
מענטשן טראָגן אף דעם פּלאַץ
עמערס, העק און דרענגלעך.

ס׳איז דער אוילעם פונקט ווי דול,
אַלע גיבן אייצעס.

שוין די שטוב מיט פלאַם איז פול,
און אין אויוון הייצט זיך.

אַ געקלאַנג פון גלעקער וועקט
אונדזער דאָרף געלאַסן.
מיטן פײַער איז אַוועק
ס׳גאַנצע דאָברע מאָזל.

## ווער ווען האָט אנטדעקט

װען עס זײַנען שוין די פּאָרטוגעזער שיפן
אָפּגעשוווּמען אַזוי ווײַט פון זייער ברעג,
אַז מע האָט געגאַרט אַ ווינט אַ פרישן,
װײַל אין אָקעאַן האָט אָטעם ניט געקלעקט
פאַר די שטײַפע זעגלען, — דאַן, אַנומלט
האָט פון ערגעץ־װוּ, סטאַם פון דער טיף,
פון דער פוסטעניש, אַ לײַכטער טומל
זיך דערטראָגן, און די ערשטע שיף
האָט דערזען אַ סטײַע פייגל פליִען.
ניט געווען קיין סאָפעק: דאָרט איז ערד!

— עפּעס איז געשען אין הימל פריִען,
װאָס פאַרצייכנט װערן האָט די װערט?

— פון בראַזיליע אַ פייגל־סטײַע
האָט אנטדעקט אייראָפּע, לויט מײַן רײַע.

## קלוימערשט

עס קומען שוין ניט צו
    קיין נײַע בלאַטעס,
נאָר אַלטע בלאַטעס זײַנען נאָך פאַראַן.
אין װאַלד באַהאַלטן זיך, ווי פּיפּערנאָטערס,
די פייגל, װעלכע זינגען בלויז אין זמאַן.

איר דאַרפט ניט האָבן אױף דעם האַרבסט פאַריבל,
סאיז ביזן שניי געבליבן נאָך אַ װאָך.
הײַנט האָט אַ װאַרעם פרעסטל זיך דערקליבן
צום קוואַל פון אָסיען, ניט צו אָסיענס טאָך.

עס קומען שוין ניט צו
    קיין נײַע בלאַטעס,
נאָר אַלטע בלאַטעס זײַנען נאָך פאַראַן.
בלויז ערגעץ־וווּ, פאַרהאַרטעוועט ווי בלאָטערס,
זיי װערן אױסגעטריקנט אױפן ראַנד.

דאָס האָט אַ װאַרעם פרעסטעלע פאַרבויגן
אַ פאָלע בײַ דעם אָסיען, און אַרויס
פון דאָרט איז — ניט־געשטויגן, ניט־געפלויגן —
אַ קלאַנג, אַז, קלוימערשט, סאיז די בלאָטע אויס.

# מיניאטורן

## בלעטערפאל

כ׳זאָג אײַך, ס׳קאָן א בוים זיך אויך פּארקילן,
און נאָך ערגער... זײַן זאָל ניט די שאָ.
אינעם וואלד, באַם ברעג פון טײַך דעם שטילן,
הער איך טריט, כאָטש קיינער איז ניטאָ.

יאָ, עס רוישט אין וואלד עפּעס קעסיידער.
די נאַטור איז צו דעם מענטשן גלײַך.
ס׳וואָרפט אראָפּ דער וואלד פון זיך די קליידער
איידער זיך אריַנוואָרפן אין טײַך.

## איך זוך א שפּענדל אין דער פּינצטער

כ׳בין א באַלכויוו דעם וואלד, דעם פעלד,
אויך עפּעס וויל פון מיר דער וועטער.
דעם בער כ׳בין שולדיק פאַר דער פעל,
דעם בוים אין אָסיען פאַר די בלעטער.

גאָר ניט דערגעבן האָט די וועלט
אויך מיר א ווייניקײַט א מינדסטע.
איך טראַכט פון דעם, ווען אין געצעלט
איך זוך א שפּענדל אין דער פּינצטער.

## דאָס גאנצע לעבן

איך בין נאָך ניט געשטאָרבן, אָבער כ׳חיים: ווען דאָס וועט זײַן,
דאַן וועט מײַן גאנצער לעבנסוועג אין ענגע קלאַמערן אַרײַן.
אַט בייג איך אוף דעם ערשטן קלאַמער, און דעם צווייטן כ׳בייג ארונטער,
און א געפיל, אז כ׳האָב געראַטעוועט זיך פונעם טויט, מיך מונטערט.

## דײַנס

דאָס פינטעלע פון כיין אונטערן אויער,
דאָס שרינטעלע, וואָס לויכט צווישן די האָר.
דאָס ווינטעלע, וואָס כ׳זע קאָלזמאַן עס דויערט
אין דײַנע אויגן, — אלץ, וואָס אף דער וואָר,
איך לייג צונויף אינײנעם,
און דײַנס כ׳פאַרטרוי ניט קיינעם.

## א פארענטפערונג

זאָגסט, אז דו שעמסט זיך, ס׳איז אומאָנגענעם,
ווען כ׳קוק אף דיר דאָ אף דער ארבעט גראָד.
דעם אָקס וואַרפט מען דען אויס די זאַנגעלעך,
וועלכע ער צופּט בעשאַס ער דרייט די ראָד?

## צו דער פאָטאָגראַפיע פונעם קינד

ווי קאָן איך זײַן מיט אײַך אף „דו", אָ קינד מיט גראָווע האָר,
הײַנט וואָלט איר פופציק אָדער זעכציק אלט געוואָרן יאָר.
געהאַט שוין אייניקלעך איר וואָלט הײַנט, קיין אײַנהאָרע,
פון אײַער עלטער, הייסט עס. נאָר צו צען איר זײַט געוואָרן
א פאָטאָגראַפיע אין רעמל אף דער וואַנט. ווען כ׳טו א רוף אײַך פון דער רו,
עס וואָלט געווען דען שיין, כ׳זאָל זײַן מיט אײַך אף „דו"?

שמועל גאָרדאָן

# ייִזקער

## 28

דעם אומגעקומענעם אויזער בען אורואַם נאַרווילן האָט מען געבראַכט צו קווּרע אָפּן וואַסטריאַקאָווער בעסאַלמען.

פֿון די שרײַבער זײַנען בײַגעווען אױף דער לעווײַע בלויז זאַלמען, מייער און נאָסן. געקומען איז אויך נאָסנס פֿרוי, האָדל.

פֿאַרוואָס, אויסער זיי, זעט מען מער קיינעם ניט פֿון די שרײַבער, האָט זאַלמענען ניט געכידעשט. אין אַ צײַט, ווען ס'איז אַ סאַקאָנע זיך באַגעגענען זאַלבעדריט אפֿילע אױף אַ לעווײַע, איז ווער וויל עס גיין אײַנשטעלן צוליב דעם דאָס לעבן? דער ניפֿטער וועט מויכל זײַן, אויב מע וועט ניט קומען אַרויסבאַגלייטן אים אין זײַן לעצטן וועג. און עפּשער איז פֿון די שרײַבער מער קיינער ניט געקומען, — האָט זאַלמען אַ קלער געטאָן, — ווײַל אויסער זיי דרײַען ווייסט דאָך מער קיינער ניט וועגן דעם בלויען האַלבן העפֿטל, וועלכן אויזער האָט איבערגעלאָזט בײַ אים מיט אַ טאָג פֿאַר דעם, ווי ער איז אױף אַזאַ שרעקלעכן אויפֿן אַוועק פֿון דער וועלט? זאַלמען קען זיך ניט פֿאַרגעבן, וואָס ער איז ניט געווען צו שטוב בײַס אויזער האָט געבראַכט דאָס העפֿטל. עלישע, שטעלט זאַלמען זיך פֿאָר, מאַכט זיך אויך שולדיק, כאָטש וואָס האָט זי געקאָנט טאָן, אויב ביז זײַן קומען האָט זי קיין וואָרט פֿונעם העפֿטל ניט אויסגעלייענט.

דאָס אײנציקע, מיט וואָס ער קען טרייסטן די פֿאַריאָסעמטע מישפּאָכע, דער אַלמאָנע מיטן זון, איז צוגיין און זאָגן, אַז מיסטאָם איז אויזערן געווען אַזוי באַשערט און אָפּקומען מיטן געבן דערבײַ אַ זאָג, ווי געוויינלעך בײַ אַ לעווײַע, „באָרוך דאַיען עמעס" און „אַדוישעם נאָסן, אַדוישעם לאָקאַך". פֿאַר זיך אָבער קען ער דערמיט ניט אָפּקומען. ער ווייסט דאָך יאָ, וואָס האָט דערפֿירט אויזערן צו אַזאַ סאָף. נאָר זאָגן זיי עס קען ער דערווײַל ניט, און דאָס האָט זאַלמענען ביז איצט אָפּגעהאַלטן צוגיין צו אויזערס אַלמאָנע און צום פֿאַריאָסעמטן זון, וועלכע זײַנען געשטאַנען בײַ דעם קוואָרעס־שטיבל, וווּ מע האָט געגרייט דעם ניפֿטער צום אוילאָם־האַעמעס.

זעט אויס, אַז די געקומענע האָבןווירקלעך געגלייבט, אַז ס'איז גענוג זיך פֿאַרזאַמלען אין אַ רעדל פֿון דרײַ־פֿיר מענטשן, אַז מע זאָל דערפֿון זיך „דאָרט" גלײַך דערוויסן און אױף איטלעך איינעם פֿון זיי וואַרפֿן אַ כשאַד, וואָרעם יעדערער האָט זיך דאָ געהאַלטן אָפּגעזונדערט, פּונקט מע זאָל געווען קומען אױף באַזונדערע לעווײַעס און איינער קען ניט און ווייסט ניט דעם צווייטן.

מער ווי עמעצער אַנדערש פֿון די שפּעטער צוגעקומענע שרײַבער האָט זאַלמענען פֿאַרכידעשט באַם דערזען דאָ זיך אַרומדרייען דאָס פֿאַרליבטע אין זיך באַיאָרטע פּאָרל — דעם שטענדיק שײַנענדיקן באַלדאַרשן מיטן ייִנגלשן קעלכל, דעם פּרומאַק פֿון דער גראַדליניקער אידעאָלאָגיע אין ליטעראַרישע ווערק, נויעך לאַנדינען און זײַן קעסיידער טומלענדיקע פֿרוי די דיכטערין מערי.

זייער קומען צוגיין הײַנט אַהער האָט פֿאַרוווּנדערט ניט בלויז זאַלמענען. עפּעס געדענקט זיך ניט, אַז מע זאָל דאָס פּאָרל געווען ווען־ניט־איז זען אױף אַ לעווײַע אפֿילע פֿון אַ גאָר נאָענטן מענטשן. ניט אַנדערש, אָפּאָנעם, האָט זאַלמען, דערזעענדיק זיי, געהאַט בײַ זיך געטראַכט, אַז נויעך איז אַ קויהען. ווייסט ער דאָך אָבער, אַז נויעך איז קאָל יאָמאָו געווען אַ פֿאַרברענטער אַפּיקוירעס, אין אַן אַ שיר מאָל אַ גרעסערער נאָך פֿון צעמאַך אַבעלן, דעם מעכאַבער פֿון די דינינקע ביכעלעך „קעגן גאָט און זײַנע מעשאָרסים", וועלכער איז איצט דער שאַמעס פֿון דער כאָראַלער שול. גיכער פֿון אַלץ

פּאָרזעצונג. „ס. ה." נומ. 9 — 11 פֿאַרן 1989, נומ. 1 פֿאַרן 1990.

האָבן מערי מיט נויעכן, דאַרף מען קלערן, אויסגעמיטן גיין אױף לעוויִעס, קעדיי אַפּהיטן דאָס האַרץ. נויער איז ביזן מעשאדער זײַן זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור געווען א דאָקטער און ווייסט ווי אַפּצוהיטן דאָס האַרץ. ווײבאַלד אָבער זיי האָבן געמאַכט אַן אויסנאַם און געקומען זיך געזעגענען מיט אויזערן, אין דער צײַט, ווען קיין באַזונדערס גרויסע פרײַנטשאַפט, ווי זאַלמען ווייסט, איז בא זיי מיט אויזערן ניט געווען, איז מיסטאמע פאַראַן דערויף א סיבע. מעגלעך, אַז צו זיי איז שוין עפּעס דערגאַנגען וועגן דעם העפּטל. אויזער האָט געקענט קומען מיט דעם אַפּריער צו זיי, און זיי האָבן זיך אַפּגעזאָגט נעמען עס בא אים. איז מען געקומען בעטן בא אים מעכילע. און ניט בלויז פאַר דעם. ביידע האָבן זיי ניט וויניקער פון אים, זאַלמענען, צוגעהאָלפן, אַז מע זאָל זיך היטן פאַר אויזערן, זײַן פאַרזיכטיק אין אויזערס אָנוועזנהײַט מיט א וואָרט. און אונטערגעזאָגט האָט עס זיי, פּונקט ווי אים, מיסטאַם איינער און דער זעלבער: יעשיִע. אַז יעשיִע רוויזן ווען דאָ הײַנט ניט זײַן, איז זאַלמען געווען לאַכלוטן זיכער.

אויב עס גייט אין בעטן מעכילע וואָלט דאָס פאַרליבטע אין זיך פּאָרל געדאַרפט בעטן ניט נאָר באַם פאַר דער צײַט אוועקגעגאַנגענעם פון דער וועלט אויזערן, נאָר קאַלזמאַן ס'איז נאָך ניט שפּעט, אויך בא די לעבעדיקע. און ניט בלויז בא זייערע קאָלעגן, בא די שרײַבער. דער פאַרצוויגענער קריג, וואָס האַלט אַן דאָס וויפּלטע יאָר שוין צווישן דעם פּאָרל און די יידישע שרײַבער, געהער אויך, און פריִער פאַר אַלץ, צום פאָלק. ס'קומט איִם, ווי דעם פּאָרל זאָלן זײַן וויניק די אַלע רעכילעסן, בילבולים אפן אייגענעם פאָלק, דאָס מעוואיִעש זײַן און פאַרמיִעסן אים, דערפירן דערצו, אַז מע זאָל אליין נעמען זיך דערנידעריקן, מאַכן זיך צו נישט, ווײַל ווי אנדערש קען מען אויסטײַטשן מעריס פּאַעמע? פון דער מיט פיל יאָרן צוריק נאָך אָנגעשריבענער פּאַעמע דרינגט ארויס, אַז שיר ניט אַלע יידן פונעם געשילדערטן קאַנט האָבן געזונגען פעטליורען זמירעס, אַז שיר ניט אַלע דאָרטיקע יידן זײַנען געווען ציִעניסטן, קעגנער פון דער סאָוועטנמאַכט.

ביז אהער האָט זיך, ווי צו זען, דער דיכטערן מערי לאַנדין מיט דער היקף פון איר מאַן, דעם פּרומאַק נויעכן, זיך ניט אײַנגעגעבן, צום גליק, עס דערוויזן אין די הויכע פענצטער, ווהין זיי האָבן געהאַלטן אין איין באַקלאָגן זיך אױף די רעדאַקציעס פון די יידישע זשורנאַלן און פאַרלאַגן. אנדערש וואָלט דאָך די פּאַעמע געוויס געווען שוין פון לאַנג אָפּגעדרוקט! איצט איז פאַר איר פּונקט געקומען די צײַט, איז אָבער ניטאָ איצט וווּ זי דרוקן. אַלץ איז שוין צוגעמאַכט. פאַרבליבן איין אויסוועג. דער זעלבער, צו וועלכן ס'האָט זיך אויגנבליקלעך דערטראַכט דער עוואַקוִירטער פון פּוילן בייס דער מילכאָמע רודאָלף לעדער, וועגן וועמען ס'זײַנען ארומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען, באַזונדערס נאָך דעם, ווי ער איז פאַרבליבן אױף שטענדיק א היגער, זיך ניט אומגעקערט נאָך דער מילכאָמע צוריק קיין פּוילן, ווי אַלע אנטלאָפענע פון דאָרטן.

רודאָלף לעדערן האָט מען פריִער אויך קימאַט ניט געדרוקט, אָבער ניט דערפאַר, ווײַל ער האָט געטריבן רעכילעס אפן אייגענעם פאָלק, צי, כאַלילע, גערעדט לאַשנהאָרע אפן לאַנד. פאַרקערט, אַלע געדיכטן זײַנען בא אים געווען איבערגעטריבן מיט לויב־געזאַנגען. אין זיי האָט אָבער אויסגע־פעלט פּאָעזיע, אויסגעפעלט אי אין דער שפּראַך, אי אינעם בילד. דערפאַר איז אים אָבער אײַנגע־פאַלן א געדאַנק, צו וועלכן קיינער פון די נאָך פאַרבליבענע אױף דער פרײַ יידישע שרײַבער האָט זיך ניט דערטראַכט און ניט געקאָנט זיך דערטראַכטן. מע זאָל אפילע געווען אויסגיין פון הונגער, וואָלט אויך קיינעם ניט אײַנגעפאַלן ארײַנטראָגן אין א רעדאַקציע פון א רוסישער צײַטונג, צי פון א רוסישן זשורנאַל, אַן איבערגעזעצטע יידישע ליד. לעדערן איז עס יאָ אײַנגעפאַלן. ער האָט מיט זײַן נייטיקן דערצו כוש דערשפּירט, אַז שיר ניט יעדע צײַטונג וועט גערן אָפּדרוקן די שוואַכסטע ליד אפילע, אבי נאָר ס'וועט זײַן אָנגעוויזן, אַז ס'איז איבערגעזעצט פון יידיש. זאָל די וועלט זען, אַז יידן זײַנען גלײַך ווי אַלע, קיינעם איז ניט פאַרבאָטן שרײַבן אױף יידיש. ער האָט דערשפּירט, אַז די צײַט נייטיקט זיך אין אים.

קיין טאָעס דערינען האָט רודאָלף לעדער ניט געהאַט. די בעסטע רוסישע דיכטער האָבן פון גרויס ראַכמאָנעס, וואָס לעדער האָט ארויסגערופן צו זיך מיט זײַן געפּאַלנקײַט, מיט זײַן נעבעכדיקײַט אים איבערגעזעצט עטלעכע לידער, איבערלאָזנדיק אין יעדערער פון זיי בלויז א צוויי־דרײַ שורעס. דאָס איבעריקע האָבן זיי אליין אָנגעשריבן פאַר אים.

די איבערזעצער פון מעריס פּאַעמע וואָלטן קיין איין שורע אויך ניט באַדאַרפט פאַר איר אָנ־שרײַבן. איר דיכטונג האָט פאַרמאָגט אי פּאַעטיש לאַשן, אי פּאַעטישע בילדערישקײַט. און געוויס וואָלט זיך איצט אָפּגעזוכט צווישן די רוסישע זשורנאַלן אַזאַ, וואָס וואָלט מיט פאַרגעניגן אָפּגעדרוקט די דאָזיקע פּאַעמע. זאַלמען איז אָבער ניט זיכער, צי וואָלט מערי אײַנגעגאַנגען דערויף. עס גלייבט זיך ניט, אַז מערי און נויער, ווי פאַרביטערט און דערצאָרנט זיי זײַנען נאָך אויך איצט אױף די יידישע שרײַבער פון די צוגעמאַכטע רעדאַקציעס און פאַרלאַגן, זאָלן צו דעם דערגיין. ער קען זיי פּאָרט ניט פאַרגלײַכן מיט רודאָלף לעדערן.

אין ערגעץ, דאַכט זיך, ציט זיך אַזוי ניט די צײַט, ווי אױף אַ ייִדישן בעסוילעם בעשאַס אַ לעווײַע. ווער ווייסט, וויפֿל וואָלט זיך דאָ נאָך הײַנט געצויגן אויזערס לעווײַע, ווען כײַקל ווײַנקאָל זאָל ניט געווען אונטערטרײַבן מיט זײַן אַרומטראָגן זיך אַ צעהיצטער הין און הער, פֿונעם קוואָרעס־שטיבל צו דער גרוב אין דער געדיכט פֿאַרוואַקסענער אַלייע, וווּ דער ניפֿטער וועט געפֿינען זײַן אייביקע רו, און פֿון דאָרט צוריק אַהער, צום קוואָרעס־שטיבל, אײַנטײַנענדיק איטלעכס מאָל דאָס מיט איינעם, דאָס מיט אַ צווייטן פֿון אויזערס קרויווים. כאָטש זאַלמען איז ניט זיכער, צי כײַקל איז ביכלאַל געווען באַקאַנט מיט אויזערן. נאָר כײַקלען מאַכט עס ניט אויס.

פֿון זינט ס׳איז געוואָרן אויס ייִדישער טעאַטער און כײַקל ווײַנקאָל אויס ייִדישער אַקטיאָר, איז, דאַכט זיך, ניט דורכגעגאַנגען אין שטאָט קיין איין ייִדישע כאַסענע און קיין איין ייִדישע לעווײַע, אַז ער זאָל דורכלאָזן, סײַדן ער האָט זיך דערפֿון דערוווּסט לעאַכאַר־האַמײַסע. דער רעקוויזיט דערצו, די יאַרמעלקע, איז שטענדיק מיט אים, ער האַלט זי אַנגעגרייט אין דער בוזעם־קעשענע פֿונעם רעקל. אָן איר גייט ער פֿון שטוב ניט אַרויס. דאָס שטיקל פּאַרהיטע קאָל נעגינע איז איבערגענוג, אַז ער זאָל פּראַווען באַדכאָנעס אױף אַ כאַסענע און מאַכן אַן אייל מאָלע ראַכמים אױף אַ לעווײַע. און אויב ס׳איז ניטאָ, ווער סע זאָל זאָגן קאַדיש באַם קייווער, איז נעמט כײַקל די דאָזיקע מיצווע אויך אױף זיך. און אָפּזינגען אַ פּאָר קאַפּיטלעך טילים באַם אָרן קען ער אויך.

פֿון די עטלעכע רובל, וואָס פֿאַלן אים פֿון דעם אַלעמען אַרײַן, נעמט כײַקל פֿאַר זיך בלויז אַ קליינעם טייל, דאָס איבעריקע גיט ער אָפּ אַכאַשווייראָשן, יענער זאָל עס צעטיילן צווישן די שטאַרק באַדערפֿטיקע אַרבעטלאָזע אַקטיאָרן. דאָס ביסל בלומען בײַ אַכאַשווייראָשן אין דער האַנט דערמאָנט זאַלמענען אין דער פּאַפּירענער קרוין, אין וועלכער ער האָט אים געזען בײַ נאָסענען אױף דער פּורים־סודע. אַכאַשווייראָשן אַליין האָט אָבער איצט שוין מיט גאָרניט דערמאָנט אין קיין מיילעך, ער האָט אים גיכער דערמאָנט אינעם אָול רעב צאַליען פֿון זײַנער, זאַלמענס, אַ דראַמע. אין אַכאַשווייראָשעס שעפּטשען צו זיך האָט זאַלמענען זיך געהערט די זעלבע טײַנעס, וועלכע רעב צאַליע האָט געהאַט צום באַשעפֿער פֿון דער וועלט: צו וואָס לעבט דער מענטש, אין וואָס איז דער זין פֿונעם מענטשנס לעבן, אויב דער סאָף זײַנער איז אַזאַ.

אין דער דראַמע האָט זאַלמען געפֿונען פֿאַר צאַליען דערויף אַן ענטפֿער. לױט אָמאָס, ניטאָ קיין טויט, פֿאַראַן בלויז לעבן. דאָס איז אָבער אַ האַלבער עמעס. ער גילט בלויז פֿאַרן קלאַל. פֿאַרן יאָכיד גילט ער ניט. פֿאַרן יאָכיד איז עס ניט קיין טרייסט. אױף פֿרעמדע קוואָרים וויינט מען זיך די אויגן ניט אויס.

— איר ווייסט ניט, וואָס דויערט עס דאָרט אַזוי לאַנג? — האָט מייער, אַ ווונק טוענדיק אין דער זײַט פֿונעם קוואָרעס־שטיבל, געפֿרעגט זאַלמענען, — אַ ראַכמאָנעס נעבעך אױף דער מישפּאָכע.

— כ׳פֿאַרשטיי בעפֿיירעש אַליין ניט. ווּהין איז דאָס ווײַנקאָל ווידער אַנטלאָפֿן? ער דאַרף וויסן.

— אָט־אָ גייט ער, כײַקל! — נאָסן האָט אים אַ רוף געטאָן צו זיך, — פֿאַרוואָס פֿאַרציט מען? עס ווערט דאָך שוין אָט טונקל.

אַ טאַפּ געטאָן מיט ביידע הענט די יאַרמעלקע אױפֿן קאָפּ, ווי שלוימע בענמיכאָעל אין „קיניג ליר”, צי די קרוין איז נאָך אױף אים, האָט כײַקל אױף אַ קאָל, ס׳זאָל דערגיין אויך צו די, וועמען מע זעט ניט אַרויס פֿון צווישן די ביימער אױף דער אַלייע, זיך אָפּגערופֿן:

— אומדערהערט. העפֿקייריעס. ביז איצט איז ניט גרייט נאָך דער קייווער. גאָט באַהיט האָבן צו טאָן מיט די פֿאַרדאָרבענע לײַט פֿון דער כעווראַ קאַדישע. אַלע פֿינף מינוט בעטן זיי אַ נײַע הויסאָפֿע, אַניט פֿאַרוואַרפֿן זיי אינמיטן דער אַרבעט די לאָפּעטעס אױף די פּלייצעס און מאַרש מיטן רעכטן פֿוס.

אױף דער אַלייע האָט פֿון צווישן די ביימער זיך באַוויזן אַ הויכער מאַנצבל מיט אַ רויטער לענגלעכער באָרד און אַ פּאַך געטאָן מיט די הענט. פֿאַרטײַטשן עס האָט מען כײַקלען ניט באַדאַרפֿט. ער האָט אַוועקגעאײַלט צום קוואָרעס־שטיבל אָנזאָגן, אַז מע קען שוין אָנהייבן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך געעפֿנט די טיר פֿונעם שטיבל, מע האָט אַוועקגעלייגט דעם אַרויסגעטראָגענעם פֿאַרמאַכטן אָרן אױפֿן וועגעלע מיטן שוואַרצן באַדעקנס.

— צדאָקע טאַציל מימאָוועס. — און אײנצײַטיק האָבן אַ קלונג געטאָן די מאַטבייעס אין דער בלעכענער פּושקע.

— צדאָקע טאַציל מימאָוועס, — האָט זיך ווידער געלאָזט הערן די זעלבע שטים.

זאַלמענען איז שווער געווען דערקענען אינעם אונטערהינקעדיקן מענטשן מיט דער בלעכענער פּושקע צעמאַך אַבעלן.

ווי־אַזוי קומט צעמאַך אַהער, האָט זאַלמענען ניט געוווּנדערט. צעמאַך אַבעל איז אַ קורצע צײַט אויך געווען אַ שטיקל ביבליאָטעקער, און דאָס האָט אים, פֿאַרשטייט זיך, באַפֿרײַנדעט מיט אויזערן. ווען אָבער צעמאַכן גיין מיט דער פּושקע, דאָס האָט זאַלמענען זיך שוין ניט געלייגט אױפֿן סייכל. אים איז עס געווען שווערער נאָך צו באַנעמען, ווי צעמאַכס ווערן פּלוצעם אַ שאַמעס אין שול. אַז זאַלמען

און די איבעריקע בײַוועזנדע אַף דער לעצטער ייִדישע שרײַבער זאָלן אים ניט פאנאנדערפרעגן ווו, וואָס און ווען, האָט צעמאַך מיט א הוסטל אָפּגעענטפערט אַף דעם אַלעם מיט איין־און־איינציק וואָרט: — די צײַט.

דאָס איבעריקע, וואָס צעמאַך האָט געהאַט דערוף צו ענטפערן, האָט ער זיי עס אַרויסגעזאָגט מיט א מינוט שפעטער:

— אין סוף האָב איך אַפילע סאַבעס אויך קימאַט ניט וואָס צו טאָן. עס קלײַבן זיך קוים אָן א צוויי־דרײַ מיניאָנים. פון אינדערוואָכן איז סטאַם ניט סײַעך צו ריידן, אַפילע צו מינכע און מײַרעוו איז ניט סטענדיק דאָ א מיניען. בין איך פאַ סאָוומעסטיטעלסטווו געוואָרן א סטיקל סאַמעס בא כעוורע קאַדישע. עפּעס פאַלט דערפון צו. די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס מע האָט פון דער סוף. פכע. — און ווידער הויך אַף א קאָל געגעבן א זינג אַרויס: — צדאָקע טאַציל מימאָוועס, יונגערמאַן! — האָט ער א רוף געטאָן צו זיך מיט א ניגן דעם באָכער, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט אין דער פושקע מיטן אופגעהאַנגענעם שלעסל עטלעכע מאַטבײַעס. — אוילעמהאַבע, יונגערמאַן, קויפט מען זיך אײַן היינטיקע צײַטן פאַר פאַפּירענעם געלט, ניט פאַר קיין פיטאַקלעך און גריווינקעס.

דאָס וועגעלע מיטן איבערגעדעקטן אָרן איז אַרײַן אין דער אַלייע פונעם וואַלד ביימער און מאַציייוועס, וואָס האָבן געפירט צו דעם פריש־אָנגעגרייטן קייווער.

— א סיינעם טאַכלעס געמאַכט פון אונדז, — האָט צעמאַך, נאָכגייענדיק נאָכן וועגעלע, פאַרגעזעצט זיך אויסטײַנען מיט זיך, ניט פאַרגעסנדיק דערבײַ פון מאָל צו מאָל א זינג טאָן: „צדאָקע טאַציל מימאָוועס!", — אין איין קעהערעפ איז, אָן קיין סוּם פאַרוועז, אָן קיין סוּם פאַרוואָס צוניסט געמאַכט אַזאַ אַסירעס! צוליב דעם, כאָווער צעמאַך אַבעל, ביסטו מאַקריוו געווען דאָס לעבן, אָפּגעווען בא מיקאָלקען אַכט יאָר אַף קאַטאָרגע? צוליב דעם, צעמאַך, האָסטו מילכאָמע געהאַלטן מיט גאָט, אַז דו זאָלסט פאַרדינען די זכיע זײַן א סאַמעס אין סוף און אָן אונטערסאַמעס בא כעוורע קאַדישע? צדאָקע טאַציל מימאָוועס! א פײַנעם טאַכלעס געמאַכט פון אונדז. צוגענומען באַם פאָלק אַזעלכע קעפּ, אַזעלכע ריזן. ווי האָט געזאָגט אַף בענמיכאָעלס לעווײַע דער גענעראַלנער סעקרעטאַר פון די רוסישע סריפּטסטעלער. אַזעלכע, ווי בענמיכאָל, ווערן געבוירן איין מאָל אין הונדערט יאָר, אויב ניט זעלטענער. איין מאָל אין צוויי, אין דרײַ הונדערט יאָר. נו, און אַזעלכע, ווי פאָלאָנער, ווי אָכרימאָוו, ווי מאַסבערג ווערן געבוירן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק? האַ?

— שטילער, רעב צעמאַך, איר זײַט דאָ ניט אַליין, — און זאַלמען האָט אים א צי געטאָן באַם אַרבל.

— וואָס האָב איך דאָ אַזעלכעס געזאָגט, וואָס? קיין טרייפעס האָב איך דאָך ניט געזאָגט. — נאָר צעמאַך האָט זיך אָבער באַלד ווידער פאַרגעסן און פונסנײַ גענומען אויסטײַנען זיך אַף א קאָל: — אַכט יאָר אָפּגעווען אַף קאַטאָרגע, מאַקריוו געווען דאָס לעבן. פרעגט זיך: צוליב וואָס, צוליב ווען?

— מיר שײַנט, אַז ער איז שוין א ביסל ניט מיט אַלעמען, — האָט מייער א שעפּטשע געטאָן זאַלמענען.

זאַלמענען האָט זיך עס אויך שוין אויסגעוויזן. ער האָט אָבער דערלאָזט, אַז צעמאַך האָט געקאָנט בעקיוון פאַרפירן דאָ אַזאַ רייד. איצטיקע צײַט איז לײַכט אין דעם צו גלייבן, ביפראַט, אַז בא אים, זאַלמענען, איז פון לאַנג שוין א כשאַד, אַז די קלייקוידעש בעראָש מיטן ראַוו זײַנען אין אַלע באַטע־מעדראַשים פון „דאָרטן". דער דאָזיקער כשאַד איז געפאַלן אויך אַף צעמאַכן, ווײַל ווי קומט עס, אַז א מענטש, ווער ס'איז יאָרנלאַנג געווען אָן אַפּיקוירעס שעבעאַפּיקוירעס, זאָל פלוצעם ווערן א שאַמעס אין שול? כאָטש צוריקגערעדט, וואָס האָט ער בא אַזאַ עלטער געזאָלט טאָן? גיין איבער די הײַזער? איז א גרויסער סאָפעק, צי וועט עמעצער אים אַרויסטראָגן א שטיקל ברויט. פון מוירע און שרעק זײַנען בא די מענטשן פאַרשטיינערט געוואָרן די הערצער, אָפּגעשטאָרבן דאָס געפיל פון ראַכמאָנעס און מיטלײַד. און וואָס איז אָן דעם, פרעגט זיך, דעמלט דער מענטש?

— סטאַרב, סטאַרב, מײַן געסריי, — האָט צעמאַך זיך צעזונגען ווי א באַלמוסעף באַם אָמעד, — וועסט סײַווי אין ערגעץ ניט ווערן דערהערט.

— ניט סײַווי, נאָר בעמיילע, און ניט אין ערגעץ, נאָר אין הימלען: וועסט בעמיילע אין הימלען ניט ווערן דערהערט, — האָט, גייענדיק בא דער זײַט, אים אונטערגעזאָגט האָדל.

צו צעמאַכן איז האָדלס אָנווײַזן אים אַף די דערלאָזטע גרײַזן ניט דערגאַנגען. אויסער דאָס אייגענע קאָל האָט ער אין די מינוטן מער גאָרניט געהערט. מיטן זעלבן ניגן האָט ער אַרויסגעזונגען אויך דאָס ווײַטערדיקע:

— מיר גייען אין ספּאָן און סטאַרבן פון דײַנע קוסן.

איצטיקס מאָל האָט אים שוין האָדל ניט אָנגעוויזן אַף די דערלאָזטע גרײַזן. אַז די שורע איז גאָר פון אָן אַנדער ליד און פון אָן אַנדער דיכטער, וועלכער איז פון א לענגערע צײַט אויך שוין „דאָרט", און ווער ווייסט ווי האַלט מיט אים. מע האָט אים אַוועקגעפירט אַהינצו פונעם היפש ווײַ־

לעבן הינטערמאַסקווער מאַלייעווקער שפּעדישן הויז אַ שווער קראַנקן. האָדלען האָט ניט געוווּנדערט, וואָס דער באַיאָרטער אַבעל האָט, ווי זי, פֿאַרגעדענקט אויף אויסווייניק גראַדע די דאַזיקע לידער און, ווי זי, צוגעטראָפֿן ווען עס פֿאַרצווייליענען. זי האָט זיי אָבער מיט עטלעכע טעג צוריק פֿאַרגעלייענט אין שײַכעס מיטן אָנגעגאַנגענעם געשפּרעך צווישן איר נאָסענען און זאַלמענען, פֿאַרגעלייענט, ווי דיכטונג, און באַ אים, צעמאַכן, מאַכט עס דעם אײַנדרוק, ווי ער זאָל זיי מאַוווער זײַן.

אין צעמאַך אַבעלס ווײַטערדיקן מאַוווער זײַן די ליד האָט האָדל ניט באַדאַרפֿט אים גאָרניט אויסבעסערן.

— אָנסרײַבן אַזעלכס מיט אַזויפֿיל יאָר צוריק, — איז צעמאַך מאַפּסיק אינמיטן דעם פֿאָרלייענען, ווענדנדיק אַלץ נאָך צו זיך, — האָט מען געדאַרפֿט זײַן אַ נאָווי. איצט וועט אַפֿילע אַ בלינדער, צו וואָס ס׳האָבן אונדז דערפֿירט ווײַערע אַלע קוסן. ס׳איז דאָך דערגאַנגען ראַכמאָנע ליצלאָן סוין דערצו, אַז מע האָט מוירע האַלטן באַ זיך אַ ייִדיש ביכל. דער, ווער סע ווייסט נאָך, ווער איז אַזוינס צעמאַך אַבעל, דער ברענגט צו טראָגן די ייִדישע ביכלעך צו מיר אין סול אַרײַן, אַניט פֿאַרברענט ער זיי, אָדער לאָזט אַראָפּ אין דער מיסטלייטונג. אײַ צו וואָס מיר האָבן דערלעבט! צוליב דעם בין איך עס אַכט יאָר אָפּגעווען באַם קייסער אויף קאַטאָרגע און זיך געסלאָגן מיט אַ ביקס אין דער האַנט פֿאַר דער ראַטנמאַכט בײַסן בירגערקריג.

ענדלעך איז צו צעמאַכן דערגאַנגען, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס, צו הויך און צו אָפֿן זיך צערעדט, האָט ער אויסגעקויפּט די זינד מיט אַ קלונג עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד מיט דער פּושקע, צווינגענדיק דערבײַ: צדאָקע טאַציל מימאָוועס.

ס׳איז ניט אַריבער קיין מינוט, ווי צעמאַך האָט זיך ווידעראַמאָל פֿאַרגעסן. איצט אָבער האָט ער זיך אויסגעטײַנעט שוין ניט מיט זיך, נאָר זיך געווענדט צו די דערבײַגייענדיקע זאַלמענען און נאָסענען:

— איר מיינט, איך ווייס ניט, אַז איר זײַט מיך כויסעד? נו טאַקע, ווי קומט עס, וואָס מע האָט אין מיר, אינעם אַלטן רעוואָליוציאָנער, פֿאַרגעסן, מיך ביז איצט נאָך ניט אופֿגערופֿן אַהינצו צום יום האַדין, ווי סע זאָגט זיך. מע וועט מיך נאָך אופֿרופֿן. דײַגעט ניט, מע וועט אונדז אַלעמען אופֿרופֿן. מע וועט נאָר פֿאַרטיק ווערן מיט רעב ייִסראָעל, וועט מען זיך אַ נעם טאָן פֿאַר קאָל ייִסראָעל. אַזוי האָט מען איבערגעגעבן פֿון יענער זײַט דורכן קעסטעלע. ניט אומעטום פֿאַרסלאָגט מען. פֿאַראַן מענטשן, וועלכע הערן, גופֿע באַ מיר איז קיין קעסטעלע ניטאָ, איך בין אָבער אַ מענטש פֿון דער סול, און אין סול זײַנען די ווענט אָנגעפּיקעוועט מיט נײַס, כאָטש מע היט זיך איינער פֿאַרן אַנדערן, מע ציטערט אַ וואָרט אַרויסברענגען. איין סיקע האָט פֿאַר דעם ניט מוירע.

— ווער? יעשיִע רויזען?

— נו יאָ, יעסיִע רויזען. ער קומט צו מיר צומאָל אַרײַן, נאָר ניט אין סינעל און ניט אין בלויען היטל. ער וויל ניט, מע זאָל וויסן, אַז ער האָט אַמאָל געדינט דאָרטן.

— ער קומט דאַוונען? — האָט האָדל אַ צעטומלטע געפֿרעגט.

— קיין סידער האָט ער באַ מיר ניט געבעטן.

— מיסטאָמע קען ער דאָס דאַוונען אויף אויסווייניק.

— עפּסער. וואָס האָט ער באַ מיר יאָ געבעטן, צי קען איך אים ניט קריגן דעם „סטראָם“, וווּ ס׳איז געווען אָפּגעדרוקט דאָוויד בענאָכעמס סיר „מײַן גלײַכגילט“. אײַער יעסיִע איז פּאָסעט פֿון זינען, ניט אַנדערש. נו, ווער וועט האַלטן באַ זיך אַ סיר, וווּ סע ווערט דערמאָנט און נאָך צום גוטן לייבעלע טעס. גיט נאָר אַ קוק ווי וואָסטריאַקאָווע איז זיך פֿאַר דער לעצטער צײַט צעוואַקסן. ס׳וועט סוין באַלד ניט זײַן דאָ ווו מעקאַבער צו זײַן.

— באַ אונדז אין שטאָט איז שוין פֿון אַ לענגערער צײַט ניטאָ קיין באַזונדערער ייִדישער בעסאָלמען, — איז אַרײַן צעמאַכן אין די רייד דער הויכער דאַרער ייִד מיטן שיטערן בערדל, אויזערס אַ נאָענטער קאָרעוו, וואָס איז געקומען צו פּליִען אויף דער לעווײַע. — אַלעמען אויסגעגלײַכט, אַ מאַציווע מיט אַ מאָגנדאָוויד און אַ מאַציווע מיט אַ ציילעם שטייען באַנאַנד.

— פֿאַר אויזערן האָט זיך דאָ נאָך דערווײַל געפֿונען פּלאַץ און ניט אַבי־ווו, נאָר אין דער אַלייע, ווו ס׳איז געבראַכט צו קווורע אונדזער ערסטער קאָרבן, אַכנעס, אָלעווהאַסאָלעם.

— פֿונוואַנען האָט איר גענומען, — האָט מייער, אומקוקנדיק זיך אויף הינטער, געפֿרעגט אַבעלן, — אַז אַכנעס איז געווען אַ קאָרבן?

— און אַליין ווייסט איר עס ניט? דאָס איז פֿאַר אײַך אַ סאָד? צדאָקע טאַציל מימאָוועס. — מיט איין האַנט האָט צעמאַך געהאַלטן אין איין קלינגען מיט דער פּושקע און מיט דער אַנדערער צוגעהאָלפֿן אונטערשטופּן דאָס וועגעלע מיטן אָרן. אַנטקעגניבער דעם פֿריש אויסגעגראָבענעם ליימיקן קייווער האָט זאַלמען דערזען צווישן די מיט שניי פֿאַרפֿאָראָשעטע מאַציייוועס יעשיִען. פֿאַר זאַלמענען איז דאָס געווען אויף אַזויפֿיל אומדערוואַרט, אַז ער האָט זיך אַליין ניט געגלייבט און אַ פֿרעג געטאָן נאָסענען:

— ווער שטייט עס דאָרט?

— לעבן שיִען?

— יאָ, יאָ, — האָט זאַלמען זיך פאַרכאַפּט, ער זאָל ניט אויסזען נאַריש אין נאָסנס אויגן, — יאָ, אָט דער, ווער סע שטייט לעבן שיִען.

— כ'ווייס, מיסטאָמע פון אויזערס באַקאַנטע, צי עפּשער א קאָרעוו, אַנטקעגן וואָס פרעגסטו עס?

— גלאַט אַזוי. — אין א ווײַלע אַרום האָט זאַלמען פונסנײַ זיך אָנגערופן. — זאָגסט, אַז א קאָרעוו? א קאָרעוו וואָלט ניט געשטאַנען פונדערווײַטנס.

— דיר גייט עס שטאַרק אָן, וואָס דו קוקסט זיך צו אים אַזוי צו?

— פאַרשטייסט, — האָט זאַלמען א רעגע שפּעטער פאַרטראַכט א זאָג געטאָן, — דער מענטש איז מיר עפּעס זייער קענטלעך. כ'וואָלט שווערן, אַז כ'האָב אים ערגעץ געזען.

— קאָנסט דאָך פרעגן שיִען.

זאַלמען האָט צוגעלייגט א פינגער צום מויל. דאָס אַליין שוין איז געווען פאַר נאָסנען איבער־געגוג זיך אָנצושטויסן, אַז דער יונגערמאַן אינעם מאַנטל מיטן אופגעשטעלטן קאָלנער רופט אַרויס בא זאַלמענען א מער גרעסערן כשאַד, ווי דער האַלב אויוערבאַטלדיקער פלאַפּלער צעמאַך אַבעל. זאַלמענען איז איצט לאַכלוטן שוין קלאָר, אַז דער יונגערמאַן איז ניט פון אויזערס קרויווים און אויך ניט פון אויזערס נאָענטע באַקאַנטע. ער איז אַפילע פון העפּלעכקײַט וועגן ניט צוגעגאַנגען צו דער דערשלאָגענער מישפּאָכע אויסדריקן איר זײַן מיטגעפיל מיטן שווערן טראַגישן פאַרלוסט. זאַלמענען איז שוין איצט אויך לאַכלוטן קלאָר, אַז דער יונגערמאַן איז געקומען אהער אינײַנעם מיט יעשיִען. זיי טרעטן ניט אָפּ אײנער פונעם אַנדערן, ריידן זיך דורך מער אָפּן ווונק.

באַזונדערס צוקוקן זיך אַצינד צום יונגנמאַן האָט זאַלמען ניט באַדאַרפט שוין, אַז ס'זאָל אָפּפאַלן דער מינדסטער סאָפעק, אַז ער האָט אים פאַרט ערגעץ באַגעגנט. ער קען בלויז ניט זאָגן פּינקטלעך אַווו. אַלנפאַלס ניט אָפּן פּעראָן פונעם חײַסרוסישן וואָקזאַל באַם באַגעגענען דעם מינסקער צוג מיטן אומגעבראַכטן בענמיכאָעלן, כאָטש פון אָנפאַנג האָט זאַלמענען זיך אויסגעוויזן, אַז טאַקע דאָרט האָט ער אים געזען. גיכער פון אַלץ האָט ער זיך אים אָפּגענעם פאַרגעדענקט פון זײַן אַרומדרייען זיך אין דער טונקל־באַלויכטענער געבײַדע פונעם טעאַטער בײַס דער פאַרווײַנטער אוילעם איז פאַרבײַגעגאַנ־גען דעם אָרן, זען זיך צום לעצטן מאָל מיט שלוימע בענמיכאָעלן. יאָ, דאָס האָט ער אים, דעם דאָזיקן יונג, אין דער נאַכט פאַר דער לעווײַע געזען באַ טימיריאַזעווס דענקמאָל. ניין, אים האָט זיך דעמלט ניט אויסגעוויזן, זאַלמענען, אַז אײנער פון די דרײַ, מיט וועמען אָט דער יונג איז געשטאַנען, איז געווען יעשיִע. גאַנץ מעגלעך, אַז דער יונגערמאַן דינט אין דער ביבליאָטעק אָן א שילדל באַם אַרײַנ־גאַנג, וועגן וועלכער אויזער שרײַבט אין זײַן העפטל, און מיט אים האָט אויזער אין די לעצטע טעג פון זײַן לעבן געהאַט צו טאָן.

ווען אַלע, וואָס האָבן אַרויסבאַגלייט אויזער בען אַווראָמען אין זײַן לעצטן וועג, זײַנען זיך צונויפגעקומען באַם אָרן לעבן דעם אָפענעם קייווער, האָט דער הויכער מאַנצבל מיט דער לענגלעכער רויטער באָרד געגעבן א צייכן די צווײ קוואָרים־גרעבער, זיי זאָלן אַראָפּנעמען דאָס דעקל און צולאָזן די קרויווים זיך געזעגענען מיטן ניפטער.

נאָך איידער די באַגרעבער האָבן זיך צוגערירט צום דעקל, האָט צעמאַך אַבעל מיט צעשפּרייטע הענט זיך אָנגעבויגן איבערן אָרן:

— מע דאַרף ניט עפענען. פאַרקלאַפּט דאָס דעקל.

— דאָס דעקל איז שוין פאַרקלאַפּט.

— איז לייגט אונטער די שטריק און לאָזט אַראָפּ דעם אָרן אין קייווער, — האָט באַפוילן כײַקל וויינקאָל.

כאַנע, אויזערס אַלמאָנע, וואָס איז פאַר די טעג, זינט דער גרויסער אומגליק איז געשען, גע־וואָרן אײַנגאַנצן גראָוו, איז צוגעפאַלן צום פאַרהאַקטן אָרן מיט א יעלאָלע פון זינען זיך צו רירן:

— פאַרוואָס לאָזט איר מיך ניט זיך געזעגענען מיט מײַן אויזערן, זען זיך מיט אים צום לעצטן מאָל? נעמט אַראָפּ דאָס דעקל... עפנט דעם אָרן!

— מאַמע, מע דאַרף ניט. איך בעט דיך. מע דאַרף ניט. — דער זון, א הויכער שיינער באָכער, מער ענלעך אױף דער מוטער, ווי אױפן פאָטער, האָט אופגעהויבן כאַנען פונעם אָרן און זי אָפּגעפירט אױף א טראָט פון דער גרוב. — לאָמיר אים פאַרגעדענקען א לעבעדיקן.

— קינד מײַנס, — און כאַנע האָט זיך ווידער א ריס געטאָן צום אָרן. — עפּשער וויל מען אים ניט ווײַזן מיר, ווײַל דאָ ליגט אָן אַנדערער, ניט ער...

— ער, מאַמע, ער...

זאַלמען האָט אָפּגערופן צעמאַכן מיט כײַקלען אָן א זײַט און שטיל געפרעגט:

— לויט וועלכן דין לאָזט מען ניט צו די אַלמאָנע זיך געזעגענען מיטן מאַן? לויט וועלכן ייִדישן דין לאָזט מען אונדז ניט בעטן באַם ניפטער מעכילע?

— לויט וועלכן דין? — האָט צעמאך איבערגעפרעגט. — און אליין סטויסט איר זיך ניט אָנעט? זי וואָלט דאָך אים ניט דערקענט. און איר וואָלט אים ניט דערקענט.

— אזוי שטארק האָט ער זיך פאר די פּאָר טעג געענדערט?

— פארגעסט ניט, — האָט כײַקל אים דערמאָנט, — אז אויזער איז ארונטערגעפאלן ניט אונטער א געוויינלעכן צוג, נאָר אונטער אן עלעקטרישן. מע האָט שוין, דאכט מיר, אראָפּגעלאָזט דעם אָרן אין קייווער. אייל מאָלע ראכמים שויכײן באמרוימים, — איז כײַקל זיך פארגאנגען אין א געוויין און א וואָרף געטאָן א שטיק קלעפּיקע ליים אַפן אראָפּגעלאָזטן אָרן אין גרוב.

ווען פונעם בערגל ערד אַפן פריש פארשאָטענעם קייווער האָט ארויסגעשטארצט א סטויפּיקל מיט א צוגעקלאָפּטן צו אים פאניר־ברעטעלע, אַף וועלכן ס'איז געווען אויפגעשריבן פּה־ניקבר אויזער בען אווראָם נאָרוויל, האָט אבעל צוגערופן צו זיך אויזערס בעניאָכיד:

— זאָג קאדיס. דו קענסט ניט? נו איז זאָג מיר נאָך. יִסגאדאל וועיִסקאדאס...

— רעב צעמאך, — האָט אויזערס ווײַטער קאָרעוו, דער ייִד מיט דער רויטער באָרד אים איבערגעשלאָגן, — איר קענט אים מאכן אומגליקלעך. ליאָווע איז דאָך א פּארטיינער. גיט, איך וועל אָפּזאָגן פאר אים קאדיש. אַף ווײַטער דארף מען דינגען א מענטשן.

— מע דארף קיינעם ניט דינגען. איך וועל זאָגן נאָך אים קאדיס. אויזער, אָלעווהאסאָלעם, האָט עס בא מיר פארדינט. מיר זײַנען מיט אים געווען באקאנט א היפּש ביסל יאָר. נעכטן צו מײַרעוו האָב איך אָנגעצונדן אין סול א ליכט.

ניט זאלמען, ניט נאָסן און ניט מייער, וועלכע זײַנען בײַגעווען אַף אויזערס לעווײַע און זיך געהאלטן די גאנצע צײַט צוזאמען, האָבן קיין וואָרט ניט ארויסגעבראכט אַפן העספּעד באם פארשאָטענעם קייווער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי נאָר כײַקל האָט אָפּגעזונגען דעם אייל מאָלע ראכמים און אויזערס ווײַטער קאָרעוו האָט אָפּגעזאָגט קאדיש. דערפון, וואָס זיי האָבן געהאט דאָ הײַנט צו זאָגן, האָבן זיי ניט געקענט עס ארויסברענגען אַף א קאָל. איז האָט יעדערער איינער פאר זיך עס ארויסגעבראכט אָן א שטים, מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּן.

איבער דעם, ווײַל מע איז געווען ארײַנגעטאָן אין זיך, דערצו נאָך האָט נויעך לאנדין גערעדט זייער שטיל, זײַנען פון דער רעדע, וואָס ער האָט געהאלטן אַפן העספּעד, דערגאנגען בלויז די לעצטע ווערטער: פון אויס ליטעראטור גייען מיר צו גרויסער ליטעראטור, פון אויס ייִדישער קולטור צו גרויסער ייִדישער קולטור... אזא איז די דיִאלעקטיק, דער אייביקער גאנג פון דער ייִדישער געשיכטע.

אלע דרײַ האָבן זיך איבערגעקוקט. יעדער פון זיי האָט איבערגעלייענט אין דעם אנדערנס בליק דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געהאט צו פרעגן באם פּרומאק: פון ווען און מיט וועמען וועט זיך אָנהייבן דער צוריקמארש פון אויס צו גרויס? פון אים און פון זײַן מערי?

ווען ס'האָט זיך דערהערט דאָס באקאנטע געזאנג, מיט וועלכן יעשיִע האָט אַף זײַן באזונדערן נוסעך, ווי אלע זײַנע לידער, גענומען פארלייענען א ליד לעזיקאָרן אויזערן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „פוי ניכבאר”, איז זאלמענען באפאלן א פארלאנג ארויסנעמען פון בוזעם־קעשענע דאָס בלויע האלבע העפטל און אַף א קאָל, אין אלעמענס אָנוועזנהײַט, נעמען פון דאָרט לייענען...

באם ארויסגאנג פונעם בעסאָלמען האָט יעשיִע אָנגעיאָגט זאלמענען און אים אָפּגערופן אָן א זײַט. זאלמען האָט ניט־ווילנדיק זיך אומגעקוקט, צי באטײַט עס ניט דאָס זעלבע, וואָס דעמלט, אין קאָמיטעט אַף דער פּלאָשטשאדקע, ווען שיִע האָט מיטן אוועקלייגן די האנט אים אַפן אקסל אָנגעוויזן דעם, ווער ס'איז געשטאנען אונטן און ארופגעקוקט צו זיי, אז דאָס איז דער, אַף וועמען יענער פרעגט זיך נאָך, און אין עטלעכע טעג ארום, ווי זײַנעם אָן אלטן באקאנטן, אָפּגעשטעלט אַף אָכאָטני ריאד, באם האָטעל „מאָסקווע”. וועמען דארף שיִע איצט אָנווײַזן אַף אים, זאלמענען?

— ניט דאָ איז דאָס אָרט און ניט איצט איז די צײַט פארפירן א רייד וועגן עלישען. איך ווייס זייער גוט, זאלמען, וועמענס אופּטו דאָס איז, אז עלישע זאָל מיטאמאָל זיך אזוי דערווײַטערן פון מיר. האָט ניט מוירע, כ'וועל אײַך דערפאר אַף קיין דועל ניט ארויסרופן.

זאלמען האָט, ניט ענטפערנדיק קיין וואָרט, געמאכט א ברייטערן טראָט פאָרויס.

יעשיִע האָט אים פארצאמט דעם וועג:

— עלישע איז בא אײַך?

— איר דארפט עס נייטיק וויסן?

— איך האָב פאר דער לעווײַע עטלעכע מאָל געקלונגען צו אײַך. די שכיינים האָבן מיר געענטפערט, אז בא אײַך איז קיינער ניטאָ. ווו איז עלישע? כ'דארף זי נייטיק זען. כ'ווייס דאָך, אז זי איז בא אײַך.

— ווײַבאלד איר ווייסט, — איז זאלמען שטיין געבליבן, — הײַנט צו וואָס פרעגט איר עס מיך?

— הערט זיך אײַן, זאלמען. גיט טייקעף איבער עלישען, אז זי זאָל ניט גיין הײַנט צום פּאָלקאָווניק פון דער מיליציע. ניט הײַנט און ניט מאָרגן. אזוי גיט איר וואָס גיכער איבער.

עלישען האָט זאלמען אין צימער ניט געטראָפן. וויִאזוי האָט ער אליין ניט פארשטאנען, אז ער

האָט ניט געקענט זי איצט טרעפֿן. אַז זי איז פֿון לאַנג שוין אַוועקגעפֿאָרן אַהין. וואָס פֿאַר אַ געפֿאַר עס זאָל זי דאָרט ניט דראָען, קען ער סיַיווי איר מיט גאָרניט העלפֿן, גאָרניט ענדערן. געבליבן פֿאַר אים דאָס איינציקע: זיצן און וואַרטן.

ס׳איז שוין געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט. זאַלמען איז נאָך אַלץ געזעסן און געוואַרט. עפּשער אָנקלינגען צו שיַיען? נאָר ניט פֿון שטוב. פֿון שטוב איז ביכלאַל אַ סאַקאָנע צו אים קלינגען.

ניט וויַיט פֿון הויז איז געווען אַ טעלעפֿאָן־אויטאָמאַט. זאַלמען איז אַריַין אין דער בודקע, צוגעמאַכט שטאַלט דאָס טירל. נאָר ווי אַפּצולאָכעס האָט ער ניט געפֿונען אין די קעשענעס קיין גילדן. ס׳איז עפּשער גליַיכער. ער קליַיבט זיך דאָך ניט פֿאַרפֿירן מיט יעשיַען קיין געשפּרעך אין טעלעפֿאָן. ער וויל נאָר דערגיין, צי יעשיַע איז אינדערהיים. צוליב דעם איז ניט נייטיק קיין מאַטבייע.

זאַלמען האָט אַראָפּגענומען פֿונעם הייבער דאָס טריַיבל און אַ דריי געטאָן דעם דיסק מיט די נייטיקע זעקס ציפֿער. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. ער האָט ווידער אָנגעקלונגען און ווידער האָט קיינער ניט אַראָפּגענומען דאָרט דאָס טריַיבל. איז יעשיַע, הייסט עס, אויך ניטאָ. און באַ וועמען נאָך, אויסער ווי באַ אים, קען ער זיך דערוויסן, וואָס איז געשען מיט עלישען, וווּ איז זי?

## 29

אינעם פֿאָדערצימער פֿון דעם פֿאַלקאָווניקס קאַבינעט איז פֿון די באַזוכער, אויסער עלישען, מער קיינער ניט פֿאַרבליבן. פֿאַרוואָס האָט לעוואַן רעוואַזאָוויטש מאַרגיִאַני זי ביז איצט נאָך ניט אופֿגענומען, בייס אַלע געקומענע אַ סאַך שפּעטער פֿון איר זיַינען פֿון לאַנג שוין אַוועק, האָט עלישע ניט אָנגעהויבן פֿאַרשטיין. איינס איז איר קלאָר: דאָס, וואָס מע האָט אין איר ווי איינגאַנצן פֿאַרגעסן, איז ניט געוועזנט פֿון דעם דעזשורנע באַם טישל, פֿון דער מיליציייִש־געקליידטער פֿרוי מיטן שטערנדל אויף די פּאַגאָנעס, אָן וועמענס דערלויבעניש די באַזוכער האָבן ניט געקאָנט צורירן זיך צו דער טיר פֿון דעם פֿאַלקאָווניקס קאַבינעט.

דערמאָנען וועגן זיך דער פֿרוי באַם טישל איז געווען איבעריק. זי איז דאָך ניט קיין בלינדע, כאָטש פֿאַר דער גאַנצער ציַיט, זינט זיי זיַינען פֿאַרבליבן אינעם פֿאָדערצימער זאַלבעצווייט, האָט זי, דאַכט זיך, ניט אַ קוק געטאָן אין איר זיַיט. דאָס אַליין איז גענוג אויף אָנצושטויסן זיך, אַז קיין גוטס האָט זי דאָ ניט, עלישע, צו דערוואַרטן. זי האָט אויך אָן דעם עס פֿאָרויסגעזען און ווייסט טאַקע אַליין ניט, פֿאַרוואָס האָט זי נאָכגעגעבן שיַיען און איז איַינגעגאַנגען קומען אַהער. לויט דעם, ווי שיַיע האָט איר דערציילט וועגן זיַין נאָענטער באַקאַנטשאַפֿט מיט מאַרגיִאַנין און פֿאַרזיכערט, אַז זי וועט אַרויס פֿון דעם פֿאַלקאָווניקס קאַבינעט מיט אַ דערלויבעניש זיך צושריַיבן אויף שטענדיק אין מאָסקווע, ווערן אַ שטענדיקע מאָסקווער איַינוווינערן, וואָלט דאָך לעוואַן רעוואַזאָוויטש דאָך געדאַרפֿט זי אופֿנעמען איינע פֿון די ערשטע. צום סאָף האַלט ער זי אָפּ ביז איצט נאָך אין פֿאָדערצימער און איז ניט זיכער, צי וועט ער זי ביכלאַל אופֿנעמען. אָן אַנדערע אויף איר אָרט וואָלט ניט געבליבן אַזויפֿיל וואַרטן, זי וואָלט מיסטאָמע פֿון לאַנג אַוועק, ניט געלאָזט זיך אַזוי דערנידעריקן...

נאָר ווי קאָן זי אַוועקגיין? זי וואָלט דאָך דערמיט אַליין אַרויסגעטראָגן זיך אַ פּסאַק, אַז זי דאַרף זיך קליַיבן אין וועג אַריַין. און אַזוי האָט זי נאָך אַ שטיקל האָפֿענונג. עפּשער וועט דער גורל ניט זיַין צו איר אַזוי אַכזאָריעסדיק, ווי ביז איצט. אַלץ איז געווענדט פֿונעם פֿאַלקאָווניקס איין־און־איינציק וואָרט אויף איר מעלדונג: „צושריַיבן“.

ווען עמעצער ווייסט, ווי סע ווילט זיך איר ניט אומקערן צוריק קיין אַבעז, וואָלט ער זיכער ניט געוואָגט איר אָפּוואַרפֿן, האַלעמיַי לאָזט זי זיך צוליב דעם אַזוי דערנידעריקן, — זיצן דאָ די ווײַפֿלטע שאָ שוין הינטער דער טיר. שיַיע האָט אויך צוגעזאָגט דורכריידן זיך מיט זיַין באַקאַנטן פֿאַלקאָווניק מאַרגיִאַנין, ער זאָל איר דערלויבן אַרויסנעמען פֿון אַבעז די מוטער. וווינען אין מאָסקווע וועט די מוטער ניט קענען. דערויף דאַרף מען אַ דערלויבעניש פֿון אַ פֿיל העכערער פּערזאָן, ווי לעוואַן מאַרגיִאַני. די מאַמע וועט אָבער מעגן זיך באַזעצן אין דער אומגעגנט פֿון אַ וועלכער־ניט־איז נאָענטער שטאָט פֿון מאָסקווע און זיי וועלן קענען זיך אָפּט זען.

— בירגערן קרישטאַל.

די פֿרוי מיטן שטערנדל אויף די מיליציייִשע פּאַגאָנעס האָט, ניט אופֿהייבנדיק דעם קאָפּ פֿון טישל, אָנגעוויזן עלישען מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט, ווי מיט אַ זשעזל, אויף דער הויכער אַרומגעקלאַפּטער טיר פֿון מאַרגיִאַניס קאַבינעט. עלישען האָט זיך געגלוסט זי פֿרעגן, פֿאַרוואָס איז זי צו איר אַזוי בייז, ניט אַ קוק געטאָן אויף איר אַפֿילע באַם אָנרופֿן דעם פֿאַמיליע־נאָמען? עפּשער ווייסט זי וועגן איר אַזעלכס, וואָס דערלאָזט ניט, אַז זי זאָל אַנדערש באַגיין זיך מיט איר? אייגנטלעך, ווי

זאָל זי געווען זיך אַנדערש האַלטן מיט איר, אויב דער שעף האָט זיך מיט איר אַזוי אויפֿגעפֿירט, געלאָזט זי וואַרטן אױף זיך פֿיל לענגער, ווי עמעצן אַנדערש פֿון די שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגענע באַזוכער.

דער בליק, מיט וועלכן דער פֿאַלקאָווניק האָט זי באַגעגנט, האָט צו נישט געמאַכט עלישעס פֿאַרדראָס אױף אים. ווען מאַרגיַאַני האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון טיש און צוגעגאַנגען צו דער טיר, האָט עלישע דערוואַרט, אַז ער וועט באַלד אויסריידן דער דעזשורנע זײַנער, פֿאַרוואָס האָט זי אים גלײַך ניט געזאָגט, ווער ס'איז געקומען און האָט געלאָזט זי אַזוי לאַנג וואַרטן. נאָר דערהערט האָט זי, ווי ער זאָגט דער פֿרוי באַם טישל, אַז זי איז פֿרײַ, זי איז אים דאָ הײַנט מער ניט נייטיק.

פֿאַר די פּאָר מינוט, זינט דער פֿאַלקאָווניק האָט פֿאַרלאָזט דעם פּאָטעל און זיך דורכגעגאַנגען צו דער טיר און פֿון דאָרט צוריק צום טיש מיטן גרינעם פּליושענעם צודעק, האָט עלישע באַוויזן באַמערקן, אַז דער פּאַרקעמטער אױף אַרוף געדיכטער קאָפּ האָר, די קליינע אַקוראַט אונטערגעשוירענע וואָנצעס, די ברעמען, און נאָך מער די קײַלעכיקע אויגן זײַנען פֿונעם זעלבן גלאַנציק־שוואַרצן קאָליר, ווי די הויך אָנגעצויגענע אויסגעפּוצטע שטיוול, גלײַך מע וואָלט איבער דעם אַלעם זיך געווען דורכגעגאַנגען מיט אַ בערשטל, אײַנגעטונקט אין איינעם און דעם זעלבן פּושקעלע שוואַרצן שוואַקס. זײַן לײַכטער פֿרוזשינענדיקער טראָט האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ רויִקן מענטשן, וועלכער איז גרייט יענעם אויפֿמערקזאַם אויסהערן און טאָן אַלץ, וואָס איז פֿון אים געווענדט. און עפּשער האָט עלישע אים אויפֿגענומען פֿאַר אַזוינעם, ווײַל שױִע האָט זי צו דעם צוגעגרייט.

— זעצט זיך, ביטע, צו. — ער האָט איר אָנגעוויזן אויפֿן בענקל אַנטקעגניבער באַ זײַן טיש. — אײַער פֿאַמיליע־נאָמען איז קרישטאַל?

— יאָ.

— עלישע מיכײַלאָוונאַ קרישטאַל?

און האַגאַם זײַן געשפּרעך מיט איר האָט ער אָנגעהויבן מיטן פֿאַרגעבן איר די זעלבע פֿראַגעס, ווי געווײנלעך די טוער פֿון אַזעלכע אַנשטאַלטן, האָט זי אָבער אין זײַן קאָל ניט דערפֿילט קיין באַר האַלטענעם מיין, כאַפּן זי באַ אַ ליגן, נאָר אַ האַרציקײַט פֿון אַ מיטפֿילנדיקן מענטשן. אַרויסגענומען פֿון דער פּאַפּקע אַ פֿאַרשריבן בלעטל פּאַפּיר און זיך דורכגעגאַנגען איבער דעם מיטן בליק פֿון זײַנע גלאַנציק־שוואַרצע אויגן האָט ער פֿאָרגעזעצט פֿאַרגעבן איר די ווײַטערדיקע פֿראַגעס. זיי האָבן פֿאַר אים, זעט אויס, אַ שײַכעס צום לייזן איר גורל.

— שוין לאַנג ווי איר זײַט באַקאַנט מיטן קאַפּיטאַן רויזען?

עלישע האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרקלערט. נאָר ניט ווײַל זי האָט זיך געקליבן אויסבאַהאַלטן וויפֿל איז שוין, אַז זי האָט זיך באַקענט מיט שיִען. זי האָט פּאָשעט אָנגעוווירן דעם פֿינקטלעכן כעזשבן. און דעריבער געענטפֿערט:

— ניט איבעריקס לאַנג.

דער פֿאַלקאָווניק איז איר געקומען צו הילף. פֿאַר אים האָט עס, ווײַזט אויס, געהאַט אַ באַדײַ־טונג:

— אָבער פֿאַרט? אַ יאָר, צוויי, דרײַ?

— באַ אַ יאָר אַן ערעך.

— און ניט כאַסענע געהאַט פֿאַר אים?

— איך פֿאַרשטיי ניט, בירגער פֿאַלקאָווניק. — מיטן אָנרופֿן מאַרגיַאַנין בירגער פֿאַלקאָווניק האָט זי זיך אַרויסגעגעבן. אין אַבעז און ווו זי איז מיט איר מוטער ביז דעם געווען האָט זי בלויז אַזוי זיך געווענדט צו אַ מיליטערישן. זי האָט זיך אָבער גלײַך פֿאַרכאַפּט, באַטאָנענדיק באַזונדערס דאָס וואָרט „כאַווער“. — איך פֿאַרשטיי ניט, כאַווער פֿאַלקאָווניק, פֿאַרוואָס האָב איך געדאַרפֿט פֿאַר אים כאַסענע האָבן?

— ווײַל ער איז פּאָשעט אַ באָכער מיט אַלע מײַלעס. אי אַ יונגער, אי אַ שיינער און אַ פּאָעט דערצו. ווען איר זאָלט געווען פֿאַר אים כאַסענע האָבן, וואָלט איר דאָך ניט געדאַרפֿט אָנקומען צו מיר נאָך אַ דערלויבעניש זיך צושרײַבן. ווי איך ווייס, לעבט רויזען שוין לאַנג ניט מיטן ווײַב, זיך מיט איר געגעט. — און אײנגאַנצן אומגעריכט אַ זאָג געגעבן: — איר קאָנט מיך, פֿאַרשטייט זיך, ניט געדענקען, אָבער איך געדענק אײַך זייער גוט. כ'האָב אײַך אַ פּאָר מאָל געזען מיט איסײַ רויזענען. כ'קען אײַך אַפֿילע זאָגן ווו. איין מאָל אין סטאָלעשניקאָװ־געסל לעבן אײַער צוגעמאַכטער טעאַט־ראַלער שול, דאָס אַנדערע מאָל, ניט לאַנג צוריק, אויפֿן נאָגין־פּלאַץ. איך פֿאַרשטיי ניט, פֿאַרוואָס האָט איסײַ ניט געוואָלט מיך באַקאַנען מיט אײַך, מוירע געהאַט, כ'זאָל אײַך ניט אָפּשלאָגן באַ אים? פֿאַר דעם, דאַכט מיר, דאַרף ער זיך ניט שרעקן. איך בין, ווי איר זעט אַליין, ניט דער מאַנצבל, פֿאַר וועמען מע דאַרף דערפֿאַר מוירע האָבן.

קענטיק, אַז מאַרגיַאַני האָט דערוואַרט פֿון איר הערן, אַז ער איז גראַדע יאָ דער מאַנצבל, פֿאַר וועמען מע דאַרף אין אַזעלכע פֿאַלן מוירע האָבן, און דאָס וואָלט ניט געווען שטאַרק איבער־

געטריבן. נאָר עלישען איז עס סטאַם ניט אָנגעגאַנגען. און אַליין פאַרשטייט ער דען ניט, אַז ניט דאָס האָט זי דערוואַרט פון אים הערן און אַז ניט צוליב דעם איז זי אַהער געקומען. זי האָט אָבער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן איר מעלדונג, וואָס זי האָט איבערגעגעבן דורך שיען. ניין, מיט איר אָפּענטפערן אַזוי גלײַכגילטיק דעם פאַלקאָווניק וועגן שיען האָט זי זיך ניט געמאַכט ערגער. עלישע האָט עס אויפגעכאַפּט אין דעם פאַלקאָווניקס בליק. נאָר פון דער מינוט אָן האָט זי מוירע געהאַט, אַז ער וועט איר באַלד אַרויסזאָגן דאָס זעלבע, וואָס איר איז וויפל מאָל איינגעקומען הערן וועגן איר געיאַרשנטער פון דער מוטער פאַרבלענדנדיקער שיינקייט.

דערמיט, וואָס מאַרגיאַני האָט דערפון מיט קיין איינציק וואָרט ניט דערמאָנט, האָט ער בלויז אויסגעשפּילט אין אירע אויגן. זי איז אים אַפילע מויכל געווען פאַרן אָפּהאַלטן זי אַזאַ צײַט אינעם פאָדערצימער, ניט פאַרשטייענדיק ביז איצט נאָך דעם מיין זײַנעם דערבײַ.

קלאָר איז עס איר געוואָרן נאָך דעם, ווי ער האָט זי פּלוצעם אַ פרעג געגעבן, צי ווייסט זי, אַז בא אים אין גרוזיע זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין פּאָגראָמען אויף ייִדן.

זאָגן אַזעלכס אין איצטיקער צײַט, איז עלישען געווען פאַרשטענדלעך, האָט לעוואַן רעוואַזאַ־ וויטש געקאָנט אונטער פיר אויגן, אָן איידעס. דערפאַר, זעט אויס, האָט ער זי ניט בלויז אויפגענומען די לעצטע, נאָר אויך אָפּגעשיקט די פרוי מיטן שטערנדל אויף די פּאַגאָנעס, געזאָגט איר, אַז זי איז אים הײַנט מער ניט נייטיק. אין דער אייגענער רעגע, ווי דער פאַלקאָווניק האָט זי געפרעגט, צי ווייסט זי, אַז אין גרוזיע זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין פּאָגראָמען אויף ייִדן, האָט עלישע בעשאַסמײַסע אויך אַ קלער געטאָן, צי האָט ער ניט געוואָלט איר דערמיט זאָגן, אַז זי זאָל אַריבערפאָרן קיין גרוזיע. דאָרט וועט מען זי אָן קיין שום רייד גלײַך צושרײַבן. זי זאָל אָפּאָנעם ניט מאַכן דערפון אויך אַזאַ אויספיר, האָט דער פאַלקאָווניק ניט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. אין זײַן שטים האָט זיך אָבער איצט געהערט מער דאָס שלעכטס, ווי דאָס גוטס אינעם מענטשן, פון וואָס עלישע האָט אין איר לעבן אָפּטער געגאָסן.

— ווילט איר, הייסט עס, זיך צושרײַבן אויף שטענדיק אין מאָסקווע. ווערן אַ שטענדיקע אײַנ־ וווינערן פון אונדזער הויפּט־שטאָט. כ׳וואָלט אײַך געקענט געבן אַזאַ דערלויבעניש. דאָס איז אין מײַנע מעגלעכקײַטן. ניט יעדערן אָבער קען איך עס דערלויבן, דער, ווער עס ווענדט זיך מיט אַזאַ ביטע, דאַרף האָבן דערויף רעכט, ער דאַרף עס פאַרדינען.

— אַנטשולדיקט, איך פאַרשטיי ניט וועגן וואָס פאַר אַ פאַרדינסטן רעדט איר?

— דאָ איז ניטאָ איבעריקס צו פאַרשטיין. איך רייד וועגן די פאַרדינסטן פון יעדן סאָוועטישן מענטשן, זײַן טרײַ איבערגעגעבן דעם היימלאַנד. און דאָס דאַרף מען דערווײַזן. איך קלער, אַז איסײַ רוויזען האָט מיט אײַך וועגן דעם געשמועסט?

— וועגן דעם האָט קיינער ניט געדאַרפט מיט מיר שמועסן. איך האָב זיך מיט גאָרניט פאַר־ זינדיקט אין מײַן לעבן, אַז מע זאָל דאַרפן דערפון שמועסן מיט מיר.

— איז אויב אַזוי, האָבן מיר זיך מיט אײַך דעררעדט. — מאַרגיאַני האָט זיך אויפגעשטעלט, געשטאַנען אַזוי אַ ווײַלע, און באַלד צוריק זיך צוגעזעצט. — גוט. איך וועל אײַך דערלויבן זיך צושרײַבן אויף שטענדיק אין מאָסקווע. — ער האָט אַרויסגענומען פונעם בעכער אָפן טיש אַ גראָבן בלײַשטיפט. — איר האָט וווהין זיך צושרײַבן, ווײַל ניט יעדערער וועט אײַנגיין צושרײַבן עמעצן צו זיך אויף שטענדיק.

— יאָ, פאַראַן בא מיר.

לעוואַן רעוואַזאָוויטש האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טיש אויף צו פאַרשרײַבן בא זיך דעם, וועמען זי וועט אָנרופן און דעם אַדרעס זיינעם.

בא עלישען האָט זיך שיר ניט אַרויסגעכאַפּט זאַלמענס נאָמען. זי האָט אָבער צו דער צײַט באַוויזן ניט אַרויסברענגען עס אויף אַ קאָל, זיך פאַרענטפערט דערמיט, אַז זי דאַרף זיך מיט יענעם נאָך איבעררײדן.

— עס גייט עפּשער וועגן איסײַען?

— ניין.

דער פאַלקאָווניק מאַרגיאַני האָט צוריק אַרײַנגעשטעלט דעם בלײַשטיפט אינעם בעכער אָפן טיש און פאַרהאַלטן זײַן בליק אויף עלישען.

— איר זײַט מיט אים צעקריגט? איך האָב אַלנפאַלס ניט געהערט פון איסײַען קיין קרום וואָרט וועגן אײַך, פאַרקערט, ער האָט גערעדט מיט מיר וועגן אײַך בלויז צום גוטן.

— ער האָט ניט געקענט ריידן וועגן מיר שלעכטס. מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געקריגט.

— הײַנט פאַרוואָס ווילט איר זיך ניט צושרײַבן צו אים? אויב איר דערלויבט, קען איך זיך מיט אים דורכריידן.

— אַ דאַנק. מע דאַרף ניט. איך וועל ביכלאַל קיינמאָל ניט אײַנגיין וווינען בא ניט קיין כאַר־ סענע געהאַטן מאַנצבל.

דערווײַל האָט דער פּאָלקאָווניק ניט אָנגערופֿן זאַלמענס נאָמען. דערפֿון איז עלישען געווען פֿאַרשטענדלעך, אַז שׂיִע האָט וועגן איר באַזעצן זיך בײַ זאַלמענען מיטן פּאָלקאָווניק ניט גערעדט. נאָר ווען צו דעם פּאָלקאָווניק זאָל עס געווען דערגיין און ער זאָל איר געווען דערפֿון דערמאָנען, וואָלט זי אים דערויף געענטפֿערט, אַז פֿאַר דער צײַט, זינט זי האָט זיך אַרײַנגעקליבן צו זאַלמענען, האָט ער קיין איין מאָל דאָרט ניט גענעכטיקט! און וויפֿל איר זאָל ניט אויסקומען בײַ אים וווינען, וועט ער אויך אויף ווײַטער זיך אַזוי אויפֿירן. זי איז אין דעם מער ווי זיכער.

— און וואָס קלײַבט איר זיך טאָן? מע דאַרף דאָך פֿון עפּעס לעבן.

— כ׳וועל גיין אַרבעטן.

— אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, האָט איסײַ רויזען מיר געזאָגט, אַז איר קלײַבט זיך אָנקומען אין אַ טעאַטראַלער שול, זײַן אַן אַקטריסע. — ער האָט אַ פּאָר מאָל זיך אַ וויג געטאָן אויפֿן פּאָטעל און געבליבן אַזוי האַלב הענגען אָנגעשפּאַרט מיטן אָנלען אין דער הינטערוואַנט. — איר גלייבט, אַז מע וועט אײַך צולאָזן צו די עקזאַמענעס נאָך דעם, ווי איר האָט זיך געלערנט אין אַ בורזשואַזער נאַציאָנאַליסטישער אַזויגערופֿענער טעאַטראַלער שול, וועלכע מע האָט פֿאַרמאַכט פֿאַר אַנטיסאָוועטיזם, חי מיט אַ קורצער צײַט פֿריִער דעם ייִדישן טעאַטער?

ס׳איז געווען אַן אומזין, באַזונדערס פֿאַר איר נאָך, פֿאַרפֿירן אין אָט דעם קאַבינעט דערפֿון אַ געשפּרעך. זי האָט אָבער ניט געקענט זיך בײַקומען דערויף ניט ענטפֿערן, אַז זי הערט דאָס צום ערשטן מאָל. ביז איצט האָט זי פֿון קיינעם ניט געהערט, אַז מע זאָל דערמיט געווען דערקלערן דאָס צומאַכן דעם טעאַטער און די שול. אַלע אירע באַקאַנטע האָבן אײַנגעזען אין דעם גאָר עפּעס אַנדערש. מע איז פּונקט, אָט ווי זי, זיכער, אַז ווען דאָס אַלץ זאָל דערגיין צום פּאָטער, צום גרויסן פֿירער, וואָלט געוואָרן אויס מיטן קאָסמאָפּאָליטיזם און מע וואָלט צוריק אויפֿגעשטעלט אי דעם טעאַטער, אי די שול.

— דערקלערט מיר, — האָט מאַרגיִאַני זי געפֿרעגט, — אויב איר זײַט דערין אַזוי איבערצײַגט, איז פֿאַרוואָס זאָלט איר אים דערפֿון ניט אָנשרײַבן?

— מע האָט אים, גלייב איך, שוין דערפֿון געשריבן, און ניט איינער. נאָר ווײַזט אויס, אַז סע דערגייט ניט צו אים.

אויך דאָס האָט זי מעגלעך ניט געדאַרפֿט געווען זאָגן. כאָטש מוירע האָבן דערפֿאַר דאַרף זי ניט. זי נעמט עס דאָך ניט פֿון עמעצנס רייד. זי אַליין האָט פֿון אַבעז זיך צו אים אַ פּאָר מאָל געווענדט וועגן איר פֿאַרפֿאַלן געוואָרענעם טאַטן און וועגן דער אַרויסגעשיקטער מוטער. קיין ענטפֿער האָט זי ניט געקראָגן.

דער פּאָלקאָווניק האָט זי ניט איבערגעשלאָגן. און ווען עלישע איז אַנשוויגן געוואָרן, האָט ער, אונטערוויגנדיק זיך אויפֿן פּאָטערשטול, ווידער אַ זאָג געטאָן, ניט אָפּפֿירנדיק דעם בליק פֿון איר:

— בײַ אונדז אין גרויזיע זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין פּאָגראָמען אויף ייִדן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט וואָס האָט דער פּאָלקאָווניק איר דאָס מאָל עס געזאָגט? עפּשער איז ער אויסן איר דערמיט ענטפֿערן, אַז דאָס אַלץ, וואָס ס׳קומט פֿאַר איצט מיט די ייִדן, האָט זײַן גרוזיניש פֿאָלק דערצו קיין שײַכעס ניט, אַז מע טאָר ניט לויט איינעם צי לויט צווייען שאַצן אַ גאַנץ פֿאָלק, ווי מע קען ניט מישפּעטן לויט דעם, ווי דערנידעריקט און געפּאַלן עס פֿירט זיך אויף דער ייִד לייזער אין די גאָר הויכע פֿענצטער, דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק?

— איז אָט וואָס, מײַן טײַערע. כ׳ווייס ניט, מיט ווע

מען דאַרפֿט איר זיך דאָס דורכריידן, איך צווייפֿל אָבער שטאַרק, צי עמעצער וועט אײַנגיין צושרײַבן אײַך צו זיך אויף שטענדיק. ס׳איז מאָסקווע. — מאַרגיִאַני האָט פֿאַרלאָזט דעם פּאָטערשטול און מיט לײַכטע פֿרווזשינענדיקע טריט צוגעגאַנגען צו איר. — נאָר פֿאַראַן אַן אויסוועג. איינער מײַנער אַ נאָענטער באַקאַנטער איז אויף אַ לענגערער צײַט אַוועקגעפֿאָרן צוזאַמען מיט דער פֿרוי זײַנער. מע האָט זיי ביידן אַוועקגעשיקט אַרבעטן אין אַן אַפֿריקאַניש לאַנד אַמווייניקסטנס אויף אַ יאָר־אָנדערהאַלבן. דעם שליסל פֿון דער דירע האָט ער מיר איבערגעלאָזט, געגעבן מיר דאָס רעכט אַרײַנלאָזן אַהין וועמען איך וויל. צײַטווײַליק, פֿאַרשטייט זיך. די דירע איז ניט קיין גרויסע, צוויי קליינע צימערלעך, ס׳איז אָבער אַ באַזונדערע דירע, אָן שכיינים. צושרײַבן אײַך אַהינצו אויף שטענדיק, ווײַבאַלד די דירע איז ניט אײַערע, קען איך ניט, נאָר אויף די אָנדערהאַלבן יאָר, וואָס מײַן באַקאַנטער וועט ניט זײַן הי, וועל איך אײַך צושרײַבן. דערנאָך וועלן מיר זען. מעגלעך, אַז מײַן באַקאַנטער וועט זיך לענגער פֿאַרהאַלטן דאָרט, אין אַפֿריקע. קיין דירע־געלט וועט אײַך ניט אויסקומען צאָלן. דער באַלעבאָס האָט באַצאָלט אויש פֿאַר צוויי יאָר פֿאָרויס. — דער פּאָלקאָווניק האָט זיך לײַכט אָנגעבויגן צו איר. — עפּעס זע איך ניט, אַז איר זאָלט דערפֿון זײַן אַנציקט. עפּשער גייט עס אײַך ניט אונטער?

עלישע האָט אָפּגעקערט פֿון אים די אויגן.

— איך בין אײַך זייער דאַנקבאַר. כ׳האָב זיך דערויף ניט גערעכנט. כ׳ווייס נאָר ניט, מיט וואָס האָב איך עס בײַ אײַך פֿאַרדינט?

— דעם עמעס געזאָגט, ווייס איך אייגנטלעך אַליין ניט. דאָס האָט איר, אַפּאַנעס, צו פֿאַר־דאַנקען אײַער שיינקייט. צום ערשטן מאָל הערט איר דערפֿון, וואָס איר האָט זיך אַזוי פֿאַרשעמט? דאָס טו איך, פֿאַרשטייט זיך, ניט פֿאַר אײַער שיינקייט. איך טו עס, אויב איר ווילט וויסן דעם עמעס, צוליב אײַער איסײַען. ער האָט מיך וועגן דעם זייער געבעטן. מיר זײַנען מיט אים אַלטע באַקאַנטע. איסײַ האָט מיר געזאָגט, אַז איר שפּילט אויף דער פּיאַנע. אָ, בײַ אײַך זײַנען ווירקלעך פֿינגער פֿון אַ פּיאַניסטן. לאַנגע און שטײַפֿע. — ער האָט גענומען איר האַנט און זי אַ ווײַלע פֿאַרהאַלטן אין זײַנער, ניט אָפּפֿירנדיק פֿון עלישען זײַן פֿאַרשנדיקן בליק. — אײַך האָט אָפּגעגליקט. אין דער דירע איז אויך דאָ אַ פּיאַנע. ניט קיין נײַע, אָבער נאָך אַ גאַנץ נישקאָשעדיקע. אַלנפֿאַלס, שפּילן אויף איר קען מען. איך האָב אין דער יוגנט אַ שטיקל צײַט געהאַט צו טאָן מיט מוזיק, זיך געלערנט אי שפּילן, אי זינגען. אָבער ווי נאָר כ'האָב דערפֿילט, אַז קיין גרויסער פֿידלער וועט פֿון מיר ניט זײַן און קיין שאַליאַפּין אוודאי און אוודאי ניט, האָב איך דאָס אַלץ פֿאַרוואָרפֿן. ווען איר וועט זיך אַרײַנקלײַבן אין דער דירע, וועל איך קומען, איר זאָלט מיך פֿאַרהערן. עפּשער האָב איך געהאַט אַ טאַעס און פֿון מיר וואָלט געקענט ווערן אַ זינגער. — ער האָט אַרויסגעלאָזט איר האַנט פֿון זײַנער. — ווי איר זעט, האָב איך אַ שטיקל שוואַכקייט צו מענטשן פֿון קונסט. איך בין שטענדיק גרייט קומען זיי צו הילף. איר קענט עס איבערגעבן אײַערע כאַווערים פֿון דער צוגעמאַכטער טעאַטראַלער שול. זיי נייי־טיקן זיך דאָך אויך מיסטאָמע אין הילף. קלאָרט אויס. איך מיין, אַז איר באַגעגנט זיך נאָך דערווײַל מיט זיי.

— דער קאָפּ איז מיר ניט געווען דערבײַ.

— איצט איז דאָך דער קאָפּ שוין בײַ אײַך פֿרײַ. ווי מע דאַרף פֿאַרשטיין, קלײַבן זיך אײַערע כאַווערים אויך האַלטן עקזאַמען אין די רוסישע טעאַטראַלע שולן. איצט וועט איר קענען זיך גרייטן צוזאַמען. אין אײַער נײַער דירע איז דאָ גענוג פּלאַץ פֿאַר דעם. און וועגן אַרבעט דאַרפֿט איר ניט זאָרגן. כ'וועל אײַך העלפֿן זיך אײַנאָרדענען. בײַ אײַך איז דאָך אַ וווּנדערלעכע דיקציע. איר וואָלט געקאָנט אַרבעטן אויף דער ראַדיאָ. כ'וועל זיך דאָרט דורכריידן מיט וועמען מע דאַרף. איך זע, אײַך וווּנדערט, פֿאַרוואָס זאָרג איך וועגן אײַך אַזוי? כ'ווייס אַליין ניט, עפּשער דערפֿאַר, ווײַל מײַן ערשטע פֿרוי איז געווען אַ ייִדישקע און כ'האָב זי זייער ליב געהאַט.

צי דאַרף זי דערפֿון ניט מאַכן קיין אויספֿיר, האָט עלישע אַ קלער געטאָן, אַז דער פּאָלקאָווניק מאַרגיאַני געהערט אויך צו די ייִדן־פֿײַנט, ווײַל קימאַט בײַ אַלע גרעסטע ייִדן־פֿײַנט, איז איר ניט איין מאָל אויסגעקומען הערן, זײַנען ייִדישע פֿרויען. ער האָט איר אָבער דערויף באַם סאַמע אָנפֿאַנג דאָך געענטפֿערט: אין גרוזיע זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין פּאָגראָמען אויף ייִדן.

— נו, און איצט, ווײַבאַלד מיר האָבן זיך מיט אײַך וועגן אַלץ דערעדט, וועלן מיר, ווי סע פֿירט זיך אין אַזוינע פֿאַלן בײַ דיפּלאָמאַטן, אויסטרינקען צו קעלישעקלעך קאָניאַק אָדער ווײַן, וויאַזוי איר וועט באַפֿוילן, און עפּעס צובײַסן.

עלישע האָט זיך האַסטיק אויפֿגעהויבן פֿון בענקל:

— ניין, ניין. אין קיין שום פֿאַל ניט. איך בין זיך דאָ אַזוי אויך שוין פֿאַרזעסן, אָפּגענומען בײַ אײַך אַ וועלט מיט צײַט.

— זאָל עס אײַך ניט באַאומרויִקן.

— דער זייגער איז באַלד צען. איך קען זיך לענגער ניט פֿאַרהאַלטן.

— עמעצער וואַרט אויף אײַך? איסײַ עפּשער?

— קיינער וואַרט ניט אויף מיר. נאָר די, בײַ וועמען איך שטיי דערווײַל אײַן, וווינען זייער ווײַט פֿונדאַנען. מע דאַרף פֿאָרן אַהין מיט צוויי טראַמווײַען.

— זאָל עס אײַך ניט אָנגיין. אײַך וועט ניט אויסקומען שלעפּן זיך מיטן טראַמוויי. כ'וועל אײַך אָפּפֿירן מיט אַ מאַשין. אַנטשולדיקט, ביטע, כ'האָב אײַך ביז איצט ניט פֿאָרגעלייגט אויסטאָן דעם מאַנטל. דאָ איז דאָך בײַ אונדז זייער וואַרעם, אַפֿילו הייס, וואָלט איך געזאָגט.

וויאַזוי עלישע האָט זיך ניט געוועהרט, איז איר פֿאָרט אויסגעקומען אָפּגעבן אים דעם מאַנטל און ער האָט אים אויפֿגעהאָנגען אויפֿן הענגער באַנאַנד מיט זײַן שינעל.

אויף דער וואַנט, הינטערן פּאַטערשטול, האָט לעוואַן מאַרגיאַני פֿאַנאַנדערגערוקט די צוויי אַראָפּ־געהאַנגענע ביזן דיל געפּאָלדעוועטע קרעמאָווע שטאָרן. הינטער זיי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ טיר. זי האָט געפֿירט פֿונדאַנען אין ניט קיין גרויסן, שיין מעבלירטן צימער.

— סע טרעפֿט, אַז ס'קומט אויס זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט ביז טיף אין דער נאַכט, צומאָל אַפֿילו בלײַבן נעכטיקן, — האָט ער זיך פֿאַר איר ווי פֿאַרענטפֿערט, דערזעענדיק איר פֿאַר־כידעשטקײַט באַם אַרײַנגיין אַהער. — איז וואָס טרינקען מיר? קאָניאַק צי ווײַן?

— אַ דאַנק. אויסער אַ גלאָז מינעראַל וואַסער וועל איך מער גאָרניט טרינקען.

— אַנטשולדיקט, עלישע. איר באַליידיקט זיך ניט אויף מיר, וואָס איך רוף אײַך בלויז באַם נאָמען? דאָ בין איך נאָך דערווײַל באַלעבאָס. וואָס איך וועל באַפֿוילן, דאָס וועט איר טרינקען.

— איר מיינט עס ערנסט? — האָט זי האַלב דערשראָקן געפֿרעגט.

— איר זײַט, זע איך, נאָך אינגאַנצן אַ קינד. העלפֿט מיר בעסער גרייטן צום טיש.

לעוואַן רעוואַזאָוויטש האָט אַרויסגענומען פֿונעם פֿאַרגלאָזטן סערוואַנט טעלערלעך מיט פֿון פֿריִער צוגעגרייטן פֿאַרשיידענעם פֿאַרבײַסנס, צוויי קעלישעקלעך און פּוזשערן, אויפֿגעפּראַפּט אַ פֿלעשל גרוזינער קאָניאַק און אַ פֿלעשל גרוזינער ווײַן. דאָס אַרויסגענומענע פֿלעשל מינעראַל וואַסער „נאַר־זאַן" פֿונעם אײַזקאַמער האָט ער געלאָזט שטיין ניט קיין געעפֿנטס.

— אָט איצט, — האָט ער, צורוקנדיק זײַן בענקל נעענטער צו אירס, זיך אָנגערופֿן, — גיב איך אײַך דאָס רעכט צו באַפֿוילן. איך וועל טרינקען קאָניאַק. און אײַך וואָס זאָל איך אָנגיסן?

— נאַרזאַן.

— נאַרזאַן איז אין אונדזער פֿאַל ניט קיין געטראַנק. איז וואָס פֿונדעסטוועגן וועט איר באַפֿוילן אײַך אָנגיסן? איך האָב דערוויל ניט באַגעגנט נאָך דעם מענטשן, ווער ס'זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון אונדזער גרוזינישן ווײַן. — ער האָט אָנגעגאָסן אַ האַלבן פּוזשער מיט דורכזיכטיקן שפּילעוודיקן ווײַן, — אונדזער גרוזינער ווײַן טרינקט מען ניט אין קיין קעלישעקלעך, בלויז אין פּוזשערן. ס'וועט אײַך גאָרניט העלפֿן. איר מוזט מיט מיר אויסטרינקען. סײַדן איר ווילט מיך באַליידיקן. ניט בלויז מיך, נאָר גרוזיע.

וואָס האָט דער פֿאַלקאָווניק איר אָנגעגאָסן דאָס צווייטע מאָל, ווידער דערמאָנענדיק, אַז אויב זי וועט זיך אָפּזאָגן, באַליידיקט זי דערמיט ניט בלויז אים אַליינעם, נאָר גאַנץ גרוזיע, האָט עלישע ניט באַמערקט. ס'האָט זיך איר אָבער דערפֿון מיטאַמאָל פֿאַרדרייט דער קאָפּ און צוזאַמען מיט מאַר־גיאַניס הייסן אָטעם האָט זי דערפֿילט אויף איר קני זײַן האַנט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי דערפֿילט זײַן פֿײַכטע האַנט בײַ איר ברוסט. זי ווייסט אַליין ניט, וויאַזוי איז עס געשען, נאָר ווען ער האָט זי אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך, האָבן זיך בײַ איר געפֿונען קויכעס אָפּצושטופּן אים, און, אַ פֿאַרפֿלאַמטע פֿונעם אויסגעטרונקענעם ווײַן און פֿון שאַנדע, איז זי אַרויסגעלאָפֿן אין קאַבינעט און אַראָפּגעכאַפּט פֿון הענגער איר מאַנטל.

— עלישע, — איז דער פֿאַלקאָווניק איר נאָכגעלאָפֿן, — אויב כ'האָב אײַך באַליידיקט, בעט איך מיר אַנטשולדיקן. גלייבט מיר, כ'האָב עס ניט געוואָלט. — ער האָט גענומען פֿון טיש אַ ריין בייגעלע פּאַפּיר, אָנגעשריבן אויף דעם מיט גרויסע אויסיִעס „עלישע מיכײַלאָוונע קרישטאַל" און אים אַרײַנ־געלייגט אין דער גרינער פּאַפּקע.

— אַהער לייג איך אַרײַן בלויז די פּאַפּירן, אויף וועלכע איך דאַרף ניט פֿון קיינעם באַקומען קיין באַגיטיקונג. ס'איז גענוג בלויז מײַן אונטערשריפֿט. און אין אָט דער רויטער פּאַפּקע ליגן די פּאַפּירן, וועמענס גורל איך אַליין קען ניט לייזן. אַהער האָב איך אַרײַנגעלייגט די ביטע וועגן דער־לויבן צושרײַבן אין דער מאָסקווער געגנט אײַער מוטער. קומענדיקע וואָך ברענגט מיר אַלע נייטיקע פּאַפּירן. כ'וועל זאָגן דער דעזשורנע, אַז זי זאָל אײַך גלײַך דורכלאָזן צו מיר. — ער האָט אַראָפּגע־נומען דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל און קורץ אָפּגעהאַקט באַפֿוילן, מע זאָל צושיקן די מאַשין.

זיצנדיק שוין אין דער מאַשין לעבן דעם שאָפֿער, האָט לעוואַן מאַרגיאַני אַ קער געטאָן דעם קאָפּ אויף הינטער און טרוקן קאַלט געפֿרעגט:

— וווּהין אײַך אָפּפֿירן? ווו וווינט איר?

ניט פֿאַרטראַכטנדיק זיך קיין איבעריקע רגע, האָט עלישע אָנגערופֿן אַן אַנדער גאַס און אַן אַנדער נומער פֿונעם הויז.

ווי נאָר זי איז אַרויס פֿון דער מאַשין, איז זי גלײַך אַרײַנגעלאָפֿן אין דער פֿאַראַדנע פֿונעם אומבאַקאַנטן מויער. אויסגעוואַרט דאָרט אַ ווײַלע און זיך איבערצײַגט, אַז די מאַשין מיטן פֿאַלקאָווניק איז פֿאַרשוווּנדן, האָט עלישע פֿאַרקערעוועט דורכן נאָענטסטן געסל אויף דער שכײַנעסדיקער גאַס, ווו ס'האָט געוווינט זאַלמען.

ביידע פֿענצטער פֿונעם צימער האָבן זיך געלויכטן. עלישע איז שטיין געבליבן. זאָל זײַן, אַז זי האָט פֿאַרן אַוועקגיין פֿאַרגעסן אויסדרייען די שײַן? צי ס'איז זיך עפּשער עפּעס פֿאַרלאָפֿן און זאַלמען איז געקומען אַהער איבערנעכטיקן? דאָס אָבער קען זי בעשום־אופֿן ניט דערלאָזן. זי ווייסט דאָך, אַז זי וועט דערויף ניט אײַנגיין.

אָנקלינגען דאַרף זי ניט. אָן דעם שליסל פֿון דער דרויסן־טיר גייט זי ניט אַרויס פֿון שטוב. און אַוווּ איז דער שליסל פֿון צימער? אין אײַלעניש, זי זאָל ניט פֿאַרשפּעטיקן צום פֿאַלקאָווניק אָפּן אופֿנאַם, האָט זי, קענטיק, ניט נאָר פֿאַרגעסן אויסדרייען די שײַן, נאָר אויך פֿאַרשליסן דעם צימער. עלישע האָט ניט באַוויזן זיך נאָך צורירן מיטן שליסל, ווי די טיר האָט ווי פֿון זיך אַליין זיך געעפֿנט און זי האָט דערזען פֿאַר זיך זאַלמענען שטיין שרעקלעך פֿאַרלוירן:

— פֿונוואַנען גייסטו עס אַזוי שפּעט? — און אין דער זעלבער רגע, איז ער פֿון איר אָפּגע־טראָטן. — פֿון דיר שמעקט מיט ווײַן.

עלישע האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל אַרויסגעבראַכט:

— איך האָב אויסגעטרונקען. זייער א סאַך אויסגעטרונקען.

— ווו? ווען? באַ וועמען? — זאַלמען האָט געשטיקט אין זיך דאָס קאָל.

— לאָזט מיך אויסטאָן דעם מאַנטל. כ'וועל אײַך אַלץ דערציילן. ווי קומט איר אָבער אַהער? איר האָט זיך צעקריגט מיט נאַדעזשדען?

— שיִע האָט מיך אַהער געשיקט.

— כ'פאַרשטיי ניט.

— שיִע האָט מיך געשיקט דיר זאָגן, אַז דו זאָלסט ניט גיין הײַנט צו זײַן פּאָלקאָווניק. מע דאַרף צו אים, זאָגט שיִע, ביכלאַל ניט גיין.

— פאַרוואָס? — עלישע האָט זיך שיִר ניט צעשריִען אויף דער גאַנצער שטוב, — פאַרוואָס האָט ער מיר פריִער ניט געוואָרנט דערפון? פאַרוואָס?

— דאָס גייסטו איצטער פון אים? — האָט זאַלמען שטיל געפרעגט, מוירע געהאַט דערהערן דעם ענטפער.

עלישע האָט אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין די הענט און א פאַל געטאָן אויפן בענקל:

— וואָס וועט איצטער זײַן? ער וועט שוין איצט ניט אָפּשטיין פון מיר, ניט לאָזן מיך צורו. ער האָט מיר פאַרגעלייגט... צוגעגרייט צוליב דעם פאַר מיר א באַזונדער דירעלע... איך מוז אַנטלויפן. נאָך הײַנט דאַרף איך זיך צוריקקערן אין מײַן אַבעז. קיין איבעריקן טאָג טאָר איך זיך דאָ מער ניט פאַרהאַלטן. פאַרוואָס האָט מיר שיִע גלײַך ניט געוואָרנט? צי ער האָט אַליין נאָך ניט געוווּסט, וואָס דערוואַרט פון מיר דער פּאָלקאָווניק? איאָ שיִע האָט דערפון נאָך ניט געוווּסט?

זאַלמען האָט איר דערויף גאָרניט געענטפערט, בלויז געזאָגט:

— מע דאַרף אין ערגעץ ניט לויפן, אין ערגעץ ניט פאָרן. קער זיך אום קיין לאָסינאָאָסטראָווסק צו נאָסנס שוואָגער און באַווײַז זיך דאָ מער ניט, ביזוואַנען כ'וועל דיר ניט געבן צו וויסן. מירן מיט נאָסענען פאַר דער צײַט עפּעס צוקלערן. לייג זיך דערווײַל שלאָפן. א גוטע נאַכט. — ער האָט זי א קוש געטאָן אין שטערן און אַרויס פון צימער.

עלישע האָט אים געוואָלט אומקערן, וויַאזוי לאָזט מען אים אין אַזא שרעקלעך געפערלעכער צײַט גיין אַזוי שפּעט באַנאַכט. זי האָט זיך אָבער דערפילט אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז זי האָט זיך ניט געקענט אויפהייבן פון בענקל.

## 30

ווי נאָר נאָסן איז אַרײַן אין שטוב, האָט האָדל זיך באַלד אָנגעשטויסן, אַז באַ דעם מאַן אירן איז זיך פאַרלאָפן עפּעס שטאַרק וויכטיקס אויף דער אַרבעט. צי האָט מען אים כאַלילע... נאָר וועגן דעם האָט זי מוירע אפילע א טראַכט טאָן. וואָס קאָן זײַן שרעקלעכער ווי בלײַבן אין אַזא צײַט אָן אַרבעט? ווער וועט וועלן זיך אײַנשטעלן און נעמען צו זיך אויף דער אַרבעט א מענטשן, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט א יידישן קאָמיטעט, מיט א יידישער צײַטונג, מיט יידישע ביכער? ווי וועלן זיי איצטער אויסקומען? ס'איז צו גלייבן, אַז אַזא מענטשן וועט מען פאַר א טרעגער אויף א סקלאַד אויך ניט וועלן נעמען, און באַ זיי זײַנען דאָך צוויי קליינע קינדער. איר פאַרדינסט פון מאַכן קאָנווערטן פאַר דער טעאַטראַלער געזעלשאַפט „וועטעאָ" איז ניט אויף צו גיין אין קלייט. ס'קען קוים קלעקן אויף ברויט מיט קאַרטאָפל, און אויך ניט צו זאַט. און כאָטש נאָסנס אויסזען האָט אונטערגעזאָגט, אַז זי איז זיך ניט טויע, אַז ס'האָט געטראָפן דאָס שרעקלעכסטע, וואָס האָט געקאָנט זיי דערוואַרטן, דאָך האָט האָדל דעם מאַן גאָרניט געפרעגט. זי פאַרשטייט, ווי שווער אים איז איר אָנזאָגן אַזא בסורע. ער וויל מיט זײַן שווײַגן זי אפריִער צוגרייטן דערצו. דעם באַדײַט פון אַזא שווײַגן האָט זי פאַר די יאָרן, זײַענדיק זײַן פרוי, זיך צוגעוווינט פאַרשטיין. נאָסן זאָל ניט באַמערקן איר צערודערטקײַט, האָט זי, ווי ניט ווענדנדיק זיך צו אים, בלויז צו זיך אַליין, א זאָג געטאָן:

— איר וועל גיין אָנוואַרעמען דאָס עסן.

— וואַרט צו, — האָט נאָסן זי אָפּגעשטעלט, — דאָס עסן וועט אין ערגעץ ניט אַנטלויפן. ווו זײַנען עס די קינדער?

— האָסט זיי דען ניט געזען? זיי שפּילן זיך דאָך אין הויף. כ'וועל זיי גיין אַרײַנרופן.

— מע דאַרף ניט. זאָלן זיי זיך שפּילן. לייזערקע האָט די אוראָקן שוין געמאַכט?

— דאַכט מיר, אַז יאָ.

— אַלצייינס, זאָל ער זיך אויך נאָך שפּילן.

— נאָסן, — האָדל האָט ניט געקאָנט מער אויסבאַהאַלטן איר דערשיטערונג. זי האָט אָבער ניט באַוויזן אַ וואָרט מער אַרויסברענגען, ווי נאָסן האָט זי גלײַך איבערגעשלאָגן:

— מע דאַרף מיך איצט גאָרניט פֿרעגן. שפּעטער... שפּעטער... — ער האָט קעגן דעם אייגענעם ווילן געגעבן אַ שלײַדער אָפּ פֿון זיך דאָס אַרויסגערוקטע בענקל און גענומען אַרומשפּרײַזן איבערן צימער, ניט קענענדיק אויף אַ רגע זיך אָפּשטעלן. — ס'איז ניט צו באַגרײַפֿן, ניט צו באַגרײַפֿן... הײַנטיקע נאַכט האָט מען פֿאַרנומען אַהינצו אונדזערע דרײַ מיטאַרבעטער און קיינער ווייסט ניט פֿאַרוואָס און פֿאַרוועגן, אַלע דרײַ זײַנען פּראָנטאָוויקעס, קאָמוניסטן, שלאָגלער, שטילע, אָרנטלעכע מענטשן. גוואַלד צו שרײַען, וואָס קומט פֿאָר אויף דער וועלט? ס'איז דאָך מעשוגע צו ווערן.

— ייִדן? — האָדל האָט אַ בליק געטאָן צו דער טיר, צי זי איז גוט פֿאַרמאַכט.

— אויסער ייִדן, מײַנסטו, זעצט מען איצט מער קיינעם ניט? פֿון די דרײַ אַרעסטירטע זײַנען צוויי רוסישע און איין אַרמענער. פֿאַרוואָס איז מען פֿאַרבײַגעגאַנגען די עטלעכע ייִדן, וועלכע אַרבעטן נאָך דאָרט, קוים האָט מען זיך גענומען פֿאַר אונדזער פֿאַרלאַג „פֿיזקולטור און ספּאָרט" און דער טיפּאָגראַפֿיע, לאָזט זיך פֿאַרשטיין, כאָטש זוכן אַ לאָגיק אין דעם אַלעם איז פּאַשעט אַן אומזין. איבער בענעגייע אַלעמען ווערט געפֿירט אַן אָפֿענע שפּיל, איז מיט די ייִדן פֿירט מען אַ באַהאַלטענע שפּיל, מע פֿירט זי אַזוי, אַז מיר זאָלן זיך ניט אָנשטויסן, וואָס אונדז דערוואַרט. איך שטעל מיך אָן ערעך עס פֿאָר. מע וועט מיט אונדז אָפּטאָן דאָס זעלבע שטיקל אַרבעט ווי מיט די קאַלמיקן, באַלקאַרן, טשערקעסן און אַנדערע. אין איין שיינעם טאָג וועט מען אונדז אַלעמען אַרויסשיקן. אַ טערעץ דערויף האָט מען שוין דאָרט, פֿון אויבן, מיסטאָמע פֿון לאַנג צוגעטראַכט.

— און איך האָב געמיינט, ווען כ'האָב דיך דערזען...

— אַז מע איז שוין געקומען אונדז אַרויסשיקן?

— זאָג מיר דעמלט, — האָדל האָט שוין ניט געעטעמט אַזוי שווער, ניט געקוקט אויפֿן מאַן אַזוי צערודערט. פֿון זײַנע רייד האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז איר וועט ניט אויסקומען מאָרגן ברעכן זיך דעם מויעך, וויאַזוי דורכלעבן דעם טאָג אויף איר פֿאַרדינסט פֿון מאַכן קאָנווערטן. — וויבאַלד סע האַלט דערבײַ, אַז מע זאָל אונדז אַלעמען אַרויסשיקן, איז דאָך ניט נייטיק געווען אַרײַנזעצן מאַרק פֿאָלאָנערן, בינימין בענאַריען, מאַשבערגן און די אַלע אַנדערע. ס'וואָלט ניט געקלעקט פֿאַר זיי קיין אָרט אין די עשעלאָנען?

— און אַליין פֿאַרשטייסטו עס ניט? דאָס איז געמאַכט געוואָרן צוליב דעם, אַז ס'זאָל ניט זײַן, ווער סע זאָל אופֿרודערן די וועלט. אייגנטלעך שרעקט עס זיי ניט. זיי האָבן פֿאַר זיך אַ גאַנץ גוטן בײַשפּיל: דײַטשלאַנד פֿאַר דער מילכאָמע. וואָס איז אַרויסגעקומען דערפֿון, וואָס די וועלט האָט גערווישט? היטלער האָט זיך דערשראָקן און אופֿגעהערט מאַכן פּאָגראָמען אויף ייִדן?

— דו האַלטסט פֿונדעסטוועגן, אַז אונדזערער ווייסט דאָס אַלץ און דערלאָזט דאָס אַלץ?

— עס ווייסט ניט בלויז דער, וועמ סע וויל ניט וויסן, און עס זעט ניט דער, וועמ סע וויל ניט זען. ווּעסט עפּשער פֿרעגן, צו וואָס איז אים עס נייטיק? דערויף איז שווער ענדגילטיק צו ענטפֿערן. נאָר אַז ער איז אַ רעצייעך, אַ גאַזלען איינער אין דער וועלט, דאָס איז פֿאַר מיר קלאָר.

— גיי אָפּ, נאָסן, פֿון פֿענצטער. פֿאַרגעס ניט, אַז בײַ אונדז זײַנען קליינע קינדער. די שאַ זאָל ניט זײַן, קענסט זיך נאָך צומאָל אַרויסכאַפּן פֿאַר עמעצן מיט אַן איבעריק וואָרט. זע, איך בעט דיך, זײַ געהיט, ווענט האָבן אויערן.

— דאַרפֿסט מיך ניט וואָרענען. איך בין פֿון לאַנג שוין אוי אַ שטומער, אוי אַ טויבער. איך בין אָבער אַ לעבעדיקער מענטש, און אַ לעבעדיקער מענטש קען ניט נישט טראַכטן. יאָ, שׂיִע איז דאָ שוין הײַנט געווען?

— שׂיִע? — האָדל האָט פֿאַרכידעשט געקוקט אויף נאָסענען. — וואָס האָט ער עס פּלוצעם גע־דאַרפֿט דאָ הײַנט זײַן?

— שׂיִע האָט זיך געהאַט אַרײַנגעכאַפּט הײַנט צו מיר אויף דער אַרבעט, געקומען אַנטלײַען אַ דרײַערל.

— אויף אַ פֿלעשל בראַנפֿן?

— כ'האָב אים ניט געפֿרעגט אויף וואָס און ווען. נאָר אַ מענטש, אַז ער בעט, טאָר מען אים ניט אָפּזאָגן. איז ווי אָפּצולאָכעס בײַ מיר געווען בלויז איין קערבל, האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל צוגיין צו דיר, וועסטו אים אַנטלײַען די איבעריקע צוויי רובל.

— בײַ מיר וועט ער ניט בעטן. ער ווייסט, אַז כ'וועל אים אַפֿילע קיין קאָפּיקע ניט געבן. וויפֿל מאָל האָט ער שוין בײַ אונדז אַנטליִען און ניט אָפּגעגעבן.

— ער וועט אָפּגעבן.

— אַז איך וויל ביכלאַל ניט, ער זאָל גיין צו אונדז. דיר איז ווייניק דאָס, וואָס זאַלמען האָט דערציילט?

— זאַלמענען האָט זיך עס געקאָנט אויסווײַזן. שׂיִע איז פּונקט אַזאַ געליטענער, ווי מיר אַלע.

ניטאָ קיין שרעקלעכערס פאר א שרײַבער ווי ניט האָבן ווו זיך צו דרוקן. און אז שיִע איז באשאָנקען מיט פּאָעטישן טאלאנט קאָן קיינער דאָך ניט לייקענען.
און מיטאמאָל:
— ווו איז די האַק?
האָדל האָט דערשראָקן אים אָנגעקוקט. צי האָט ער זיך צופעליק ניט דערוווּסט, אז אים דער־וואַרט הײַנט... און ער קלײַבט זיך באגעגענען מיט א האַק די, וועלכע וועלן קומען נאָך אים.
נאָר נאָסן האָט ווי ניט באמערקט דעם ווײַבס דערשראָקענעם צעטומלטן בליק און איבערגע־פרעגט:
— די האַק איז דאָ? האָסט זי קיינעם ניט אַנטליִען?
— ניין. זי ליגט, ווו שטענדיק, אַפן האָלץ. אנטקעגן וואָס פרעגסטו עס מיך?
ער האָט צוגערוקט מיטן פוס דאָס אָפּגעוואָרפענע בענקל און זיך צוגעזעצט.
— הער זיך אײַן, האָדל. אַלץ קאָן טרעפן. מע דאַרף צו אַלץ זײַן גרייט. דו קוק ניט, וואָס נאָך דעם, ווי מע האָט צוגענומען אונדזערע גדולים, און ניט נאָר זיי אליין, איז צוריק געוואָרן שטיל. אין די הויכע פענצטער וועט מען זיך אף דעם ניט אָפּשטעלן, זיי קענען זיך דערויף ניט אָפּשטעלן. אויב מע וועט אין דער נאָענטסטער צײַט ניט א זאָג טאָן אונדז לעך־לעכאַ, סטופּײַ, סטופּײַ אין פוסטן מידבער, אין דער סיבירער טײַגע, וועט מען ביז עפּעס־וואָס פארנעמען דערווײַל די נאָך פארבליבענע אף דער פרײַ יידישע שרײַבער. דער סייכל איז דערפון א גאַנץ פּאַשעטער. אָט האָט מען הײַנטיקע נאַכט צוגענומען באַ אונדז אף דער ארבעט דרײַ מענטשן. ווער וויסט דערפון, אויסער זייערע שכיי־נים און מיר אין פארלאַג און אין דער טיפּאָגראַפיע? אָבער אז מע זעצט אַרײַן א שרײַבער, דערוווּסט מען זיך דערפון אינעם פאָלק. דערמיט האַלט מען אונטער אין פאָלק דעם יעסאָד האַיעסויִדעס, דעם פּאַכעד. סע טרעפט אָבער, האָב איך געהערט זאָגן, אז מע נעמט צו א מענטשן און מע שיקט ארויס זײַן מישפּאָכע בלויז דערפאַר, ווײַל ס׳איז געפעלן די דירע.
— אף אונדזערע צוויי צימערלעך וועלן זיך באַ זיי קיין באַלאָנים ניט געפינען. וועמען פון זיי קאָן געפעלן א ווינונג אין א צווייטאַקיקן הילצערנעם הויז אָן צענטראַלער באַהייצונג?
— איך קלער אויך אזוי. כ׳האָב אָבער געהערט זאָגן, אז וואָס פאר א דירע ס׳זאָל ניט זײַן, נאָר אויב די צימערן זײַנען אָפּגעזונדערטע, מעג אפילע זײַן צווישן זיי א טיר, איז נעמט מען איין צימער אָפּ. זיי געפינען, וועמען אַהין באַזעצן. די טיר פון אונדזערע צוויי שכיינעסדיקע צימערן דאַרף מען טייקעף אַראָפּנעמען און פארברענען. טאָמער טרעפט עפּעס מיט מיר, זאָל מען דיך כאָטש ניט איבערלאָזן מיט די קינדער אין איין צימער. און אזוי וועסטו דעם אנדערן צימער קאָנען פאר־דינגען, האָבן דערפון צושטײַער אף דער כאיונע.
— זאָג מיר, נאָסן, דעם עמעס, האָסט עפּעס באמערקט, קוים דו רעדסט הײַנט אזוי וועגן זיך?
אינגאַנצן זיכער איז ער ניט, נאָסן, צי איז ניט געווען קיין צופעליקײַט אָט דאָס, וואָס אין קלייט, וווּהין ער איז אַרײַן קויפן א פּעקל פּאַפּיראָסן, האָט ער דערזען דעם זעלבן יונגנמאַן אין דעם נידעריק אָנגערוקטן היטל, וועמען ער האָט פאר דעם געזען הינטער זיך אין טראָלייבוס. פון האָדלען האָט ער עס אָבער אויסבאַהאַלטן, איר האָט ער געזאָגט:
— וואָס האָב איך געקענט, טײַערע מײַנע, באמערקן? זיי ווייסן דען ניט ווו איך וווין, אז זיי זאָלן דאַרפן מיר נאָכגיין, מיך נאָכקוקן? און מוירע האָבן, אז איך קען ערגעץ אַנטלויפן, דאַרפן זיי אויך ניט. דאָרט ווייסט מען גאַנץ גוט, אז קיין אָריי־מיקלאָט, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פון זיי, איז באַ אונדז אין ערגעץ ניטאָ. האָסט דאָך געהערט, שיִע האָט דערפון דערציילט באַ דער פּורים־סודע.
„און אויב מע גייט מיר פאָרט נאָך, — דאָס האָט נאָסן שוין געענטפערט ניט האָדלען, נאָר זיך גופע, — איז עס אָפּאַנעם בלויז דערפאַר, אז איך זאָל פילן דעם פּאַכעד, שטענדיק פילן אף זיך די קעלט פון אַן אָנגעשטעלטער ביקס“.
די טיר האָט זיך געווערט, ניט געלאָזט זיך לײַכט אַראָפּנעמען פון די זאַוויסעס. אין איר קרעכצן און זיפצן האָט זיך נאָסענען געהערט: „אײַל זיך ניט, וואַרט נאָך צו“, דערמאָנענדיק אים דערמיט, וויפל איז ער זיך פאַראַיאָרן אָנגעלאָפן בייסן רעמאָנטירן די דירע, ביז וואַנען מע האָט פארביטן די אַלטע צעטריקנטע טיר אף אָט דער נײַער. נאָסענען האָט דאָס ניט אָפּגעשטעלט, ער איז אָפּגעגאַנגען מיטן זיבעטן שווייס, ביז די טיר האָט זיך סאָפּקאַלסאָף אונטערגעגעבן און צוזאַמען מיט די נאָך האַלב בלאַנקענדיקע זאַוויסעס פאַרלאָזט איר אָרט, פרײַ געמאַכט דעם דורכגאַנג.
— ברענג מיר אַהער די האַק, — האָט נאָסן אין איין אָטעם א זאָג געטאָן האָדלען, — כאַפּ פאַריינס א קוק, ווער פון די שכיינים איז איצט אינדערהיים.
שטיל, קימאַט אף די שפּיץ פינגער, האָט האָדל אין א ווײַלע אַרום זיך אומגעקערט פון פיר־הויז מיט דער האַק אין די הענט.
— פון די שכיינים, שײַנט מיר, איז בלויז איוואַן סאַוועליִעוויטש איצט אין שטוב.
— פאר איוואַן סאַוועליִעוויטשן דאַרף מען אַוודע ניט מוירע האָבן. אונדז האָט אָפּגעגליקט

מיט די רוסישע שכיינים. אויב זיי זאָלן זיך אפילע דערוויסן וועגן דער טיר, וועלן זיי אונדז, מעג מען זײַן זיכער, ניט ארויסגעבן. גיי דערווײַל צו די קינדער, פאַרהאַלט זיי דאָרט. כ'וויל ניט, זיי זאָלן זען ווי איך פאַרברען די טיר. א קינד קאָן קאָן צומאָל, און גראָדע פונקט דעמלט, ווען מע דאַרף ניט, זיך ארויסכאַפּן מיט אן איבעריק וואָרט.

א נעם געגעבן די האַק אין די הענט, האָט נאָסן, ווי נאָר האָדל איז ארויס צו די קינדער אין הויף, זיך פאַרמאָסטן מיט איר אױף דער אומגעוואָלגערטער טיר. די טיר האָט זיך שוין מער ניט געווערט, ער איז זי לײַכט בײַגעקומען. מיט עטלעכע זעץ צעהאַקט זי אױף שײַטלעך, זיי זאָלן לויט דער לענג אַרײַן אין דער הרובע. די צעהאַקטע טיר איז געווען טרוקן, ווי א שוועבעלע. ער האָט נאָר אונטערגעטראָגן אן אָנגעצונדן שטיקל פּאַפּיר, האָט דאָס האָלץ זיך גלײַך אָנגעכאַפּט, העל זיך צעפלאַקערט. נאָסן האָט זיך צוגעזעצט אױף אן איבערגעקערטן טאַבורעט, ווי אױף א פּוסבענקעלע, און נאָכגעשפּירט, ווי דער פלאַמפּײַער איז מיט א הודזשען ארומגעשפּרונגען אין אייוועלע, באַפרײַענדיק פלאַץ פאַר נײַע שײַטלעך, וועלכע נאָסן האָט אים אונטערגעוואָרפן.

אָט אזוי־אָ, געדענקט זיך, איז ער אין דער ווײַטער קינדהײַט געזעסן אין דער דערפרוירענער שטוב בא דער הרובע און אַרײַנגעקוקט, ווי עס פלאַקערט דאָס שאָלעכץ פון די אויסגעקוועטשטע קערלעך אינעם שטעטלדיקן אייל־זאַוואָדל. דער פלאַמפּײַער פון זיי איז געווען פיל א גרעסערער און אָנגעוואָרפן א פּאַכעד מיט זײַן געוואַי.

און נאָך געדענקט זיך אים: דער צעבושעוועטער פלאַמפּײַער זאָל ניט ארויסשפּרינגען פון דער הרובע, האָט אָנשטאָט א טירל פאַרצאַמט אים דעם וועג א בלעכן מאַשינדל, וואָס זייער שאָכן, דער געלער בלעכער, האָט צוגעקלערט און באַזאָרגט מיט זיי אין שטעטל די אָרעמע הײַזער, וואָס זײַנען אפילע ניט אימשטאַנד געווען קויפן דאָס וואָלוועלע שאָלעכץ פון די אויסגעפּרעסטע קערלעך. דער טאַטע זײַנער, אָלעווהאַשאָלעם, האָט שוין דעמלט ניט געלעבט. ס'איז געווען שוין נאָכן פּאָגראָם. דער פּאַכעד פאַר א נײַעם פּאָגראָם האָט געוועלטיקט אין שטעטל צוזאַמען מיטן הונגער און מיט דער קעלט...

צוביסלעכווײַז האָט דאָס פײַער אין אייוועלע זיך אײַנגעשטילט. נאָסן איז ארויס אין פּירהויז נאָך דער קאָטשערע פאַנאַנדערשאַרן די האָלאָוועשקעס.

אומקערנדיק זיך אין צימער, האָט ער דערזען ליגן בא לײַזערקען אפן טישל, ווו ער גרייט די לימודים, דעם גראָבן יאַפּאַנישן בוך, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פונעם באַפרײַטן כאַרבין. דאָס האָט לײַזערקע איבערגעקוקט די פאַרביקע בילדלעך. וויפל מאָל האָט ער אים אָנגעזאָגט ניט צורירן זיך אָן א דערלויבעניש צו די ביכער־פּאָלקעס. שיין קען ער אויסזען, אויב מע וועט געפינען בא אים אָט דעם יאַפּאַנישן בוך. גיי דערווײַז, אז ער האָט אים געבראַכט צו פירן פון כאַרבין נאָכן באַפרײַען די שטאָט פון די סאַמורײַען, און אז ניט דאָרטן און ניט דאָ האָט ער ניט אָנגעהאַלטן קיין שום פאַרבינדונג מיט די יאַפּאַנער. נאָסן האָט צוגעטראָגן דעם בוך צום אָפענעם טירל פונעם אייוועלע, נאָר אין דער לעצטער רעגע האָט די האַנט זיך אָפּגעזאָגט אים פאַלגן. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם בוך צוריק אױף דער פּאָלקע צווישן די ייִדישע ביכער. אויב אים וועט ניט אויסמײַדן דער גורל און מע וועט קומען פון דאָרטן, וועט אָט דער בוך קענען אָנגיין פאַר די גרויסע לאַמדאָנים פון דאָרטן פאַר א ייִדישן. די קוואַדראַטע ייִדישע אויסיעס און די יאַפּאַנישע הירעאָגליפן האָבן צווישן זיך, דאַכט זיך, עפּעס ענלעכס.

אין קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט טריט. דאָס איז אַרײַן עמעצער פון די שכיינים. די טריט האָבן זיך דערנעענטערט אַהער. איסבאַהאַלטן, מיט וואָס איז ער געווען באַשעפטיקט, וועט ער סײַווי שוין ניט באַוויזן. איז האָט נאָסן אפן קלאַפּ אין דער טיר זיך גלײַך אָפּגערופן:

— גייט אַרײַן, — און איינצײַטיק זיך פאַרוווּנדערט אױף זיך אליין: ווי'אזוי האָט ער לויטן אָנקלאַפּן באַלד ניט דערקענט, אז ס'איז שיע.

— פו. בא דיר איז דאָך הייס, ווי אין א באָד. אין דרויסן איז לאַנג שוין פרילינג און ער הייצט דאָס אייוועלע. — שיע האָט זיך צוגערירט מיט די דלאָניעס צו דער אָנגעהייצטער הרובע און זיי טייקעף אָפּגעכאַפּט. — ס'איז דאָך ניט צו צורירן זיך.

— זעץ זיך דערווײַל צו, שיע. ס'וועט אַרײַן האָדל וועט זי דיר געבן דאָס צוגעזאָגטע דרײַערל.

גיכער פון אלץ איז עפּשער געבראַכט טאַקע האָדל. ער דאַרף דאָס דרײַערל אױף בראַנפן. און פונקט ווי ער האָט ניט אומגעקערט די פריערדיקע כויוועס, וועט ער אויך ניט אומקערן דעם נײַעם כויוו.

— מיינסט, איך בין אַרײַן צו דיר בלויז צוליב דעם?

נאָסן האָט דערוואַרט, אז שיע וועט באַלד בעטן דעם אדרעס פון האָדלס ברודער אין לאָסינאָאָסטראָווסק. צו שיען האָט געקאָנט דערגיין, אז עלישע וווינט דאָרט בא אים. ניט צו באַנעמען. פאַרוואָס וויל ניט זאָלמען, אז שיע זאָל וויסן ווו איז עלישע? ער אייפערט זי צו שיען, צי וואָס? ער

איז דאָך שיר ניט אין צוויי מאָל עלטער פון איר. ווען זאלמען זאָל געווען האָבן א וועלכע־ניט־איז אויסזיכטן אױף עלישען, וואָלט ער עס פון אים, גאָסענען, מיסטאמע ניט אויסבאהאלטן.

— זע, און וווּ איז די טיר? האָסט זי פאַרבראַכט?

קוים האָט יעשיִע עס שוין באמערקט, האָט נאָסן ניט געהאלטן פאר נייטיק דאָס איסבאהאלטן און אים אָפּן געזאָגט:

— אנטשולדיק מיר, נאָסן, דאָס איז פון דײַן זײַט גאָר נאַריש.

פון הויף האָבן זיך אומגעקערט האָדל און די קינדער. שיִע האָט ניט געוואַרט ביז האָדל וועט אויסטאָן דעם מאנטל און זי צוגעפירט פאר דער האנט צום פרײַען אריבערגאנג פון דעם צימער אינעם אנדערן.

— טוט א קוק, וואָס אײַער מאן האָט אָפּגעטאָן. ער האָט אראָפּגעריסן די טיר און זי פאַרברענט. ווער־ווער, נאָר דו, נאָסן, האָסט דאָך זיכער ניט וואָס מוירע צו האָבן. אין אויסלאנד, אױף וויפל איך וויס, ביסטו ניט געווען...

— איך בין גראָדע יאָ געווען.

— ווער? דו? צום ערשטן מאָל הער איך עס. און ווו, אשטייגער?

— אין מאָנדזשוריע.

יעשיִע האָט זיך צעלאכט:

— איך רייד דאָך ערנסט. און אין געפאנגענשאפט ביסטו אויך ניט געווען.

— מאָדנע רייד, — האָט האָדל, צוהעלפנדיק פײַגעלען אויסטאָן דאָס מאַנטעלע, זיך אריַנגעמישט, — וויאזוי האָט א ייד געקאָנט זײַן אין געפאנגענשאפט און בלײַבן לעבן?

— זאָגט עס ניט. אױף דער מילכאָמע, האָדל, האָט אַלץ געקענט פאסירן. איך אַזוינס האָט געקאָנט פאסירן. זאָגט מיר בעסער, האָדל, וויאזוי האָט איר אים דערלאָזט פאַרברענען די טיר?

— נו וואָס איז דערפון ווען דעם איצט צו ריידן. איך וועל דאָך די טיר פון דער הרובע צוריק ניט ארויסנעמען.

— האָדל, אנטלײַ שיִען א דרײַערל.

— מיינט נאָר ניט, אז איך בין צוליב דעם אריַין. איך בין געקומען זיך דערוויסן, צי האָט מען אלעמען פאַרבעטן.

— וווהין פאַרבעטן? ווער האָט פאַרבעטן?

— דער שרײַבער־פאַריין. איך זע, אז דו האָסט נאָך ניט באקומען, וועסטו מיסטאמע מאָרגן קריגן. מע דאַרף פאַרשטיין, אז מע האָט אױף דער פאַרזאמלונג אין קלוב ארויסגערופן אלע ייִדישע שרײַבער.

— מיקויעך...

— כ׳וויס פונקט, וויפל דו. נאָר וויבאלד מע רופט, וועט מען אונדז געוויס זאָגן.

— אױף ווען רופט מען?

— אױף איבערמאָרגן, פינף אזייגער אין אָוונט.

— צו פינף אזייגער קען איך ניט באוויַזן. איך ארבעט דאָך. כ׳מיין, טאָמער וועל איך קומען מיט א האלבער שאָ שפעטער, וועט מען מיך אויך אריַנלאָזן.

— פונדעסטוועגן באמי זיך קומען צו דער צײַט, ווי ס׳איז אָנגעוויזן אין דעם ארויסרוף.

— איך האָב אים נאָך דערוויַיל ניט באקומען.

— וועסט באקומען. אלע וועלן באקומען. און מיט דער טיר, דאַרף איך דיר זאָגן, האָסטו אָפּגעטאָן א גרויסע נארישקײַט.

לײַזערקע מיט פײַגעלען זײַנען פאר דער צײַט שוין אמאָל צען אריבערגעלאָפן פון איין צימער אין אנדערן, ארויסגעוויזן דערמיט זייער צופרידנקײַט מיטן געשעענעם, גלײַך די טיר וואָלט זיי געהאט ביז איצט געשטערט.

פאנאנדערגעקלאַפט מיט דער קאָטשערע די טליִענדיקע האָלצוועשקעס און צונויפגעשאַרט אין איין זײַט די קוילן, פאַרשאַפנדיק מיט דעם גרויס פרייד די קינדער, וואָס האָבן אױף די קאַרטעטשקעס זיך צוגעזעצט לעבן דער אָפענער הרובע, האָט נאָסן א פרעג געטאָן מיטאמאָל באם ווײַבל, צי איז דאָ אין שטוב קאַרטאָפל.

— צו וואָס דאַרפסטו עס קאַרטאָפל?

— מיר האָט זיך פאַשעט פאַרוואָלט געבאַקענע קאַרטאָפל. וואָס שטייסטו, שיִע, די גאַנצע צײַט אין שינעל? טו זיך אויס און מירן זיך זעצן צום טיש. כ׳האָב זיך גאַנץ רעכט אויסגעהונגערט. האָדעלע, גיב דאַרט גוט א קוק אין דײַנע ווײַנקעלערס, צי איז ניט פאַרבליבן עפּעס פון דער פורים־סודע?

ווען די דערוואַקסענע זײַנען אַרויס וואַשן די הענט, האָבן לייזערקע מיט פֿייגעלען בישטיקע אַרײַנגעטראָגן פֿון פּירהויז צוויי קופּקעלעך קאַרטאָפֿל און אַרופֿגעוואָרפֿן אויף די טלײַענדיקע קוילן אין אייוועלע.

שוין בײַם טיש זיצנדיק, האָט נאָסן מיטאַמאָל דערפֿילט דעם באַטאַמטן רייעך פֿון געבאַקענע קאַרטאָפֿל, וואָס דערמאָנט אים שטענדיק מיט עפּעס דעם רייעך פֿון וואַלד.

**31**

פּונקט צו דער מינוט — פֿינף אַזייגער אין אָוונט, ווי ס׳איז געווען אָנגעוויזן אין דער צוגעשיקטער מיטיילונג, — איז זאַלמען שוין געווען אין קלוב, וווּהין עס זײַנען זיך צונויפֿגעקומען די נאָך איבערגעבליבענע אויף דער פֿרײַ מאָסקווער ייִדישע שרײַבער.

פֿאַרזאַמלט האָט מען זיך אויף דער גאַלעריייע, אינעם זעלבן גערעמען גאַסטצימער מיט די טונקלברוינע דעמבענע ווענט, דעמבענעם באַלקן, מאַסיווע דעמבענע שטולן מיט הויכע געשניצטע רוקנס, וווּ איין מאָל, צוויי מאָל אין כודעש פֿלעגן זיך צונויפֿגיין די מיטגלידער פֿון דער ייִדישער סעקציע בײַם אַלפֿאַרבאַנדישן שרײַבער־פֿאַריין אויף זייערע פֿאַרזאַמלונגען, פֿאָרלעזונגען, הויפּטזאַכלעך פֿון נאָך ניט פֿאַרעפֿנטלעכטע ווערק, באַהאַנדלונגען פֿון נײַ־דערשינענע ביכער. איבעריקס גערעדט אויף אָוועלכע אָוונטן איז דאָ קיינמאָל ניט געווען. אויסער די ייִדישע שרײַבער פֿלעגן זיך אָפּט אַרײַנכאַפּן אַהער אויך רוסישע שריפֿטשטעלער, אָפּשטאַמיקע פֿון ייִדן, וועלכע האָבן נאָך ניט אינגאַנצן פֿאַרגעסן די מוטער־שפּראַך פֿון זייערע טאַטע־מאַמע, פֿון דער אייגענער קינדהייט און ייִנגלשע יאָרן.

דערזען פֿאַר זיך הײַנט אַזויפֿיל פֿרײַע בענקלעך, האָט זאַלמענען זיך ניט געגלייבט, אַז ס׳איז געווען אַ צײַט, ניט לאַנג נאָך צוריק, ווען ס׳האָבן דאָ צומאָל ניט געקלעקט קיין ערטער אַפֿילע ווו צו שטיין, דערבײַ האָט זיך דאָ געטומלט, אַז מע האָט געקאָנט, דאַכט זיך, הערן אין די ווײַטסטע ווינקלען פֿון קלוב. איצט האָט זיך בלויז געהערט, ווי דער גרויסער וואַנטזייגער ציילט די אָוועקגייענדיקע צײַט.

איידער זאַלמען איז אַרײַן אַהער אין צימער האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער אָפֿענער גאַלעריייע, וואָס הענגט אַראָפּ מיט אירע לאָזשעס און באַלקאָנדלעך איבער דעם גרויסן דעמבענעם זאַל, ווו די ייִדישע שרײַבער פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט זיך באַגעגענען מיט זייערע לייענער. זאַלמען האָט צוגעוואַרט אויף נאָסענען. פֿאַרוואָס זאַמט ער זיך? צי האָט ער ניט איבערגעטראַכט און וועט ביכלאַל ניט קומען הײַנט אַהער? אַזאַ געדאַנק, ווי זאַלמען ווייסט, איז געווען בײַ נאָסענען, ער האָט עס אים נעכטן אַרויסגעזאָגט. ער וויל ניט בײַזײַן, האָט נאָסן געזאָגט, ווען אַליין די אייגענע ווערן פֿון מוירע פֿאַר זיך שיטן פּעך און שוועבל אויף די, ווער ס׳איז שוין דאָרט, ווי דאָס איז געשען יענע וואָך אין אָט דעם דעמבענעם זאַל, אויף דער אַלגעמיינער פּאַרטייִשער פֿאַרזאַמלונג. ער איז ניט זיכער, נאָסן, צי וועט אים קלעקן גענוג מוט אָפּזאָגן זיך אַרויסטרעטן, אויב מע וועט דערצו צווינגען. אין אים לעבט אויך דאָך, ווי בײַ אַלעמען, דער זעלבער קנעכט אין דער זעלבער פּאַכעד.

סאָפּקאַלסאָף האָט זאַלמענען פֿונדעסטוועגן זיך פֿאַרט אײַנגעגעבן איבערשפּאַרן נאָסענען, דערווײַזן, אַז ער קען מיט זײַן ניט־קומען מאַכן זיך ערגער. דער, ווער ס׳האָט זיי אויף הײַנט אַלעמען צונויפֿגערופֿן, וועט עס אויסטײַטשן, ווי אים איז דאָס נייטיק, און נאָסן האָט ענדלעך צוגעזאָגט אומבאַדינגט קומען. וווּ זשע איז ער? ס׳איז דאָך שוין די זעקסטע שאָ.

אַ מענטשן פֿון דער זײַט האָט זיך געקענט אויסווײַזן, אַז די פֿאַרזאַמלטע זײַנען ווילד־פֿרעמדע צווישן זיך. אַזאַ אײַנדרוק האָט עס געמאַכט אויך אויף זאַלמענען. זינט ס׳האָט אויסגעבראָכן דער אומגליק, די נײַע מאַגייפֿע, איז אַריבער אַ גאַנץ היפּשע צײַט און זעלטן־ווער פֿון די צונויפֿגעקומענע שרײַבער האָט פֿאַר די אַריבערגעלאָפֿענע כאַדאָשים זיך באַגעגנט מיט אַ צווייטן. זאַלמען האָט אָבער, אומדרייענדיק זיך איבער דער גאַלעריייע, דערווײַל ניט באַמערקט, אַז בײַם באַגעגענען זיך זאָל מען געווען זיך דערפֿרייען, כאָטש מע איז געווען נאָענט באַקאַנט און באַפֿרײַנדעט צווישן זיך ניט איין צענדליק יאָר. מע האָט דאָ הײַנט ווי אויסגעמיטן איינער דעם צווייטן, אָפּגעקומען בײַם באַגריסן זיך בלויז מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. און אויב עמעצער האָט פֿאַרפֿירט מיטן צווייטן אַ רייד, איז ניט וועגן דעם געשעענעם ביז הײַנט, ווי אויך ניט וועגן דעם פֿאַרזאַמלען זיי הײַנט אַהער און וואָס דאַרף מען דערפֿון דערוואַרטן, נאָר גאָר מיקויעך עפּעס אַנדערש, לאַכלוטן ניט וועזנטלעכס. ס׳האָט געקאָנט הייסן: פֿרעג מיך וועגן גאָרניט און דערצייל מיר וועגן גאָרניט, ווײַל האַגאַם מיר קענען זיך מיט דיר ניט פֿון נעכטן, ווייס איך אָבער גאַנץ גוט, אַז דו טרויסט מיר ניט, און אַז דאָס אייגענע טראַכט סטו וועגן מיר. ער, זאַלמען, וואָלט זיך מיסטאָמע אויך אופֿגעפֿירט אַזוי בײַם באַגעגענען זיך מיט

נאָסענען, זיך ניט באַגריסט מיט אים, קאָן זײַן, פאַר דער האַנט, אויך פאַרפירט אַ לאַכלוטן זײַטיקן געשפּרעך. אָבער ניט דערפאַר, ווײַל זיי טרויען ניט איינער דעם צווייטן. עמעצער קאָן זיך צו זיי צוקוקן, אונטערהערן, און דאָס, ווי ס'האָט געוואָרנט באַ דער פּורים־סודע דער אַמאָליקער יעווסעק שאַמײַ בינקין, איז שוין געפערלעך.

נאָסן לעוויטין איז אַרײַנגעקומען אין צימער, ווען זאַלמען איז פון אַ לענגערער צײַט שוין געווען דאָרט. צי נאָסן האָט אים ניט גלײַך באַמערקט, צי פון פאָרזיכטיקײַט וועגן, נאָר צוגעזעצט האָט ער זיך נעענטער צו דער טיר.

ווען דער וואַטזייגער האָט הייזעריקלעך שווער אויסגעציילט זעקס, האָט נאָסן זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַרויס פון צימער, אין עטלעכע מינוט אַרום האָט פאַרלאָזט דעם צימער אַ צווייטער, דערנאָך אַ דריטער. זאַלמען איז קימאַט אַרויס פון די לעצטע, ווען אים איז געוואָרן קלאָר, אַז וואַלעריאַן אַנאַטאָליעוויטש סאָפּראַלאָוו, דער ערשטער פּאַרטרעטער פונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם שרײַבער־פאַריין, אין וועמענס הענט ס'איז אַריבער די גאַנצע מאַכט און ווער ס'האָט מיט זײַן באַגיין זיך מיט די שרײַבער אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען אַ פּאַכעד, וועט צו זיבן אַזייגער אויך ניט קומען. ער וועט בעקיווען לאָזן אויף זיך נאָך לאַנג וואַרטן. נאָר קיינער איז ניט אַוועק, ניט געקלערט אַוועקגיין. אויב סאָפּראַלאָוו האָט זיי צונויפגערופן, מוז מען וואַרטן, וויפל דאָס זאָל ניט דויערן. מיט אים שפּילט מען זיך ניט, ס'איז ווי שפּילן זיך מיטן מאַלכאַמאָוועס. דער אוילעם איז זיך דערווײַל פּאַשעט צעגאַנגען איבער דער גאַלערייע, זיך אַראָפּגעלאָזט אונטן אין זאַל.

ס'איז אַריבער נאָך אַ שאָ, נאָר סאָפּראַלאָוו איז אַלץ נאָך ניט געקומען, און וועמען פון די מיטאַרבעטער פון קלוב מע פרעגט ניט, הייבט מען ניט אָן צו וויסן, ווען קאָן ער קומען און צי וועט ער בִיכלאַל קומען. באַ קיינעם פון זיי קלעקט ניט קיין מוט אָנקלינגען אים און אויסקלאָרן.

זייער איינציקער ענטפער איז דאָס, וואָס מע האָט געוווּסט אָן זיי: קוים האָט סאָפּראַלאָוו זיי צונויפגערופן, איז דאַרף מען וואַרטן, וויפל ס'זאָל ניט אויסקומען.

פאַרכוישעכט און פאַרדײַגעט, ווי מע איז ביז דעם געזעסן אינעם גאַסטצימער און געוואַרט אויף סאָפּראַלאָוון, איז מען אויך געזעסן אויף דער גאַלערייע. טומלדיק איז בלויז געווען אין דער לאָזשע אַנטקעגן דער אָפּן־געבליבענער טיר פונעם גאַסטצימער. זאַלמען האָט דאָרט דערזען זיצן כאַיִם יונגאַטשן מיטן פאַרליבטן באַיאָרטן פּאָרל דעם פּרומאַק נויעך לאַנדינען מיט דער דיכטערן מערי.

אַרום וואָס איז כאַיִם יונגאַטש זיך אַזוי פאַנאַנדערגעגאַנגען, איבערשלאָגנדיק זיך נאָכאַנאַנד די רייד מיט אַ הייזעריקלעכן געלעכטער, האָט זאַלמען ניט געוואָלט הערן און וויסן. מיט פיל יאָרן צוריק האָט מען אינעם צווייטן מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער געשפּילט באַבעלס פּיעסע „אונטערגאַנג". ער האָט זי אַ פּאָר מאָל געזען. אין כאַיִם יונגאַטשן איז פאַראַן ענלעכס מיט בעני קריקן. באַ זאַלמענען, ווען ער האָט זיך באַקאַנט מיט אים, איז אַפילע געווען דער אײַנדרוק, אַז כאַיִם באַמיט זיך זײַן ענלעך אויף בעני קריקן אויך אינעם קליידן זיך. באַ אים זײַנען די הויזן אויך פון שאָקאָלאַדקאָליר, דאָס רעקל געל ווי ליים און דער אויסבונד פון די העלסטע פאַרבן.

איבער אַ סאַך טײַמים האָט דער שרײַבערישער אוילעם ניט ליב געהאַט יונגאַטשן. ער איז געווען אַלעמען דערווידער מיט זײַן באַלעבאַטישער צופרידנקײַט מיט זיך, מיט זײַן כוצפּעדיקן שמייכל און אַרומלויפנדיקע אויגן, מיט זײַן קלוימערשט פאַרגעסן זיך, וואָס האָט ער געזאָגט מיט אַ מינוט צוריק.

דאַרף זיך מאַכן, אַז מיט אַ כאַדאָשים דרײַ צוריק זאָל זאַלמענען פּונקט אויסקומען זײַן דאָ אין קלוב. ער האָט אומגעקערט אין דער שרײַבערישער ביבליאָטעק די גענומענע ביכער.

אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט די שרויפּטרעפּ פון דער ביבליאָטעק אַהער אויף דער גאַלערייע, האָט ער אין אָט דער זעלבער לאָזשע געטראָפן כאַיִמען זיך אַמפּערן מיט יעשיִען און מיטן פּויערל, ווי מע האָט גערופן צווישן זיך דעם באַלפּינקעס פון די אַלטע יִידישע קאָלאָניעס עליִעזער ווילענסקין. פאַרבײַגיין אומבאַמערקט די לאָזשע האָט ער, זאַלמען, ניט געקענט. כאַיִם האָט אים אָפּגעשטעלט, ווי נאָר ער האָט אים דערזען, און געצוווּנגען אויסהערן, מיקויעך וואָס אַמפּערן זיי זיך דאָ.

אייגנטלעך האָט זאַלמען אויך געהאַט אַ שײַכעס צום דאָזיקן איניען. פּונקט ווי באַ זיי, איז אויך באַ אים, בייס מע האָט צוגעמאַכט דעם „עמעס"־פאַרלאַג, געווען אָן אָפּמאַך אויף אַ נײַעם בוך. נאָכן צומאַכן דעם פאַרלאַג האָט מען אַלע קסאַוויאַדן אַריבערגעפּעקלט אין אָן אַנדער געבײַדע, באַ שטאָט זיי דאָרט אין אַ נאַסן פינצטערן קעלער. דעם אַדרעס פון אָט דעם סקלאַד האָט מען אין אַ שטיקל צײַט אַרום מיטגעטיילט די אָווטאָרן. זאַלמען איז גלײַך צוגעפאָרן אַהין און אָפּגענומען דעם מאַנוסקריפּט. ניט אַלע אָבער האָבן אים נאָכגעטאָן. דער קאָפּ איז פּאַשעט ניט געווען דערבײַ. און כויץ דעם, איז באַ יעדן געווען אַ קאָפּיע. דער דרײַלינג — כאַיִם, יעשיִע, עליִעזער — האָבן ניט געאײַלט גיין אָפּנעמען די מאַנוסקריפּטן, ווײַל לויטן געזעץ, ווי יונגאַטש האָט זיך דערוווּסט פון זיכערע קוואַלן, דאַרף מען זיי אויסצאָלן דעם האָנאָראַר, ווײַבאַלד אַ מעלוכישער פאַרלאַג האָט געשלאָסן מיט זיי אָן אָפּמאַך. מאַלע וואָס מע האָט צוגעמאַכט דעם פאַרלאַג. צום האָנאָראַר קער זיך עס ניט

אָן. א געזעץ איז א געזעץ. די פראגע איז נאָר, צו וועמען דארף מען זיך ווענדן דעם ווענדן: אָנגעבן אין געריכט, צי אָנשרײַבן אין די הויכע פענצטער?

זאַלמען האָט זיי אָנגעקוקט:

— גאָט מײַנער, וועגן וואָס רעדט איר? אין אזא צײַט.

— נו איז דעריבער? א געזעץ בלײַבט א געזעץ, — האָט יעשיִע אונטערגעהאַלטן כאַיִמען, — נאָר אין געריכט, זאָג איך, איז ניטאָ וואָס אָנצוגעבן. איך בין געווען מקויעך דעם באַ אַן אדוואָקאַט, האָט ער מיך אָנגעקוקט, ווי א מעשוגענעם, ניט געוואָלט דערפון אפילע ריידן. איך מיין, אַז די גלײַכסטע זאַך איז ווענדן זיך צום מיניסטער פון קולטור.

— נארישקײַטן! — האָט כאַיִם איבערגעשלאָגן, — ס׳איז א בראָכע לעוואַטאַלע.

— איז דעמלט, — האָט אונטערגעזאָגט עליִעזער ווילענסקי, — דארף מען זיך ווענדן צו קלי־מענטין. מע זאָגט, אַז ער פארנעמט זיך אין די הויכע פענצטער מיט דער קולטור, בעסויכעם אויך מיט די פארלאַגן.

— צו וועמען, זאָגסטו, זאָל מען זיך ווענדן? צו וואָראָשילאָוון?

— נו יאָ, צו קלימענטי יעפרעמאָ...

— מאַך אים אָן! — האָט כאַיִם איבערגעשלאָגן נאָך איידער ווילענסקי האָט ארויסגעבראַכט דעם פולן פאָטערנאָמען פון דעם, וועלכער ס׳איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען, אויב ניט דער דריטער צי דער פערטער אין דער ריי באַם טראָן פונעם מאַלכוס.

דערהערט אזוינס פון כאַיִמען, איז עליִעזער ווילענסקי און באַלד נאָך אים אויך יעשיִע רויזן ארויסגעשפרונגען פון דער לאָזשע, ווי פון א זיך־טרינקענדיקער שיף און געפאַכט אויף אהינטער מיט די הענט. עליִעזער האָט פארשטאָפּט זיך מיט די פינגער די אויערן. ס׳קאָן הייסן: איך האָב גאָרניט געהערט און ווייס פון גאָרניט.

— מאַך אים אָן! — האָט כאַיִם זיי נאָכגעשריִען.

— ביסט באַם זינען? — איז יעשיִע אָנגעפאַלן אויף יונגאַטשן, א ווײַז געבנדיק בעשאַסמײַסע אויף זאַלמענען, ווי אויף אַן איבעריקן איידעס.

— צו וואָס האָט איר עס געזאָגט? — האָט אין דער אָנוועזנהײַט פון עליִעזערן און יעשיִען געפרעגט באַ יונגאַטשן זאַלמען. — איר שפּילט זיך דאָך מיט פײַער. ווי איז, די שאַ זאָל ניט זײַן, אייב ס׳וועט דערגיין אהינצו? וועגט האָבן אויערן. — און ניט אומקוקנדיק זיך מער, איז זאַלמען אראָפּגעלאָפן פון דער גאַלערייע אין זאַל.

ווי נאָר זאַלמען איז געקומען פון קלוב אהיים, האָט זיך דערהערט א טעלעפאָנישער קלונג. אין טרײַבל האָט כוצפּעדיק ארײַנגעשריִען א הייזעריקלעכע שטים:

— דאָס איז דער ליטעראַטאָר זאַלמען נאָומאָוויטש מאַנדעל? עס רעדט כאַיִם יונגאַטש.

— איך הער, אַז דאָס איז כאַיִם יונגאַטש. — באַ זאַלמענען האָט זיך שיר ניט ארויסגעכאַפּט „בעני קריק“.

— איז אָט. איך דארף אײַך וואָרענען: אויב דאָס, וואָס כ׳האָב געזאָגט, וועט דערגיין אהינצו, איז וועלן פליִען קעפּ. איך האָב געוואָרנט יעשיִען, דעם פויערל ווילענסקין און איצט וואָרן איך עס אײַך.

קאָן זײַן, אַז ער האָט אים ניט געדארפט, זאַלמען, אזוי ענטפערן, פארזיכערן, אַז ער מעג זײַן לאַכלוטן רויִק, קיין איין וואָרט פון דעם וועט פון זײַן מויל ניט ארויס. ער האָט ניט געדארפט אים אפילע איבערפרעגן, צי פארשטייט ער, אין וואָס פאַר א געפאַר ער האָט זיי דערמיט אַלעמען גע־שטעלט? דערהערנדיק כאַיִמס קאָל, האָט ער געדארפט גלײַך אוועקלייגן דאָס טרײַבל, ניט פארפירן מיט אים קיין שום רייד. צי ניט וועגן דער דאָזיקער געשיכטע דערציילט עס איצט כאַיִם דעם אײַנ־געליבטן פאָרל?

אינעם אנדערן עק פון דער גאַלערייע, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, איז געשטאַנען אין שאָטן, אָנגעשפאַרט באַ דער וואַנט, אַלטער העלבערג — א הויכער דאַרער יונגערמאַן, אין וועמען ס׳האָט אַן אַן אײַגנאַרטיקן אופן זיך באַהעפט דער טאַלאַנט פון א צאַרטן לירִיקער און א שאַרפן קריטיקער. זאַלמען האָט זיך געהאַלטן מיט אים פונדערווײַטנס. זײַענדיק א גרויסער פארערער פון העלבערגס פּאָעטישן טאַלאַנט, איז זאַלמענען אָבער ניט שטענדיק געווען צום הארצן אַלטערס צוגאַנג באַם אָפּשאַצן עמעצנס א ווערק. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אויבערהאַנט אין זײַנע עסייען נעמט צומאָל ניט אזוי די ווערט פונעם ווערק, ווי די פרײַנטשאַפט צי פײַנטשאַפט זײַנע צום אַוטאָר ביים ער האָט וועגן אים געשריבן.

נאָר ניט איצט איז די צײַט אויף פירן כעזשבוינעס. מע דארף פארבייגן דאָס בייז און רופן איינער דעם צווייטן ברודער, ווי בענמיכאָעל אָנהייב מילכאָמע אָפן ערשטן אַנטיפאַשיסטישן מי־טינג אָנגערופן מיטן זעלבן וואָרט אַלע ייִדן פון דער וועלט. די איצטיקע צײַט ווערט מיט יעדן טאָג

אַלץ מער ענלעך אױף יענער מיט דער געפּאַר פֿאַרן פֿאָלק, װעמענס מעשורערים און באַלפֿינקעסן זײ זײַנען געװען.

דערזען העלבערגן שטײן אין שאָטן בײַ דער װאַנט אָפּגעזונדערט פֿון אַלעמען, װי אַ נאָזיר, איז זאַלמען צוגעגאַנגען צו אים:

— װעגן װאָס האָט איר זיך עס, אַלטער, אַזױ פֿאַרקלערט? צי סאָפּראַלאָװ װעט קומען, צי נײן?

אַלטער העלבערג, גלײַך ער זאָל האַלטן אין רעכטן מיספּאַלעל זײַן און קען איבער דעם ניט מאַפּסיק זײַן, האָט אַ װײַלע צוגעװאַרט און ערשט דערנאָך, צודריקנדיק די הענט צום האַרצן, זיך אָפּגערופֿן:

— נאָך דער לעצטער פּאַרטײ־שער פֿאַרזאַמלונג בײַ אונדז האָב איך אַ סך איבערגעקלערט, פֿונסנײַ אַלץ באַטראַכט.

— און זיך דערטראַכט? — האָט זאַלמען מיט נײַגער געפֿרעגט.

אַלטער האָט האַלב צוגעשלאָסן די אױגן און זיך דערבײַ אַ שאָקל געטאָן.

— איך בין זיך מיסװאַדע פֿאַר זיך, װי אַ פֿרומער ייִד בײַ אַן אָפּענעם אָרון־קודעש, און בין געצװונגען זיך זאָגן: יאָ, זײ זײַנען שולדיק. זײ זאָלן ניט געװען זײַן שולדיק, װאָלט מען זײ ניט אַרײַנגעזעצט. מיך מיט אײַך, אַשטײגער, האָט מען דאָך ניט גענומען?

זאַלמען האָט אים דערױף גאָרניט געענטפֿערט, ניט אַ מאַך געטאָן דערױף אַפֿילע מיט דער האַנט. אױב אַלטער העלבערג האָט עס אים געזאָגט, װײַל ער איז דערמיט אױסן, זאַלמען זאָל עס איבערגעבן, װוּהין ס׳איז געװוּנטשן, האָט ער באַדאַרפֿט צוקלײַבן פֿאַר דעם אַן אַנדערן. און אױב העלבערג האָט עס געזאָגט, װײַל ער טראַכט טאַקע אַזױ?.. נײן, ער קען ניט, זאַלמען, דאָרין גלײבן. בעשום־אױפֿן קען ער דערינען ניט גלײבן.

— נו פֿאַרװאָס? — האָט זאַלמען, אָפּגײענדיק פֿון אים, זיך געפֿרעגט, — פֿאַרװאָס קען אַלטער דאָרין ניט גלײבן? אָט האָט ער, זאַלמען, צופֿעליק באַגעגנט די טעג דעם רוסישן איבערזעצער פֿון זײַנע לידער. זאַלמען קען זיך מיט אים נאָך פֿון פֿאַר דער מילכאָמע. װיפֿל מאָל איז דער איבערזעצער געװען בײַ אים אין שטוב. און פּלוצעם האָט ער אױפֿגעהערט אים דערקענען. פֿאַרבײַגעגאַנגען און אַפֿילע מיטן קאָפּ ניט אַ שאָקל געטאָן. פֿון מוירע? צי ער גלײבט אױך, אַז װיבאַלד מע האָט צוגענומען איז מען שולדיק?

כאָטש זאַלמען איז עטלעכע יאָר געװען אַ מיטגליד פֿון דער ביוראָ פֿון דער ייִדישער סעקציע באַם שרײַבער־פֿאַרײן, האָט ער אָבער פּינקטלעך קײנמאָל ניט געװוּסט, װיפֿל ייִדישע שרײַבער זײַנען פֿאַראַן אין מאָסקװע. ער האָט זײ פּאַשעט קײנמאָל ניט געצײלט. איבערגעצײלט זײ האָט ער אָן קײן שום צװעק דערבײַ ערשט הײַנט, אָנהײבנדיק פֿון זיך און פֿון נאָסענען: ניט אײנס, ניט צװײ און אַזױ װײַטער און װײַטער, ניט פֿאַרפֿעלנדיק צוגעבן צו יעדן אײנעם דעם „ניט".

איבערגעצײלט און זיך ביז גאָר פֿאַרװוּנדערט: ער האָט זיך ניט געריכט, אַז נאָכן אומגליק זאָלן זיך אָנקלײַבן, קײן אײַנהאָרע, נאָך אַזױפֿיל ייִדישע שרײַבער. װיפֿל, אױב אַזױ, זײַנען זײ געװען אין מאָסקװע פֿאַרן אומגליק? און אין קיִעװ? אָדעס? װילנע? ריגע? און אין אַנדערע שטעט?

דער כעזשבן, װעלכן ער מאַכט, איז אָבער קײן כעזשבן ניט. מע קען דען צײלן מיט אײנער און דער זעלבער צאָל געװינים און געװײנלעכע באַסאַרװעדאַמס, מעסטן זײ מיט אײנער און דער זעלבער מאָס, װעגן מיט אײנער און דער זעלבער װאָג? אין פֿאַרגלײַך מיט רעפֿאָעל אַכרימאָװן, פּינכעס מאַשבערגן, מאַרק פֿאַלאָנערן איז ער דאָך, זאַלמען, סאַפֿקאָלסאַף אױך ניט מער, װי אַ געװײנ־לעכער באַסאַרװעדאַם ניט געקוקט דערױף, װאָס באַם אָנרופֿן די גדױלים פֿון דער ליטעראַטור האָט מען ניט פֿאַרגעסן צװישן אַנדערע דערמאָנען אױך אים, זאַלמען מאַנדעלן.

אַרום װאָס גײט אַ רײד צװישן מײערן און נאָסענען, װעלכע האָבן זיך פֿאַרקליבן אונטן אין זאַל בײַ דעם פֿון יאָרנלאַנג ניט געהײצטן קאַמין, האָט זאַלמען זיך אָן ערעך פֿאַרגעשטעלט. װעגן דער מיזורעך־װאַנט. מײער פֿאַרשטײט, אַז װיבאַלד ער איז נאָך דאָ, ניט דאָרט, װוּ מאַרק פֿאַלאָנער, פּינכעס מאַשבערג, רעפֿאָעל אַכרימאָװ, לײב בלום און זײער גלײַכן, איז אַ סימען, אַז מע האַלט אים דאָרט ניט פֿאַר אַ מענטשן פֿון דער מיזורעך־װאַנט, אַז מיט זײַן ביז אַהער געשאַפֿענעם האָט ער ניט פֿאַרדינט אָט דעם קאָװעד. זאַלמען איז פֿאַר מײערן אַ שטיקל טרײסט. זאַלמען איז אױך געװען צװישן די, װער ס׳האָט געהאַט אַ שטאָט בײַ דער מיזורעך־װאַנט און ער איז אױך נאָך דאָ, ניט דאָרט. אַלצײנס אָבער האָט מײער געהאַט דערפֿון גרױס שיװערלעך, דאָס האָט אים אױף אַזױפֿיל געקרענקט, אַז ער איז גרײט געװען פֿרײַװיליק אַװעקגײן אַהין, װוּ ער איז בײַס דער מילכאָמע פֿרײַװיליק אַװעק אין דער אָפּאָלטשעניִע.

אַראָפּלאָזנדיק זיך אין זאַל מיט די געדרײטע אָנגעװעקסלטע טרעפּ צו נאָסענען און מײערן, איז זאַלמענען אָנגעקומען אַנטקעגן דער באַשײדנסטער פֿון די שרײַבער הערשל בינשטאָק. צו זײַנע פֿופֿציק יאָר, װען בינשטאָק זאָל, אַשטײגער, געװען אַרױסגעבן קאָל קיסױװי, דאָס אָנגעשריבענע פֿאַר אַלע יאָרן, אָנהײבנדיק פֿון דער צײַט, װען ער איז נאָך געזעסן אױפֿן שוסטער־בענקעלע, װאָלט זיך

עפּשער אָנגעזאַמלט אויף אַ דרײַ, אַמהעכססנס פיר ביכלעך. אים האָט עס ניט געאַרט. ער איז געווען פרײַ פון קינע. דערפאַר אָבער האָט הערשל גענומען אויף זיך דאָס רעכט זײַן אַ שריפעט, אַרויסזאָגן אַ שרײַבער אין די אויגן אַלץ, וואָס ער טראַכט וועגן זײַנס אַ ווערק, אי וועגן די מײַלעס, אי וועגן די כעסרוינעס. אײן כיסאָרן האָט ער געפונען בײַ אַלעמען: צו אויבנאויפיק, מע דאַרף גראָבן טיפער, טיפער. אפילע מאַשבערגן, וועמער ס׳איז געווען פאַר אים מער, ווי אַ גאָען, האָט ער ניט פאַרפעלט עס אָנווײַזן. נאָר קײנער האָט זיך אויף אים פאַר דעם דאָזיקן סאַלאָס זײַנעם ניט באַליידיקט. אַ מענטש קען דאָך ניט זײַן מיט אַלע מײַלעס.

— סאַפּראָלאָוו האָט אָקאָרשט אָנגעקלונגען, אַז מע זאָל זיך ניט פאַנאַנדערגײן, קכע־קכע. — דאָס קליינגעהדיק צוהוסטן בײַם ריידן איז געוואָרן בײַ הערשלען אַ מין געוווינהײַט. ער האָט ניט געקענט אָן דעם זיך שוין באַגײן, ווי דאָס אָפּטע באַניצן זיך בײַסן שרײַבן מיט די אָנצאָליקע פּיל־פונקטן.

— דער זײגער איז דאָך שוין באַלד אַכט. דרײַ שאָ, אַז מיר וואַרטן אויף זײַן עקסעלענץ. ווי דערלויבט מען זיך עס אַזוי באַליידיקן מענטשן? אַזוי דערנידעריקן שרײַבער?

— איר קענט דערצו עפּעס העלפן, קכע־קכע, וואָס איר רעדט אַזוי? האַלעווײַ זאָלן מיר בלויז דערמיט אָפּקומען. זאָגט מיר זאַלמען, קכע־קכע, איר האָט זיך כאָטש צוגעגרייט?

— צו וואָס זיך צוגעגרייט?

— אַרויסטרעטן דאָ הײַנט.

— האַ? — האָט זאַלמען צעטומלט זיך אָפּגערופן, — אַרויסטרעטן מיט אַ רעדע?

— נו, יע. — הערשל האָט אַרופגערוקט עטוואָס העכער די ברילן אויף דער נאָז און זיך הילכיקער צעהוסט. — איר מוזט הײַנט עפּעס זאָגן. אַלע ווייסן, קכע־קכע, אַז איר זײַט געווען נאָענט באַפרײַנדעט מיט בענשאָלעמען.

— איך לײקן עס דען? אויף וויפל אָבער איך ווייס, — האָט זאַלמען אים אָפּגעענטפערט, — זײַט איר געווען בײַ מאַשבערגן אָן אָפּטער גאַסט, געגאַנגען צו אים, ווי צו אַ גוטן־ײִדן. אָן זײַן סמיכעס קיין אײנציק וואָרט ניט געדרוקט.

— וועל איך הײַנט וועגן דעם טאַקע זאָגן.

פאַר זאַלמענען איז פינכעס מאַשבערג אויך געווען אַ גאָדל בעדאָר, ניט געלאָזט פאַלן אויף אים קיין שלעכט וואָרט. און ווי האָט מען געקענט לאָזן פאַלן אויף דעם, אויף וועמען ס׳האָט גערוט די שכינע, אַ קרום וואָרט? זאַלמענען האָט פאַרוווּנדערט ניט אַזוי דאָס דערהערטע דאָ איצט, נאָר וואָס דערהערט האָט ער דאָס פון בינשטאָקן, פון אַ מענטשן, וועלכער איז אויסגעשטאַנען אין לעבן אי פאַר דער מילכאָמע, אי בײַס דער מילכאָמע, אי אויך נאָך דער מילכאָמע אַזעלכס, אַז בלויז דעם גרעסטן און ערגסטן סוינע קען מען עס ווינטשן, און דאָך ניט געלאָזט זיך אײַנברעכן, אויסגעהאַלטן די אַלע ניסיוינעס.

— און וואָס, לעמאָשל, וועט איר זאָגן וועגן פינכעסן? — פון ראַכמאָנעס צו הערשלען האָט זאַלמען אָפּגעפירט פון אים די אויגן.

— כ׳ווייס... קכע־קכע, — איצטיקס מאָל האָט דאָס טרוקענע הוסטל אים געשטיקט, ניט געלאָזט קיין וואָרט מער אַרויסמרענגען. הערשל איז אים אָבער בײַגעקומען. — וואָס וועל איך זאָגן? כ׳וועל זאָגן, אַז ער איז געווען אין אויסלאַנד?

— ווען?

— בײַס דער רעוואָליוציע.

— מאָדנער מענטש איר אײנער. אָן אײַך, מײנט איר, ווייסן זײ דאָרט ניט דערפון?

— מער האָב איך ניט וועגן פינכעסן צו זאָגן. און איר? וואָס וועט איר זאָגן וועגן בענשאָלעמען?

— איך? — זאַלמען האָט זיך געגעבן ווי אַ כאַפּ אויף פון שלאָף. — אויב מע וועט צו מיר צושטײן, אַז כ׳זאָל ריידן, וועל איך זאָגן וועגן בענשאָלעמען דאָס זעלבע, וואָס איר וועגן פינכעסן, אַז ער איז געווען אין אויסלאַנד. זײַט זיך מוידע, כאַווער בינשטאָק, עמעצער האָט אײַך געשיקט איבעריידן זיך מיט מיר מיקויעך דעם?

— גאָט באַהיט, קכע־קכע. וויאַזוי קאָנט איר גאָר וועגן מיר אַזוי קלערן? איך מײן פּאָשעט אײַער טויווע. איך גלייב ניט, אַז מע זאָל דאָ הײַנט קענען אָפּקומען מיט שווײַגן. עפּעס וועט מען פאָרט מוזן זאָגן, באַזונדערס נאָך איך. כ׳בין דאָך אַ קאָמוניסט.

— איך, ווי איר ווייסט, בין אַן אומפּאַרטײיִשער.

— דאָס מאַכט ניט אויס. איך ראָט אײַך, ווי אַ פרײַנט. פאַר מיר, זאַלמען, זײַנען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען, ווי דאָ וועט הײַנט זײַן, ניט קיין נײַס. איך ווייס, מיט וואָס דאָס שמעקט. אַנשל, זײַ זיך מאַטריעך, — הערשל בינשטאָק האָט אַ רוף געטאָן דעם קלײַנוווּקסיקן זשוואַוון ראַביטשעוון, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן הין און הער איבערן קלוב, ניט קענענדיק אײַנשטײן קיין מינוט אויף אײן אָרט.

אין פֿאַרגלײַך מיט זיי בײַ׳ן, מיט זאַלמענען און הערשלען, האָט אַנשל אויסגעזען נאָך אינגאַנצן ווי א יונגערמאַנטשיק, כאָטש ער איז געווען אין איינע יאָרן מיט זיי, עפּשער א ביסל נאָך עלטער. אַלנפֿאַלס, ווען ער איז געווען אין ווילנע אַף אונטערערדישער אַרבעט, בײַס ס׳האָבן אָנגעגריפֿן די פּוילישע לעגיִאָנערן, איז דער שייני לעמאַלכוס, דער ערשטער פּאַרטרעטער פֿונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין וואַלעריאַן אַנאַטאָליעוויטש סאָפּראַלאָוו, נאָך אַף דער וועלט ניט געווען. גופֿע דאָס אַליין האָט געגעבן אַנשלען דאָס רעכט ניט אויסבאַהאַלטן זײַן אָפּגעבראַכטקײַט אַף דעם, וואָס ער לאָזט אַף זיך אַזוי לאַנג וואַרטן.

— ווער בין איך אים, א ייִנגל? — האָט אַנשל זיך געקאָכט, פֿאַרגעסנדיק, אַז יעשיִע רוויזען און רודאָלף לעדער, וועלכע דרייען זיך דאָ אַרום, קענען אונטערהערן, און צו בײדן, אַף וויפֿל זאָלמען ווייסט, האָט אַנשל, פּונקט ווי ער, ניט קיין גרויסן צוטרוי. דערפֿאַר האָט אָבער אַנשל ניט פֿאַרגעסן, אַז זאַלבעדריט דאַרף מען זיך ניט זאַמלען, ווײַל צו דעם אַרטיקל אַכט און פֿופֿציק קומט צו, אויסער דעם פּונקט צען, אויך דער פּונקט עלף.

— הער זיך אָף אַזוי קאָכן, — האָט הערשל בינשטאָק אים אײַנגעשטילט, און ווי בא א מענטשן, וואָס איז מער באַקי אין אַזעלכע זאַכן, כאָטש זיי זײַנען ביידע נאָך פֿאַר דער מילכאָמע אָפּגעזעסן אין טורמע און אין לאַגער אין איין און דער זעלבער צײַט פֿאַר שפּיִאָנאַזש לעטויוועס יאַפּאַן, מאַכמעס ביידע האָבן אין יענער צײַט געלעבט אַפֿן ווײַטן מיזרעך, אין ביראָבידזשאַן, אים געפֿרעגט ניט וויפֿל וועט נאָך אויסקומען וואַרטן אַף סאָפּראַלאָוון, נאָר וואָס קאָן באַטײַטן דאָס לאָזן אַזוי לאַנג וואַרטן אַף זיך, אויסער ווי וועלן דערנידעריקן זיי דערמיט.

— וואָס קאָן עס באַטײַטן, פּרעגסטו? — ניט פֿאַרלירנדיק אַף קיין רעגע די האָפֿערדיקײַט, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע שקאָציש בלויע אויגן און באַלויכטן דאָס אײַנגעדאַרט פּענעמל מיט דער לענגלעך אויסגעצויגענער נאָז, האָט אַנשל א שאָל געטאָן מיט זײַן דין קעלכל: — דאָס קאָן באַטײַטן, האַלעווײַ זאָל איך ליגן זאָגן, אַז מיר זאָלן פֿונדאַנען שוין ניט אומקערן זיך אַהיים. מיר זײַנען די דאָזיקע גענגעלעך גוט באַקאַנט. פֿון זינט ס׳האָט זיך אַף אונדז אָנגערוקט די נײַע גזירע, ליגן בא מיר אַף דער שאַפֿע עטלעכע פּעקלעך פּאַפּיראָסן מיט סיגאַרעטן. א פּאָר פּעקלעך סיגאַרעטן פֿונעם אָפּקוימען האָב איך אַף יעדן פֿאַל פֿאַרכאַפּט מיט זיך. דאָ אין בופֿעט האָב איך געזען סיגאַרעטן. מע דאַרף צוקויפֿן עטלעכע פּעקלעך. איך וואָלט אײַך געראָטן דאָס זעלבע. פֿאַרגעסט נאָך ניט קויפֿן פֿאַריינוועגס אויך שוועבעלעך. און ווי א מענטש, וועלכער איז באַקי אין אָט די אַלע אינינים, וואָלט איך אײַך געייצעט זאַלבעדריט ביכלאַל זיך ניט זאַמלען. דאָרטן, ווּ צוויי, מײַדט איס זײַן א דריטער. אים, — אַנשל האָט אָנגעוויזן אַף הערשלען, — דאַרף מען עס ניט דערמאָנען. ער איז אין די זאַכן ניט קיין קלענערער לאַמדן פֿון מיר. אײַך אָבער, זאַלמען, דאַרף מען דערפֿון וואָרענען.

נאָך דעם, ווי זאַלמען האָט עס אויסגעהערט, איז ער ניט זיכער צוגעגאַנגען צו נאָסענען און מייערן, ווען זיי האָבן אים צוגערופֿן.

— וועגן וואָס האָבן זיי עס אַזוי אײַנגעטײַנעט מיט דיר? — האָט נאָסן געפֿרעגט.

— הערשל בינשטאָק זאָגט, אַז אונדזער עקסעלענץ האָט אָנגעקלונגען און געהייסן איבערגעבן, אַז מע זאָל זיך ניט פֿאַנאַנדערגיין. ער וועט גיך קומען.

— א דאַנק כאָטש דערפֿאַר. געגעבן פֿון זיך צו הערן. אײַ צו וואָס מיר האָבן דערלעבט... נו, וויבאַלד ער וועט גיך קומען, איז דאַרף מען זיך אופֿהייבן אַף דער גאַלערייע. ווי האַלט איר?

— פֿאַרשטייט זיך, איר גייט, איך וועל זיך דאָ נאָך א ביסל פֿאַרהאַלטן. מיט מיר טרעפֿט צײַטנווײַז, ווען עס ווילט זיך פֿאַרבלײַבן מיט זיך אַליין, אויג אַף אויג, ווי סע זאָגט זיך.

ווי נאָר מייער אַרענס איז געבליבן אַליין, האָט ער זיך אין דימיען דערזען אינעם זעלבן זאַל אַף דער לעצטער פּאַרטײַישער פֿאַרזאַמלונג. יענע פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונג וועט ער קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. ניט בלויז ווּ צו זיצן, אפֿילע ווּ צו שטיין איז ניט געווען, ניט אונטן, ניט אויבן. אויך די טרעפּ זײַנען פֿון אויבן ביז אַראָפּ געווען באַלאַגערט. די טרעפּ האָבן געקרעכצט, געדראָט זיך אײַנברעכן. וויפֿל דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָט דערפֿון ניט דערמאָנט, געוואָרנט, האָט עס אַלציינס צו גאָרניט געבראַכט. קיינעם האָט זיך ניט געגלוסט אַריבערגיין אין דעם גאַסטצימער, כאָטש דאָרט האָט זיך אַלץ געהערט. דאָ איז אָבער די לופֿט געווען גאָר אַן אַנדערע. אַן אָנגעגליטע. יעדער איינער האָט דערוואַרט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, אויסער געוויינלעכע זידלערײַ, אויך אַזוינס, וואָס פֿאַרבלײַבט אין זיקאָרן אַפֿן גאַנצן לעבן.

ווען מייער איז געקומען אַף יענער פֿאַרזאַמלונג, זײַנען אין זאַל נאָך געווען פֿרײַע פּלעצער. האָט ער אויסגעקליבן פֿאַר זיך אַן אָרט אין די לעצטע רייען.

די אָפּענע בינע אין זאַל איז געווען א נידעריקע, ניט העכער פֿון א דרײַ טרעפּלעך, און פֿון דאָרט, ווּ מייער איז געזעסן, האָט ער ניט אַלע רעדנער געזען אין פּאָנעם. אייגנטלעך איז ניט געווען נייטיק זיי זען. לויטן ריידן איז לײַכט געווען זיך פֿאָרשטעלן זייערע פּענעמער. גיב זיי א מעסער וועלן זיי גלײַך פֿון זאַל אַוועקגיין שעכטן. מייער האָט געוואָלט פֿאַרשטיין, פֿונוואַנען האָט זיך צו זיי,

צו שרײַבער, מיטאמאָל געגומען אַט די ווילדע רעציכעס? עפשער האָט ער ביז אַהער געלעבט אין טאָעס, ז׳ איז אופגעקומען בא זיי ניט מיטאמאָל, ז׳ איז בא זיי שטענדיק געווען? בלויז ניט אַזוי אָפן עס אַרויסגעוויזן? און עפשער האָט ער עס בא זיי ניט באַמערקט, ווײַל ער האָט זיך פּאַשעט ניט צוגעקוקט, ניט געוואָלט עס באַמערקן?

באַזונדערס שטאַרק האָט זיך אָנטפּלעקט די רעציכע אין סאַפּראָלאָווס רעדע. מייערן האָט זיך אַ פּאָר מאָל אײַנגעגעבן אַ בליק טאָן אויף אים און יעדעס מאָל האָט ער געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ טאַליען. אַט־אָט וועט ער פאַרוואַרפן די שטריק אָפן האַלדז פון זײַנע קאָרבאָנעס און אַרויסשלאָגן פון אונטער זיי די בענקלעך.

ס׳איז ניט צו באַנעמען, וויאַזוי קאָן דער איבערגעפּולטער זאַל מיט קאָמוניסטן אַפּלאָדירן סאַפּ־ראַלאָוון, אים אונטערהאַלטן מיט אויסרופן און דראָונגען קעגן די, מיט וועמען מע איז אָפן פראָנט ניט לאַנג צוריק נאָך געגאַנגען צוזאַמען אויף טויט און אויף לעבן אין אַ בלוטיקער שלאַכט, מיט וועמען מע האָט יאָרנלאַנג זיך געכאַוועט, געווען נאָענט באַפרײַנדעט, געגאַנגען איינער צום אַנדערן אין געסט.

דער מעגושעמדיקער יונג סאַפּראָלאָוו, וואָס האָט זיך צעפּאַכט בײַסן ריידן מיט דער האַנט, ווי מיט אַ שווערד, איז געווען בא מייערן אין דער ראַטע אַ זאַפּעוואַלע. די שטים זײַנע האָט פאַר דער צײַט ניט פאַרלוירן איר הילכיקע מעכטיקײַט, ז׳ האָט אָבער אײַנגאַנצן אָנגעווירן איר זינגעוור־דיקײַט. ביז סאַפּראָלאָווס רעדע האָט מייער אייגנטלעך ניט געוווּסט, מיט וואָס האָט זיך אַזוי פאַרשולדיקט די ייִדישע ליטעראַטור און דערמיט פאַרדינט, אַז מע זאָל זי מיט איין קלאַפּ פאַרטיליקן, אין וואָס ווערן באַשולדיקט די ייִדישע שרײַבער, וועלכע זײַנען שוין דאָרט. איצט, אַלנפאַלס, ווייסט ער כאָטש אַן ערעך, אין וואָס עס גייט. אַפּטער פון אַלץ האָט אַרויסגעשרײַען פון דעם גענעראַל־סעקרעטאַרס ערשטן פאַרטרעטערס רייד און פון די שרײַענדיקע אויסרופן אין זאַל איינע און די זעלבע ווערטער: דזשאָינט. אַמעריקאַנער אַגענטן. בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן. פאַרעטער...

נאָך סאַפּראָלאָווס רעדע האָט אין זאַל זיך אופגעהויבן אַ טומל טיב צו ווערן פון די גוואַלדן:

— פאַרוואָס שווײַגן די ייִדן? זיי זײַנען ניט געקומען?

— זיי זײַנען דאָ! דאָ!

— איז פאַרוואָס טרעטן זיי ניט אַרויס?

— זיי באַהאַלטן זיך אַויס, האָבן מוירע אַרויסגיין אויף דער טריבונע? פּאַכדאָנים!

אויב עס גייט שוין אין פּאַכדאָנעס, וואָלט ער אַ באַלן געווען, מייער, פרעגן אַט דעם מעגו־שעמדיקן יונג סאַפּראָלאָוון: אַוווּ איז דער גענסעק, פאַרוואָס איז ער ניט געקומען הײַנט אַהער? פון וועמען באַהאַלט ער זיך אויס? פון זיך אַליין, צי פון דער זעלבער פּאַכדאָנעס, וואָס וועגט אײַנעם מענטשן אַלץ אַריבער? אָ, ווי גערעכט ס׳איז געווען מאַרק פּאָלאַנער מיט זײַן געבן אַ זאָג אָפן טווער־סקאַי־בולוואַר פּיגכעס מאַשבערגן: רוסלאַנד האָט עפּשער געוווּסט פון גרוזאַמערע צײַטן. רוסלאַנד האָט אָבער קיינמאָל ניט געוווּסט פון אַזעלכע פאַרדאַרבענע, נידערטרעכטיקע צײַטן.

די, וועלכע האָבן ניט אופגעהערט טומלען אין זאַל, האָבן מיט זייערע געשרייען געגעבן אָפן אָנצוהערן, אַז זיי מאַכן ניט קיין אונטערשייד צווישן די שרײַבער, וואָס שאַפן אין ייִדיש, און די שרײַבער, וועלכע שאַפן אין רוסיש. פאַר די טומלער אין זאַל איז דעריקער דאָס, וואָס סײַ די, סײַ יענע זײַנען ייִדן.

— אַט זיצט דאָ איינער פון זיי.

דער, ווער ס׳האָט אָנגעוויזן אויף אים, האָט דערמאָנט מייערן אין יענע פון די געפאַנגענע רויט־אַרמייער, ווען ווי נאָר די דײַטשן האָבן געגעבן אַ קאָמאַנדע: — ייִדן און קאָמיסאַרן דרײַ טריט פאַרויס, — האָבן זיי באַלד אָנגעוויזן ווער צווישן זיי זײַנען ייִדן און קאָמיסאַרן.

פון אַלע זײַטן האָט געדונערט:

— באַהאַלט זיך ניט אויס! גיי אַרויס און דערצייל וועגן די פאַרעטער און שפּיאָנען, וואָס האָבן געמאַכט פאַר זיך אַ נעסט אין דער ייִדישער שרײַבערישער סעקציע!

אין דער ריי, וווּ מייער אַרענס איז געזעסן, האָבן רעכטס פון אים זיך אַלע אופגעהויבן פון די ערטער — געמאַכט אַ דורכגאַנג צו דער בינע, וווהין ער האָט זיך געלאָזט גיין איידער נאָך דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג האָט אָנגערופן זײַן פאַמיליע־נאָמען. מייער איז געגאַנגען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט ניט פון שרעק — ער איז פונעם ערשטן ביזן לעצטן טאָג פון דער מילכאָמע געווען אָפן פראָנט, — נאָר פון בויאַען. ער האָט אָבער באַוויזן באַמערקן, אַז צווישן די, פאַרבײַ וועמען ער איז דורך, זײַנען די אויגן אויך געווען אַראָפּגעלאָזט.

— באַם אַרײַנגאַנג אין קלוב הענגט אַ מעמאָריאַל־טאָוול, — האָט מייער מיט אַן איבערגע־טריקנט קאָל אָנגעהויבן, זײַענדיק גרייט דערצו, אַז יעדער רעגע קאָן מען אים איבערשלאָגן מיט אַ פײַפערײַ, מיט אַ טופען פון די פיס, — אָפן טאָוול זײַנען אויסגעקריצט די נעמען פון די אומגע־קומענע שרײַבער אויף דער מילכאָמע...

— דאָס ווייסן מיר אָן דיר!
— לאָזט אים ריידן.
— קאָן דען זײַן, — האָט מייער פאַרגעזעצט, העכערנדיק די שטים, — אַז קיינער פון די, וועלכע שרײַבן דאָ הײַנט אזוי, זאָל ניט האָבן באַמערקט, וויפל ייִדן עס ווערן דערמאָנט צווישן די אומגעקומענע? וויאַזוי זשע קאָן מען אופּוואַרפן די ייִדן, אַז זיי זײַנען ניט געווען אויף דער מילכאָמע, אַז זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין טאַשקענט צוזאַמען מיט די ייִדישע שרײַבער און מיט די שרײַבער, וואָס שטאַמען פון ייִדן?
— לייען אונדז ניט קיין מאָראַל. דערציי׳ל בעסער וועגן אײַערע שפּיאָנען און פאַרעטער.
— איך וועל אײַך דערויף אויך ענטפערן.
— וואַרט אויס א ווײַלע. — סאַפראָלאָוו האָט זיך אופגעשטעלט, פאַרהויבן די האַנט פאַר־קוועטשט אין א פויסט. — מייער דאַווידאָוויטש, איך האָב ניט געהערט, אַז עמעצער זאָל געווען דאָ זאָגן, אַז די ייִדן אויף דער מילכאָמע האָבן שלעכט געקעמפט. איך בין, ביז מע האָט מיך פאַרוווּנדעט, געווען ניט איין טאָג אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס און געזען ווי העלדיש די ייִדן האָבן זיך געשלאָגן. זיי האָבן פּאַשעט ניט געקענט זיך אַנדערש שלאָגן, ווײַל דער דײַטש וואָלט זיי אַלציינס דאָך אומ־געבראַכט. נאָר דאָ מוז איך פאַר אַלעמען איבערכאַזערן דאָס זעלבע, וואָס איר, מייער דאַווידאָוויטש, האָט מיסטאָמע אויך געהערט פון איינעם אונדזערן אָן אויטאָריטעטן אָנפירער פונעם שרײַבער־פאַריין: די ייִדן האָבן ניט געקענט אַנדערש זיך שלאָגן, ווײַל דער דײַטש וואָלט זיי אַלציינס דערשאָסן. דער רוסישער סאָלדאַט אָבער האָט וועגן דעם ניט געטראַכט, כאָטש ניט אַלעמען, ווער ס׳איז אַרײַנגעפאַלן אין געפענקעניש, האָט דער דײַטש אומגעבראַכט. דער רוסישער סאָלדאַט האָט פריִער פאַר אַלץ זיך געשלאָגן פאַרן היימלאַנד. אָט אין וואָס, מייער דאַווידאָוויטש, ס׳איז דער אונטערשייד.
— ריכטיק, ריכטיק, — האָבן פון זאַל זיך באַלד דערהערט עטלעכע שטימען.

איבערשרײַען זיי האָט מייער ניט געקענט. ער האָט אויסגעוואַרט ביז ס׳איז געוואָרן א ביסל שטילער, נאָר פאַרזעצן ריידן איז ער ניט געווען שוין בעקויעך. פון אופרודערונג, פון אינערלעכער אָנשטרענגונג איז דער ציינער־פּראָטעז אָפּגעשטאַנען פון די יאַסלעס און גענומען אַרומשפּרינגען אין מויל. די עטלעכע מיט שווערקײַט אַרויסגעבראַכטע ווערטער האָט מייער אַליין ניט פאַרשטאַנען און איז א פאַרלוירענער אַראָפּ פון דער בינע.

און אָט זעט ער, מייער, פאַר זיך דעם מעגושעמדיקן וואַלעריאַן סאַפראָלאָווען שוין ניט געדאַנק־לעך, ווי מיט א מינוט פריִער, נאָר אויף דער וואָר, אין דער באַגלייטונג פון איינעם פון זײַנע גע־הילפן, קאַלמען איזראַילעוויטש קאַצמאַנען, וועלכער גרייכט אים קוים ביז די לענדן. ער זאָל ניט אָפּשטיין פון זײַן באַלעבאָס, וואָס שפּרײַזט מיט ברייטע טריט, קומט קאַצמאַנען אויס שיר ניט נאָכ־לויפן. פון דעם באַלעבאָס׳ מיטנעמען אים מיט זיך אויף דער פאַרזאַמלונג פון דער ייִדישער שרײַ־בערישער סעקציע קאָן קאַצמאַן זיכער האָבן האַרצוויטיק. מייערן דוכט זיך אפילע, אַז קאַצמאַן פּײַניקט זיך ביכלאַל דערפון, האַלעמײַ דער טאַטע האָט אים אָנגערופן מיט אַן עכט ייִדישן נאָמען קאַלמען. איבערגעלאָזט אים בעירעשע אַן עכט ייִדישן פאַטערנאָמען און פאַמיליע ייִסראָעל קאַצמאַן, פאַרגעסנדיק, אַז ווען מע זאָל אים געווען אָנרופן מיט אַן עכט רוסישן נאָמען און פאַטערנאָמען וואַסילי וואַסיליעוויטש און די פאַמיליע זאָל מען געווען איבעראַנדערשן אויף איוואַנאָוו, אַשטייגער, וואָלט מען סײַווי דערקענט אין אים א ייִדן.

ווייניקער פון אַלץ איז מייערן איצט אָנגעגאַנגען, וויאַזוי איז קאַצמאַנען געלונגען זיך אײַנ־האַלטן ביז איצט אויף דער שטעלע. אים האָט אָבער נישט געקאָנט ניט וווּנדערן, וויאַזוי האָט סאַפּ־ראָלאָוו נאָך יענער רעדע אויף דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג געקאָנט איבערלאָזן בא זיך אויף דער אַרבעט א מענטשן מיט אַן עכט ייִדישן נאָמען און פאַטערנאָמען קאַלמען איזראַילעוויטש און מיט אזא עכט ייִדישן פאַמיליע־נאָמען ווי קאַצמאַן. סאַפראָלאָוו דאַרף דאָס אָפּאָנעם צוליבן זעלבן, וואָס עס זײַנען אויסן די רעדאַקטאָרן פון די צײַטונגען, וועלכע אַנטפּלעקן די פּסעוודאָנימען פון די ייִדישע פאַמיליע־נעמען און גלײַכצײַטיק דרוקן זיי די לידלעך פון רודאַקי לעדערן, אָנווײַזנדיק, אַז ס׳איז איבערגע־זעצט פון ייִדיש. זאָל די וועלט זען, אַז ייִדן פאַרנעמען אָנגעזעענע שטעלעס און אַז ייִדישע שרײַבער קאָנען זיך דרוקן. דאָס קען צומאָל צוניץ קומען, ווי א באַרעכטיקונג, ניט בלויז פאַר זיך איינעם, ווער ווייסט, וואָס די צײַט קאָן אונטערטראָגן. מייער דערלאָזט אזא געדאַנק. געשען וועט עס אָבער, איז ער זיכער, ניט הײַנט און ניט מאָרגן. מעגלעך, אַז אפילע זײַנע קינדער וועלן דערצו שוין ניט דערלעבן.

מייער אַרענס האָט ניט געײַלט זיך אופהייבן אויף דער גאַלעריי. ער וועט צוואַרטן ביז ס׳וועט זיך עפענען די פאַרזאַמלונג. אַלץ קאָן טרעפן. דער געוועזענער זאַמפּוואַלע בא אים אין דער ראָטע קען מאַכן אַן אויסנאַם און זיך באַגריסן מיט אים פאַר דער האַנט. ניין, נאָך יענער פּאַרטיי־פאַרזאַמ־לונג און וויאַזוי ער האָט זיך אופגעפירט ביז און נאָך יענער פאַרזאַמלונג קען ער, מייער, אזא מענטשן די האַנט ניט געבן.

אומזיסט האָט מייער מוירע געהאַט דערפֿאַר. ווען סאַפּראַלאָוו זאָל אַפֿילע וועלן מאַכן פֿאַר אים אַן אויסנאַם און דערלאַנגען די האַנט, וואָלט ער אַלצייינס עס ניט געקאָנט. ביידע הענט זייַנען בײַ אים געווען פֿאַרבאַנדאַזשירט. פֿון אונטער די בלוטיק־פֿאַרפֿלעקטע באַנדאַזשן האָבן זיך בלויז אַרויס־געוען די שפּיץ פֿון די פֿעטע, דיקע פֿינגער מיט די ברייטע טונקעלע נעגל און געמאַכט מיט דעם אַלעם דעם אײַנדרוק פֿון אַ קאַצעוו אויף דער בינע. און בענעגייַע דער פֿאַרזאַמלונג איז מייער זיך אויך טויע געווען. וואַלעריאַן אַנאַטאָליעוויטש סאַפּראַלאָוו האָט באַצייַטנס געמאָלדן, אַז ער קלײַבט זיך ניט דורכפֿירן קיין שום פֿאַרזאַמלונג. ער איז געקומען פּאַשעט מיטיילן, אַז דער סעקרעטאַריאַט פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין האָט באַשטימט פֿאַבאַנדערלאָזן די ייִדישע סעקציע, וועלכע איז געוואָרן אַ נעסט פֿון פֿאַרעטער, קאָסמאָפּאָליטן, בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, פֿאַרקויפֿטע אַגענטן פֿון דער אַמע־ריקאַנער אויסשפּיר־דינסט.

מייער האָט אָפּגעכאַפּט אויף זיך זאַלמענס בליק. יאָ, ער האָט אויך באַמערקט, אַז סאַפּראַלאָוו האָט, ווענדנדיק זיך צו זיי, קיין איין מאָל ניט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט „כאַווײרים". דאָס אַליין האָט געגעבן אַ סמאַך צו קלערן, אַז מע האָט דערלאָזט אַ גרויסן פֿעלער, ניט געפּאָלגט אַנשל ראַביטשעווון און ניט געקויפֿט דאָ אין בופֿעט כאָטש אַ פּאָר פּעקלעך סיגאַרעטן מיט שוועבעלעך.

— איך האָב מיט פֿיל יאָרן צוריק נאָך געהאַט געזאָגט, אַז זיי זײַנען נאַציאָנאַליסטן.

— מע'רי, — האָט דער פּרומאַק נויעך לאַנדין מיט זײַן שטיל זינגעוודיקער שטים זיך געבעטן ראַכמים באַם ווײַב, דער דיכטערן, זי זאָל שווײַגן. — געפֿונען אַ צײַט ווען צו פֿירן כעזשבוינעס. נו, מע'רי.

אײַנשטיקן מערין איז אָבער געווען ניט אַזוי לײַכט.

— פֿאַרוואָס האָבן זיי אַזויפֿיל יאָר ניט דערלאָזט אָפּדרוקן מײַן פּאָעמע וועגן דער פֿרײַנטשאַפֿט פֿון די ציִעניסטן מיט פּעטליורען?

— מע'רי.

— איר האָט וועגן דעם ערגעץ געמאָלדן? — סאַפּראַלאָוו האָט אָנגעשטעלט אויף אײַנגעליבטן פֿאַרפֿאָלק זײַנע גרינבלעך־וואַסערדיקע אויגן.

— איך האָב ניט איין מאָל גערעדט דערפֿון אויף אונדזערע פֿאַרזאַמלונגען און זיצונגען.

— מע'רי...

נאָר דאָ האָט זיך דערהערט כאַיִם יונגאַטשס הייזעריקלעכע נידעריקע שטים:

— ווי וועט זײַן מיט די אָפּמאַכן, וועלכע דער מעלוכישער „עמעס"־פֿאַרלאַג האָט מיט אונדז געשלאָסן? מיר זײַנען דאָך ניט שולדיק, וואָס מע האָט צוגעמאַכט דעם פֿאַרלאַג.

— קאַלמען איזראַיִלעוויטש...

איידער סאַפּראַלאָוו האָט אַרויסגעבראַכט דאָס אַנדערע וואָרט, איז קאַצמאַן שוין געשטאַנען לעבן אים מיט אַ בלײַפֿעדער און נאָטיץ־ביכל אין דער האַנט.

— קלינג אָן אין „אָגיז" פֿון מײַן נאָמען און קלאָר אויס.

— גוט.

אומדערוואַרט האָט זיך געעפֿנט די טיר און דער אַרײַנגעקומענער שימען ראַגאָוו, דערזעענדיק סאַפּראַלאָוון, איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל, ניט געוווּסט, צי צומאַכן די טיר פֿון דער זײַט אָדער פֿון יענער זײַט.

— גייט אַרײַן, — וואַלעריאַן אַנאַטאָליעוויטש האָט אַ מאַך געטאָן צו אים מיט דער האַנט, — אײַך האָב איך טאַקע געוואָלט זען. כ'האָב גאָרניט געוווּסט, אַז איר קענט ייִדיש. דאָס האָט איר איבערגעזעצט די דערציילונג „טאָג נאָך טאָג"?

— איך, — האָט דערשראָקן שטיל געענטפֿערט שימען ראַגאָוו, צומאַכנדיק פֿון דער זײַט די טיר.

סאַפּראַלאָוו האָט אַרויסגענומען פֿון דער בוזעם־קעשענע אַ פֿאַרשריבן בלעטל פּאַפּיר און אַוועק־געלייגט עס פֿאַר זיך אויפֿן טיש:

— אָט וואָס עס שרײַבט זיך אין דער דאָזיקער אויסגערופֿענער דערציילונג: „זי האָט צוגעטראָגן די הענט צו די אויגן, ווי בײַ ליכט־בענטשן". הערט ווײַטער: „די ביימער אין וואַלד האָבן זיך גע־וויגט פֿונעם ווינט הין און הער, ווי באַם דאַווענען"... און אַזעלכע, מישטיינס־געזאָגט, פּערל זעצט איר איבער? איר זײַט דאָך, דאַכט זיך, אַ קאָמוניסט ניט פֿון נעכטן.

אויסער דעם, וואָס שימען ראַגאָוו איז אַ קאָמוניסט ניט פֿון נעכטן, ער איז אין דער פּאַרטיי נאָך פֿון פֿאַר דער רעוואָליוציע, זיך געשלאָגן אויף די פֿראָנטן פֿונעם בירגערקריג און פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע, איז ער געווען אויך איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. זאַלמען האָט ניט געקענט צוזען ווי שימען האָט פֿאַרבויגן דעם קאָפּ, הערן ווי ער האָט מיט אַ דערשראָקן קאָל געשטאַמלט:

— ס'איז מײַן שולד. ניט דערזען.

— „מײַן שולד, ניט דערזען", — האָט סאַפּראַלאָוו אים איבערגעקרימט.

— כ'פאַרשטיי אַליין ניט, ווי‌אַזוי איז עס געשען. איך אַנערקען. ס'איז מײַן שולד.

צוזעענדיק, ווי געפּאַקן שימען שטייט פאַר סאַפּראַלאָוון, וואָס לויט די יאָרן קען סאַפּראַלאָוו אים זײַן אַן אייניקל, האָט זאַלמענען זיך געוואָלט אַ געשריי טאָן: „נו, שטעלט זיך שוין פאַר אים אױף די קני, קלאַפּט זיך אין דער ברוסט אָשאַמנו באָגאַדנו, גאָזאַלנו, דיבאַרטי דויפי... אײַ שימען, שימען".

— פון פאַריין שליסט מען אונדז אויס, צי מע לאָזט אונדז נאָך איבער?

עמעצן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נאָסן האָט ניט געדאַרפט עס פרעגן, ס'האָט געקאָנט דערמיט דערצאָרענען דעם שייני לעמאַלכוס פון די שרײַבער. נאָר סאַפּראַלאָוו האָט גראַדע רויִק געענפערט:

— פאַרשטייט זיך.

נאָסן איז פאַרט ניט אָפּגעטראָטן.

— און ווי איז מיטן דרוקן זיך? אַ שרײַבער, אויב ער איז ווירקלעך אַ שרײַבער, דאַרף זיך דאָך דרוקן.

— פאַרשטייט זיך.

— וווּ? מיר האָבן דאָך אין ייִדיש ניט וווּ צו דרוקן זיך.

— איז שרײַבט אויף רוסיש. איינער פון אײַערע האָט זיך דאָך אָפּגעזאָגט פון ייִדיש און אָנגעפאַנגען שרײַבן אין רוסיש. טוט אים נאָך.

איבער גאָר אַנדערע טײַמים האָט זאַלמען מיט אַ צײַט צוריק געייצעט אַן ערעך דאָס זעלבע יעשי‌ען און עלישען. אים האָט זיך דעמלט אויסגעוויזן, אַז פאַר זיי וועט אַזוי זײַן בעסער. דאָס איז געווען די איינציקע סיבע, אָבער ניט דערפאַר, ווײַל ער האָט זיי דערמיט געוואָלט, כאָלילע, דערווײַטערן פונעם אייגענעם פאָלק, ווי דאָס איז אויסן סאַפּראַלאָוו.

— רוסיש קענט איר דאָך.

דערויף האָט אים זאַלמען געוואָלט ענטפערן: „פאַרלאַנגט איר, הייסט עס, ווי איך פאַרשטיי, מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אונדזער ייִדישן לאָשן? אַ פאָלק אָן אַן אייגענער שפּראַך איז אָבער קיין פאָלק ניט. איר זאָגט איבערגיין אויף רוסיש? נאָר אַ ייִדישער שרײַבער, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך ער זאָל ניט שרײַבן קען דאָך ניט פאַרבײַגיין דאָס ייִדישע לעבן. רופט אָן, אַ זעלכער זשורנאַל צי פאַרלאַג וועט איצט דרוקן ווערק וועגן ייִדישן לעבן? סײַדן מיר זאָלן פעלשן. שרײַבן שעקער? דאַן הערט עס אָבער אויף זײַן ליטעראַטור".

„און ביז דעם? — האָט זאַלמען זיך געפרעגט. — ביז דעם האָסטו דען ניט געפעלשט, געשריבן בלויז דעם עמעס?" — ער האָט אָבער באַלד אויפן אָרט זיך דערויף געענטפערט: — „יאָ, דעם עמעס האָט, דאַכט זיך, קיינער פון אונדז ניט דערציילט. מיר האָבן אַלע אַזוי צי אַנדערש, ווער מער, ווער ווייניקער, געפעלשט. מיר האָבן דאָך דערבײַ אָבער געקלערט, אַז מיר שרײַבן דעם לויטערן עמעס. צו אונדזער גרויסן ווייטיק האָבן מיר עס באַנומען ערשט איצט, ווען מע קען אין דעם שוין גאָרניט ענדערן, ווען מע האָט אָפּגענומען בײַ אונדז דאָס לאָשן, דאָס מאַמע־לאָשן".

## 32

פון קלוב איז נאָסן אַרויס צוזאַמען מיט זאַלמענען און מייערן. און אויב אויפן ראָג פון דער וואָראָווסקי־גאַס און טרובניקאָוו־געסל האָט נאָסן זיי איבערגעלאָזט זאַלבעצווייט, איז ניט דערפאַר, ווײַל ס'האָט זיך אים פּלוצעם דערמאָנט אַנשל ראַביטשעווס וואָרענונג — אויסמײַדן זײַן אַ דריטער דאָרט, וווּ ס'האָבן זיך פאַרזאַמלט צוויייען. ער האָט געדאַרפט באַוויזן, איידער מע האָט נאָך ניט צוגעמאַכט די אַפּטייק, אָפּנעמען די באַשטעלטע רעפּועס פאַרן טעכטערל. בײַ פייגעלען איז שוין דער אַנדערער טאָג אַ געהעכערטע טעמפּעראַטור און אַ שווערער הוסט.

זאַלמען מיט מייערן זײַנען אַריבער אויף דער פּאַראַלעלער הערצען־גאַס, וווּ מע דאַרף זיך אַזוי ניט היטן מיט יעדן וואָרט, מיט איטלעכן בליק, ווי אויף דער איינשטאָקיק־צווייטשטאָקיק פאַרבויטער וואָראָווסקי־גאַס, וווּ שיר ניט אין יעדן מויערל איז אַן אויסלענדישע אַמבאַסאַדע און וווּ פון יעדן הויף קוקט מען נאָך.

געמאַכט עטלעכע שפּאַן און זיך אַרומגעקוקט, האָט זאַלמען מיט אַ טיפן זיפץ שטיל אַ זאָג געטאָן:

— גוואַלד געשריִען, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט! — ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מייערן. — צי דען איז עס שוין טאַקע דער סאָף? מיר האָבן דאָך מיט דיר אַ לעבן אָפּגעגעבן דערויף. צי דען איז שוין אַלץ אויס?

— פרעגסט מיך?

— און וועמען דען האָב איך צו פרעגן? דו ביסט דאָך איצט, אַזוי צו זאָגן, אונדזער פּאַטריאַרך, אונדזער ראָש.

— אַ פּאַטריאַרך, אַ ראָש... אַז אַך און ווי איז צו מיר. ווער, מישטיינס־געזאָגט, בין איך ביכלאַל? מע זאָל מיך געוועזן האַלטן, ווי זיי, פֿאַר אַ שרײַבער, וואָלט איך איך געדאַרפֿט זײַן שוין דאָרט. איך גלייב אַף קיין האָר ניט אין דעם, אין וואָס דער קאַצעוו־יונג סאָפּראַלאָווו מאַכט זיי שולדיק. די אײנציקע שולד זייערע, וואָס זיי זײַנען ייִדן, שרײַבער, געבענטשטע מיט גרויס טאַלאַנט. איך בין, ווי צו זען, דערמיט ניט געבענטשט. נאָקי, ריין פֿון דעם.

אַז מייער אַרענס לעבט איבער דערפֿון, האַלעמיַ ער איז ביז איצט נאָך ניט דאָרט, האָט זאַלמען געוווסט. פֿאַר מייערן האָט זײַן אַרומגיין ביז אַצינד נאָך אַף דער פֿרײַ באַטײַט, אַז ער איז ניט דער, ווי די קריטיקער האָבן וועגן אים ביז אַהער געשריבן. ערשט איצט האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיך גענאַרט. זײַן דיכטונג, זײַן פּראָזע, זײַן דראַמאַטורגיע, לאָזט זיך אויס, האָט ניט קיין שום ווערט. קיינער האָט עס אים אָפֿן ניט אַרויסגעזאָגט, ווײַל איין צײַט איז ער געווען אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ זשורנאַל, פֿון אַ צײַטונג, פֿיל יאָרן אַ מיטגליד פֿון דער ביוראָ פֿון דער ייִדישער שרײַבערישער סעקציע, און מיט אַזעלכע האָט מאַשמאָעס קיינער ניט געוואָלט זיך אײַנקריגן.

זאַלמען האָט געהאַט מיט וואָס אים צו טרייסטן, אַז ער זאָל זיך ניט פֿילן אַזוי געפֿאַלן בא זיך, צו נישט מאַכן אין די אייגענע אויגן זײַן גרויסע מײַסטערשאַפֿט, זײַן שלײַפֿן, ווי דימענטן, יעדעס אָנגעשריבענע וואָרט. דאָרטן זיצן דאָך, קען זאַלמען דערמאָנען מייערן, ניט נאָר די קויהאָנים פֿון דער מיזרעך־וואַנט, נאָר אויך די לעוויִים און ייִסרעיילים פּנעם פֿאַליש. כאָטש דעם, איז זאַלמען ניט זיכער, אַז די, מיט וועמען זיי האָבן זיך היינט געזען אין קלוב, וועלן מיט דער צײַט, ווער פֿריִער, ווער שפּעטער, אויך ניט זײַן דאָרט. וועגן דעם האָט, דאַכט זיך, גאַנץ דײַטלעך געגעבן אָנצוהערן דער בוינע־יונג מיט די פֿאַרבאַנדאַזשירטע הענט.

אַלנפֿאַלס, ער, זאַלמען, איז דערצו לאַנג שוין גרייט. אים האָט מיט אַ צײַט פֿריִער נאָך געגעבן אָנצוהערן וועגן זעלביקן דער ניט־גוטער פֿון דאָרטן, מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש. ניט צו באַנעמען, וואָס איז געשען. זאָל זײַן, אַז דער ניט־גוטער האָט פֿאַרגעסן אין אים און דערפֿאַר קלינגט ער ניט מער? זאַלמען האָט זיך דערוף ניט אײַן מאָל פֿאַרטראַכט און סאָפּקאַלסאַף געקומען צום אויספֿיר, אַז צווישן די דאָזיקע לײַט זײַנען אויך דאָ פֿאַרשיידענע. מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש געהער, אַפּאָנעם, צו די, ווער ס'האָט ניט אײַנגאַנצן נאָך פֿאַרלוירן דאָס מענטשלעכע אין זיך און דערפֿאַר געלאָזט אים צורו, ניט באַשטאַנען, אַז ער זאָל ווערן דער, ווער ס'איז אים נייטיק אין דער אַרבעט זײַנער. צי עפּשער האָט מאַרטין אַ מאָך געטאָן אַף אים מיט דער האַנט, ווײַל ער האָט צווישן די פֿאַרבליבענע שרײַבער געפֿונען אַן אַנדערן אַף זײַן, זאַלמענס, אָרט, וועמען ס'האָט זיך געגעבן אײַנברעכן. און עפּשער האָט דער ניט־גוטער פֿון דאָרט פֿאַרטראַכט שפּילן מיט אים אַ באַזונדער אַרט שפּיל?

— דיר איז פֿונדעסטוועגן לײַכטער ווי מיר.

— לעמאַשל? — האָט זאַלמען געפֿרעגט, ניט באַנעמענדיק אין צוזאַמענהאַנג מיט וואָס האָט מייער עס אים געזאָגט.

— ווי דאָס זאָל ניט זײַן, ביסטו פֿונדעסטוועגן אַליין, דאַרפֿסט ניט קלערן וועגן דעם שטיקל ברויט, ווי איך. אַז מע איז אַליין, איז צומאָל יאָ געגעסן, ניט געגעסן. איך דאַרף אָבער אויסהאַלטן אַ מישפּאָכע, אַ פֿרוי מיט דרײַ קינדער. קיין נאָגיד, ווי דו ווייסט, בין איך קיינמאָל ניט געווען. פֿון דיכטונג אַליין, אַפֿילע אויך פֿון פּראָזע קאָן אַ ייִדישער שרײַבער זיך ניט דורכלעבן. ער דאַרף דערצו זיך נאָך מיט עפּעס באַשעפֿטיקן. פֿאַר דער מילכאָמע בין איך אין פֿאַרשיידענע צײַטן געווען אַ קאָרעקטאָר, אַן אַרויסלאָזער, אַן איבערזעצער, אַ רעדאַקטאָר. אָן ברויט, אַלנפֿאַלס, בין איך מיט דער פֿאַמיליע ניט געזעסן. וויאַזוי וועלן מיר איצטער אויסקומען? דיך ווונדערט עפּשער, ווי קען איך אין אַזאַ שרעקלעכער שאָ נאָך דעם, ווי מיר האָבן אויסגעהערט דעם מוירעדיקן גזאַר, טראַכטן וועגן גאַשמיִעס.

— דאַרפֿסט זיך פֿאַר מיר ניט פֿאַרענטפֿערן. איין לעבעס, איין טוירע.

— איין לעבעס, איין טוירע? ס'איז איצט ביידע זאַכן צוזאַמען, אי איין טוירע, אי איין לעבעס. כ'האָב מוירע, אַז אַפֿילע פֿאַר קיין באַכטוועכטער וועט מען מיך ניט נעמען.

— קיין אַנדער מעלאָכע, — האָט זאַלמען אים איבערגעשלאָגן, — האָסטו פֿאַר זיך ניט צוגעקליבן? אָט איך, אַשטייגער, בין אין דער יוגנט געווען אַ פּאָר יאָר אַ לערער פֿון מאָלן אין אַ קינדער־היים. אין אַ נויט וועל איך זיך ווידער נעמען פֿאַר דעם. דערווײַל זיץ איך נאָך ניט אָן ברויט.

— און איך בין אין דער יוגנט געווען אַ שטיק צײַט אַ פּריקאַזטשיק אין אַ קלייט. כ'זאָל זיך אַ ביסל צולערנען, וואָלט איך געקאָנט ווערן אַ כעזשבנפֿירער. נאָר ווער וועט זיך אײַנשטעלן נעמען אַזעלכע פֿאַסעלע, ווי מיר, אַף אַרבעט?

— אויב ס'וועט דערצו דערגיין, וועלן מיר בעטן אונדזער שייני לעמאַלכוס פֿון פֿאַריין זיך אַרייַנמישן. כ'מיין ניט, אַז ער זאָל אונדז אָפּזאָגן. עס גייט דאָך ניט אין טירע, נאָר אין לעבעם. מיט דיר איז דער איניען פיל לייַכטער. וואָס שייַעך מיר, דאָ וועט אפילע סאפּראָלאָוו ניט קענען העלפֿן. ווער וועט וועלן האָבן בא זיך אין שול א פֿאַסעלן מענטשן? מאַלעדרייַ געהערט דאָך אייך צו אידעאָלאָגיע. איידער כ'וועל א פּרווו טאָן, ווי סע חאָגט זיך, דאָס מאַזל, אייַנאָרדענען זיך ערגעץ פֿאַר א לערער פֿון מאַלעדרייַ, מוז איך אָפּריִער זען זיך מיט איינער א פֿרוי. זי איז ניט הי, וווינט ווייַט פֿונדאַנען, זייער ווייַט. אהער קען זי ניט קומען. זי טאָר ניט. איר איז עס שטרענג פֿאַרבאָטן. כ'מיין, אַז דו שטויסט זיך אליין אָן פֿאַרוואָס.

— און אויף לאַנג קלייַבסטו זיך אהין?

— איך ווייס נאָך דערוויַיל אליין ניט. כ'קען דיר בלויז זאָגן, אַז פֿאַר קיין אַריי־מיקלאָט וואָלט איך דעם דאָזיקן פֿאַרוואָרפֿענעם יִשעוו אין דער טונדרע הינטער די האַריי־כוישעך ניט אויסגעקליבן.

מייער האָט זיך פֿאַרקלערט און, קוקנדיק זיך אונטער די פֿיס, שטיל געפֿרעגט:

— ביכלאַל זייַנען פֿאַראַן אַזעלכע ערטער, ווו מע קען אין א געפֿערלעכער צייַט דאָרט איבערזייַן?

— ווי מיר דוכט, איז בלויז אויף דער לעוואָנע. דאָס איז דער איינציקער אַריי־מיקלאָט, ווו מע קען זיך נאָך דערוויַיל אויסבאַהאַלטן פֿון זיי, כאָטש כ'ווייס א פֿאַל, אַז איינער מייַנער א באַקאַנטער איז נעלעם געוואָרן, קאָן מען זאָגן, א שאָ פֿאַר דעם, ווי מע איז נאָך אים געקומען. דאָס איז געווען פֿאַר דער מילכאָמע, בייס דער ערשטער מאַגייפֿע. דעם סאָד, ווו איז ער איבערגעזעסן יענע געפֿערלעכע צייַט, האָט ער מיר ניט איבערגעגעבן, און פֿרעגן יענעם איצט איז דאָך ניט שייַעך. זיי האָבן אים סייַווי אָפּגעזוכט. ס'האָט ניט געהאָלפֿן, וואָס ער איז געווען אויף דער מילכאָמע און געקומען פֿון דאָרט מיט אָרדענס און מעדאַלן. ווייַזט אויס, אַז דאָס איינציקע אָרט, דער איינציקער אַריי־מיקלאָט, ווו מע קען זיך פֿון זיי אויסבאַהאַלטן, איז טאַקע בלויז די לעוואָנע. דאָס זייַנען אָבער אַלץ פּוסטע רייד, פּוסטע כאַלוימעס. און זיצן צוזויפֿגעלייגט די הענט און וואַרטן איז געוויס ניט קיין אויסוועג. מע דאַרף זיך צו עפּעס נעמען. קאָלזמאַן מע לעבט דאַרף מען זאָרגן וועגן דעם שטיקל ברויט. קיין אוישער פֿון קלאַפּן אויף די רעכנבריינדלעך וועסטו, פֿאַרשטייט זיך, ניט ווערן, אָבער אָן ברויט און קאַרטאָפֿל וועסטו מיט דער מישפּאָכע ניט זייַן. ס'איז פֿאָרט בעסער ווי גאָרניט.

די מיטגייענדיקע לעוואָנע איז באַגלייַך מיט זיי שטיין געבליבן אויפֿן ראָג גאַס איבערוואַרטן ביז דער טראַמווייַ וועט דורכגיין און זיי וועלן קענען אַריבער אויף דער אנטקעגנדיקער זייַט. הינטער זיי, ווו זיי זייַנען שטיין געבליבן, האָט זיך מיטאַמאָל צעפּראַלט די טיר און ס'האָט א שפּאַר געטאָן פֿון דאָרט א טומלדיקער אוילעם, אין וועמען ס'איז לייַכט געווען דערקענען סטודענטן. צוליב דעם איז ניט נייטיק געווען זיך אייַנקוקן אין זייערע פּנעמער, זיך צוהערן צו זייערע רייד. די טיר, פֿונוואַנען דער אוילעם איז אַרויס, איז געווען פֿונעם אוניווערסיטעטישן סטודענטישן קלוב, וווּהין זאַלמען איז אין די יינגערע יאָרן געווען אָן אָפּטער אַרייַנגייער אויף די פֿאַרשיידענע דיספּוטן, קאָנצערטן, פֿאָרשטעלונגען.

פֿון יענע אַלע פֿאָרשטעלונגען האָט זיך אים מער פֿון אַנדערע פֿאַרגעדענקט „דער פּעטער וואַניע", וועלכע דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער האָט געשפּילט דאָ אין קלוב דאַן פֿאַר די סטודענטן.

באַזונדערס האָט זיך אים פֿאַרהיט אין זיקאָרן דאָס לעצטע בילד: אויף דער בינע איז האַלב־טונקל. עס דערטראָגט זיך דאָס איבערקלינגען פֿון די גלעקלעך אויף דער אָפּפֿאָרנדיקער בריטשקע. דאָס קלינגערייַ ווערט אַלץ שטילער, שטילער. אַוועקגעפֿאָרן דער טעמפּער באַגרענעצטער פּראָפֿעסאָר מיט זייַן יונגער שיינער פֿרוי, דער דאָקטער, וואָס טרוימט וועגן א גליקלעך לעבן אויף דער ערד אין צוויי־דרייַ הונדערט יאָר אַרום. אין דער פֿאַראָרעמטער אימעניִע זייַנען בלויז פֿאַרבליבן דער פּעטער וואַניע מיט זייַן פּלימעניצע סאָניע. דער צאַרטער איידעלער פּעטער וואַניע זיצט אָנגעבויגן בא דעם קאָנטאָר־טישל און כעזשבנט אויף די רעכנבריינדלעך, וויפֿל באַטרעפֿט אַזויפֿל און אַזויפֿיל פֿונט קרויט, ציבעלעס, קאַרטאָפֿל, און מיטאַמאָל צעוויינט ער זיך מיט א כליפּען אויף א קאָל. די פֿאַרזעסענע דער־צויגענע און געבילדעטע פּלימעניצע סאָניע לייגט אַרויף די האַנט דעם פּעטער אויפֿן אַקסל און טרייסט אים: וואָס קען מען טאָן? מע דאַרף לעבן, לייַדן און לעבן. עפּשער וועלן מיר נאָך מיט דיר, טייַערער פּעטער וואַניע, דערלעבן זען דעם הימל אין דימענטן און מאַלאָכימלעך וועלן שוועבן אַרום אונדז...

דאָס דאָזיקע לעצטע בילד פֿון טשעכאָווס דראַמע „דער פּעטער וואַניע" האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט אויפֿגעוואַכט אַזוי בולעט אין זאַלמענען, ווי איצטער דאָ, בא דער טיר פֿונעם סטודענ־טישן קלוב. זאַלמען האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, ווי דער גרויסער וואָרטמייַסטער, דער שעפֿער פֿון דער באַרימטער אין דער גאָרער יידישער וועלט פּאָעמע „קאַדיש", מייער אָרענס וועט אָנשטאָט שאַפֿן אַזעלכע קינסטלערישע ווערטן זיצן איבער די קאָנטאָרסקע ביכער און כעזשבענען אויף די רעכנבריינד־לעך דעם דעביט און קרעדיט פֿון קרויט, קאַרטאָפֿל, הערינג, גרויפּן, און עס וועט ניט זייַן לעבן אים

קיינער, ווער ס'זאָל קענען טרייסטן, אַז ער וועט נאָך דערזען דעם הימל אין דימענטן. זאַלמען האָט דערפֿילט, ווי ס'האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז...

— כ'ווייס ניט, ווי בײַ דיר, — האָט מייער, אַריבערגייענדיק אויף דער אַנדערער זײַט גאַס, זיך אָנגערופֿן צו זאַלמענען, — נאָר בײַ מיר אין שטוב האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּש ביסל איסלענדישע ייִדישע צײַטונגען מיט זשורנאַלן, וווּ ס'זײַנען אָפּגעדרוקט מײַנע לידער און פֿאַרצייכענונגען, וועלכע דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט פֿלעגט איבערשיקן מיט דער פּאָטשט פֿון סאָווינפֿאָרמביוראָ פֿאַר דער איסלענדישער פּרעסע. כ'ווייס ניט, ווו עס אַהינצוטאָן. האַלטן בײַ זיך איז אַ סאַקאַנע. צערײַסן און אַרויסוואַרפֿן אין דער מיסטלייטונג איז ניט קיין קלענערע סאַקאַנע. מיר דוכט, אַז מע קוקט דורך דאָס אַרויסגעוואָרפֿענע מיסט. דאָס בעסטע איז, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרברענען. וועסט דאָך אָבער ניט פֿאַנאַנדערלייגן קיין שײַטער אין הויף פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. ווייס איך טאַקע ניט, וואָס טוט מען דערמיט.

— פֿאַראַן אַן אייצע. בײַ נאָסענען איז די וווינונג אַן אַ צענטראַלער באַהייצונג. בײַ אים איז אַ געוויינלעכע הרובע. איך וועל זיך מיט אים צונויפֿריידן און מירן אָפּטראָגן אונדזערע אָנגעקליבענע פּעקלעך צײַטונגען און זשורנאַלן צו אים און זיי דאָרט פֿאַרברענען. איך וועל דיר באַצײַטנס געבן דערפֿון צו וויסן.

— נאָר ניט דורכן טעלעפֿאָן.

— דאָס פֿאַרשטייט זיך אַליין.

בײַם צעשיידן זיך אויף יענער זײַט פֿון דער קרימער בריק האָט זאַלמען, אָפּפֿירנדיק אין אַ זײַט די אויגן, געפֿרעגט:

— ווי קוקסטו דערויף... נו, איך מיין, דו וואָלסט געגאַנגען פֿאַר אַן אײדעס אין זאַגס פֿון כאָסנס צאַד?

— צי ניט דו אַליין ביסט עס דער כאָסן? כ'וואָלט ניט געזאָגט, אַז די צײַט פֿאַר דעם איז זייער צוגעפּאַסט. נו און ווער איז זי, די קאַלע, הייסט עס?

— פֿרעג מיך איצט גאָרניט. אויב ס'וועט האַלטן דערבײַ, וועל איך דיר פֿאַרפֿריִער אַלץ דערציילן. נאָר דערווײַל בעט איך דיך קיינעם דערפֿון ניט זאָגן. אויסער דיר מיט נאָסענען ווייסט נאָך וועגן דעם קיינער ניט. אַפֿילע די קאַלע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז זאַלמען געזעסן בײַ נאָסענען און מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ צוגעקוקט, ווי דאָס פֿײַער אין אייוועלע נעמט אַרײַן צו זיך די צײַטונגען און זשורנאַלן, וואָס ער מיט מייערן האָבן געבראַכט אַהער אויף צו פֿאַרברענען. מייער איז ניט געבליבן וואַרטן ביז דאָס פֿײַער וועט דאָס אַלץ פֿאַרוואַנדלען אין אַש. די נײַס, אַז מע האָט די נאַכט צוגענומען דעם באַיאַרטסטן פֿון די שרײַבער, דעם זאַקן דאַוויד ענדראַוון, און דעם ייִנגסטן פֿון די פּאָעטן, דעם מיזיניק יויסעף ערליכן, האָט אײַנגאַנצן צעבראָכן מייערן.

— נו, גוט, — האָט ער נאָכגעגעבן זאַלמענען מיט נאָסענען, — דאַוויד ענדראַוו האָט אַ געוויסע צײַט געלעבט אין איסלאַנד, אין ענגלאַנד, דאַכט מיר. ווען איז עס אָבער געווען? אַ יאָר צען מיסטאָמע פֿאַר דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. נאָר יויסעף ערליך איז דאָך אין די איסלאַנדס ניט געווען. אַוועק פֿרײַוויליק אויף דער מילכאָמע פֿון נײַנטן קלאַס, געקומען פֿון פֿראָנט אַ שווער פֿאַרוווּנדעטער מיט אַ דורכגעשאָסענעם האַלדז.

— און מאָטל יאַנבורג, ווער ס'איז פֿון לאַנג שוין דאָרטן, איז ניט געקומען פֿון פֿראָנט קיין שווער פֿאַרוווּנדעטער? און מיך, מיינט איר, וועט ראַטעווען דאָס, וואָס איך בין געקומען פֿון פֿראָנט אויך אַ פֿאַרוווּנדעטער?

ניט מייער, ניט זאַלמען האָבן נאָסענען דערויף ניט געענטפֿערט.

דאָס פֿײַער אין אייוועלע האָט גערוישט, געוואָיעט, דערמאָנט מיט זיך די שײַטערס אויף די בערלינער פּלעצער, וואָס האָבן פֿאַרוואַנדלט ביכער אין אַש.

צוקוקנדיק עס, האָט זאַלמען זיך געפֿרעגט: וואָס איז אייגנטלעך דער אונטערשייד צי די אַריצרעס ביכער פֿון דער ייִדישער ביבליאָטעק זײַנען אַוועק מיטן פֿײַער, צי אַוועק אונטערן מעסער? קיין שום כילעק ניט, — האָט אים, ווי געענטפֿערט דערויף, דער פֿלאַם פֿײַער אין דער הרובע.

(סאָף קומט)

# א יעדינעצער ייִד
# אין מאָסקווע

## אין „גום"

הונדערטער קרעמלעך
אין קראָם דער גרויסער.
מײַן קעשענע די פּרײַזן בריִען.
כ׳האָב געזוכט א ייִד א פאַרקויפער,
געמיינט, בא אים
וועל איך קריגן א מעציִע.

נאָר הערט א מײַסע,
אין קיין איין קרעמל
א ייִדן כ׳האָב ניט באגעגנט,
פונקט ווי אין מאָסקווער קרעמל,
וואָס פונעם „גום" איז אנטקעגן.

## אין מעטראָ

וויפל מאָל אין שטעטל
כ׳האָב געהערט —
דאָס מאזל איז ערגעץ
טיף אין דער ערד.

און, ביטע, אָט
פאַר פינף קאָפּיקעס
בין איך אונטער דער ערד,
ווי א פערד מיט די קאָפּיטעס.

א ראש.
עס טוט זיך כוישעך.
מע פאָרט.
מע לויפט.
מע טראָגט.
ווו זשע איז דאָס מאזל, מוישע?
ווייסעך וואָס.
א נעכטיקער טאָג.

שטעלט זיך פאָר, אפילע
אף דער סטאנציע „אָטראַדנאָיע"[1]
ניטאָ פון פאַרגעניגן קיין סימען.
פאַרקערט, דעם געזונט פאַרשאַטן וועט,
מיטן שטראָם
אין דער טיף
צו שווימען.

נאָר יעדיניצער כאַכאָמים
וועלן מיר זאָגן זיכער:
דאָס מאזל איז מיסטאמע העכער,
צי עפּשער טאקע טיפער.



---

[1] פאַרגעניגנדיקס (רוס.).

## אין מאַוואַזאַליי

כ׳גיי דורך לעבן לענינס טרונע,
און מיר דאכט —
לענין ארבעט נאָך אצינד,
ווי אמאָל, טאָג און נאכט.

און עפשער דער מענטשלעכסטער מענטש,
ווי יעדער מענטש,
וויל איבעט רוען?
און עפשער פאר דעם איז זײַן אײנציקע טפילע?

כ׳גיי דורך לעם לענינס טרונע
און בעט בא אים מעכילע.

## א ייִדישע מאַדאָנע

די ייִדישע מאַדאָנע פון א קליין שטעטל...
איר קינד, איר אוצער, אף די הענט זי האלט.
ס׳נעמען זי ארום די קינדערשע הענטלעך,
מיט גוטסקײַט און געטרײַקײַט איר פּאָנעם שטראַלט.

מע זעט אין אירע אויגן אן אומעט און א האָפענונג.
זי ווייסט דאָך, אז א ייִדן דער וועלט זי פאַרטרויט.
וואָס וואַרטן וועט אף אים?
דער וועג אף דער גאָלגאָפע?
צי א לעבן ווי א לעבן. צי דאָס לעבן פונעם טרוים?

און נאָך אין אירע טונק׳לע, טיפע אויגן זעט מען, —
און דאָס איז דאָך דער איקער,
מיט דעם זי איז באַרימט, —
איב אף דער גאָלגאָפּע אופגיין אים באַשערט איז,
זי וועט פאַרויס לויפן, זי וועט דאָרט זײַן פאַר אים.

## אין ביכער־מאגאזין

כ׳בלעטער א ייִדיש ביכל.
און נעם מיטן וואָרט
זיך סוידען,
ווי, לעמאָשל, צוויי פרײַנטלעך,
ווי, אשטייגער, צוויי קרויווים.

און פונקט ווי אמאָל — מיט א ניגן,
כאָטש ייִדיש לייענען
כ׳האָב ניט געקענט, —
דאָס ייִדישע ביכל,
ווי א קינד פונעם וויגל,
נעם איך אף די הענט.

דעמלט מיט ציטער און צאַרטקײַט
יעדעס זײַטל פלעג איך בלעטערן
און ווי סטרונעס בא א האַרפּע,
די שורעס פון רעכטס אף לינקס
גלעטן.



## דער בוך און דאָס לעבן

לייענען אין וואגאָן פונעם מעטראָ?
ווען ארום דיר מענטשן פאַרשיידענע,
און יעדערער איז א ביכל,
א בוך
צי טאקע א סייפער.
זוכן דעם סאָד פונעם לעבן
צווישן שורעס,
צווישן אָפּגעדרוקטע ווערטער?
ווען דערנעבן
פּאָכען,
וואַרפן זיך
פאַרליבטע,
פאַרשטויסענע הערצער.

און דאָס גאַנצע לעבן אין זיך
פילט מײַן האַרץ דאָס גליק:
פון קלײנע איסיִעלעך די ליכט,
פון יענע שורעס די מוזיק.

## א װיִאָלאָנטשעליסטקע

עס אײַלט זיך א מײדל.
א װיִאָלאָנטשעל, װי א סקערצאָ —
אױף אירע דינע פּלײצעס,
אין א פּוטליאַר א ברײטן.
און איר איז גאָר ניט שװער.

דעם מײדלס גאַנג איז גרינג...
אַבער איר, אין הימל שװעבט
א װאָלקן —
פֿול מיט מוזיק.



## מײַן ייִדישער אָדער

קלינג, װי א סטרונע, מײַן ייִדישער אָדער!
זינג א פאַרגעסענע ייִדישע ליד.
זינג װעגן דעם, װאָס מײַן האַרץ פון דיר פאָדערט,
װאָס מײַן זיקאָרן שױן יאָרנלאַנג ברית.

זינג, אַז אין יעטװידן קאַנט זאָל מען הערן,
װוּ ערגעץ פאַראַן איז כאָטש אײנער א ייִד.
אָפּרופן זאָל זיך, צוריק זאָל זיך קערן
אַן ענלעכער קלאַנג, װעלכער דרעמלט אין אים.

דער ייִד זאָל דערשפּירן, און זיך זאָל דערהערן
דעם קלאַנג פון געפילן און טיפן געמיט,
זאָל שטילער, באַדאַכטער א ביסעלע װערן
און זאָל זיך דערמאָנען, אַז ער איז א ייִד.

## אין פאַריקמאַכערסקע

מע װאָלט געדאַרפט אַהער אַרײַנגײן.
אַרײַנגעגאַנגען.
אָנשטױסן זיך איז געװען ניט שװער —
א גראָװער ייִד, א שײנער,
אימפּאָזאַנטער,
שטײט בײַ א פאָטעל און שערט.

אױף אונדזער עליע־פאַריקמאַכער איז ער ענלעך
נאָר צוגעגלעטער.
אַלץ אױף אים איז פײַן —
װי זשע אַנדערש?
ס׳איז געװיס פאַרשטענדלעך:
אױף זײַן פּאָנעם שפּיגלט זיך
די מאָסקװער שײַן.

און בײַ עליען,
אונדזער עליע־פּאַגאַנינין,
קנײטשן־רינװעלעך שנײַדן דורך דעם שטערן.
אַן אײַנגעהױקערטער, אױף זײַן קלײנער בינע,
אַקאָמפּאַנירט ער מיטן סמיטשעק־שערל.
אַקאָמפּאַנירט א קאַפּריטשיִאָ
מיטן סמיטשעק־קעמל.

און װי א האָר, א דינעם ניגן
פלעגן מיר אַהײם מיט זיך
מיטנעמען...

## א מאָסקװער מײדל

מאַמע מײַנע!
זע נאָר, סאַראַ שײנקײַט פון א מײדל.
אַזאַ מין װוּנדער
קאָן זײַן דען אױף דער װעלט?
איצט כ׳האָב פאַרשטאַנען,
װאָס עס הײסט — גאַנײדן.
און זיך איבערט, מאַמע,
דעם געגנעם פאַרגעשטעלט.

## אײבּיקס

אײבּיקס
קאָנען באַשאַפֿן נאָר אײבּיקע.
אָבער די מענטשן, װאָס זײַנען שטערבלעך,
שאַפֿן
שטאַפּלען,
שאַפֿן
טרעפּלעך
פֿון דעם לײטער, װאָס פֿירט
צו דער מענטשהײַטס אײבּיקײַט.
און
די
לענג
פֿון
דעם לײטער, כ׳האָף,
װעט האָבן אַמאָל אַ סאָף.

## ליבע־מאָטיװ

װוּהין לױפֿסטו, מײדעלע?
פֿאַרהאַלט זיך, מײדעלע.
אױף די הענט דיך אָפּטראָגן
דערלױב מיר צום װעג.
און ניט קײן גריבעלע,
און ניט קײן שטײנדעלע
װעסטו ניט פֿילן,
ניט װיסן פֿון שרעק.

• • •

אַרום דעם מײדעלע
װאָס פֿליסטו, בינעלע?
טו נאָר אַ טראַכט און הער מיך אױס.
כ׳האָב אױך געמײנט אַמאָל —
זי איז אַ בלימעלע,
כ׳האָב אױך געמײנט ביז איצט —
זי איז אַ רױז.

זײַ ניט קײן אַקשנטע,
און פֿלי דיר, בינעלע.
כאָטש דער ניסאָיען
איז זײער גרױס.
דו װעסט נאָך אָפּזוכן
אַ פֿעלדיש בלימעלע,
דו װעסט געפֿינען נאָך
מיט טױ אַ רױז.

## פֿאַרטאָג

כ׳צי אַרױף אױף זיך דעם מאָסקװער ראַש,
װי אַ שװערע הוט,
און ביז אין אָװנט כ׳טראָג אים
מיט געדולד און מוט.

און ערגעץ, װוּ די נעפּלען
הימל־בלױע ציטערן,
אױף עמעצן מײַן שטעטל
טוט אַן פֿאַרטאָג אַ היטעלע.

## ביז װען?

פֿון די טעלעװיזיע־עקראַנען,
און פֿון די צײַטונגען
קוקן אױף אונדז פֿענעמער באַזאָרגטע
פֿון אַנטיסעמיטן הײַנטצײַטיקע.
זײ זײַנען מענטשן באַװוּסטע,
אָנגעזעענע,
מיט באַלױנונגען אָפּגעמערקטע,
אַנטיסעמיטן־שרײַבער,
געלערנטע.
װאָס קיצלט זײ
און לאָזט ניט רוען,
די אַנטי־שאַגאַלן,
אַנטי־גראָסמאַנס,
אַנטי־בראָדסקיס?
אַנטי — צום ביסעלע ייִדן,
אַנטי — צום פֿאָלק קלײנצאָליקס.
ביז װען
די פֿאַרביטערטע אַנטיסעמיטן
װעלן נאָכשלעפּן
מיט זיך די היסטאָריע?



# פאַראַדאָקסן

## פון דער פילאָסאָפיע

מיר זײַנען 15.000.000.000
א וועלט מיט מענטשן ניט־ענלעכע,
פאַרשיידענע.
נאָר איינע, כאַליליע, ס׳איז באַשערט
צו בלײַבן אין איינעם דעם טײַערסטן,
דעם ליבסטן,
דעם סאַמע אייגענעם, —
ווערט פוסט פאַר אונדז די ערד.
א פוסטקײַט פון 4.999.999.999
מענטשן.

## פון דער היסטאָריע

די ייִדן אין רוסלאַנד
רופן גאָט פאַר אן איידעס,
אז פון ייִסראָעל שטאַמען
זייערע אורבאָבעס און אורזיידעס.

און די ייִסרעיילים מיסטאַמע
שטאַרק דערווידערן אָבער,
אז פון רוסלאַנד שטאַמען
זייערע זיידעס און באָבעס.

## פון דער ליבע

די פּיירע פון מײַן ליבע,
פון די געפּיקן הייסע —
מײַן איצער,
מײַן פאַרגעניגן
דאָס בלוט און פלייש מײַן אייגנס,
מײַן קינד —
איז, גוואַלד געשריגן,
ענלעך אױף מײַן שוויגער!

די פראגע וועגן אנטיסעמיטיזם ווערט איצט ברייט באהאנדלט אין סאוועטישע שעפערישע קרייזן. זייערע ארויסזאגונגען וועגן דער דאזיקער טעמע האבן אונדז איבערגעגעבן צוויי באוווסטע רוסישע שרייבער: דער ליטעראטור־פארשער סטאניסלאוו לעסנעווסקי און דער פאפולערער דיכטער בולאט אקודזשאווא. דרוקנדיק אט די קורצע עסייען, זעצט פאר „סאוועטיש היימלאנד" די פארשונגען ארום אקטועלע אספעקטן פון דער נאציאנאלער פראגע, וועלכע געפינען פאר זיך אן ארט אינעם זשורנאל אין משך פון פיל יארן.

סטאניסלאוו לעסנעווסקי

# א מאניאקאלישע „אידיי"

Ведь жизнь уже не жгла — чадила,
И однозвучны стали в ней
Слова: «свобода» и «еврей»...

*Александр Блок*
(«Возмездие»)

„א מענטשן פון דער זייט" איז שווער צו גלייבן אין דעם, וועגן וואס איך שרייב דא. דאס איז אבער אזוי, און אלע ווייסן וועגן דעם. אבער ריידן וועגן אזא טעמע איז ניט אנגענומען. עס האנדלט זיך וועגן א ווייט ניט נייעם מעשוגאס, וועלכער האט זיך אנגעוואלגערט אף אייניקע ליטעראטן און שנעל צונויפגענומען א האמוק, וואס האלט אין איין וואקסן.

עס זיינען פאראן גרויסע פראגן, צו וועלכע די מענטשהייט, דאס פאלק קערט זיך אום אין משך פון דורות.

וואס אזוינס איז אמעס?
קאמאָ גראדעשי?
וואס טאן?
ווער איז שולדיק?

און אט, פארטונקלענדיק דעם האריזאנט פון אונדזערע מאכשאוועס, ווערט ארויסגערוקט אף די ליטעראַרישע קרייצוועגן פארויס פון אלע פראגן מערסטנס דאס, וואס איז ניט אנגענומען ארויסצוזאגן. אבער צומאל און אלץ אפטער ווערט עס ארויסגעזאגט:

— איר זייט ניט קיין ייד?

אלע אנדערע פראגן ווערן דא באלד אנטרונען, פארשוויגן, שטום. איר האט געמיינט, אז עס האנדלט זיך אין וועלכע־ניט־איז אומבאוווסטע טיפענישן, אונטערטעקסטן, קאמפליקאציעס, אז מע דארף נאך עפעס לייענען, דערלערנען, מע דארף טראכטן און טראכטן, הערן איינער דעם אנדערן, איבערצייגן... אבער אייך זאגט מען אף אלץ ווייער און זייער פאשעט: ער איז דאך א ייד.

איר קאנט ניט גלייבן, אז עס איז געפונען געווארן אזא פרימיטיווער און ביזווילדיקער צוגאנג, איר סטארעט זיך עפעס־וואס נאך זאגן, דערווייזן... אבער אייך מעלדעט מען נאך פאשעטער און צוטריטלעכער: זיין ווייב איז דאך א יידישקע...

אדער ניט אזא וואכעדיקס, אזוי צו זאגן, מער עפישס:

— איר זעט דען ניט, ווער עס רינגלט אים ארום?

פארשטייט זיך, ס'איז גוט, וואס אלץ איז, סאפסקאלסאף, אויסגעקלארט געווארן. וויל יארן זיינען פארביי אין באהאנדלונגען, אין קאנפראנטאציעס, וועלכע ווערן פארביטן מיט קאנסאלידאציעס. ניט אומזיסט גייט איצט אן אלץ מער א געוויינלעך איבערוועדטלען זיך. וואס ווילסטו — אליין זיך איינזעצן אדער זיי אריינזעצן? אט אזעלכע אינוועקטיוון, באגלייטע מיט גאנץ קלארע אנדייטונגען, אז א געוויסע ניט־פארמעלע ארגאניזאציע איז שטארק, און זי וועט זיין נאך שטארקער.

און אלץ איז עפעס פון זיך אליין געווארן פאר שעט. דו באגעגנסט קאלעגן־ליטעראטן און ווילסט לויט דער אלטער געוווינהייט פארפירן א בעפארייכעסדיקן שמועס אף היימישע טעמעס, אבער... עפעס שטעלט דיך אפ. א קעלט פון פארויסבאשטימטקייט פארקלעמט די לאנגאניקע רייד. מע הערט זיי שוין אפילע ניט... ווען דו גיסט א טראכט, אז אלץ איז שוין דערפירט געווארן צו אן אנקעטע אדער צו א גרופע פון בלוט, אז צו אלץ האט מען שוין געפונען א שווער־גוירלדיקע דערקלערונג, ווילט זיך וועגן גארנישט ניט ריידן. דו ווייסט דאך, אז אפטער פון אלץ וועט מען גארנישט ניט זאגן, אבער אינעם טאך פון באליביקע ארגומענטן און ריידערייען וועט זיך לאזן פילן די דאזיקע פארשטארטע „אידיי". און דאס איז א טופיק.

און עס דערטראָגט זיך אַ באַקאַנטער שטיקנדיקער רייעך, פּונקט ווי מע וואָלט אײַנגעשלאָסן דעם גאַז... יאָ, דאָס אַלץ איז שוין אויסגעפּרוּווט געוואָרן, און אין גראַנדיעזע מאַסשטאַבן. ס'איז מאָדנע... מענטשן, וועלכע איך האָב קעסיידער געאַכטעט און צו וועמען איך האָב זיך צוגעהערט... גוטע שריפטשטעלער... און אָט, באַנאַנד מיט זיי זע איך אין אַ רירנדיקער האַסקאָמע מענטשן, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט זאָגן גאָרנישט, כּוץ:

— ער איז דאָך אַ ייִד...

און כ'הער רעווענדיקע פאַרזאַמלונגען, כ'זע און אויפגעשריפטן האַמיין, פאַרהאַסנדיקע אויפשריפטן, פאַרקריפּלטע פּנימער. דאָס אַלץ איז דאָך שוין געווען, און דאָס אַלץ האָט זיך פאַרענדיקט טראַגיש. אַלזאָ, ס'האָט זיך ניט פאַרענדיקט?

וואָס זשע קומט ביכלאַל פאָר? זאָגט מיר, גוטע מענטשן, וויאַזוי רופט זיך דאָס אַלץ? די פּעסט — אין קאָלערליי אַנטפּלעקונגען — צעפּויזעט און פאַרברייטערט זיך. איך זע ניט קיין סיבעס פאַר פּאַניק, אָבער דאָס ווילד ווערן נאָך דער סטאַגנאַציע איז קיין אויסוועג ניט. עס נייטיקט זיך פאַרשטאַנד און זעלבסטבאַוווּסטזײַן, און ניט קיין סטראַשידלע.

און אונדז זאָגט מען: דאָס הייסט נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַוווּסטזײַן, ווײַל דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען, פונוואַנען עס נעמט זיך דאָס גאַנצע בייז. מע איז קליגער געוואָרן, הייסט עס. אַ פּינצטערער, דאַרף מען זאָגן, זעלבסטבאַוווּסטזײַן, אויב ער פאַרבלענדט דאָס פאָלק, און אַנשטאָט זעלבסט־אָפּרייניקונג פירט ער צו זעלבסט־פאַרביטערטקייט.

אויב שוין אַ פּראַקטיקער, וואָס איז באַרימט מיט זײַן הומאַניזם, שאַפט אַלס ענטפער אויף די רויִקע פראַגן פון אַ ליטעראַטור־פאָרשער אַ זינלאָזן טעקסט, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט ווילדן אומגעדולד, טאָ וואָס זשע שוין זאָגן וועגן פּאָשעטע ענטוזיאַסטן פון דער „אידיי"...

בוימל אין פײַער גיסט מען אונטער אָן אויפהער.

אָט האָבן מיר דורכגעלייענט, וויפל ייִדן זײַנען אינעם „אייבערשטן שטאָק" פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט; איך די שרײַבערישע פּילטיראַזשקע טײַנעט שוין — נאַטירלעך אין די ראַמען פון „פליוראַליזם" — וועגן דער „ייִדישער רעוואָלוציאָנערישקײַט", מע האָט שוין אונטערגעקליבן אויך באַשטימטע פאַמיליעס פון שולדיקע אין דער ווילקירלעכער קאָלעקטיוויזאַציע, אין דער פאַרניכטונג פונעם פּויערטום, ווי אויך אין דער רויִנירונג פון דענקמעלער, קלויסטערס, אָרגאַניזאַטאָרן פון מאַסן רעפּרעסיעס. און אָן קיין מינדסטן סאָציאַלן היסטאָרישן אַנאַליז, בלויז אין מאַניאַקאַלישע „אידיי".

צי דען ווייסט איר ניט, אַז דער רעקאָנסטרוקציע־פּלאַן פון מאָסקווע אַנטהאַלט אין זײַן גרונט דעם מאַגנדאַוויד פון די ציִעניסטן? די דאָזיקע פּאָפּולערע באָבע־מעשׂה קאָן מען הערן אויף פאַרזאַמלונגען פון אונדזערע רעסטאַווראַטאָרן, היטער פון די דענקמעלער פון דער געשיכטע און קולטור. און ווי מיינט איר, ווער האָט געריכטעט די אויסערן־פּאָליטיק פון רוסלאַנד בײַם ניקאָלײַ דעם ערשטן, און אויך — ווער איז געשטאַנען הינטער דאַנטעסן?.. אַלץ „זיי"... מיט אָט דעם פאַרבאָרגענעם געדאַנק האָט מען אונדז באַקאַנט ניט לאַנג צוריק.

צי האָט איר פאַרשטאַנען פון דער טעלעוויזיע־טראַנסליאַציע, אַז מאַיאַקאָווסקי איז ניט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נאָר מע האָט אים דערהרגעט?.. ווער האָט אים דערהרגעט? גאַנץ פאַרשטענדלעך... מע קאָן הערן וועגן דעם אויך גאַנץ באַשטימטע ריידערײַען.

איר ווייסט נאָך ניט, אַז יעסענינען, לאָזט זיך אויס, האָט מען אויך דערהרגעט? און מערדער פונעם פּאָעט זײַנען, פאַרשטייט זיך, נאָר „זיי"... דערהרגעט, און נאָכדעם אויפגעהאַנגען דעם פּאָעט...

די דאָזיקע ווײַט ניט נאַיִווע באָבע־מעשׂיות פאַרמאָגן פלאַמיקע אָנהענגער.

אָבער מיט באָבע־מעשׂיות ווערט די „אידיי" ניט אויסגעשעפּט.

דעריקער — דערווײַזן, אַז דאָ און דאָרט זײַנען „זיי", אַז אין אַלץ זײַנען שולדיק — „זיי", פאַרשטייט זיך, די ציִעניסטן, אויב אַפילו זיי זײַנען דערבײַ מאַרקסיסטן.

דאָס הייסט, זאָגט מען אונדז, ס'זײַנען פאַראַן גענוג פאַקטן, וואָס באַשטעטיקן, אַז עס עקזיסטירט אַ „פאַרשווערונג", וועלכע דויערט שוין פיל יאָרצענדליקער, אַפילו אַ פילדויערסדיקע.

און דאָס, וואָס די געשיכטע פון אַ גרויס פאָלק, פון אַ גרויס לאַנד, פון אַ גרויסער רעוואָלוציע קאָן ניט דערקלערט ווערן מיט עמעצנס אַ פאַרשווערונג, מיט אַ בייזער קאַוואָנע, — צוליב פאַרשטיין דאָס פאָדערט זיך לאַכלוטן אַן אַנדער קולטור.

און מיר שטויסן זיך אָן אין געגעבענעם פאַל ניט מיט אַ קולטור, נאָר מיט עפּעס אַ פאַרפינצטערונג.

אָט וויאַזוי אַ הײַנטצײַטיקער קריטיקער שטעלט צונויף „אַ פּאָשעטע איבערעכענונג פון פּערסאָנאַזשן", וועלכע „פיגורירן אינעם ראָמאַן": „...דער גרוזינער סטאַלין און דער ייִד טראָצקי, דער לעט רודזוטאַק און דער ייִד זינאָוויעוו, ווידער דער גרוזינער לאָמינאַדזע און דער ייִד קאַגאַנאָוויטש, דער רוס בודיאָגין און דער ייִד ריאַזאַנאָוו, דער לעט יאַנסאָן און דער ייִד סטאָלפּער, דער אוקראַיִנער קריוואָרוטשקאָ און דער ייִד סאָלאָווייטשיק, דער עסטאָנער אַרוואָ און דער ייִד ליפּמאַן, דער אַזערבײַדזשאַנער שאַמסי און דער ייִד ליבערמאַן, דער אַרמענער אַזיזיאַן און דער ייִד ליווּשיץ, די פּוילישע פרוי גלינסקאַיאַ און די ייִדישקע סאָפיע אַלעקסאַנדראָוונאַ, די טאָטערקע זידאַ און די ייִדישקע פרידע, דער מענטש מיט אַן אומקלאָרער נאַציאָנאַליטעט טשער און דער מענטש מיט אַ גאַנץ קלאָרער נאַציאָנאַליטעט שאַפּיראָ, דער ייִד סאָלץ, „וואָס איז ענלעך אויף עמאַנויִל לאַסקערן", אויך אַ ייִד אַאַוו.

איך צווייפל ניט, אז דער לייענער וועט פארשטיין, וועלכער זשורנאל עס ווערט דא ציטירט...

אט איז נאך איין ציטאטע פון דעם זעלבן זשורנאל, עס שרייבט אן אנדער אווטאר: „ווען יאסיף בראדסקי וואלט געשאפן אף זיין מוטער־שפראך, וואלט ער מיסטאמע געווארן אן עכטער פאעט, א שארפזעעוודיקער, א פאראלגעמיינערנדיקער און לעבעדיקער, און ס'וואלט ניט אנטשטאנען קיין זעלבסטזיכערע סיבע בא אים, א ייִדן, צו געבן אין איסלענדישע אויסגאבעס און ראדיאסטאנציעס אינטערוויוען אינעם נאמען פון א רוס". מיט איין ווארט, ביסט א ייִד, וויס דיין ארט...

מיר דעמאסקירן זשדאנאוון, און אונדז זאגט מען, אז זינאוויעוו און קאמענעוו זיינען נאך שרעקלעכער. מיר דעקן אוף אלץ נייע און נייע פארברעכנס פון סטאלינען און פון דער סטאלינשטשינע, און אונדז דויבעט מען איין, אז סטאלין האט אלץ זיך אויסגעלערנט בא טראצקין. און ווען טראצקי וואלט געקומען צו דער מאכט, דאן וואלטן מיר ביכלאל אומגעקומען, סטאלין, לאזט זיך אויס, האט גערעטעוועט דאס לאנד פון טראצקין, אבער טראצקי האט זיך ווי ארייַנגעכאפט אין סטאלינען! און דא האט איר נאך לאזאר מאיסייעוויטש קאגאנאוויטשן, וועלכער האט פארפלאנטערט דעם גרויסן פירער אין די ציוניסטישע נעצן... און דאס ווערט ארויסגעזאגט ערנסט, מיט זיכערקייט!

אין די זוכונגען פון אן „אינטעלעקטועלן אנשפאר" געפינען די פאנאטיקער פון דער „אידיי" סאלידע ציטאטן... זיי פארגעסן אבער, אז פיל איז געזאגט געווארן ביזן פאשיזם... די דאזיקע דערפארונג ענדערט אנטשיידנדיק אלץ...

עפשער טרייב איך עפעס איבער, מאל דאס בילד מיט צופיל געדיכטע פארבן? ווייניק זיינען פאראן אומגעלומפערטע באבע־מייסעס, זאבאבענעס, קלאנגען... צו אונדז אבער דערגייען מאמעש ווונדערלעכע יעדיעס פון שריפטשטעלערישע זיצונגען, ווו פראזאיקער און פאעטן (מענטשן מיט נעמען) דערקלערן שיר ניט וועגן דער אנוועזנהייט פון א „ייִדן־פראגע" בא אונדז אין דער ליטעראטור, רעדן וועגן „בלוט", וועגן „רעזערוואציעס" און דעסגלייכן. איך פארמאג ניט קיין סטענאגראמען, קעדיי פינקטלעך ציטירן, אבער דאס זיינען דאך פאקטן באוווסטע, וועלכע זיינען אופגעדעקט געווארן אדאנק דער גלאסנאסט. הייסט עס, אז איך האב ניט אנגעטראכט די דאזיקע אופגעשרויפטקייט...

וואס קאן מען דא זאגן?

קוידעמקאל, מיין איך, איז הייַנט בא אונדז אוועק אין דער פארגאנגענהייט ביכלאל די "ייִדן־פראגע", ווער עס וויל, קאן אוועקפארן. די מערהייט אבער סאוועטישע בירגער, ייִדן, לעבן און ארבעטן אף דער ערד, וועלכע זיי נעמען אף ווי זייער אייגענע ערד. זיי האבן פארטיידיקט די דאזיקע ערד פון די פאשיסטן. זיי זיינען שעפער פון דער רוסישער קולטור צוזאמען מיטן רוסישן פאלק.

דאס באטייט ניט, אז עס אנטשטייען ניט קיין פראבלעמען, אז ס'זיינען ניט פאראן קיין אבערגלויבנס בענעגייע זיי און פארורטיילן, אבער דער אלגעמיינער פאלקס־ווילן איז געריכטעט צו א האסקאמע און צו קעגנזייטיקער פארשטענדעניש. מענטשן קאנטאקטירן צווישן זיך ניט דורכן קאדרען־אפטייל, נאר אף א מענטשלעכן אופן. אזא איז, ביז איך איבערצייגט, דער גייסט פון אונדזער געזעלשאפט, פון אונדזער פאלק.

אבער די פארטיידיקער פון „ראסן־ריינקייט" האבן ארויסגערוקט דעם טערמין „רוסיש־שפראכיקע ליטעראטור" — בענעגייע, צווישן אנדערס, די שריפטשטעלער פון ייִדישן אפשטאם, וועלכע שרייבן אף רוסיש. אזוי, אשטייגער, האב איך געהערט פון איינעם א מאדערנעם פאעט, אז פאסטערנאק, זעט איר, איז ניט קיין רוסישער פאעט, נאר א „רוסיש־שפראכיקער". צו וואס פאר אן אבסורד עס קאן דערפירן א פארפאלגנדיקע „אידיי"! אכמאטאווא האט הויך געשעצט מאנדעלשטאמס פאעזיע גראד ווי א דערשיינונג פון דער רוסישער קולטור. ס'איז באוווסט איר באציונג צו פאסטערנאקן — „אן איינמאליקע שטים", האט געזאגט וועגן אים אכמאטאווא, זי האט אויך די ערשטע פארויסגעזאגט יאסיף בראדסקיס פאעטישע צוקונפט. אכמאטאווא האט געזען אין זיי אלעמען רוסישע פאעטן. צי דען זשע רעדט ניט מיט אכמאטאוועס מויל די רוסישע קולטור? צי דען דריקן אויס די הייַנטצייטיקע אפהיטער פון „עטנישער אייגנארטיקייט" דעם גייסט פון דער רוסישער קולטור?..

אזא ווילדקייט גייט ארייַן אין אונדזער לעבן, אין שטייגער. „דאס, וואס דו ביסט ניט איוואנאוו, איז אונדז באוווסט פון פריער", — ברענגט ארויס א פאעט, און דער זאל איז אנציקט. און קיינער זערט ניט אופגעבראכט... „וועט דען א פרעמדער לויטן בלוט אזוינס פארשטיין?!" — שרייַט אויס א רוסישער שריפטשטעלער אינעם פולגעפאקטן גרויסן זאל פון דעם צענטראלן ליטעראטן־הויז, רעדנדיק וועגן די יעסוידעס, אף וועלכע „עס שטייט, לויט זיינע ווערטער, רוסלאנד". און קיינער פראטעסטירט ניט קעגן דעם ווילדן אויסדרוק „פרעמד לויטן בלוט", קעגן דעם עצעם צוגאנג צו אט דעם איניען... אלע זיינען רויק, „צוגעוווינט געווארן", און א סאך געפעלט עס. כ'וויל פארגעבן איין פראגע:

פארוואס זיינען אין דער אנפירונג פונעם שרייבער־פאריין הייַנט ניטא קיין באוווסטע, אווטאריטעטע רוסישע שריפטשטעלער, וועלכע וואלטן ארויסגעטראטן מיט אן ענטפער יענע, וואס שלעפן ארויס אף דער ליכטיקער שיין די ביזרעוואליוציאנערע אבערגלויבנס, צעצינדן צווישנאציאנאלן אנטאגאניזם? אף וואס זשע ווארט איר, כאוויירים? ראטעוועט כאטשבי די אייגענע רעפוטאציע!

אלס מענטש, וואס האט ליב פאעזיע, וויל איך זאגן, אז מיר געדענקען יעווגעני יעווטושענקאס „באבי יאר", און מיר זיינען דאנקבאר דעם פאעט,

וועלכער פארטיידיקט אויך היינט אין זיין פובליציסטיק, אין זיינע לידער די הומאניסטישע ווירדע פון דער רוסישער קולטור. דעם גייסט פון מענטשלעכקייט, „די סאלידארע ארוועס פון גוטס" פארטיידיקט אין זיינע לידער און אין זיין פאעטישער פראזע אנדריי וואזנעסענסקי (ער וואלט ניט געקאנט זאגן „א מענטש פון אומבאוווסטע בלוטן", ווי ס'האט אנגעשריבן איינער א מאדערנער פאעט). צווישן די רוסישע פאעטן, אקטיווע אין דער באשטעטיקונג פון אינטערנאציאנאלער נאבלקייט, וויל איך אנרופן מיכאיל דודינען, וויקטאר באקאוון, ניקאלײַ טריאפקינען, וולאדימיר סאקאלאוון, אלעג דמיטריעוון, אלעג טשוכאנצעוון, וואסילי קאזאנצעוון, וולאדימיר לעאנאוויטשן, וולאדימיר קארנילאוון, וועלכע זיינען טריי די טראדיציעס פון דער רוסישער קלאסיק מיט איר גייסט פון אלמענטשלעכער אייניקייט. עס זיינען פאראן, אן שום צווייפל, אויך פיל אנדערע רוסישע פאעטן, פראזאיקער, דראמאטורגן, קריטיקער, אין וועמענס ביכער דער אינטערנאציאנאליזם איז „ניט קיין פוסטער פארן הארצן קלאנג".

אינטערנאציאנאליזם...

דאס דאזיקע ווארט — איבער פארשיידענע סיבעס — קלינגט היינט זעלטענער, איידער נעכטן. היינט קומט פאר אן אופברויז פון נאציאנאלע ליידנשאפטן. ס'איז מיר אויסגעקומען צו הערן, אז „אינטערנאציאנאליזם", „סאוועטישער" — דאס זיינען גראדליניקע באגריפן, זיי דריקן קלוימערשט אויס די עקזיסטירנדיקע אין דער פראקטיק טענדענץ צו ניוועלירן די נאציאנאלע אייגנארטיקייט. אויב אבער עס איז אפילע דא אין אט דעם סקעפסיס אן אנדייט אפן ביטערן לעבנס־עמעס, וואלט דער פארלוסט פון די ווערטן און באגריפן, וועלכע פאראייניקן אונדזערע פעלקער, באטייט א גייסטיקע, זיטלעכע קאטאסטראפע.

שוין אפגעגעדט פון א מעלוכישער...

די מאניאקאלישע „אידיי", וועגן וועלכער איך רעד, איז בלויז איין שטריך אף דער היינטיקער מאפע פון די קאמפליצירטע און שארפע צווישנאציאנאלע פראצעסן, וועלכע קומען פאר אין אונדזער לאנד. אבער די דאזיקע „אידיי", וועלכע אנטוויקלט זיך באזונדערס אקשאנעסדיק אין דער הויפט־שטאטישער קינסטלערישער סוויווע, סאמט מערקבאר אף די אטמאספער פון די באציונגען צווישן די פעלקער און קולטורן.

די דאזיקע שמאלקעפיקע „אידיי" איז איינער פון די סימאנים, אז עס דעגראדירט די קולטור, א שטריך פון שקלאפעריש דענקען, אן איידעס פון א מין אינערלעכער מינדערווערטיקייט.

דאס איז ניט קיין גוטס,

ניט קיין שיינקייט,

ניט דער עמעס,

ניט דאס געוויסן. דאס הייסט — ניט קיין זיטלעכע, גייסטיקע, שעפערישע רוף־סיגנאלן הערן זיך, נאר עפעס א כייישער רוף, וועלכער ווערט ארויסגעבראכט ווי ווייט מעגלעך ווילד, קעדיי מאכן הארט דאס הארץ פונעם האמוין.

אבער שווער און אומפארגעבלעך איז די שולד פון יענע, וואס זייען האס.

און אויב איך וויל עמעצן פארטיידיקן — אין דער מאס פון מיינע קויכעס, זאל זיין סימבאליש — איז עס קוידעמקאל, פארשטייט זיך, די רוסישע קולטור, דער רוסישער נאמען, די רוסישע ווירדע...

דער שייכעס צו דער רוסישער קולטור ווערט באשטימט ניט מיט בלוט, נאר מיטן גייסטיקן טאך. דאס הארץ פון רוסלאנד — דאס זיינען הויכמוטיקייט און ברידערשאפט, „אלוועלטלעכע גוטהארציקייט".

---

בולאט אקודושאווא

# א קוואל פון גוטסקייט און ניט פון האס

איך בין ניט קיין רוס. מיין טאטע איז א גרוזינער, מיין מאמע — אן ארמענערן. עמעס, געבוירן געווארן בין איך אין מאסקווע, זיך דערצויגן אין א רוסישער סוויווע, מיין מוטער־שפראך איז רוסיש, אין אונדזער שטוב איז געווען א קולט פון רוסישער מוזיק און פונעם רוסישן בוך, איך האף, אז איך וואג צודערכענען זיך צו די רוסישע אינטעליגענטן, צו די רוסישע ליטעראטן. איך האב אבער קעסיידער געשטרעבט צו זיין אויסערסט טאקטיש און ניט ארויסזאגן מיינע, קאן זיין ניט אינגאנצן קאמפעטענטע, מיינונגען וועגן די סיבעס פון דער יערידע פון דער רוסישער קולטור און זיטלעכקייט, וועגן וואס מע טיינעט היינט ארום און ארום מיט טומל.

אויב רעדן וועגן דעם אוואר, האב איך נאך פון די אוניווערסיטעטישע צייטן טאמיד מיט אינטערעס און דערעכערעך זיך באצויגן צו דער געזעלשאפטלעך־קולטורעלער באוועגונג פון די סלאוויאנאפילן אין רוסלאנד, צו כאמיאקאוון, קירייעווסקין, אקסא

קאָוון, שטענדיק געטיילט זייער ווייטיק און זאָרג. די סלאַוויאַנאָפילן זײַנען מיר געווען פאַרשטענדלעך און נאָענט מיט זייער עכטער בירגערלעכקײַט, מיט דער טיפער געבילדעטקײַט און הויכן קולטורניוואָ. איך האָב שטענדיק מיט אָפּשײַ זיך באַצויגן צו די זאָרגן פון די דאָזיקע מענטשן און קיינמאָל זיי ניט געפּלאָנטערט מיט די שוואַרצמייעניקעס.

און אַט איצט זע איך און הער אין די טעלעוויזיע־טראַנסליאַציעס אָפענע דיבורים פון אַ געוויסן טוער פון דער געזעלשאַפט „פּאַמיאַט“; לעבן אים — אַ יונגער־מאַן, וואָס איז אונטערגעשוירן אונטער דער מאָדע פונעם רוסישן אימפּעראַטאָר, ער שטעלט פאָר דעם קאָנפראָנטירדיקן פליגל פון דער זעלבער געזעלשאַפט; אַ מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, וועלכער האָט זיך אַמאָל פאַרנומען מיט פאַרטיידיקן די רעכט פון מענטשן; אַ פאָטאָגראַף, וואָס איז געווען אַ פירער אין דער געזעלשאַפט „פּאַמיאַט“. איך לייען די אַרויסזאָגונגען פון אייניקע ליטעראַטן אין די זשורנאַלן „מאָלאָדאַיאַ גוואַרדיאַ“, „נאַש סאָוורעמעניק“, אין דער צײַטונג „מאָסקאָווסקי ליטעראַטאָר“ און פון זייערע מאַכשאָווצעס דערוויס איך זיך, אַז זיי אַלע זאָרגן וועגן דער ווידערופלעבונג פון דער רוסישער קולטור, זיי זײַנען רוסיאַנער, פּאַטריאָטן.

אָבער הינטער די באָמבאַסטישע ריידערײַען וועגן די סיבעס פון די איצטיקע טראַגישע פּראָבלעמען בא דער רוסישער נאַציע, הינטער די ברייטע באַהאַנדלונגען אין שײַכעס מיט די היסטאָרישע גויראָלעס פון רוסלאַנד, הינטער די רופן צו ראַטעווען רוסלאַנד פון אַ מעגלעכער דעגענעראַציע, הינטער אָט די אַלע מער ווי ערנסטע דײַגעס הייבט אָן צוביסלעכווײַז זיך אויסמאָלן דער וויכטיקסטער ניט כיטרער געדאַנק וועגן דעם, אַז אין אָט די אַלע צאָרעס און קריזיסן, אין אָט דער קאַטאַסטראָפאַלער סיטואַציע זײַנען שולדיק, נו לאָמיר זאָגן, ניט דער פילדווירעסדיקער פּעריאָד פון לײַב־אייגנטום, ניט די אָפּוועזנהײַט פון רעכטלעכע און דעמאָקראַטישע געוווינהײַטן, ניט דאָס אַלץ, וואָס איז פאַרטיפערט מיטן דרוק פון דער זיבעציקיאָריקער פּאָליטישער סיסטעם, נאָר סאַכאַקל די פאַרברעכערישע אינטריגעס פון אַ געוויסן געהיימניס־פאַרדעכטיקן „קליינעם פאָלק“, וואָס האָט דערפירט רוסלאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפע. דאָס דאָזיקע „קליינע פאָלק“ האָט מען צוערשט שעמעוודיק גערופן ציוניסטן מיטן איבערדרייען דעם זין פון אָט דעם וואָרט, דערנאָך, ווען ס׳האָבן דערלויבט די אומשטאַנדן, איז דאָס וואָרט אַריבער אינעם ראַנג פון ושידאָ־מאַסאָנען און, לעסאָף, שוין אינגאַנצן פּאָשעט — ייִדן. אָט ווי דאָס אַלץ לאָזט זיך אויס און איז פּאָשעט! און אָט איז גרייט אַ רעצעפּט פאַר ראַטעווען רוסלאַנד. ס׳לאָזט זיך אויס, אַז מע דאַרף ניט ברעכן דעם קאָפּ, גריבלען זיך אין דער געשיכטע, זיך פאַרנעמען מיט פּוסטע זוכענישן, ניטאָ צוליב וואָס אַ קוק געבן פײַנלעך אויף זיך אַליין, — ס׳איז געגאַנג אָנצורופן און דעמאַסקירן דעם סוינע, און מיט כאָרוגוויעס, מיט אַנדרייעווער פלאַגן זיך לאָזן צו דערשטיקן אים. ס׳האָט אַ קלונג געטאָן דאָס שוין פון לאַנג באַקאַנטע לידל פון די שוואַרצמייעניקעס אָדער דאָס ערשט ניט לאַנג געזונגענע לידל פון די געבעלסעס און ראָזענבערגס. און עס זײַנען אוועק אין גאַנג אָנצוהערענישן וועגן דער סטאַלינגראַדער שלאַכט, וועגן דעם קוליקאָווער פעלד. ווייניק געווען, לאָזט זיך אויס, צוזאַמענשטויסן, בלוט, שיסערײַ איינער אינעם אַנדערן. און איינער אַ ליטעראַט, וועלכער פאָדערט מיט רעכט צו שאַפן אַ רוסלענדישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע און אַנדערע גאַנץ וועזנטלעכע רוסלענדישע אינסטיטוציעס, האָט זיך דערעדט אין זײַן „פּאַטריאָטישן“ ראַוש ביז דער פאָדערונג צו שאַפן אַ רעפּובליקאַנישע קגב, דאָס הייסט אַ רוסלענדישע, און טאַקע באַלד!

אָט אַזעלכע זײַנען די פּרוּוון צו דערקלערן און אַזעלכע זײַנען די מיטלען צו פאַרמײַדן די טראַגעדיע פון אַ גרויס צוויי־הונדערט־מיליאָניק פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַ גרויסע קולטור און אַנדערע רומפולע מוסטערן פון מענטשלעכער מי און גײַסט. און דאָס קומט פאָר ערעוו דעם דריטן יאָרטויזנט! אָרעם רוסלאַנד!

צי זײַנען געווען טאַליאָנים צווישן די ייִדן? יאָ, געווען. צי זײַנען דען ניט געווען אַזוינע צווישן די גרוזינער, טאַטערן אָדער אוקראַינער? איך רעד שוין ניט וועגן די רוסן. צי ניט די רוסישע סאָלדאַטן האָבן געשאָסן אין זייערע מיטבירגער אויפן דוואָרצאָווע פּלאַץ? אויף די לענער גאָלד־גרובנס? צי ניט די רוסישע כעווראַלײַט האָבן אַרויסגעשלײַדערט פונעם לאַנד א. סאָלזשעניצינען? צי ניט זיי האָבן פאַרטריבן אין דער שטאָט גאָרקי א. סאַכאַראָוון? אָבער צי דען באַשטימען זיי דאָס פּאָנעם פון דער נאַציע? ניין, ניט אויף דעם דאַרף מען זיך אָריענטירן אין דער רעטונג. דאָס איז ניט קיין געווער צו ראַטעווען, נאָר געווער פאַר בייז און נידערטרעכטיקייט.

ווער זשע זײַנען די דאָזיקע מענטשן, וועלכע וואַרפן אָפּ די שווערע מי פון באַזיניקן דעם עמעס, נאָר פּאָשעט, ניט באַמיִענדיק זיך, האָבן אונטערגעקליבן אַ רעטונג־רעצעפּט, וואָס האָט ניט געבראַכט קיין דערפאָלג? וועלכער געפיל פאַרייניקט זיי? צי אינדערעמעסן די ליבע צו רוסלאַנד?

צי קאָן אָבער ליבע זײַן צוגעפּראָוועט מיט סינע? די רוסלענדישע קולטור, וועגן וועמענס גורל זיי זאָרגן זיך קלוימערשט אַזוי שטאַרק, איז דאָך דערפאַר געוואָרן אַ וועלט־דערשײַנונג, ווײַל זי איז געווען קעסיידער אַ קוואַל פון גוטס, און ווידערופשטעלן זי טאָר מען ניט מיט דער הילף פון אַמעראַצעכץ און פאַרביסנקײַט.

ניין, ניט די ייִדן זײַנען שולדיק! איך רעד שוין ניט וועגן דעם, אַז דער ייִד ב. פּאַסטערנאַק, אַז דער ייִד אָ. מאַנדעלשטאַם האָבן געגעבן דער

רוסישער קולטור און א מאָס מער, איידער אייניקע דיכטער, וועלכע רופן זיך באַרימעריש רוסישע.

יאָ, איך בין ניט קיין רוס, אָבער איך באַנעם אויסגעצייכנט, אז מע דאַרף ראַטעווען דאָס אַרײַנגעפאַלענע אין א צאַרע רוסלאַנד, זײַן געשיכטע, זײַן אייביקן גײַסט. יאָ, דאָס ווידערופשטעלן די רוסישע ווערטן נייטיקט זיך אין אַקטיווער טעטיקײַט. איך נעם ניט אױף זיך די דרייסטקײַט צו אורטיילן וועגן אַלע ניואַנסן און טשיקאַוועסן פֿון דער רוסישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם, אָבער אין איינס בין איך איבערצײַגט געַנוג פֿעסט: אייגננוציקע און אַמעראַצישע מענטשן האָבן ניט קיין רעכט צו פֿאַרטיידיקן די רוסישע קולטור. גלײַך ווי אין אונדזער געזעלשאַפֿט זײַנען שוין ניטאָ קיין עכטע פּאַרטיידיקער, אויטאָריטעטע, וואָס באַשמוצן ניט דעם הויכן טיטל פֿון א רוסישן מענטשן. גלײַך ווי ניט אין די בעסטע שאַפֿונגען, ניט אין דער טעטיקײַט פֿון פֿיל ווירדיקע פּראָזאַיקער, פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרן, קינסטלער און פּעדאַגאָגן, ביבליאָטעק־טוער און גײַסטלעכע אַנטפּלעקט זיך די דאָזיקע זאָרג.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אָט די מי איז א לאַנגדויערנדיקע, ניט קיין לײַכטע, צומאָל א טראַגישע, אָבער זי איז באַשײַנט מיט ליבע, און ניט מיט בייזקײַט, זי טראָגט אין זיך גוטס און ליכט, און ניט כוישעך און סינע.

---

# א שמוציקע שפּיל

אויף דער כוואַליע פֿון איבערבוי און עפֿנטלעכקײַט האָבן א הייב געטאָן די קעפּ אויך שאָוויניסטישע, שוואַרצמייעדיקע עלעמענטן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט טרײַבן רעכילעס קעגן ייִדן און „מאַסאָנען" מיצאַד דער טרויעריק באַוווּסטער פּאָגראָמישער „פּאַמיאַט", וועגן וועלכער עס האָט שוין ניט איין מאָל געשריבן „סאָוועטיש היימלאַנד". צום באַדויערן, מוזן מיר קאָנסטאַטירן, אַז אַנטיסעמיטישע אינסינואַציעס באַווײַזן זיך אויך אויף די זײַטן פֿון דער ליטווישער פּרעסע, און אין דער ערשטער ריי, אין דער וואָכנשריפֿט פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין פֿון דער ליטווישער רעפּובליק „ליטעראַטורא איר מיאַנאַס" („ליטעראַטור און קונסט"). דעם 27־טן מײַ 1989 האָבן מיר געלייענט אין די פֿאַרעפֿנטלעכטע דערינערונגען פֿונעם איצט שוין פֿאַרשטאָרבענעם פּילאָט און איבערזעצער אַלעקסאַנדער זשירגוליס באַליידיקנדיקע שורעס וועגן ייִדן. אָפּמערקנדיק, אַז דער אָביעקט פֿון זײַנע זיכרוינעס, דער געוועזענער ליטווישער דיפּלאָמאַט פּ. קלימאַס איז געווען מאַטעריעל שלעכט באַזאָרגט, האָט דער אויטאָר אויסגעלאָזט זײַן קאַס גאָר אויף די ייִדן: „...און עפּעס א הערינגדיק ייִדל, וועלכער האָט אין יענע צײַטן געשפּיגן אויף אַלץ, וואָס איז ליטוויש, און אויף ייִדיש געבראָמט אין דער באָרד קעגן די גאָיִם, קריגט איצט א פּערסאָנעלע פּענסיע..."

ווידעראַמאָל זײַנען אין אַלץ שולדיק די ייִדן...

עס איז דורכגעגאַן ווייניק צײַט, און די זעלבע וואָכנשריפֿט האָט אָנגעהויבן דרוקן אויסצוגן פֿון די מעמוּאַרן פֿונעם ליטווישן שרײַבער אין עמיגראַציע ליודאַס דאָווידענאַס. אין ליטע און צווישן דער ליטווישער עמיגראַציע איז ער באַוווּסט ווי אַן אַדיאַזע פּערזענלעכקײַט, וועלכע האָט אָפּט געביטן זײַן פּאָליטישע אָריענטאַציע.

אין די צײַטן פֿון דער פֿאַשיסטישער דיקטאַטור אין ליטע האָט דאָווידענאַס געשפּילט א געוויסע ראָל אין דער אָפֿיציעלער פּרעסע. אין די יאָרן 1940—1941 איז ער געוואָרן א הייסער אָנהענגער פֿון דער סאָוועטנמאַכט און זיך אויסגעצייכנט מיט ראַשיקע ליבּ־געזאַנגען צו סטאַלינען. דאָווידענאַס איז געווען א דעלעגאַט אינעם פֿאָלקס־סיים פֿון ליטע און שפּעטער פֿאַרנומען דעם פּאָסטן פֿון שטעלפֿאַרטרעטער פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿונעם פּרעזידיום פֿון איבער־סאָוועט פֿון דער רעפּובליק. אין אָנהייב פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע איז ער געבליבן אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע און גלײַך זיך אָנגעבאָטן צו דינען די היטלעריסטן. גראָד צו יענער צײַט געהערט זײַן שרײַבעכץ, אין וועלכן ער קריכט פֿון דער הויט, קעדיי געפֿעלן ווערן די אָקופּאַנטן. געוויינטלעך, בילבולים קעגן ייִדן זײַנען בא אים אָפֿן ערשטן אָרט. איבערכאַזערנדיק היטלערס אַנטיסעמיטישע רעכילעסן, שטעלט ער פֿאַר דאָס ייִדנטום ווי א פֿאָלק, וואָס שטרעבט פֿאַנאַטיש צו באַהערשן די וועלט. און אין אַלע צאָרעס זײַנען ווידער פֿאַרמישט די ייִדן...

דאָווידענאַס טראַכט אויס, אַז די ייִדן איז ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען די צוקונפֿט פֿון ליטע, דער ווילשטאַנד פֿון אירע בירגער, זיי האָבן נאָר געוואָלט גיכער פֿאַרכאַפּן הויכע פּאָסטנס. סטאַלינען און זײַן עמיסאַר אין ליטע אין 1940, דעם גרוזינער דעקאַנאַזאָוו, רופֿט ער אָן ניט אַנדערש, ווי די פֿאַרייִדישטע גרוזינער (ס'דערמאָנט זיך אין שײַכעס מיט דעם געבעלסעס דעפֿיניציע: „דער האַלבייִדע מיקאָיאַן, דער האַלבייִדע סטאַלין, דער האַלבייִדע אָרדזשאָניקידזע..." און אַזוי ווײַטער).

קעגן די אַנטיסעמיטישע פּובליקאַציעס אין דער וואָכנשריפֿט זײַנען אַרויסגעטראָטן אין אַנדערע צײַטונגען כאָשעווע פֿאָרשטייער פֿון דער ליטווישער אינטעליגענץ. דער קאַנדידאַט פֿון היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן ליודאַס טרוסקאַ האָט דעם 11־טן אויגוסט 1989 פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער ווילנער צײַטונג „קאָמיאַוניסטאַ טיעסאַ" („קאָמיוג־עמעס") אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל „צי זײַנען געווען שולדיק אין 1940 יאָר די ליטווישע ייִדן?", אין וועלכן ער

דעמאסקירט דאַווידעגאַסעס אַנטיסעמיטישע פאַלסיפיקאַציעס און באַוויַזט מיט קאָנקרעטע בײַשפּילן די מאָראַלישע פיזיאָגנאָמיע פון אָט דעם שרײַבער.

מיט א בריוו דירעקט צו דער רעדאקציע פון „ליטעראַטורא איר מיאַנאַס" איז ארויסגעטראָטן א מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון דער וואָכנשריפט, דער פאָלקס־דעפוטאַט פון פסטר ראָמאַס גודאַיטיס, א ליטווישער שרײַבער. קריטיקירנדיק די רעדאקציע, וועלכע האָט אָנגעהויבן דרוקן דאָך ווידעגאַסעס „נאָטיצן" אפילע ניט באַראַטנדיק זיך מיט די מיטגלידער פון דער רעדקאָלעגיע, האָט ר. גודאַיטיס צווישן אנדערס געשריבן: „מע דאַרף נאָר באַדויערן, וואָס אײַך, כאָשעווע קאָלעגן, האָט איסגעפּעלט ווײַטזיכטיקײַט און טאַקט — און די „נאָטיצן" פון ליודאַס דאַווידעגאַס האָבן זיך באַוויזן אויף די זײַטן פון דער וואָכנשריפט אָן די נויטווענדיקע קאָמענטאַרן פון דער רעדאקציע. די פאָלגן זײַנען טרויעריקע: פאַרשטייער פון אונדזער ברידערלעכן ייִדישן פאָלק, אונדזערע מיטדענקער און מיטקעמפער (...) זײַנען ביזן טיפן הארצן אָפּגעבראַכט אין שײַכעס מיט אײַער ניט־טאָלעראַנטקײַט, און זיי זעען אין דעם אַן אויסדרוק פון אַנטיסעמיטיזם, אפילע א שענדלעכע סטראַטעגישע ליניע..."

דער שרײַבער רופט צו אָפּהיטן די פרײַנטשאַפט צווישן ליטווינער און ייִדן. דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ליטעראַטורא איר מיאַנאַס" פאַרן 19־טן אויגוסט 1989. אויף דער זעלבער זײַט איז אָפּגעדרוקט די געמיינזאַמע ווענדונג פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע און פון דער ייִדישער געזעלשאַפט „טקומא", אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט א שאַרפער פּראָטעסט קעגן די אַנטיסעמיטישע פּובליקאַציעס:

„אין דער לעצטער צײַט האָבן זיך אויף די זײַטן פון דער וואָכנשריפט פונעם שרײַבער־פאַריין פון דער ליטווישער ססר „ליטעראַטורא איר מיאַנאַס" באַוויזן איינע נאָך דער אנדערער פּובליקאַציעס, וואָס באַליידיקן ווייטיקדיק די ייִדישע נאַציאָנאַלע ווירדע. וועגן איינער אַזא פּובליקאַציע האָט די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע שוין אויסגעדריקט איר פּראָטעסט, אָבער די רעדאקציע האָט אויף דעם רעאַגירט מיט א פּוסטן ענטפער, אַבי זיך אָפּצוטשעפּען. נאָך מער, די וואָכנשריפט האָט אָנגעהויבן דרוקן אויסצוגן פון די אָפן אַנטיסעמיטישע נאָטיצן פון ל. דאַווידעגאַס, וועלכע ער האָט געשריבן אין 1953 יאָר, ווען ס'האָבן געדונערט די זאַלפּן לעבן די גריבער בא פּאָנאַר און דעם IX פאָרט, אויך אין אנדערע ערטער, וווּ מע האָט מאַסנווײַז געמאָרדעט ייִדן. איבערגעבנדיק די טריבונע א כאַמעלעאָן — דעם געוועזענעם פאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון דער ליטווישער ססר, האָט די רעדאקציע, צו אונדזער באַוווּנדערונג, ניט געפונען פאַר נייטיק זיך אָפּגרענעצן פון דאַווידעגאַסעס זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם. אַזא פּאָזיציע פון דער רעדאקציע קאָן מען אָפּשאַצן ניט אנדערש, ווי סאָך לידאַריטעט מיטן אויטאָר.

פון פאָרויס וואַרפן מיר קאַטעגאָריש אָפּ יעדן פּרווו צו פאַרענטפערן זיך, שטיצנדיק זיך אָפן קלוירמערשטיקן פּלוראַליזם פון מיינונגען. אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט דערלויבן זיך ניט די מיטלען פון מאַסן־אינפאָרמאַציע פאַרעפנטלעכן פּובליקאַציעס, וואָס קאָנען באַליידיקן די נאַציאָנאַלע געפילן און פאַרשפּרייטן ראַסן־האַס אָדער נאַציאָנאַלן האַס.

די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט אין ליטע און די געזעלשאַפט פון אויפלעבן דעם ייִדישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן „טקומא", וועלכע שטעלן פאָר די גאַנצע ייִדישע געמיינדע אין ליטע, דריקן אויס זייער שאַרפן פּראָטעסט קעגן אַזעלכע העצערישע פּובליקאַציעס".

לאָמיר האָפן, אַז אַזעלכע פּראָטעסטן וועלן ווערן א וואָרענונג פאַר די אַלע פּאָליטישע אַוואַנטיוריסטן אָפן ליטווישן האָריזאָנט, וועלכע פּרוּוון ווידער אויסניצן די אַנטיסעמיטישע קאָרט אין דער שמוציקער שפּיל.


יעוסעי יאַצאָווסקיס,

קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן,

פאַרדינסטפולער יוריסט פון דער ליטווישער ססר


## פון דער רעדאקציע

די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַקומט פיל בריוו, אין וועלכע ס'ווערט ארויסגעזאָגט גרימצאָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט פאַרשיידענע אַנטיסעמיטישע אַנטפּלעקונגען. עס גייט א רייד וועגן דער האַנדלונג און די ארויסזאָגונגען פון קאָלערליי קרײַזלעך און ריכטונגען פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג „פּאַמיאַט", וועלכע הערט ניט אויף איר שאָדן־אַקטיווקײַט, כאַמעלעאָניש בײַטנדיק די נעמען און די טערמינאָלאָגיע, האַגאַם עס פאַרייניקט אַלע אירע אָנהענגער א זאָאָלאָגישע סינע צום אַזויגערופענעם „קליינעם פאָלק".

דער שריפטלעכער אַנטיסעמיטיזם האָט שוין אויך זײַנע אַנערקענטע לידערס — קוידעמקאָל די זשורנאַלן „נאַש סאָוורעמעניק" און „מאָלאָדאַיא גוואַרדיאַ": פּראַקטיש קאָן מען אין יעדן נומער זייערן איבערלייענען א נײַעם „שעדעווער" פון שאָוויניזם.

גלײַכצײַטיק הערן מיר דאָס קאָל פון דער עכטער רוסישער אינטעליגענץ, פונעם עמעסן רוסישן פאָלק, וואָס שרײַען ניט, פּילדערן ניט, מעלדן זיך ניט ווי „קעמפער קעגן רוסאָפאָביע". און ס'איז נאַטירלעך, ווײַל דאָס זײַנען מענטשן פון גאָר אַן אנדערן שניט. כּוץ דעם, נייטיקן זיי זיך ניט אין טומלערײַען און געשרייען — זייער קאָל איז סײַווי הערעוודיק און וואָגיק.

אַנטיסעמיטיזם איז א ווירוס, וואָס פאַרפירט זיך אין א שטיקנדיקער לופט. איצט, ווען אין אונדזער געזעלשאַפט זײַנען צעפראַלט טיר־און־פענצטער, דאַרף צו דער דאָזיקער אָנשטעקונג נעמען א סאָף.

# „דער גלאָק, וואָס וועקט די געשפּענסטער פֿון היטלערן און האַס״

דאָס דאָזיקע אײַנדרוקספֿול קעפּל זאָגט איידעס וועגן דעם, וועלכע אויספֿירן עס האָט געמאַכט דער קאָרעספּאָנדענט פֿון א בריטישער בורזשואַזער צײַטונג נאָך דער באַגעגעניש מיט איינעם א לידער פֿון דער סקאַנדאַליעז באַוווּסטער גרופּירונג „פּאַמיאַט״. זײַנע אָפֿענע שווארצמייעדיקע ארויסזאָגונגען האָבן שאָקירט אויך דעם קאָרעספּאָנדענט פֿון דעם פראַנצויזישן זשורנאַל „נוּוועל אָבסערוואַטער״. פאַרשטייט זיך, אַז מע קאָן ניט אינגאַנצן מאַסקים זײַן מיט די אויספֿירן פֿון די אויסלענדישע באַאָבאַכטער בענעגייע דער ראַליע, וואָס עס שפּילן הײַנט אַזעלכע און ענלעכע גרופּקעס אין אונדזער געזעלשאַפֿט. נאָר זיי זײַנען גערעכט, פעסטשטעלנדיק, אַז מע טאָר ניט שאַלעם מאַכן מיט קיין שום שאָוויניסטישער אַנטפּלעקונג.

**די דאָזיקע מענטשן זײַנען אָנגעטאָן אין שוואַרצע, פֿון מיליטערישן שניט, אָנצוגן. אויף די פּיס שטיוול, אויף די העמדלעך איז אָנגעמאָלט א גלאָק און אָן אויפֿשריפֿט אַרום אים: „פּאַמיאַט. פּאַטריאָטישע פאַרייניקונג״. קורץ אונטערגעשוירענע וואָנצעלעך, די שטימען הויכע, קימאַט היסטערישע. די אויגן אויסגעגלאָצטע. זיי זײַנען פאַרייניקט אין אָן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַרופֿן צו ראַטעווען די „ווײַסע ראַסע פֿון דער געהיימער פאַרשווערונג מיצאַד די אַזיאַטן, מאַסאָנען און ייִדן״. זיי זאָגן, אַז עס האַלטן זיי אונטער מיליאָנען און אַז זייער נעץ פאַרכאַפּט אַרום 30 שטעט. דאָס אַלץ באַומרויִקט זייער פיל אָנשטענדיקע בירגער, וואָס לעבן לויט די נײַע געזעצן פֿון עפֿנטלעכקײַט.**

**איך בין געווען איינער פֿון די ערשטע, וועמען ס'האָט זיך אײַנגעגעבן האָבן א באַגעגעניש מיטן לידער פֿון „פּאַמיאַט״ דמיטרי וואַסיליעוון, א דיקלעכן פּליכעוואַטן מאַנצבל פֿון א יאָר פופציק, און מיטן אַזויגערופֿענעם „אויבער־סאָוועט״, אין וועלכן עס גייען אַרײַן זײַן זון און נאָך פֿינף יונגעלײַט. די עמבלעמען, פֿאָנען, לאָזונגען — די גאַנצע באַפּוצונג פֿון דער שטאַב־קוואַרטיר — זײַנען אויסגעהאַלטן אין גײַסט פֿון רעכטן עקסטרעמיזם. אונטער דער סטעליע הענגט א גלאָק, וועלכער דאַרף, לויט וואַסיליעווס רייד, „וועקן דאָס רוסישע פֿאָלק פֿון שלאָף״. אויף דער וואַנט א גרויסע האַק, וועלכע דאַרף, ווײַזט אויס, אָנוואַרפֿן א שרעק אויף יענע, וואָס לאָזן זיך ניט וועקן. איך האָב מיט זיי גערעדט בא צוויי שאָ, און אונדזער באַגעגעניש האָט אָפּן פֿאָטאָגראַפֿירט א ווידעאָ־אַפּאַראַט פֿון דער פירמע „סאָני״. איך האָב געהערט פאַרפּלאָנטערטע פּראַזעס פֿונעם טיפּ „אַנטי־רוסישע קויכעס האָבן פאַרכאַפּט אונדזער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. די ווײַסע פֿעלקער טרײַבט מען אַרויס פֿון אייראָפּע״. איך האָב ניט געגלייבט מײַנע אויערן. די דראָשעס פֿון היטלערן און אָסוואַלד מאָסלי האָבן געקלונגען אין א מאָסקווער דירע.**

**„איר האָט בלויע אויגן, — האָט ער באַמערקט מיט באַפרידיקונג, — אין אײַערע אָדערן פֿליסט אַנגלאָ־סאַקסיש בלוט. איר דאַרפֿט וויסן, אַז מיר זײַנען ברידער לויטן בלוט. אויב אייראָפּע וועט ניט אויפֿהערן אימפּאָרטירן ביליקע אַרבעטסקראַפֿט פֿון אַזיע, וועלן די מוסולמענער באַזיגן און פאַרניכטן דאָס קריסטנטום. רוסלאַנד איז אײַער לעצטע האָפֿענונג״.**

**אַלעמאָל, ווען ער פֿלעג זיך אָנבייגן, האָט זיך געדוכט, אַז זײַן ביז אויבן פאַרשפּיליעט העמדל מיט די אַרופּגענייטע פּאַטריאָטישע צייכנס וועט אָט באַלד פּלאַצן אויפֿן האַלדז און אויפֿן בויך. קומענדיק אין היסלײַוועס פֿון די אייגענע אַרגומענטן, האָט ער זיך אָן אויפֿהער געציילעמט און געווישט דעם שווייס פֿון שטערן.**

**די דאָזיקע מענטשן האַלטן זיך פֿאַר די אָפּהיטער פֿון דער רוסישער ירושע, פֿאַר די ווידערופֿשטעלער פֿונעם אויסזען און טראַדיציעס פֿונעם רוסישן דאָרף, רעסטאַווראַטאָרן פֿון דער רוסישער קולטור נאָכן 70־יאָריקן קאָמוניסטישן ווילקיר. אין דער ווירקלעכקײַט איז דאָס א נעאָנאַציסטישע גרופּירונג, וואָס אָפּערירט צו די נידעריקסטע געפֿילן און אײַבערצײַגונגען, אויסניצנדיק די נײַע פּאָליטישע פרײַהײַט.**

**בײַם דער פאָרוואַל־קאַמפּאַניע האָבן וואַסיליעוו און זײַנע פרײַנט אַקטיוו געטומלט אויף די עפֿנטלעכע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען. זייער טעטיקײַט איז געווען אָנגעצילט קעגן די ליבעראַלע קאַנדידאַטן און באַזונדערס פֿון ייִדישן אָפּשטאַם.**

**אין איינעם פֿון זייערע פֿלוגבלעטלעך האָב איך איבערגעלייענט, אַז אַלע צאָרעס אין רוסלאַנד קומען פֿון דער ראָק־מוזיק, פֿון דער מײַרעוודיקער סעקס־קולטור און פֿון דער אַלמעכטיקער ציִוניסטישער מאַפֿיע. „מיר שטייען פֿאַרן אויסוואַל, — זאָגט זיך ווײַטער, — אונדז שטייט פֿאַר אָדער ווערן קנעכט בא יענע, וואָס בויען דעם קיניג שלוימעס בייס־האַמיקדעש, אָדער אָנשטרענגען די קויכעס און אָפּרײַסן דעם ציִוניסטישן וואַמפּיר פֿון אונדזער גאָרגל״.**

**אַנדערע פֿלוגבלעטלעך פֿון „פּאַמיאַט״ לאַכן אויס די סאָוועטישע טעלעוויזיע, אָנרופֿנדיק זי „טעל־אוויווזיע״. אין גרויס־בריטאַניע וואָלט אַזא מין סאָרט אַרויסטרעטונג גוירעם געווען א געריכט־פּראָצעס פֿאַר אויפֿהעצן צווישנאַציאָנאַלן האַס. אין פּססר עקזיסטירט, אַגעוו, אויך אַזא געזעץ — אַרטיקל 74 אינעם קרימינעלן קאָדעקס פֿון רספסר.**

„מאַרגאַרעט טעטשער זאָרגט וועגן די ייִדן, וואָס לײַדן קלוימערשט פֿון דיסקרימינאַציע אין פּססר, — זעצט פֿאָר וואַסיליעוו. — זאָל זי בעסער זאָרגן פֿאַר די רוסן! די ייִדן זײַנען גראַד דאָ אין פֿולן בלי, באַשעפֿטיקן זיך מיט פּאָליטיק, זשורנאַליסטיק, קונסט, אַרבעטן אין די געזעצגעבערישע אָרגאַנען. אין דער פאַרגאַנגענהײַט האָבן מיר, רוסן, אויסגעפֿילט אונדזער כויוו פֿאַר דער ווײַסער ראַסע. מיר האָבן אָפּגעשטעלט די טאָטערן און טערקן, האָגאַם אייראָפּע איז ניט שטענדיק אונדז געווען דאַנקבאַר פֿאַר דעם.

הײַנט זעען מיר דאָס זעלבע. גרויס־בריטאַניע און פראַנקרײַך זײַנען געוואָרן אָביעקטן פון עקספּאַנסיע מיצד אַפריקאַנער, אינדוסן און אַראַבער. די אַרטיקע באַפעלקערונג ווערט דאָרט געררודעפּט, פּונקט ווי מיר, די רוסישע, ווערן גערודעפּט מיצד די אַזיאַטן. איר האָט ליב ענגלאַנד? אויב יאָ, דאַרפט איר אַרײַנטרעטן אין „פּאַמיאַט" און אונדז העלפן אָרגאַניזירן אַן אַלגעמײן־אייראָפּעיִשן פאָרום. איר ווייסט אונדזער דעוויז? „פּאַטריאָטן פון דער גאַנצער וועלט, פאַראייניקט זיך!" ווען אונדזער אָרגאַניזאַציע וואָלט פונקציאָנירט נאָרמאַל, וואָלטן מיר אײַנגעפירט אַן אָרדענונג אין דער וועלט און אַ רויִק לעבן פאַר אַלע מענטשן".

הײַנטצוטאָג קאָן, דוכט זיך, קיינער ניט זאָגן, וואָס פאַר אַן אָרט עס פאַרנעמט „פּאַמיאַט" אין פּאָליטישן לעבן פונעם לאַנד. צי שטעלט זי ווירקלעך פאָר אַ געפאַר פאַר דער דעמאָקראַטישער אַנטוויקלונג צי איז עמעס, אַז עס האַלטן זי אונטער מיליאָנען צי איז עס פּאָשעט אַ ווילדע כאָסערדייעדיקע גרופּע מענטשן, וועלכע קומען אויף שטענדיק, ווען אין לאַנד קומען פאָר גרויסע ענדערונגען קוידעמקאָל באַרירט די דאָזיקע פראַגע די סאָוועטישע ייִדן. זיי געדענקען נאָך די רעדיפעס און פּאָגראָמען, אין וועלכע עס זײַנען אומגעקומען זייערע עלטערן. א סאַך מײַרעוודיקע ליִדערס האַלטן, אַז די דאָזיקע גרופּירונג דאַרף מען פאַרבאָטן, ווען אַזעלכס קומט פאָר אין אַ מײַרעוו־לאַנד, וואָלט מען עס געטאָן אומגעזאַמט. אָבער די סאָוועטישע אָפיציִעלע פערזאָנען אײַלן זיך ניט דאָס צו טאָן.

...פאַרלאָזנדיק די שטאַב־קוואַרטיר, האָב איך זיך דערמאָנט די ווערטער פונעם הערצאָג וועלינגטאָן פאַר דער שלאַכט אונטער וואַטערלאָאָ און אין געדאַנק זיי איבערפראַזירט: „איך ווייס ניט, וואָס זיי קאָנען אָפּטאָן מיט דער סאָוועטישער רעגירונג, נאָר אָף מיר וואַרפן זיי אָן אַ שרעק".

ניקאָלאַס בעטעל,
„מייל אָן סאַנדי", לאָנדאָן

# „די קיכעס פון בייז אָרודעווען אומעטום"

„איר קענט דאָך לע פּענען? אים באַשולדיקט מען אין פאַשיזם, ראַסיזם, אַנטיסעמיטיזם... דאָס איז ניט עמעס. לע פּען קעמפט פאַר דער פאַרהיטונג פון די פראַנצויזישע טראַדיציעס. פאַר דעם, אַז פראַנקרײַך זאָל ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מיסטקאַסטן!" — שרײַט אויס דער ליִדער פון „פּאַמיאַט" דמיטרי וואַסיליעוו. „רוסלאַנד איז אין געפאַר פּונקט ווי פראַנקרײַך, — גיט ער צו. — מיר ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ סטאַדע קאָסמאָפּאָליטן". פון וועמען זשע קומט אַרויס די געפאַר פאַר רוסלאַנדז אוואַדע, ווי איר שטויסט זיך אָן, ניט פון די קריסטן און ניט פון די מוסולמענער, „וועלכע מיר אַכטן", באַשטעטיקט וואַסיליעוו, נאָר פון די מאַסאָנען און „ציִעניסטן". גראָד פון „ציִעניסטן" און ניט פון ייִדן, שטרײַכט ער אונטער. לויט זײַנע רייד אָרודעווען די קיכעס פון בייז אומעטום. און דער דאָזיקער שווערלײַביקער מענטש אין אַ שוואַרץ העמדל ווײַזט אַ צעטל מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט — נאָכאַקטיאַבערישע פאָלקס־קאָמיסאַרן. „אַלע ייִדן, מיט אַ קליינעם אויסנאַם, — זאָגט וואַסיליעוו, — ס'איז גענוג אַ קוק טאָן אָף די פאַמיליעס. טראָצקי, זינאָוויעוו, קאַגאַנאָוויטש. מאַסקירנדיק זיך מיט לאָזונגען פון קאָמוניזם און רעוואָליוציע, האָבן די ציִעניסטן געפּרוּווט פאַרנעמען אַ הערשנדיקע לאַגע אין דער וועלט און פאַרכאַפּן אונדזער פּלאַנעטע. זיי האָבן אַליין געשריבן וועגן דעם. לייענט איבער די „פּראָטאָקאָלן פון די זיקנייציאָן".

ווי זשע בינדט זיך דאָס מיט די מאַסן־פאַרניכטונגען פון ייִדן אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע? „דאָס איז ניט אַנדערש, ווי אַ ציִעניסטישע פאַרשווערונג, מיטן ציל זיך אַרויסשטעלן פאַר קאָרבאָנעס. יאָ, אַגעוו, איז אייכמאַן אויך געווען אַ ייִד", — זאָגט וואַסיליעוו.

צום אָנהייב איז „פּאַמיאַט" געווען אַן אַסאָציאַציע צו פאַרטיידיקן דאָס נאַציאָנאַלע קולטור־פאַרמעגן, זײַנע אַקטיוויסטן האָבן געקעמפט פאַר רעסטאַווירירן קלויסטערס, היסטאָרישע דענקמעלער. איבערגייענדיק פונעם קאַמף פאַר דער רעטונג פון רוסישע ווערטן צום קאַמף פאַר ראַטעווען די רוסישע נעשאָמע, האָבן די מיטגלידער פון „פּאַמיאַט" זיך געשטעלט אָפן צד פון יענע, וואָס האָבן אַ ציל פאַרהיטן דאָס היימלאַנד פון „פרעמדע ראַסעס".

פּיער בלאַנש,
„נוּוועל אָבסערוואַטער", פּאַריזש

# פּאָלעמיק

באָריס ווײַנער

# אסימיליאַציע-פּראָצעסן
# בײַ ייִדן אין פּסקר

לויט די מאַטעריאַלן פון די נאָכמילכאָמעדיקע פאָלקסציילונגען אין פּסקר, האָט די צאָל ייִדן אין אונדזער לאַנד באַדײַטנדיק זיך פאַרקלענערט. באַזירנדיק זיך אויף די אָנגאַבן איבער דער אוקראַיִנישער ססר, ווײַזט אָן מ. קופּאָוועצקי אויף דרײַ הויפּט־סיבעס פון דער פאַרקלענערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג: 1) דירעקטע דעפּאָפּוליאַציע (אין רעזולטאַט פון א נידעריקער געבורטיקייט); 2) אסימיליאַציע; 3) מיגראַציע־פּראָצעסן[1].

די נאַטירלעכע באַוועגונג (געבורטיקייט און שטערבלעכקייט) און די מיגראַציע האָבן א שײַכעס צו די דעמאָגראַפישע פּראָצעסן. דירעקט רירן זיי ניט אָן די עטנישע אָנגעהעריקייט פון מענטשן. אן אנדער זאַך איז די אסימיליאַציע, וועלכע פירט צום איבערגאַנג פון באַזונדערע מענטשן און גאַנצע גרופּעס פון דער באַפעלקערונג פון איין פאָלק אין באַשטאַנד פון אן אנדערן און קאָן אפילע דערפירן צו דעם, אז עס וועט פאַרשווינדן א גאַנץ פאָלק. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט שטעלט פאַר מיט זיך אן אינטערעס צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן דער ווירקונג פון די אסימיליאַציע־פּראָצעסן אויף דער צאָל ייִדן אין פּסקר.

ווי עס שרײַבט ריכטיק מ. קופּאָוועצקי, איז דער הויפּט־וועג פון דער אסימיליאַציע פון די ייִדן[2] די נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן. מ. קופּאָוועצקי האַלט, אז ביזן סאַך פונעם הײַנטיקן יאָרהונדערט וועט פאַרקומען אויף אוקראַיִנע א געוויסע סטאַביליזאַציע פון די אסימיליאַציע־פּראָצעסן. דאָס הייסט, אז דער קיילעך ייִדן, וועלכע טרעטן אַרײַן אין נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן, וועט בלײַבן אן ערעך אויף איין ניוואָ און וועט זיך ניט העכערן.

צי קאָן מען מסכים זײַן מיט אָט דעם פּראָגנאָז? מירן פּרוּוון באַטראַכטן, וויאַזוי עס גייט די אסימיליאַציע דורך הייראַט־קאָנטאַקטן.

[1] מארק קופּאָוועצקי. די הויפּט־עטאַפּן פון דער עטנישער געשיכטע פון די ייִדן אויף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון אוקראַיִנע. „סאָוועטיש היימלאַנד“, נום. 7, 1989.

[2] דאָ און ווײַטער ווערן אונטער ייִדן געמיינט בלויז אשקענאַזים. בײַ אנדערע ייִדישע גרופּעס אין פּסקר זײַנען מעגלעך אנדערע עטנישע פּראָצעסן. דאָס נייטיקט זיך אין א צוגאָבלעכער דערקלערונג.

דאָס שליסן הייראַטן גופא אינעם פאָלק האָט אין דער עטנאָגראַפיע באַקומען דעם נאָמען עטנישע ענדאָגאַמיע. אויף דעם וועג צו כאַסענע האָבן מיט פאַרשטייער פון אנדערע פעלקער שטייען אַזויגערופענע עגזאָגאַמישע באַריערן. אונטער אָט דעם טערמין האָט מען אין זינען די אונטערשיידן אין דער שפּראַך, אין די מינהאָגים, אין דער רעליגיע, ראַסן־אָנגעהעריקייט, ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט, סאָציאַלער לאַגע אַאַוו. ביז דער רעוואָלוציע האָבן די דאָזיקע באַריערן געשטערט צו שליסן הייראַטן צווישן ייִדן און אנדערע פעלקער. אַחוץ דעם, עקזיסטירט אויך דירעקטע געזעצגעבערישע פאַרבאָטן פון אַזעלכע הייראַטן.

אין 1917 זײַנען אַלע דיסקרימינאַציע־געזעצן אָפּגעשאַפט געוואָרן. אינעם ווײַטערדיקן לעבן פון די ייִדן, ווי פון אנדערע פעלקער אין פּסקר, זײַנען פאָרגעקומען קאָלאָסאַלע ענדערונגען. אַזוי, למשל, האָבן פיל ייִדן אָנגעווירן די ייִדישע שפּראַך, זײַנען אַריבער אויף די שפּראַכן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, הויפּטזאַכלעך אויף דער רוסישער. דאָסראָוו פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז אָפּגעגאַנגען פון רעליגיע. פולשטענדיק זײַנען פאַרלוירן געגאַנגען די פאָלקס־מינהאָגים. עס זײַנען פאַרשוווּנדן די פּרינציפּיעלע אונטערשיידן צווישן דער סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור און דעם בילדונגס־ניוואָ בײַ די ייִדן און רוסן, בײַ די אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, ליטווינער, וועלכע זײַנען געבוירן און אויסגעוואַקסן געוואָרן אין שטאָט. מאַקסימאַל האָבן זיך פאַרגרעסערט די קאָנטאַקטן פון די ייִדן מיט פאַרשטייער פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג אין אַלע לעבנס־ספערן. דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט ניט ברענגען צום שליסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן.

די פּראָצעסן פון פאַרלירן די ייִדישע שפּראַך און מינהאָגים דויערט אויך הײַנטצוטאָג. אָפּן כעזשבן פון די מיגראַציעס און פון דער נידעריקער געבורטיקייט פאַלט דער קיילעך פון די ייִדן אינעם באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג. דאָס פירט צו אן אָפּשוואַכונג פון די נאָך פאַראַנענע פאַרבינדונגען אינווייניק אינעם פאָלק. אַרויסגייענדיק פונעם איבערגעזאָגטן, קאָן מען זיך מעשער זײַן, אז די אסימיליאַציע־פּראָצעסן סטאַביליזירן זיך ניט אויף אוואָסער־ניט־איז ניוואָ, נאָר וועלן דויערן.

קעדיי באַשטעטיקן אַזאַ האַשאָרע, קאָן מען ברענגען א סטאַטיסטישן מאַטעריאַל וועגן די נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בײַ ייִדן אין דער שטאָט וויניצע[1] (טאַבעלע 1).

[1] די אויסגערעכנטע אין דעם געגעבענעם אַרטיקל אָנגאַבן זײַנען באַקומען געוואָרן פון רעגיסטראַציע־ביכער פון הייראַטן אין אָפּטיילן פון די זאַגסן אין די שטעט וויניצע, לענינגראַד און נאַרוואַ.

אַזוי אַרום, איז אין דער ערשטער העלפט פון די 1980־ער יאָרן געווען בא די ייִדן פון וויניצע דער כיילעק פערזאָנען, וועלכע האָבן געשלאָסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן, העכער 20 פּראָצ. אין לענינגראַד איז דער דאָזיקער פּראָצעס אַוועק נאָך ווײַטער (טאַבעלע 2).

צום באַדויערן, פאַרמאָגן מיר ניט קיין אָנגאַבן וועגן יענע שטעט, ווו די אַסימיליאַציע־פּראָצעסן זײַנען אַוועק נאָך ווײַטער, איידער אין לענינגראַד (ווײַזט אויס, אַז צו זיי וועלן געהערן אַ סאַך געגנט־צענטערס אויסער די גרענעצן פונעם געוועזענעם טכום־האַמושעוו). מע קאָן אָבער זיך אויך באַניצן מיט די ידיעס וועגן אַנדערע פעלקער. אַשטייגער, דער אַווטאָר פאַרמאָגט מאַטעריאַלן איבער דער שטאָט נאַרווע, ווו עס קומט פאָר אַן אינטענסיווע אַסימיליאַציע פון דער עסטאָנישער באַפעלקערונג. שוין אין 1950־ער יאָרן האָבן דאָ געשלאָסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן 34—56 פּראָצענט עסטאָנער און אין די יאָרן 1981 — 1987 איז די דאָזיקע ציפער געשטיגן ביז 69—90 פּראָצענט. ווי מיר זעען, קומט ניט פאָר די סטאַביליזאַציע פונעם וווּקס פון די נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן אויך בא אַזאַ הויכן כיילעק צווישן אַלע הייראַטן, וועלכע עס שליסן פאַרשטייער פון דער עסטאָנישער עטנישער גרופּע אין נאַרווע. ניט געקוקט אַף אַ ריי וועזנטלעכע באַזונדערקײַטן פון דער לאַגע פון די עסטאָנער אין דער דאָזיקער שטאָט, קאָן מען, מיסטאָמע, פּראָיעצירן אָט די סיטואַציע אויך אַף דער ייִדישער באַפעלקערונג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

ס׳איז באַוווּסט, אַז די מערהײַט קינדער, וועלכע ווערן געבוירן פון די הייראַטן צווישן ייִדן און פאַרשטייער פון אַנדערע פעלקער, האַלטן זיך ניט פאַר ייִדן. די מאַקסימאַלע צאָל פון אַזעלכע, וועלכע גיבן אָן, אַז זיי זײַנען ייִדן, איז פאַרפיקסירט אין עסטלאַנד. דאָ האָבן זיך פאַר ייִדן געהאַלטן אין די 1960־ער יאָרן 10 פּראָצ. מינדעריעריקע פון די הייראַטן צווישן ייִדן און רוסן[1].

פיל מענטשן האַלטן, אַז די הויפּט־סיבע, פאַרוואָס מינדעריעריקע פון נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן קלײַבן אויס ניט קיין ייִדישע נאַציאָנאַליטעט, באַשטייט אינעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכער שטײַגערט צווישן אַ טייל פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. ניט אָפּלייקענענדיק די האַשפּאָע פון אָט דער נעגאַטיווער דערשײַנונג אַף דער עטנישער זעלבסטבאַשטימונג פון די מינדעריעריקע, דאַרף מען אָפן דערקלערן, אַז די דאָזיקע סיבע איז ניט קיין פירנדיקע.

צווישן די פאַקטאָרן, וועלכע ווירקן אַפן צורעכענען זיך צו דעם אָדער יענעם פאָלק, זײַנען די אַמערסטן ווײַכטיקע די נאַציאָנאַליטעט פון די עלטערן, די מוטער־שפּראַך, דאָס וויסן די קולטור און געשיכטע פון זייערע אָוועס און די קולטור און געשיכטע פון יענעם אָרט, ווו דער מענטש לעבט, די רעליגיעזע אָנגעהעריקײַט, די רעפּובליק, ווו ער

[1] Терентьева Л. Н. Определение своей национальной принадлежности подростками в смешанных семьях. — Советская этнография, 1969, № 3, с. 26.

טאַבעלע 1

| יאָר | די צאָל הייראַטן צווישן די ייִדן | נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בא מאַנצבלען | | נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בא פרויען | | דער פּראָצענט פערזאָנען, וועלכע האָבן געשלאָסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן (ביידע געשלעכטן) |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | | צאָל | % | צאָל | % | |
| 1923 — 1928 | 227 — 315 | 4 — 11 | 1,3 — 3,5 | 9 — 18 | 2,9 — 5,8 | 2,6 — 4,6 |
| 1980 — 1984 | 85 — 106 | 28 — 48 | 22,2 — 34,3 | 16 — 21 | 14,8 — 18,3 | 20,0 — 25,8 |

טאַבעלע 2

נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בא די ייִדן אין דער שטאָט לענינגראַד

| יאָר | די צאָל הייראַטן צווישן די ייִדן | נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בא מאַנצבלען | | נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בא פרויען | | דער פּראָצענט פערזאָנען, וועלכע האָבן געשלאָסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן (ביידע געשלעכטן) |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | | צאָל | % | צאָל | % | |
| 1955 | 1043 | 1665 | 61,5 | 1383 | 57,0 | 59,4 |
| 1985 | 362 | 1046 | 74,3 | 692 | 65,7 | 70,6 |

וורנס, די נאַציאָנאַליטעט פון דער מערהייט אַרומיקער באַפעלקערונג. מע קאָן אָנרופן אויך אַנדערע פאַקטאָרן. די קינדער פון די הייראַטן צווישן ייִדן און פאַרשטייער פון אַנדערע פעלקער קענען ניט די ייִדישע שפּראַך און מינהאָגים, לעבן אין דער אַרומרינגלונג פון רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, מאָלדאַוואַנער, ליטווינער און פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. דאָס אַלץ באַשטימט זייער אויסוואַל.

אויך פאַרשטייער פון אַנדערע פעלקער אין פּסר אַסימילירן זיך דורך נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן. אַזוי, למשל, האָבן אין טשעבאָקסאַרי אויף דער גרענעץ פון די 60־ער — 70־ער יאָרן העכער 97 פּראָצ. קינדער צווישן די הייראַטן פון טשוּוואַשן מיט רוסן זיך גערעכנט פאַר רוסן. אין די שטעט און ייִשוּווים פון דער מאָרדאָווישער אַסס״ר האָבן אין די יאָרן 1973—1974 דאָסראָוו מינדערייִקע פון הייראַטן צווישן מאָרדווינען און רוסן אויך אויסגעקליבן די רוסישע נאַציאָנאַליטעט. קענטיק, אַז די נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן האָבן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס מיטגעהאָלפן דערצו, אַז פאַרנעם 1959 ביזן 1979 האָט די צאָל מאָרדווינען זיך פאַקלענערט אויף 400 טויזנט נפשות[1].

וועגן די אַנטי־טשוּוואַשישע, אַנטי־מאָרדאָווישע שטימונגען, פּונקט ווי וועגן אַנטיסעמיטיזם, איז ניטאָ וואָס צו ריידן. הייסט עס, אַז מע קאָן ניט דערקלערן בלויז מיט אַנטיסעמיטיזם דעם פאַקט, וואָס מינדערייִקע פון נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן קלײַבן אויס די ניט־ייִדישע נאַציאָנאַליטעט.

מע דאַרף מיינען, אַז ניט דאָס לעצטע אָרט פאַרנעמט אין דעם באַשלוס, וואָס מינדערייִקע שליסן זיך אָן צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, די אָפּוועזנהייט בײַ די ייִדן פון פעסטע טראַדיציעס צו שליסן הייראַטן אויסער זייער סבֿיבֿה, ווי עס פירט זיך בײַ אַנדערע פעלקער. אַשטייגער, אויף קאַווקאַז קלײַבן אויס די קינדער פון נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן די נאַציאָנאַליטעט פונעם פאָטער, בײַ די יוקאַגירער — פון דער מוטער. לויט דעם יודאַיִשן גלויבן, רעכענען זיך תּמיד פאַר ייִדן די קינדער פון אַ מוטער אַ ייִדישקע, און קינדער פון די פאָטערס ייִדן און מוטערס פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן רעכענען זיך ניט פאַר קיין ייִדן. אָבער אין דער רוסלענדישער אימפּעריע, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, זײַנען דערלויבט געוואָרן הייראַטן צווישן פּראַוואָסלאַווע און קאַטאָליקער מיט ייִדן בלויז נאָך דעם, ווי די ייִדן האָבן אָנגענומען דאָס קריסטנטום, און די קינדער פון די הייראַטן צווישן פּראָטעסטאַנטן און ייִדן האָט מען אויך דערלויבט צו דערציִען בלויז אין קריסטלעכן גלויבן[2]. אַזוי־אַרום, האָט מען צו ייִדן געקאָנט צורעכענען בלויז די אומגעזעצלעך געבוירענע קינדער פון ייִדישקעס מיט פאַרשטייער פון קריסטלעכע פעלקער. אין רעזולטאַט קומט פאָר דער אויסוואַל פון ניט־ייִדישער נאַציאָנאַליטעט נאָך דעם, ווי עס פאַרשווינדן די געזעצגעבערישע פאַרבאָטן און מאַכמעס דעם מאַסן־אָפּגאַנג פון דער רעליגיע אין די באַדינגונגען, ווען עס איז ניט אויסגעאַרבעט די טראַדיציע פון שליסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן בײַם דער ווירקונג פון אַזעלכע פאַקטאָרן, ווי די דיספּערסיע־באַזעצונג, דאָס ניט קענען קיין ייִדיש, ניט וויסן די מינהאָגים און אַ ריי אַנדערע סיבות.

די פאַרקלענערונג פונעם חלק פון די הייראַטן צווישן ייִדן האָט געבראַכט צו דעם, אַז דער חלק פרויען, וועלכע האָבן חתונה, איז קלענער, איידער דער חלק מאַנצבילן. זעט אויס, אַז פרויען זײַנען מער גענייגט צו שליסן ענדאָגאַמישע הייראַטן. באַקומט זיך, אַז מאַנצבילן, אויף וועמען די דאָזיקע טראַדיציע ווירקט ווייניקער, האָבן חתונה מיט פאַרשטייער פון אַנדערע פעלקער אָפּטער, איידער פרויען. און איבער דעם בלײַבן ייִדישקעס ניט־פאַרהייראַטע, אָדער עס קומט זיי אויס אויסרעכענען אויף הייראַטן מיט געגעטע אָדער מיט אַלמנות. למשל, אין 1985 האָבן ייִדן־מאַנצבילן אין לענינגראַד חתונה געהאַט אין אַנדערהאַלבן מאָל מער, ווי פרויען.

אויסער דער אַסימילאַציע דורך הייראַטן זײַנען באַוווּסט אויך אַנדערע וועגן פון אַסימילאַציע: אַדאַנק דעם בײַט פון דער רעליגיע, דעם איבערגאַנג אויף אַן אַנדער רייד־שפּראַך, אין אַן אַנדער סאָציאַלער גרופּע, דער אַדאַפּטאַציע אאַז״וו. אָפּט האַלטן זיך מענטשן, בײַ וועלכע די עלטערן זײַנען ייִדן, פאַר רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, פאַרשטייער פון אַנדערע פעלקער. איייניקע פון זיי איז בכּלל שווער צו פעסטשטעלן זייער נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט. דער דאָזיקער פּראָצעס ווערט אין אַ געוויסער מאָס טאַרמאָזירט מיט דעם, וואָס אין פּאַספּאָרט דאַרף פאַרשריבן ווערן די נאַציאָנאַליטעט. הײַנטצוטאָג ווערט עס געטאָן בלויז אויפן סמך פון די ידיעות וועגן דער נאַציאָנאַליטעט פון די עלטערן. מיטן אָפּשאַפן אַזאַ פאַרשרײַבונג וועט דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע בײַ די ייִדן זיך פאַרשטאַרקן.

וואָס פאַר אַ טערמין קאָן עקזיסטירן אין די באַדינגונגען פון אַ דיספּערסיע־באַזעצונג אַ פאָלק, וואָס שיידט זיך ניט אונטער לויט דער שפּראַך, לויט די מינהאָגים, לויט דער רעליגיע, לויטן פאַך פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג?

קינדער פון ענגלענדער, וועלכע האָבן איבערגעוואַנדערט אין פּשא, אַוויסטראַליע, ניי־זעלאַנד, האַלטן זיך אַנטשפּרעכיק פאַר אַמעריקאַנער, אַוויסטראַליער, ניי־זעלאַנדער. דאָס הייסט, אַז עס קומט פאָר אַן אַסימילאַציע אינעם צווייטן דור. אָבער אָט די אַלע פעלקער ריידן אויף ענגליש, לויט דער רעליגיע זײַנען זיי הויפּטזאַכלעך פּראָטעסטאַנטן, פאַרמאָגן אַ ריי ענלעכע מינהאָגים, פיל געמיינזאַמס איז בײַ זיי אין דער סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור און אין דעם בילדונגס־ניוואָ.

וואַרשײַנלעך, אַז פאַר אונדז וואָלט געווען אינטערעסאַנט אַ קוק טאָן אויף די אַסימילאַציע־פּראָצעסן בײַ דער דיספּערסיע־באַזעצונגס־גרופּע, וועל־

[1] Сусоколов А. А. Межнациональные браки в СССР. — М., 1987, с. 126; Балашов В. А., Савинов В. А. Облик современной семьи. — Саранск, 1987, с. 28—29; Козлов В. И. Национальности СССР: этнодемографический обзор. — М., 1982, с. 283.
[2] Свод законов Российской империи. 1857, т. 10, ч. 1, с. 17—18.

כע שיידט זיך וועזנטלעך אונטער פון דער ארומיקער באַפעלקערונג. אַט דעם באַדינג אַנטשפּרעכן אייניקע אימיגראַנטישע גרופּעס. ניט שלעכט, לעמאַשל, איז דערלערנט געוואָרן די אוקראַיִנישע עטנישע גרופּע אין קאַנאַדע.

די מאַסן־איבערוואַנדערונג פון אוקראַיִנער אין קאַנאַדע האָט זיך אָנגעהויבן אין די 1890־ער יאָרן און איז דורכגעגאַנגען מיט עטלעכע כוואַליעס. ניט געקוקט אַף דער אָנוועזנהײַט פון א ברייטער נעץ אוקראַיִנישע קולטור־געזעלשאַפטן, לערן־אַנשטאַלטן, פּרעסע אַף אוקראַיִניש און ענגליש, פון אוקראַיִנישע קוואַרטאַלן אין אייניקע שטעט, זײַנען אין רעזולטאַט פון די אַסימיליאַציע־פּראָצעסן די ענדאָגאַמישע באַריערן אין א באַדײַטנדיקער מאָס צעשוואַכט געוואָרן. אָנהייבנדיק פון 1931 ביזן 1971 האָט דער כיילעק פון די נאַציאָנאַלע הייראַטן בא דער דאָזיקער גרופּע זיך פאַרקלענערט פון 90 ביז 38,7 פּראָצ. צווישן די פאַרשטייער פונעם דריטן דאָר פון דער אוקראַיִנישער עטנישער גרופּע אין קאַנאַדע באַהערשן פרײַ די אוקראַיִנישע שפּראַך בלויז 0,7 פּראָצ. בעשאַס דער פאָרשונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1973, האָבן בלויז 1/3 קינדער זיך צוגערעכנט צו דער נאַציאָנאַליטעט פון די עלטערן — אוקראַיִנער לויט דער נאַציאָנאַליטעט[1].

קענטיק, אַז גראָד די אַסימיליאַציע פירט הײַנטצוטאָג צו א פאַרקלענערונג פון דער צאָל מענטשן, וועלכע האַלטן זיך אין קאַנאַדע פאַר אוקראַיִנער. אין דער ערשטער אויסגאַבע פון ס. אי. ברוקס האַנטבוך איז אָנגעוויזן, אַז אין קאַנאַדע וווינען 580 טויזנט אוקראַיִנער, אָבער שוין אין דער צווייטער אויסגאַבע ווערט געבראַכט די ציפער 530 טויזנט[2]. אויב האַלטן, אַז די אַסימיליאַציע־פּראָצעסן פון די אוקראַיִנער אין קאַנאַדע האָבן זיך אָנגעהויבן אין די 1890־ער יאָרן, זײַנען די דאָזיקע פּראָצעסן באַזונדערס מערקבאַר געוואָרן אין 90 יאָר אַרום. וועגן דעם זאָגן אײדעס די מאַטעריאַלן פון דער פאָלקסציילונג אין 1981.

לויט דער אַנאַלאָגיע מיט דער עטנישער גרופּע פון אוקראַיִנער אין קאַנאַדע וועלן מיר פּרוּוון כאַטשבי אומגעפער פעסטשטעלן די טעמפּן פון אַסימיליאַציע בא די יִידן אין פססר. דערבײַ דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז די אוקראַיִנישע עטנישע גרופּע אין קאַנאַדע פאַרמאָגט נעצן פון א קאָמפּאַקטער באַזעצונג (קוידעמקאָל זײַנען דאָס באַפעלקערטע פונקטן אין די דערפער און אין קליינע שטעטלעך) און פאַרהעלטניסמעסיק הויך איז דער ניזוא פון רעליגיעזקײַט.

נאָכן 1917 יאָר, און באַזונדערס נאָך דעם אָנהייב פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע, האָט די יִידישע באַפעלקערונג אין פססר אָנגעהויבן ברייט זיך באַזעצן אויסער די גרענעצן פון טכום־האַמוישעוו. דער דאָזיקער מיגראַציע־פּראָצעס האָט פיל געמיינזאַמס מיט דער אימיגראַציע פון פאַרשיידענע עטנישע גרופּעס אין די לענדער פון צאָפן־אַמעריקע, אָנהייבנדיק פון די 1880־ער—1890־ער יאָרן.

בײַס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן די היטלעראָווצעס און זייערע באַהעלפער אויסגעראָטן מיליאָנען יִידן, וועלכע האָבן געלעבט אין די ערטער פון זייער קאָמפּאַקטער באַזעצונג. נאָך דער מילכאָמע זײַנען פאַרבליבן בלויז באַזונדערע יִישוווים מיט א באַדײַטנדיקער צאָל יִידישער באַפעלקערונג. זיי זײַנען הויפּטזאַכלעך קאָנצענטרירט אין מאָלדאַוויע און אין יענע ראַיאָנען פון אוקראַיִנע, וועלכע ס'האָבן אָקופּירט די רומענישע מיליטער־קויכעס.

פאַר דעם אָנהייב פון די אַסימיליאַציע־פּראָצעסן פון די סאָוועטישע יִידן קאָן מען, ווײַזט אויס, האַלטן דאָס 1917 יאָר. דעמלט אָבער האָט די אַסימיליאַציע אָנגערירט בלויז פאַרהעלטניסמעסיק ניט קיין גרויסע צאָל פון דער יִידישער באַפעלקערונג, ווײַל דאַסראָוו יִידן האָט נאָך אַלץ געלעבט אין די ערטער פון דער טראַדיציאָנעלער קאָמפּאַקטער באַזעצונג. מיטן אָנהייב פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע האָבן די אַסימיליאַציע־פּראָצעסן שאַרף זיך פאַרגרעסערט מאַכמעס דעם, וואָס הונדערטער טויזנטער יִידן האָבן זיך עוואַקויִרט אין די מיזרעכדיקע ראַיאָנען פון פססר. אָנהייבנדיק אָן ערעך פון די 1960־ער—1970־ער יאָרן, ווי ס'איז צו זען אַפן בײַשפּיל פון וויניצע, האָט דער כיילעק פון די פּערזאָנען, וועלכע האָבן געשלאָסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן, דערגרייכט אין די ערטער פון דער טראַדיציאָנעלער באַזעצונג 15—20 פּראָצענט פון דער צאָל יִידן, וועלכע האָבן כאַסענע געהאַט אין דעם אָדער יענעם יאָר. דאָס איוועראַ זײַן אַף דער ענדאָגאַמיע אין אַזעלכע גרענעצן פירט שוין צו א פאַרקלענערונג פון דער צאָל עטנאָס אַפילע ווען די געבורטיקײַט שטײַגט איבער די שטערבלעכקײַט.

לויט דער פאָלקסציילונג אין 1979, האָבן בלויז 14,2 פּראָצ. יִידן אין פססר אָנגערופן יִידיש פאַר זייער מוטער־שפּראַך. איבערהויפּט זײַנען דאָס מענטשן פונעם עלטערן דאָר. צווישן דער יוגנט און דעם מיטעלן דאָר זײַנען פאַראַן ווייניק, וועלכע באַהערשן יִידיש.

אויב נעמען פאַר א יעסאָד, ווי אין פאַל מיט דער עטנישער גרופּע אוקראַיִנער אין קאַנאַדע, וואו בא די יאָרשים פון די אימיגראַנטן אין דריטן און פערטן דאָר קומט פאָר אן אומבײַט פון דער עטנישער אָנגעהעריקײַט, אַז די אַסימיליאַציע־פּראָצעסן וועלן אויך פאַרנעמען דעם דריטן און פערטן דאָר, וועט אומגעפער אין די יאָרן 2010—2040 די מערהײַט מענטשן פון יִידישן אָפּשטאַם אין פססר זיך רעכענען פאַר אָנגעהעריקע צו אַנדערע פעלקער (איבערהויפּט צום רוסישן פאָלק). דאָס וועט זײַן באַם באַדינג, אויב עס וועלן ניט פאָרקומען קיין שום שאַרפע ענדערונגען אין די ריכטונגען פון דער עטנישער אַנטוויקלונג פון די סאָוועטישע יִידן.

אָבער מאַכמעס וועלכע־ניט־איז נאָך ניט געגענמענע אין אַכט סיבעס בײַס דער עקזיסטירנדיקער איצט בא די יִידן אין פססר טענדענץ צו אַסימיליאַציע ווערט, מעגלעך, אַז דער פּראָצעס זיך פאַרציִען נאָך אַף איין אָדער צוויי דורידס מער. בײַם

[1] Наулко В. И. Украинская группа Канады. — Расы и народы. М., 1984, вып. 14, с. 121, 126.

[2] Брук С. И. Население мира: этнодемографический справочник. М., 1981, с. 749; то же, 2-е изд., М., 1986, с. 636.

פּראָגנאָז אױף אַ מער דױערנדיקן פּעריאָד איז פֿאַרשװעריקט, װײַל עס ענדערט זיך אָן פּסק און אָן דער גאַרער װעלט די סיטואַציע אין דער עקאָנאָמיק, פּאָליטיק און אין אַנדערע ספֿערן פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

מע קאָן דערװידערן, אַז אײניקע עטנישע גרופּעס, ניט געקוקט אױף זײער נאָענטקײט לױט דער שפּראַך און קולטור צו דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג, עקזיסטירן אין אַ דיספּערסיע־צושטאַנד הונדערטער יאָרן און פֿאַרשװינדן ניט. צו אַזעלכע גרופּעס געהערן, למשל, די פֿריולן אין װענעציע און אין אַנדערע איטאַליענישע שטעט, די רוסן אין קיִעװ, כאַרקאָװ, די אוקראַיִנער אין פּעטערבורג — לענינגראַד אאַװ. אָבער די דאָזיקע גרופּעס װערן קעסײדער פֿאַרפֿולט מיט איבערװאַנדערער פֿונעם הײמלאַנד. און ייִדן קומען ניט אָן פּסק פֿון אױסלאַנד.

אױב באַטראַכטן די דאָזיקע פּראָצעסן בלױז אױפֿן ניװאָ פֿון עטנאָלאָגיע, קאָן די פֿאַרלאַנגזאַמערונג פֿון די אַסימילאַציע־פּראָצעסן דערפֿירן צו אַ העכערונג פֿון דער צאָל נאַציאָנאַלע הײראַטן און צו אַ װוּקס פֿונעם ייִדישן זעלבסטבאַװוּסטזײַן בײַ דער יוגנט, באַזונדערס בײַ יענע יוגנטלעכע, װעלכע זײַנען דערצױגן געװאָרן אין נאַציאָנאַל־געמישטע משפּחות.

די העכערונג אָדער די פֿאַרקלענערונג פֿון דער צאָל נאַציאָנאַל־געמישטע הײראַטן איז אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אָפּהענגיק פֿון די אָפּטערע קאָנטאַקטן אינעװײניק פֿון דער עטנישער גרופּע. די אָפּטקײט פֿון אַזעלכע קאָנטאַקטן אין באַדינגונגען פֿון דער דיספּערסיע־באַזעצונג װערט אין אַ גרױסער מאָס באַשטימט מיט דער אָנװעזנהײט בײַ דער געגעבענער גרופּע פֿון אײגענע קולטור־אינסטיטוציעס, װי פֿאַרשײדענע געזעלשאַפֿטן, קלובן, קורסן אאַז. מע דאַרף אױך באַמערקן, אַז די רופֿן צו ניט־שליסן נאַציאָנאַל־געמישטע הײראַטן װעלן ניט פֿירן צו אַ װוּקס פֿון נאַציאָנאַלע הײראַטן (דער דאָזיקער אױספֿיר װערט באַשטעטיקט, למשל, מיט דעם, װאָס אין װיניצע האָט אין אָנהײב פֿון די 1950־ער יאָרן בײס דער צעיושעװעטקײט פֿון דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע זיך ניט פֿאַרקלענערט די צאָל נאַציאָנאַל־געמישטע הײראַטן בײַ די ייִדן).

דעם װוּקס פֿונעם עטנישן זעלבסטבאַװוּסטזײַן העלפֿט מיט דאָס קענען די שפּראַך, די געשיכטע, די קולטור פֿונעם אײגענעם פֿאָלק. אַלס קאַנאַלן פֿאַר פֿאַרשפּרײטן די דאָזיקע קענטענישן טרעטן געװײנלעך אַרױס די נאַציאָנאַלע שול און די פּרעסע. אױסער דעם, העלפֿט דער עצם פֿאַקט פֿון אַ פֿרײַער פֿאַרשפּרײטונג פֿון אַזאַ פּרעסע אױף די נאַציאָנאַלע שפּראַכן און אױף דער שפּראַך פֿון דער מערהײט פֿון דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג ליקװידירן די נעגאַטיװע עטנישע סטערעאָטיפּן, די פֿאָרורטײלן בנוגע די פֿאַרשטײער פֿון אַנדערע עטנישע גרופּעס פֿון דער באַפֿעלקערונג.

קעדײ מער גענױ אַנאַליזירן דעם מעכאַניזם פֿון דעם װידערגעבורט פֿונעם עטנישן זעלבסטבאַװוּסטזײַן אין באַדינגונגען פֿון אַסימילאַציע, פֿאָדערט זיך אַ ספּעציעלע פֿאָרשונג.



איגאָר קרופּניק,
קאַנדידאַט פֿון היסטאָרישע װיסנשאַפֿטן

# װאָס דאַרפֿן מיר טאָן מיט דער אַסימילאַציע אָדער דרײַ ענטפֿערס באָריס װינערן

באָריס װינערס אַרטיקל רופֿט אַרױס טרױעריקע געדאַנקען. פֿאַרשטײט זיך, אונדז אַלעמען איז באַװוּסט, אַז די צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פּסק װערט פֿון אײן פֿאָלקסצײלונג ביז דער אַנדערער פֿאַרקלענערט: 2 מיליאָן 288 טױזנט מענטשן אין 1959, 2 מיליאָן 151 טױזנט — אין 1970, 1 מיליאָן 811 טױזנט — אין 1979 און קענטיק קאַרעװ 1 מיליאָן 500 טױזנט — אין 1989. די טענדענץ איז אַ װאַרשײַנלעכע און אין דער נאָענטסטער צײַט בעפֿײרעש אַן אומפֿאַרענדערלעכע.

מיר װײסן אױך (און נאָך מ. קופּאָװעצקיס אַרטיקל — אַפֿילע מיט פּינקטלעכע ציפֿערן אין דער האַנט), אַז די פֿאַרקלענערונג שאַפֿט זיך אױפֿן כעזשבן פֿון דרײַ פֿאַקטאָרן: אַ נידעריקע געבורטיקײט, עמיגראַציע און אַסימילאַציע. זײ אַלע פֿאָרדינען אַ באַזונדערן אַנאַליז, דעריבער װעלן מיר באַלד נאָכן אױטאָר באַטראַכטן בלױז דאָס, װאָס ער רופֿט אָן „אַסימילאַציע“, אָדער „אַסימילאַציע־פּראָצעסן“. און דאָ זײַנען נײטיק, לױט מײַן מײנונג, עטלעכע קאָמענטאַרן.

ערשטנס, דאַרף מען געדענקען, אַז עס איז פֿאַראַן אַ כילעק צװישן, באַדינגלעך געזאָגט, דער פּאַספּאָרט־זשעקישער אַסימילאַציע, ד.ה. אין דעם, װיאַזױ מענטשן פֿאַרשרײַבן זיך און זײערע קינדער אין די אָפֿיציעלע דאָקומענטן, און דער רעאַלער עטנישער אַסימילאַציע, װען עס קומט פֿאָר, — װי עס שרײַבט ב. װינער, — „אַן איבערגאַנג פֿון באַזונדערע מענטשן און גאַנצע גרופּעס פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון אײן פֿאָלק אין באַשטאַנד פֿון אַן אַנדער פֿאָלק“. דער ערשטער פּראָצעס איז אַ גאַנץ פּאַשעטער און איז אַלעמען באַװוּסט. דער צװײטער, פֿאַרקערט, איז זײער אַ קאָמפּליצירטער און װײַזט ניט אײנאַרטיק. פֿעלקער — דאָס זײַנען ניט קײן צימערן און ניט קײן דירעס, װוּהין מע

קאָן אַריבערפֿאָרן, איבערשטעלנדיק די זאַכן, אָפּטער פֿון אַלץ קומט פֿאָר בײַ געמישטע הײראַטן און ביפֿראַט נאָך בײַ דעם בײַט פֿון דער נאַציאָנאַליטעט אָדער בײַ דער פֿאָלקסצײלונג, װי אױך באַם בײַטן די בירגערשאַפֿט מיצאַד די עמיגראַנטן, בלױז אַ טײלװײַזע אַסימילאַציע. איר פּראָדוקט װערן מענטשן מיט אַ געמישטן, איבערגאַנג־זעלבסטבאַװוּסטזײַן, װעלכע האַנדלען אױף פֿאַרשײדענע אופֿנים אין פֿאַרשײדענע סיטואַציעס, און צומאָל פֿאַרהיטן זײ זײער אָנגעהעריקײט צו צװײ (אָדער מער) פֿעלקער און קולטורן.

אַזעלכע מענטשן זײַנען פֿאַראַן אַרום אונדז טױזנטער, הונדערטער טױזנטער. נאָך מער, גראָד צו אַזעלכע פּערזאָנען מיט אַ געמישטן, קאָמפּליצירטן זעלבסטבאַװוּסטזײַן געהערן מיליאָנען מענטשן אין דער װעלט, דערונטער אין פשא, קאַנאַדע, מײַרעװ־אײראָפּע, צװישן זײ — פֿיל אַמעריקאַנער און אײראָפּעישע ייִדן. נאָך מער, פֿאַר זײ איז אַזאַ קאָמפּליצירטע אָנגעהעריקײט צו עטלעכע קולטור־טראַדיציעס אַ נאַטירלעכער צושטאַנד, אַ געזעצמעסיקער רעזולטאַט פֿון דער אַנטװיקלונג פֿון דער מײַרעװדיקער געזעלשאַפֿט מיט איר קולטור־פּלוראַליזם, מיט דער פֿרײַהײט פֿון אינדיװידועלער אידענטיפֿיקאַציע, מיט איר אַנטװיקלטער טראַדיציע פֿון רעליגיעזע, קולטורעלע, געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע פֿאַרײניקונגען.

פֿאַר אַ הײַנטצײַטיקן מײַרעװדיקן אינטעליגענט איז נאַטירלעך צו זײַן אַ פּולקום אײַנגעשלאָסענער אין זײַן טאָגטעגלעכן לעבן מענטש פֿון אַ דענישער (ענגלישער, פֿראַנצױזישער, האָלענדישער) קולטור, פֿאַרהיטנדיק אײַנצײַטיק זײַן אָנגעהעריקײט צו דער ייִדישער געמײנדע און פֿילנדיק אײַנצײַטיק זײַנע װאָרצלען אין אַ װאָסער־ניט־איז אָרטיקער טראַדיציע. אַזױ, למשל, דערמאָנען זיך טײקע די אַמעריקאַנער ייִדן, װעלכע קומען צו פֿאָרן אין סאָװעטנפֿאַרבאַנד, װעגן זײערע זײדעס און באָבעס פֿון פּאָדאָליע, לעטלאַנד אָדער פּױלן, ניט פֿאַרגעסנדיק דערבײַ, אַז זײ זײַנען אַמעריקאַנער. פֿאַר זײ איז עס אַ נאַטירלעכער צושטאַנד; נאָך מער זײַנען אַזעלכע איבערגענג נאַטירלעך פֿאַר מענטשן פֿון אַ געמישטן אָפּשטאַם, אומאָפּהענגיק פֿון דעם, צי פֿאַרמאָגן זײ אַ „העלפֿט" אָדער אַ „פֿערטל" ייִדיש בלוט. דערבײַ קומט, פֿאַרשטײט זיך, פֿאָר אַן אַסימילאַציע, אָבער זי פֿאַרציט זיך אױף פֿיל דורות און װערט פֿאַרװאַנדלט אין אַ גאַס „מיט אַ צװײזײַטיקער באַװעגונג", איבער װעלכער יעדער אײנער קאָן זיך באַװעגן סײַ אין דער, סײַ אין אַן אַנדער זײַט, לױט זײַן אײַנזען.

אָט די קאָמפּליקאַציע אין דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער װעלט געפֿינען מיר ניט אין ב. װײַנערס אַרטיקל, אין װעלכן עס פּרעװאַלירט דער „פּאַספּאָרט־זשעקישער" צוגאַנג: האָסט זיך פֿאַרשריבן אַלס ניט־ייִד — הײסט עס, גײ אָפּ אין דער אַנדערער זײַט! צי איז אָבער בכלל מעגלעך אַן אַנדער צוגאַנג אין אונדזערע באַדינגונגען, װוּ די גאַנצע עטנישע סטאַטיסטיק איז געבױט לױט אַזאַ „זשעקישן" פּרינציפּ, װוּ ס'איז פּאַשעט ניט פֿאָרױסגעזען קײן אָרט פֿאַר קײן שום „איבערגענגלעכע", צװישנדיקע צושטאַנדן? װוּ קעדײַ צו „זײַן" אַ ייִד איז פֿיל װיכטיקער צו „פֿאַרשרײַבן" זיך װי אַ ייִד, אײדער װיסן די טראַדיציע, גײן אין סינאַגאָגע אָדער אין אַ קולטור־געזעלשאַפֿט, לערנען די שפּראַכן אָדער לײענען ייִדישע אױסגאַבעס, — װאָס איז אין פּרינציפּ צװײטלעך פֿאַר מענטשן פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן?

און דאָ גײ איך אַריבער צו מײַנע װעזנטלעכע דערװידערונגען ב. װײַנערן אין זײַן דערקלערן די פֿאַקטאָרן פֿון אַסימילאַציע, און אַריב פּינקטלעכער — פֿאַרװאָס גיבן אָפּ סאָװעטישע מענטשן די בכירע ניט צו „פֿאַרשרײַבן" זיך אַלס ייִדן. מיר בײדע פֿאַרמאָגן ניט קײן שום זיכערע מאַסן־אָנגאַבן, דאָס הײסט אָנפֿראַגעס בא דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. איך װעל אָבער ריזיקירן אַרױסזאָגן די השערה, אַז אַ רעאַלע סיבה פֿון אַזאַ ברײטער פּאַספּאָרט־„אַסימילאַציע" איז לאַכלױטן ניט „דאָס ניט־װיסן" (די ייִדישע שפּראַך, קולטור, געשיכטע) און ביפֿראַט נאָך ניט די אָפּװעזנהײט בא די ייִדן פֿון די טראַדיציעס פֿון נאַציאָנאַל־געמישטע הײראַטן (װי ב. װײַנער האַלט), נאָר אַ פּולקומער באַװוּסטזיניקער אױסװאַל, אַ פּולקומער קלאָרער װיסן.

אין סאָציאָלאָגיע זײַנען פֿאַראַן באַגריפֿן „סאָציאַלע פֿאָרױסבאַװעגונג", דאָס הײסט באַקומען אַ גוטע בילדונג, אַרבעט, אַמטלעכן װוּקס אדג., און „סאָציאַלע פּרעסטיזשקײט", דאָס הײסט װערטפֿולקײט אין די אױגן פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון דעם אָדער יענעם צושטאַנד, סימען, לאַגע. די גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע דערפֿאַרונג פֿון די לעצטע יאָרצענדליקער האָט אונדז געלערנט, אַז דאָס פֿאַרשרײַבן זיך אין פּאַספּאָרט אַלס ייִד העלפֿט ניט מיט סײַ דער סאָציאַלער פֿאָרױסבאַװעגונג, סײַ דער סאָציאַלער פּרעסטיזשקײט. פֿאָרױסזעענדיק פֿאַרפֿריִער דעם שטראָם פֿון דערװידערונגען און פּערזענלעכע בײַשפּילן, װעל איך בלױז זאָגן, אַז די מאַסן שטימען פֿאַר אַזאַ אױספֿיר מיט זײערע פּאַספּאָרטן. 90—95 און ערגעץ־װוּ מער פּראָצענט מענטשן מיט אַ געמישטן אָפּשטאַם, װעלכע קלײַבן אױס באַם באַקומען דעם פּאַספּאָרט ניט קײן אָנגעהעריקײט צו ייִדן, שפּיגלען אָפּ ניט קײן צופֿעליקע פֿאַנאַנדערטײלונג (װי ס'איז געװען באַם ניט־װיסן), נאָר אַ פּולקום קלאָרע טענדענץ, אַ רעאַקציע פֿון קאָלעקטיװער דערפֿאַרונג. אַגעװ, ביז דער לעצטער צײַט איז דאָס אַקטיװע ניט־װיסן געװען אין אַ געװיסער מאָס אױך אַ רעאַקציע פֿון קאָלעקטיװער דערפֿאַרונג, װײַל דאָס װיסן די ייִדישע טראַדיציע, קולטור, שפּראַך איז מיט דער סאָציאַלער פֿאָרױסבאַװעגונג און סאָציאַלער פּרעסטיזשקײט אין אונדזער געזעלשאַפֿט לאַכלױטן ניט צונױפֿגעפֿאַלן.

מײַן צװײטער קאָמענטאַר צו ב. װײַנערס אַרטיקל איז פֿאַרבונדן מיט דער מעגלעכקײט אױסצוניצן פֿאַר אַן אַנאַליז פֿון די פּערספּעקטיװן פֿון דער ייִדישער אַסימילאַציע בײַשפּילן פֿון אַנדערע פֿעלקער. און דאָ גײט ניט אין דעם, װאָס די ייִדן זײַנען אין אַ סך הינזיכטן (דערונטער אין דער אַסימילאַציע) ניט שטענדיק ענלעך אױף אַנדערע פֿעלקער.

אין געגעבענעם פֿאַל איז פּאַשעט זײער גע־

פּערלעך אויסצוּניצן צופעליקע אָדער פּראָגנאָנטע אונטער דער האַנט בײַשפּילן.

צי קאָן מען, ברענגענדיק אָנגאַבן וועגן געמישטע הייראַטן פֿון עסטאָנער אין נאַרוואַ, רעדן וועגן דעם, אַז אויך בײַ דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פססר (דערבײַ פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג!) וועלן געמישטע הייראַטן זײַן און ווײַטער וואַקסן און וועלן אין דער פּערספּעקטיוו זיך דערנענטערן צו 90—100 פּראָצענט?! אַט די גאַנצע לאָגיק איז מער ווי א צווייפֿלהאַפֿטע. ערשטנס, שטיצט זי זיך ניט אויף קיין שום אָנגאַבן פֿאַר די ייִדן, אויסער די ציפֿערן פֿאַרן 1985 יאָר וועגן לענינגראַד. צווייטנס, נעמט זי לאַכלוטן ניט אין אַכט דעם איצטיקן אויפֿשטײַג פֿונעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזײַן צווישן די ייִדן, פּונקט ווי בײַ די עסטאָנער, וועלכער וועט זיך, קענטיק, אָפּשפּיגלען אויף דער דינאַמיק פֿון די געמישטע הייראַטן. דריטנס, האָבן א גאַנצע רײ סטאַטיסטישע פֿאָרשונגען שוין באַוויזן א געהעכערטע אויסדערוויילטקייט פֿון נאַציאָנאַלע הייראַטן צווישן ייִדן פּראָפּאָרציאָנעל דער טעאָרעטיש מעגלעכער, נעמענדיק אין אַכט אויך די צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין אייניקע גרויסע שטעט פֿון פססר.

הייסט עס, אַז דאָס פֿאָלק לעבט, און בײַזוואַנען עס לעבט, בײַט עס זיך, פּאַסט זיך צו צו די נײַע באַדינגונגען פֿון זײַן עקזיסטענץ, און געגעבענעם פֿאַל, פֿאַר די סאָוועטישע ייִדן — אַלס צעזייטע און קולטורעל־אַסימילירטע מינדערהײַט אין אַן אַנדערער נאַציאָנאַלער אַרומרינגלונג. די סיטואַציע איז לאַכלוטן ניט קיין נײַע, אָבער אויך ניט די סאַמע פֿרייִדיקע אויפֿן פּאַן פֿון דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע. און דער פֿלוצעמדיקער פֿאַר פֿיל מענטשן וווּקס פֿון דער צאָל ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטן, קלובן, צענטערס אין גרויסע שטעט שפּיגלט אָפּ גראָד די דאָזיקע געהעכערטע באַדערפֿעניש אין צוגאָבלעכע נאַציאָנאַלע קאָנטאַקטן. הייסט עס, אַז מענטשן באַזײַניקן די ניט־שטאַנדהאַפֿטיקײַט פֿון זייער עטנישער עקזיסטענץ, פֿילן א נויטווענדיקײַט צו שאַפֿן א קאָמפּליצירטע „פֿילגראַנדיקע" סיסטעם איבעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזײַן, ענלעך צו יענער, אין וועלכער עס לעבן די אַמעריקאַנער און מערבֿ־אייראָפּעיִשע ייִדן.

דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן דער רעכטמאַכטיקײַט פֿון פֿאַרגלײַכן די סאָוועטישע ייִדן מיט די קאַנאַדישע אוקראַיִנער. דער איקערדיקער אונטערשייד איז אין דעם, וואָס די ייִדן פֿאַרמאָגן א צווייטויזנטיאָריקע טראַדיציע פֿון עקזיסטענץ אין ניט קיין גרויסע לויט דער צאָל גרופּעס אין דיאַספּאָרע, און די קאַנאַדישע אוקראַיִנער זײַנען א טייל פֿון א יונגער „אימיגראַנטישער נאַציע", וווּ אַלץ איז ביז דער לעצטער צײַט געווען געריכטעט אויף א שנעלער באַהערשונג פֿון דער פּרעסטיזשפֿולער ענגליש־קאַנאַדישער קולטור. אַגבֿ, איז אויך מיט די קאַנאַדישע אוקראַיִנער אַלץ ניט אַזוי טרויעריק; אָבער דעמאָלט וועט שוין זײַן ריכטיקער צו פֿאַרגלײַכן די סאָוועטישע ייִדן מיט די קאַנאַדישע און אַמעריקאַנער ייִדן. מיט א פּינקטלעכער אינפֿאָרמאַציע וועגן זייער לאַגע האָט מען אָט די אַלע יאָרן דעם סאָוועטישן לייענער לאַכלוטן ניט געבאַלעוועט. און אויב די פּראָגנאָנע ציפֿערן ריידן וועגן א סטאַביליזאַציע אָדער אַפֿילו וועגן א געוויסער פֿאַרקלענערונג פֿון דער צאָל ייִדישע געמיינדעס אין קאַנאַדע און פֿשא (ניט נעמענדיק אין אַכט די אימיגראַציע), וועט אָבער קיינער ניט ריזיקירן אויף דעם סמך צו מאַכן וועלכע־ניט־איז פּראָגנאָזן וועגן דער דויערהאַפֿטיקײַט פֿון זייער קינפֿטיקן קיום. ווי, אַגבֿ, אויך פֿאַר די קאַנאַדישע אוקראַיִנער.

דערפֿון דרינגט דער נאַטירלעכער איבערגאַנג צו מײַן דריטער דערווידערונג ב. ווינערן — אין שײַכעס מיט זײַן מעטאָדיק צו פּראָגנאָזירן די טעמפּן און ענדגילטיקע טערמינען פֿון דער אַסימילאַציע פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פססר. די דאָזיקע מעטאָדיק איז ניט איבערצײַגעוודיק, ווײַל זי באַזירט זיך הערווײַל אויפֿן פּאָסטולאַט פֿון אַן אומבאַגרענעצטן וווּקס פֿון דער צאָל געמישטע הייראַטן צווישן די ייִדן (אויפֿן בײַשפּיל פֿון די עסטאָנער אין נאַרוואַ), אויף די איבעררעכענונגען פֿון דער שנעלקײַט פֿון דער אַסימילאַציע אין דריטן און פֿערטן דור (אויפֿן בײַשפּיל פֿון די קאַנאַדישע אוקראַיִנער) און אויף דער האַשאָרע, אַז קיין שום שאַרפֿע ענדערונגען אין דער עטנישער אַנטוויקלונג פֿון די סאָוועטישע ייִדן וועלן פֿאַר דער דאָזיקער צײַט ניט פֿאָרקומען. אין פֿאַל פֿון ניט־פֿאָרויסגעזעענע ענדערונגען האָט מען אונדז צוגעגעבן נאָך איין־צוויי דורות. דער סאַכאַקל אָבער איז, לויט ב. ווינערן, אַלצײַנס איינער: „דאָס רובֿ מענטשן פֿון ייִדישן אָפּשטאַם וועט זיך צורעכענען צו אַנדערע פֿעלקער (איבערהויפּט צום רוסישן פֿאָלק)".

פֿיל מענטשן האָבן ניט איין מאָל געפּרוּווט אויסרעכענען פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן, ווען זשע וועלן מיר, סאָפּקאָלסאָף, זיך פֿאַרוואַנדלען אין א ניט קיין באַדײַטנדיקער מינדערהײַט אָדער מיר וועלן אינגאַנצן פֿאַרשווינדן. אין אייניקע לענדער האָט טאַקע אַזוי פּאַסירט: לעמאָשל, אין פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע זײַנען געבליבן אויפֿן אָרט פֿון די אַמאָליקע בליִענדיקע געמיינדעס ווײַניק טויזנטער הויפּטזאַכלעך עלטערע מענטשן. אָבער געשען איז עס לאַכלוטן ניט אין רעזולטאַט פֿון אַן אומגעצוימטער אַסימילאַציע, נאָר אין רעזולטאַט פֿון א דירעקטער אויסראָטונג אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה און דער ווײַטערדיקער עמיגראַציע פֿון דער מערהײַט לעבנגעבליבענע, און אין די לעצטע יאָרצענדליקער — אין גרונט פֿון דער יונגער, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש אַקטיווער באַפֿעלקערונג. די הײַנטצײַטיקע געשיכטע ווייסט ניט פֿון אַזאַ סצענאַר, וועלכן עס האָט אויסגעמאָלט ב. ווינער, ווען די אַסימילאַציע זאָל „אײַנשלינגען" א גרויסע ייִדישע געמיינדע.

מיר ווילט זיך לאַכלוטן ניט איבערצײַגן אין מײַן אָפּטימיזם בנוגע דער צוקונפֿט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין פססר. כ׳וואָלט אָבער געוואָלט א סך מער באַגרינדעטע אויסרעכענונגען און מער קאָמפּליצירטע וויסנשאַפֿטלעכע פּראָגנאָזן. לאָמיר צוערשט א פּרווו טאָן אָפּצושאַצן

אַפֿן סמך פֿון אַ זיכערער סאָציאָלאָגישער אינפֿאָרמאַציע, װעלכער טייל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿאַרבינדט איר צוקונפֿט מיט עמיגראַציע, און װעלכער — מיטן לעבן אין פּסס״ר אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהײַט. לאָמיר באַקומען ידיעות װעגן דער איצטיקער פֿאַנאַנדערטיילונג פֿון געמישטע הײַראַטן און װעגן דער דינאַמיק פֿונעם אײַסװאַל פֿון דער נאַציאָנאַליטעט אין געמישטע משפּחות. לאָמיר אַנאַליזירן, װאָס האָפֿט צו באַקומען די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין פּסס״ר פֿון די נײַע נאַציאָנאַלע סטרוקטורן — ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטן, קלובן, צענטערס אאַז״װ. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, װי אַזױ קאָנען זיך אָפּשפּיגלען אויף דער פֿאַרשטאַרקונג פֿונעם זעלבסטבאַװוּסטזײַן די זיך געשאַפֿענע מעגלעכקײַטן צו מער ענגע פֿאַרבינדונגען מיט ייִשׂראל, מיט די ייִדישע געמײנדעס אין פּשאַ און אין די לענדער פֿון מיזרח־אייראָפּע, װעלכע זײַנען אַזױ צוציִענדיק פֿאַר דער יוגנט, װאָס „קלײַבט אויס״ נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַװוּסטזײַן. לאָמיר זיך אויך צוהערן צום גאַנצן קרײַז נאַציאָנאַלע דעבאַטן אין אונדזער לאַנד און פּרוּװן דערװיסן זיך די מײנונג פֿון מענטשן װעגן דער מעגלעכקײַט פֿון אַ װערטפֿול לעבן אַלס עטנישע און קולטורעלע מינדערהײַט אין די קומענדיקע באַדינגונגען פֿון אַ דעמאָקראַטישער מלוכה.

אַט דעמאָלט, אַפֿן סמך פֿון אַ ברײטן קרײַז אָנגאַבן, װעלן מיר טאַקע פּרוּװן פֿאָרשטעלן זיך די מאָדעל פֿון אונדזער קינפֿטיקער עקזיסטענץ. נאָך בעסער װעט זײַן — עטלעכע מאָדעלן מיט פֿאַרשידענע טעמפּן פֿון עמיגראַציע, אַסימילאַציע, מיט ציפֿערס פֿון שטערבלעכקײַט און געבורטיקײַט. דאָס הײסט, מירן אַרבעטן װי פּראָפֿעסיאָנעלע פּראָגנאָזיסטן אויף אַ גוטן װיסנשאַפֿטלעכן ניװאָ. און מיר װעלן זײַן גלײַך גרײט צו דעם, אַז אונדזערע מאָדעלן װעלן זיך ניט באַרעכטיקן אין דער אָדער אַנדערער זײַט, װײַל דאָס לעבן איז תּמיד קאָמפּליצירטער פֿון אַ באַליביקער מאָדעלירונג.

װאָס זשע אָבער זאָלן מיר דערװײַל טאָן מיט דער אַסימילאַציע? — פֿרעגט זיך. דער ענטפֿער איז — אָפּנעמען זי װי אַן אָביעקטיװן פּראָצעס, װאָס קומט פֿאָר אין אַ באַליביקער אַנטװיקלטער געזעלשאַפֿט און ניט אַרײַנפֿאַלן אין אַ פּאַניק. מיט קײן שום רופֿן אָדער טרויעריקע פּראָגנאָזן װעלן מיר ניט אָפּשטעלן געמישטע הײַראַטן, פּונקט װי מיר װעלן ניט צװינגען די ייִדן, זײ זאָלן געבוירן מער קינדער: דאָס זײַנען פּראָבלעמען פֿון אַן אינדיװידועלן אויסװאַל, װעלכע שפּיגלען אָפּ אין אַ פֿרײַער געזעלשאַפֿט זײַנע הײַנטיקע װערטן.

װידער כאַזערן מיר איבער אײנער דעם אַנדערן אײביקע אַרגומענטן. װידער קערן מיר זיך אום צו דער דיסקוסיע, װעלכע ס׳האָט אַזױפֿיל מאָל זיך געפֿירט אין דער ייִדישער געשיכטע: זינט די צײַטן פֿון מעגילע־עסטער ביז די שטרײַטן פֿון די ייִדישע אינטעליגענטן־„מאַסקילים״ אין XIX יה. און די הײַנטיקע דעבאַטן אין די ליבעראַלע ייִדישע קרײַזן אין די אייראָפּעישע לענדער און פּשאַ. מיר זעען פֿאַר דעם שטרײַט װעגן אַסימילאַציע, װעלכער דויערט יאָרטויזנטער, און דאָס באַטײַט, אַז אונדזער פֿאָלק לעבט...

אויף דער שװעל פֿון XXI יה., לעבנדיק אין דיאַספּאָרע, װעלן אַלץ מער מענטשן איבערגײן פֿון אַן אַלטערנאַטיװער, „פּאַספּאָרט־זשעקישער״ מענטאַליקײַט („ייִד — ניט־ייִד״) צו אַ מער קאָמפּליצירטן זעלבסטבאַװוּסטזײַן פֿון בירגער אין אַן אַנטװיקלטער געזעלשאַפֿט, װוּ עס זײַנען פֿאַראַן אַ סך פֿאַרשידענע מעגלעכקײַטן צו זײַן און פֿילן זיך אַלס ייִד, און יעדער אײנער קאָן אויסװײלן פֿאַר זיך און פֿאַר די קינדער אַ פֿאָרם פֿון אָנטייל אינעם נאַציאָנאַלן לעבן; װוּ עס זײַנען פֿאַראַן אָנערקענטע װעגן צו פֿאַרהיטן און איבערגעבן די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס — שולן און קורסן פֿאַר קינדער און דערװאַקסענע, קולטור־געזעלשאַפֿטן, טוריסטישע רײַזעס און עפֿנטלעכע לעקציעס, פֿולע פֿרײַהײַט פֿונעם רעליגיעזן לעבן, מאַסן־פֿאַרװײַלונגען און נאַציאָנאַלע יאָמטוֹבים; װוּ דער, װאָס איז אַװעק, קאָן זיך אומקערן, װײַל די טירן זײַנען ניט פֿאַרהאַקט און ס׳איז דאָ אַ בײַשפּיל פֿון יענע, װאָס לעבן מיט אַ פֿולװערטיק נאַציאָנאַל לעבן; װוּ, לעסוף, די גאַנצע געזעלשאַפֿט אָנערקענט די װערטפֿולקײַט פֿון די קולטורן פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן און די אומדערלאַנגבאַרקײַט פֿון װעלכער ניט־איז שטערונגען אויפֿן װעג פֿון זײער אַנטװיקלונג און סאָציאַלער פֿאַרויסבאַװעגונג פֿון אירע בירגער לויטן נאַציאָנאַלן סימן...

דאָס װעט זײַן אַ לאַכלוטן נײַע, ניט באַקאַנטע אונדז איצט געזעלשאַפֿט. אין איר שטײט אונדז פֿאָר צו געפֿינען אונדזער אָרט, כּדי פֿאַרזעצן די שטרײַטן װעגן אונדזער צוקונפֿט אין XXI יאָרהונדערט. װײַל ביז מיר שטרײַטן דערװײַל, לעבט אונדזער פֿאָלק!



גענאַדי עסטרײַך

# עטלעכע אַפּיקאָרסישע געדאַנקען

ס׳איז שווין ניט די שפּראַך, וואָס וואַנדערט
פֿון כיסלאַוויטש קיין ליבאַוויטש...

איציק פֿעפֿער. „ייִדיש"

„טכיעס־האַמייסים" — דאָס וואָרט איז לעצטנס געוואָרן טיפּיש פֿאַר די פּובליקאַציעס, געווידמעט דעם ייִדישן קולטור־לעבן אין פּסס״ר. צי איז דאָס אַ פּאַסיקע דעפֿיניציע פֿאַר דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אינדערעמעסן אין די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטן, קלובן אאַז״וו? צום באַדויערן — יאָ, לעכאַלדאַפּאַכעס אין אַ געוויסער מאָס. איך זאָג „צום באַדויערן", ווײַל די נייטיקע שעפֿערישע אַרבעט צו באַזיניקן די פֿראַגע: וואָס איז אַזוינס ייִדישע קולטור אין ראַטנפֿאַרבאַנד אין סאָף פֿון די 80־ער יאָרן — ווערט זייער אָפֿט פֿאַרביטן פּשעט מיט פּרוּוון ווידער אויפֿצושטעלן דעם ביזכורבן־מאַצעוו.

מע קאָן הײַנט קאָנסטאַטירן, אַז קיין איין ריכטונג — ניט די „ייִדישיסטן" ניט די „איווריסיסטן", ניט די „רוסיסטן", ניט אַנדערע שאַטירונגען פֿונעם הײַנטיקן ייִדישן קולטור־געזעלשאַפֿטלעכן ספּעקטער — האָבן נאָך ניט פֿאָרגעלייגט קיין רעאַלע, קאָנסטרוקטיווע פּראָגראַם (אָדער קאָנצעפּציע), וויאַזוי צו פֿאַרהיטן און אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטור אין דעם צווייטן לויט דער גרייס ייִדישן יישעוו אויסער ייִסראָעל. ס׳מאַטערט זיך איבער איוואַן קרילאָווס פֿאַבל־סיוזשעט: די „רוסיסטן" ציִען צו אַן אומבאַגרײַפֿלעכן ציל פֿון עפּעס אַ רוסיש־שפּראַכיקער ייִדישער קולטור; די „איווריטיסטן" האַלטן פֿאַר מעגלעך קולטיווירן אין ראַטנפֿאַרבאַנד די ייִסראָעלדיקע קולטור־טראַדיציע, ניט געקוקט אױף דעם, וואָס אַזאַ עקספּערימענט האָט, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געגעבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן אין אַנדערע „גאָלעס"־לענדער; און, לעצטנס, די „ייִדישיסטן" — דאָס הייסט, מיר — בוקסעווען אין דער דערמאָנטער „טכיעס־האַמייסימדיקײַט", שטרעבנדיק אָפֿטמאָל רעקולטיווירן די האַנאָכעס, וועלכע זײַנען פֿאָרמולירט געוואָרן אין די 20־ער — 30־ער יאָרן און האָבן ניט באַוויזן צו אַרויסווײַזן ווי ס׳געהער צו זײַן אַ דויערנדיקע לעבנספֿעיִקײַט.

צי דאַרף אונדז כידעשן אַזאַ לאַגע? איך מיין, אַז ניט. די קאָנצעפּציעס דאַרף דאָך עמעצער פֿאַנאַנדעראַרבעטן. עמעצער מוז דאָך, לעמאָשל, אויסקלאָרן די נײַע פֿונקציעס פֿון די ייִדישע שפּראַכן, שאַפֿן אַ נײַע מאָדעל פֿון ייִדישער בילדונג, פֿאָרלייגן אָפּטימאַלע פֿאָרמען פֿאַר דער אויפֿקלערערישער און מאַסן־אַרבעט. אָבער פֿונוואַנען וועלן זיך נעמען אָט די „עמעצערס", אויב בײַ אונדז עקזיסטירט ניט פּראַקטיש אַזאַ באַגריף ווי „ייִדישע וויסנשאַפֿט"; די געציילטע יעכידים־ענטוזיאַסטן פֿאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע פּראָבלעמען, אַלס קלאַל, אױף געזעלשאַפֿטלעכע יעסוידעס.

לאָמיר אָבער זיך פֿאָרשטעלן, אַז איך סטאַרע זיך פֿאַרקאָמפּליצירן די אויפֿגאַבע. באַזונדערס, ווען יעדערער זעט און פֿילט דעם צושטאַנד פֿון דער עקאָנאָמיק אין אונדזער לאַנד, ניט געקוקט אױף דער שעפֿע פֿון געלערנטע קויכעס. איז עפּשער טאַקע גענוג צו האָבן עטלעכע ליכטיקע קעפּ צווישן די קלאַל־טוער, און זיי וועלן, הייסט עס, ווײַזן דעם ריכטיקן וועג צו דער ייִדישער קולטור־פּראָספּעריטי.

זאָל זײַן אַזוי. זאָל די לאַנג דערוואַרטע קולטור־פּראָגראַם קומען צו אונדז, ווי אַ קאַלמעוואַסער, אַדאַנק אַן אומגעשלעכטלעכער פֿאַרשוואַנגערונג. אָבער אַפֿילע אויב אַזוי, דאַרף דאָך עמעצער אויספֿילן די דאָזיקע פֿאָרבאַשטימונגען? און אויספֿילן טאַקע פּראָפֿעסיאָנעל, קעדיי ניט אָפּ־

שטויסן פון זיך, ניט דיסקרעדיטירן די עצעם אידיי פון שאפן אַ סטאַבילע קולטור־טראַדיציע אינעם טויהו־וואָוויהו פון די איצטיקע „קולטורעלע" האַנט־שלאַכטן.

הייסט עס, אַז אָן די פּראָפעסיאָנעלע קויכעס וועלן מיר זיך אַזוי אָדער אַנדערש ניט באַגיין.

איטלעכס קינד מוז דאָך אַ נאָמען האָבן.

ייִדיש שפּריכוואָרט

מיקויעך פאַרייניקן פּראָפעסיאָנעלע קויכעס, וועלכע אַרבעטן (אָדער ווילן אַרבעטן) אין דער ייִדישער קולטור, רעדט מען שוין פון לאַנג. אַ סאַך אַזעלכע אופרופן און אַפילע פּאָדערונגען האָט באַקומען אויך די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" — דער פּראַקטיש איינציקער אַזויס פון דער ייִדישער פּראָפעסיאָנעלער קולטור, אין די בריגעמער פון וועלכן ס'האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַלע דערגרייכונגען און סטירעס פון די 60־ער — 80־ער יאָרן. וועגן דער איצטיקער מאַמאָשעסדיקער ראַליע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָגן איידעס פאָלגנדיקע אָביעקטיווע פאַקטן: אַ) ניט געקוקט אויף דער אויפלעבונג פון דער ייִדישער קולטור־טעטיקייט, איז אינעם לאַנד ניט געשאַפן געוואָרן קיין אַנדערער פילוערטיקער פּראָפעסיאָנעלער צענטער, פאַרקערט — ב) פּראַקטיש אַרבעטן אַלע פרישע קויכעס, וועלכע זייַנען לעצטנס געקומען אין דער ייִדישער קולטור, אַזוי אָדער אַנדערש צוזאַמען מיטן זשורנאַל.

אַזויאַרום, קאָן די סוויווע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט רעכט דינען אַלס צענטער, אַרום וועלכן ס'איז קעדיי פאַרייניקן די שעפערישע קויכעס פון דער ייִדישער קולטור. אַוואַדע, ס'איז קעדיי, אויב אַנהאַלטן עטלעכע פּרינציפּיעלע באַדינגונגען.

ערשטנס, דאַרף די פאַרייניקונג פון פּראָפעסיאָנעלע קויכעס זייַן געשאַפן אויף שטרענג דעמאָקראַטישע יעסוידעס. דאָס הייסט, אָן די מידעס פון דער „רעאַלער" דעמאָקראַטיע — דער קאַפּריזנער איידלגעפּיטשקעטער דאַמע, וועלכע איז פאַר צענדליקער יאָרן צוגעווינט געוואָרן אָנערקענען בלויז אַ פאַרפלאַנירטע איינמוטיקייַט און אָפּשאַצן אַ באַליביקע קעגנווירקונג אַלס עפּעס צווישן טיפּשעס און קאָנטער־רעוואָליוציע.

צווייטנס, טאָר ניט אַזאַ פאַרייניקונג זייַן געגרינדעט אָן אַ הערלעגירטער פאַרשטייערשאַפט פון די ייִדישע רעפּובליקאַנישע און שטאַט־אָרגאַניזאַציעס. אַנדערש קאָן אַזאַ פאַרייניקונג גלייַך בלייַבן איזאָלירט און פון אירע ערשטע טריט ניט אַרויסגיין פון די אייגענע דאַלעדאַמעס.

Победа, победа! «Фауста» царь
пропустил, кроме двух стихов...

*Александр Пушкин*[1]

אין אָקטיאַבער פאַריקס יאָר איז געשאַפן געוואָרן אָן אַלפאַרבאַנדישע געזעלשאַפט פון ייִדישער קולטור און ליטעראַטור, אַלס גרינדער פון וועלכער ס'זייַנען אָפּיציעל אַרויסגעטראָטן די רעדאַקציעס פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און פונעם „בירעבידזשאַנער שטערן", צוזאַמען מיט זעקס אָרטיקע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, דעם שרייַבער־פאַריין פון פּססר און דעם קולטור־פאָנד פון פּססר.

אייניקע מייַנע כאַווירים און קאָלעגן האָבן ערשט דער דאָזיקער געשעעניש מיר געזאָגט מיט זאָרג און מיט האָפענונג: דער איקער — מיר האָבן סאָפקאָלסאָף געשאַפן דאָס, וואָס מע דאַרף. גיב נאָר אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אין די שוין פונקציאָנירנדיקע אָרטיקע ייִדישע געזעלשאַפטן...

יאָ, מיר האָבן ניט ווייניק מוסטערן (און ניט בלויז אין דער ייִדישער קולטור־טעטיקייַט), ווען עפּעס אַ צופעליקער פאַרשוין ווערט פלוצעם אַ קלאַל־טוער, אָדער אַפילע אַ קולטור־לידער. און די עצעם טוער פון דער קולטור בלייַבן, ווי מיט צען־צוואַנציק יאָר צוריק, „קיך"־דיסידענטן, דערשענענדיק איצט ניט אַזוי וועגן די אַנטפּלעקונגען פונעם אַפּיציאָז, ווי וועגן דער שווינדלערייַ פון די נייַע לידערס. אַלץ אָבער — שטילערהייט, אַרייַנרעדנדיק אין אויער אַרייַן. איז עפּשער טאַקע איבער אַט דער „באַשיידנקייַט" זייַנען די פּראָפעסיאָנעלע קויכעס אָפּטמאָל געבליבן אין אַ זייַט פון די אַקטיווע באַמיִונגען?

---

[1] ניצאָכן, ניצאָכן! „פאַוסטן" האָט דער קייסער דורכגעלאָזט, אַכוץ צוויי פערזן... (אַלעקסאַנדער פּושקין. פון זייַן בריוו צו מ. פּאָגאָדינען פאַרן 31 אויגוסט 1827).

כאראקטעריש, אז אין די אויסלענדישע ייִדישע צײַטונגען און זשורנאלן ווערן די געשעענישן אין ראטנפארבאנד אָפּגעשפּיגלט ניט בלויז דורך געוויינלעכע כראָניקאַלע מיטיילונגען. די אויסגאבעס זײַנען אָנגעפּאַקעוועט מיט מיינונגען און אײַנדרוקן פון אמעריקאנער, ייִסראָעלדיקע און אייראָפּעישע ייִדישע פּען־מענטשן. אין דער זעלבער צײַט האָט דער ייִד (איך דערמאָן שוין ניט דעם רוסיש־שפּראַכיקן לייענער) נאָך פּראַקטיש ניט געהערט דאָס קאָל פון דער אינלענדישער ייִדישער שעפערישער סוויווע. ס׳פאַרגאַנוועט זיך אַ כשאַד, אַז דאָס לעבן האָט, קען אנטאָן טשעכאָווס אייצע, אויסגעקוועטשט פון אונדזער קולטור־סוויווע ניט בלויז די שקלאַפערײַ, נאָר אויך אַ היפּשן טראָפּן קעמפערישקײַט. און קעדיי צעשטערן די פּילצאַליקע באַריערן ארום דער ייִדישער קולטור, דאַרף מען דאָך קעמפן!

דעריבער האַלט איך, אַז די צײַט פאַר „היימישע" גאַנקור־קרײַזלעך פון מיטדענקער איז, צום באַדויערן, נאָך ניט אָנגעקומען. איצט איז די צײַט פאר רעפּרעזענטאַטיווע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אין וועלכע ס׳וועט זיך אַלס רעזולטאַט פון פּילצאַליקע „רונדע טישן" סאַפּקאַלסאַף אויסשפּרייטן דער איינציקער ריכטיקער וועג איבערן אַפּגרונט צווישן דעם „שטילן" עלטערן דאָר און דער נײַער „קאַפּריזנער", נעאָפּיטיש־אומפשאַרעדיקער גענעראַציע.

און איבער דעם אַפּגרונט האָבן די קולטור־צעשמעטערנדיקע קויכעס געשאַפן גיך, מיטן מעסאַד פון אויפרײַסן, פאַדערט די רעקולטיוואַציע גאָר אַן אנדער צוגאַנג. געבליבט איז גאָט — טיילווײַז איז דער באַדן צוגעגרייט געוואָרן אַדאַנק דער סוויווע פון „סאָוועטיש היימלאַנד". אַנדערש וואָלט שוין עפּשער גרינגער געווען אויפאַקערן די לעוואַנע.

---

## „יעזשעגאָדניק"-1989, נומ. 5

ס׳איז דערשינען דער פינפטער באַנד פונעם יאָרבוך «Год за годом», אין וועלכן עס דרוקן זיך, ווי געוויינלעך, די בעסטע מאַטעריאַלן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין דער רוסישער איבערזעצונג.

דאָס מאָל וועט דער לייענער זיך באַקאַנען מיט צוויי ראָמאַנען: שאָלעם אַלייכעמס „דער בלוטיקער שפּאַס" און דעם סאָוועטישן ייִדישן שרײַבער יויסעף ראַבינס „אין יענעם יאָר". וועגן דער געשיכטע פון שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַן דערציילט כאַיִם ביידער.

די אויסלענדישע ייִדישע ליטעראַטור ווערט פאָרגעשטעלט מיט דער־ציילונגען פונעם לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע ייִצכאָק באַשעוויס־זינגער (פּשא).

מיכאָעל פעלזענבאַומס און גענאַדי עסטרײַכס דערציילונגען באַקאַנען דעם לייענער מיט דער שאַפונג פונעם יונגן דאָר ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

„ייִדישע מאָטיוון" — אַזוי הייסט דער אָפּטייל, אין וועלכן עס זײַנען צונויפגעקליבן לידער אויף ייִדישער טעמאַטיק פון די רוסישע דיכטער יעווגעני יעווטושענקאָ און באָריס סלוצקי און פונעם אוקראַיִנישן פּאָעט דמיטראָ פּאַווליטשקאָ.

ייִסראָעל קאָוועלמאַנס אַרטיקל דערציילט וועגן דעם קינסטלער לעאָניד פּאַסטערנאַק, וועמענס שאַפונג איז געווען פאַרבונדן מיט דער ייִדישער טעמאַטיק.

אַרן ווערגעליס טרעט אַרויס מיט זײַן עסיי „פּראָגנאָזן אויפן XXI יאָרהונדערט", געווידמעט די הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען פון דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור.

דעם זאַמלבוך שליסט אַ פראַגמענט וועגן אַנטיסעמיטיזם — פון וואַסילי גראָסמאַנס ראָמאַן „דאָס לעבן און דער גורל".

יאנקעוו שטערנבערג

# זיי רעדן היינט צו אונדז

## דער קינסטלער:

פארשטויסענער, צי עלנטער,
וואס ביסט פון מענטשן נאענטע באפליקט,
זיי מויכל מיר, פארגיב,
וואס כ׳בין מיט פריינט אומצאליקע געבונדן און געקניפט,
און זיס מיין נאמען איז אף זייער ליפ.
זיי מויכל מיר, איך בעט דיך, נאר אויך ווייס:
קימאט אין אלע טעג
איז דא א שא, ווען איך בא מיר, דעם ליבלינג, פרעג:
צי קענען דיך — ניט זיי, די ניט פארגינערישע פיינט,
נאר דיינע גאר־גאר גוטע, טרייע פריינט
אפילע? און ענטפערן איך ענטפער: ניין!
ווייל, אייגנטלעך, דער שפיגל פונעם מענטשן —
דאס איז ער אליין,
ווען אויג אף אויג ער איז מיט זיך.
אט פרווו דערמאן זיך, טו א קלער,
ווי דיר קומט אויס צו ווייזן יעדן,
נאר אט דאס געזיכט,
וואס אים פארשטענדלעכער איז מער,
צי גינציקער.
דאס איבעריקע בלייבט פארהוילן, בלייבט א סאד, ווי אפן הארץ א שטיין,
וואס לעבט און שטארבט מיט אונדז אין אייגענעם געביין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארשטויסענער, א, ברודער עלנטער,
וואס ביסט פון מענטשן נאענטע באפליקט.
זיי מויכל מיר, פארגיב!
וואס כ׳בין מיט פריינט אומצאליקע געבונדן דאך, געקניפט.

---

פונעם העפט „ניט געדרוקטע לידער״

## דער טראַוומירטער:

אַוואַדע און אַוואַדע איז עס טראַום,
ווײַל פון פאַכדאַנעס בין איך פרײַ.
די צײַט ראַסיסטישע,
די הײַנטיקע,
די בלוטיקע —
איך בין מעקאַוון.

מע דאַרף ניט ציִלן דיך אין מיר מיט בלײַ.
יעדן קלאַנג און שאָרך
איך האָרך
און ווער פון אים געטראָפן טיף אין האַרצן באַלד.
פון יעדן אויך אין העלן טאָג אַקעגנקומענדיקן בליק,
אין וועלכן ס'לויכט אַפילע לויטער גליק,
מיך קאָן באַפאַלן טויט־שרעק, ווי איך וואַלט.
כאַטש, כאַס כאַלילע, איך געפין זיך ניט אין אַ סאַקאַנע־אָרט,
עס פילט מײַן בלוט, אַז איך קאָן ווערן דער אָביעקט פון מאָרד.

אַוואַדע און אַוואַדע איז עס טראַום,
ווײַל פון פאַכדאַנעס בין איך פרײַ.
די צײַט ראַסיסטישע,
די הײַנטיקע,
די בלוטיקע —
איך בין מעקאַוון.

מע דאַרף ניט ציִלן זיך אין מיר מיט בלײַ.
מע קאָן מיך אויכעט טייטן מיט אַ וואָרט.

## די באַליידיקטע פרוי:

...און צום סאָף כ'וויל זאָגן דיר, מײַן „יויסעף שיינער",
וואָס ביז איצט געזאָגט דיר נאָך האָט קיינער —
זאָגן אַלץ און גלײַך דיר אין געזיכט:
כ'וועל מײַן פינצטערניש בײַטן אויף דײַן ליכט.
אויך ניט מײַנע שווערע זינד אויף דײַנע טאַטן פרומע,
ניט דײַן צאַדיק־שליאַך אויף מײַנע וועגן קרומע.
ניין און ניין! איך וועל ניט בײַטן מײַנע לײדן אויף דײַן פרייד,
ניט דאָס זילבער פון מײַן שווײַגן אויפן גאָלד פון דײַנע רייד.
ווי אויך, גאָט באַהיט, אויף זיך אליין מײַן אָפטן צאָרן —
אויף דײַן גײַווע מיט די האָפערדיקע שפּאָרן.
ס'קומט מיר אויך ניט קיינמאָל אויפן זין צו טוישן
דײַנע מיט האַנאָע שמייכלענדיקע כאַכמע — בלומען — פולע קוישן -
אויפן ווילדן גראָז פון מײַנע טריבע נאַרישקײַטן,
און איך טו זיך אויך ניט, ווי מיר, גרייטן
איבערפאַרבן מײַן אומוויסן — דאָרן אויף דײַן בוים פון וויסן.
און דער איקער: ניט פאַרגלײַכן מײַן פאַראַט מיט דײַן געוויסן!
קענן וואָס זשע אָט דער גאַנצער מאָנאָלאָג? —
איך וועל דיר זאָגן:
הונדערט מאָל מיר שווערער נאָך
דעם צײלעם פון דײַן ליבע טראָגן.

## דער אויסגעוואָרצלטער:

אַף וואָס וועל איך אָנשפּאָרן מיך
(אַכוץ אַף די שטאָלצן פון זיך ביטער עלטערן),
ווען וויסן כ'וועל, אַז איך פאַרזאַמל זיך
צו מײַנע עלטערן?
קיין פיצל גלויבן ניט און ניט אומגלויבן.
(אַזוי אַן ליכט באַנאַכט עס גלאָצן שויבן).
ניט מײַסים ראָים, ניט קיין מײַסים טויוויס,
ניט קינדער, ניט קיין פרײַנט, ניט קרויווים.
ניט פאָלק און ניט אפילע אויך קיין אידע,
נאָר עפשער איז אָט דאָס גראָד מײַן אַקיידע[1].
אין הײַנטיקן יאָרהונדערט — פּראָסטיק־קאַלטן, פּראָסטיק־האַרבן —
אַל אדמאס נייכער[2]... נאַקעט לעבן, נאַקעט שטאַרבן.

## דער כעלעמער כאַקרען:

צי בין איך דען א צאַדיק?
אַוואַדע און אַוואַדע ניט.
צי בין איך דען א ראָשע?
דערויף עס ענטפערט מײַן געמיט.
ווי יענער גוטער־ייִד:
מיסטאָם. מיסטאָם. מיסטאָם.
איז ווי זשע מעגן מיר, די זינדיקע,
מיט אונדזער רישעס־פלאָם
אין האַרץ און אין די אויגן
גאָטס שײנע וועלט פאַסמאַקעווען און זויגן?
דערויף עס ענטפערט מײַן געמיט,
ווי יענער גוטער־ייִד:
אַזוי נאָר — האָבן מיר א רעכט צו קלערן —
קאָן יעדער נאָך פון אונדז
א ריש לאָקיש[3] עפשער ווערן...

## דער ניהיליסט:

און, מעגלעך, קעדיי מע זאָל עפּעס פאַרשטיין,
איז דאַרף מען ניט וויסן אפילע
ווי „א״ מיט א קאָמעץ ווערט „אָ״,
גלײַך קיינמאָל מע האָט ניט געזען גאָר קיין אָס.
זײַן נידעריקער דאַרף מען פון נידעריק גראָז,
אי זײַן, אי ניט זײַן —
באַגלײַך מיטן צוימען דעם וועוודיק־בלינדן —
און צוגעגרייט — נאָכן פאַרשווינדן —
צו פאַלן אין שויס פונעם געטלעכן „ניין״,
וואָס ניט נאָר ניט ווייניקער,
נײַערט אויך שטראַליקער איז פונעם מענטשלעכן „יאָ״...

---

[1] אקיידע [עקדה] — בינדונג, שײַטער, צו וועלכן אווראָהאָם האָט געפירט יִיצכאָקן.
[2] אל אדמאס נייכער [על אדמת נכר] — אין דער פרעמד.
[3] לויט א לעגענדע איז דער דערמאָנטער אינעם טאַלמוד געלערנטער ריש לאָקיש געווען א גאַזלען אין דער יוגנט.

## דער מאַרשאַליק:

מײַן כאַוואַס דאַאַס[1] פֿרעגסט בא מיר, מײַן האַר?
עס הערט אונדז קיינער ניט? ניטאָ קיין לאָך אין דאַך?
כי־כי! איך שפּאַס, מײַן חוילגעבוירענער, איך לאַך.
מײַן אָוודע, מאַיעסטעט, אַלץ זאָגן גלײַך דיר אין געזיכט.
אָט דאָס איז דאָך מײַן ביטער־זיסער פֿאַך,
מײַן ברויט און טויט, מײַן קונסט און קונץ.
טאָ הער און קיינעם ניט דערצייל:
יעדער טאָג שפּילט אָפּ מיט אונדז
די אַלטע מעכיראַס־יויסעף־שפּיל[2], נאָר בלויז דעם ערשטן טייל.
מע וואַרפֿט אונדז אַריך אין גרוב אי אומגעריכט,
אי אומגערעכט,
מע טוט אונדז טאָן פֿאַרקויפֿן אויך פֿאַר קנעכט,
און —
אַריסלייזן לייזט מען אונדז ניט אויס.
פֿאַר אונדזער פֿויסער כאָלעם זײַן —
אונדז מאַכט מען שוין ניט גרויס.
דאָס האָט געטראָפֿן בלויז
מיט יויסעפֿן, און אויס!

---

[1] כאַוואַס דאַאַס — [חות־דעת] — אַ מיינונג.
[2] מעכיראַס־יויסעף [מכירת־יוסף] — לויט דער ביבלישער לעגענדע, האָבן די ברידער [דעם אורפֿאָטער יאַנקעוו זין] פֿאַרקויפֿט יויסעפֿן [יויסעף־האַצאַדיק] פֿאַר אַ קנעכט: דער סיוזשעט פֿון דער דאָזיקער לעגענדע איז באַאַרבעט געוואָרן אין אַ פֿאָלקס־פּיעסע „מעכיראַס־יויסעף”.

---

<u>כראָניק</u>

# ייִדישע קולטור-געזעלשאַפֿט אין בערסאָן

די גרינדונגס־קאָנפֿערענץ איז דורכגעגאַן אין זאַל פֿונעם כערסאָנער ליאַלקע־טעאַטער, וווּ עס האָבן זיך פֿאַרזאַמלט צוויי הונדערט ליבהאָבער פֿון ייִדישער קולטור. „די נײַע געזעלשאַפֿט שטעלט פֿאַר זיך אַן אויפֿגאַבע צו שאַפֿן אין דער שטאָט נייטיקע באַדינגונגען פֿאַר אַנטוויקלען די ייִדישע נאַציאָנאַלע קולטור”, — האָט געזאָגט אין זײַן אַרויסטרעטונג דער דיכטער אַווראָם קאַצעוו.

דער אָוונט האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ קאָנצערט פֿונעם אָרטיקן ייִדישן פֿאָלקלאָר־קאָלעקטיוו, וועלכער טראָגט דער נאָמען „לאָמיר אַלע אינאיינעם”.

ס ע מ י אָ ן נ יי ש ט א ד ט

## קולטור־נײַעס פון טשערנאָוויץ

# לימודים פון ייִדיש

אין טשערנאָוויץ איז לויט דער איניציִאַטיוו פון דער אָרטיקער געזעלשאַפט פאַר ייִדישער קולטור אָפּן נאָמען פון עליִעזער שטיינבאַרג געעפנט געוואָרן אַ פאַקולטאַטיוו אַף צו דערלערנען די ייִדישע שפּראַך.

דער געגנטלעכער בילדונגס־אָפּטייל האָט באַזאָרגט דעם פאַקולטאַטיוו מיט 80 ביכער — „זעלבסטלערער פון ייִדיש". דער ערשטער לימעד איז פאָרגעקומען אין איינער פון די אָנגעזעענסטע שולן אין שטאָט, אין דער מיטלשול נומער 1. אים האָט דורכגעפירט יויסעף בורג.

אָפּן ערשטן לימעד זײַנען בײַגעווען פאַראַנטוואָרטלעכע מיטאַרבעטער פון געגנטלעכן און ראַיאָנישן בילדונג־אָפּטיילונגען, לערער, פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט, פאָרשטייער פון דער פּרעסע.

עס זײַנען אויך געעפנט געוואָרן קלאַסן פון דערלערנען ייִדיש פאַר שילער פון די אָרטיקע מיטלשולן, אין וועלכע עס האָבן זיך פאַרשריבן פיל קינדער.

כוץ דעם, זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן באַם קולטור־הויז פאַר עסטעטישער דערציִונג רעגולערע אָוונטלעכע קורסן פון דערלערנען ייִדיש פאַר דערוואַקסענע מענטשן.

# קאָנצערטן פון דער דײַטשישער זינגערן קריסטאַ מיהם

לויט דער אײַנלאַדונג פון דער טשערנאָוויצער געזעלשאַפט פאַר ייִדישער קולטור האָט די באַרימטע זינגערן פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק קריסטאַ מיהם געגעבן צוויי קאָנצערטן אין היגן קולטור־הויז פאַר עסטעטישער פּראָפּאַגאַנדע. איר רײַכער רעפּערטואַר איז באַשטאַנען פון פיל אוטאָרישע שאַפונגען, ווי אויך פאָלקסלידער אַף ייִדיש און איווריט.

אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט האָט דער שרײַבער יויסעף בורג דערציילט שטריכן פון דער ביִאָגראַפיע און שעפערישער טעטיקײַט פון דער זינגערן.

קריסטאַ מיהם האָט אויסגעפילט די לידער אַף אַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ, עכט פּראָפעסיִאָנעל, מיט אַ מעכטיקער שטים און אַרטיסטיזם. זי איז אין סאָוועטנפאַרבאַנד דאָס ערשטע מאָל.

אַ טייל לידער האָבן די צוהערער געזונגען צוזאַמען מיט איר.

דער עולם האָט באַלוינט די זינגערן מיט פיל לעבעדיקע בלומען און אַפּלאָדיסמענטן. אַ באַזונדערן דערפאָלג האָבן געהאַט די לידער „ליולינקע, מײַן פייגעלע", „אָפּן פּריפּעטשעק ברענט אַ פײַערל", „ס׳האָט דער ווינט געפּאַטשט, געשמיסן", ווי אויך צוויי לידער פון זעליק בערדיטשעווער.

סימכאַסטוירע האָט די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט אָרגאַניזירט אַן אָוונט אין קולטור־הויז „אווטאָגראַף". באַשיינט דעם יאָמטעוו האָט ווידער קריסטאַ מיהם.

כ א ִ ם ר אָ ז ע נ ט א ל

# צו אונדזער לעזער

# דאָס לעבן און שאפונג פון די יידישע סאָוועטישע שרייַבשטעלער־קאָרבאָנעס פונעם סטאַלין־טעראָר

## ארן וואָלאָברינסקי

(1937 — 1900)



יז מעשעך פון זייַן לעבן האָט ארן וואָלאָברינסקי באוויזן ארויסצוגעבן בלויז איין ביכל — „די היסטאָרישע לערע פון קארל מארקס" — א פאָפּולערן עטיוד, וועלכן ס׳האָט אין 1934 ארויסגעלאָזט דער אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור בא דער ווייַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע. נאָך אונטער איין בוך איז געשטאנען וואָלאָברינסקיס נאָמען — „יידן אין ווססר" (1929), אָבער שוין אלס רעדאקטאָר (צוזאמען מיט הילעל אלעקסאנדראָוון).

דאָס באטייַט אָבער ניט, אז א. וואָלאָברינסקי איז ניט געווען שעפעריש אקטיוו. אין דער צווייטער העלפט פון די צוואנציקער יאָרן און אין דער ערשטער העלפט פון די דרייַסיקער יאָרן איז ער געווען אן אווטאָריטעט אין דער יידישער ליטעראטור־ און קולטור־סוויווע, צו זייַן וואָרט פלעג מען זיך צוהערן, זייַן מיינונג איז געווען בא אלעמען וואָגיק. אָנהייבנדיק פונעם 1928 איז ער צוזאמען מיט איזי כאריקן, שמועל אגורסקין, עליע אָשעראָוויטשן, כאצקל דונעצן און אנדערע אָנגעזעענע יידישע וואָרט־מייַסטערס געווען א מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פונעם מינסקער ליטעראריש־קינסטלערישן און פאָליטיש־וויסנשאפטלעכן זשורנאל „שטערן". כוץ דעם, האָט ער מיטגעארבעט



אין אינסטיטוט פאר יידישער פראָלעטארישער קולטור בא דער ווייַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע.

אין 1934, ווען עס האָט זיך געגרייט אן אלוקראַיִנישע יידישע שפראך־באראטונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באטייליקט די אָנגעזעענסטע לינגוויסטן פונעם לאנד, איז א. וואָלאָברינסקי ארויסגעטראָטן צוערשט אין דער מינסקער צייַטונג „אָקטיאבער", דערנאָך אין דער „לינגוויסטישער זאמלונג" (נום. 2 פארן 1934), אָפּווארפנדיק די טרויעריק באוווּסטע אין יענער צייַט פאָסטולאטן וועגן דער פארשטארקונג פונעם קלאסן־קאמף אין

אלע געביטן פון דער ליטעראטור, וויסנשאפט און קולטור, ווי ביכלאל אין דער סאָוועטישער געזעלשאפט. מע דאַרף אָפּמערקן א. וואָלאָברינסקיס היפּשע ערודיציע און אנאליטישן צוגאנג צו די שפּראַך־פּראָבלעמען, וועלכע עס האָט דעמלט באַהאַנדלט די יידישע לינגוויסטיק. ווען א. וואָלאָברינסקי קערט זיך אום קיין מינסק פון קיעוו, פאַרעפנטלעכט ער אן ארטיקל „די שפּראַך־באַראַטונג אין אוקראַינע און איר באַדײַטונג", אין וועלכן ער ציט אונטער א סאַכאַקל פון דער דיסקוסיע. באַזונדערס שטרײַכט וואָלאָברינסקי אונטער די געפאַר פון פּסעוודאָ־פאָלקסטימלעכקײַט, מיט וועלכער עס זײַנען געווען פאַרכאַפּט אייניקע שפּראַכקענער און קולטור־טוער. ניט גערעכט זײַנען יענע, וואָס לייגן פאָר צו שרײַבן, לעמאָשל, ניט „זעלבסטקריטיק", נאָר „אליינקריטיק", ניט „זעלבשטענדיק", נאָר „אליינשטענדיק", ניט „שטאַנדפּונקט" נאָר „קוקפּינטל" אד״ג. אונטערן טערעץ פון קאַמף קעגן דײַטשמעריזמען, ווײַל, זעט איר, אין דײַטשלאַנד איז די מאַכט בא היטלערן...

קיין גענויע ביאָגראַפישע אַנגאַבן וועגן אַרן וואָלאָברינסקין פאַרמאָגן מיר ניט. ס'איז באַוווּסט, אז ער איז געבוירן געוואָרן אין מינסק אין אַן אַרבעטער־מישפּאָכע, א שטיקל צײַט געווען א העברעישער פּריוואַט־לערער, דערנאָך א לערער אין די יידישע שולן און אין דעם מינסקער פּעדאַגאָגישן טעכניקום. זײַנע אַרטיקלען האָבן גאַנץ אָפט זיך געדרוקט אין די מאָסקווער אויסגאַבעס „דער עמעס", „יונגוואַלד", אין דער מינסקער צײַטונג „אָקטיאַבער" און אינעם זשורנאַל „שטערן". ער האָט איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן גריגאָרי זינאָוויעווס „די געשיכטע פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי", וואָס איז דערשינען אין מינסק אין 1924. צוזאַמען מיט ה. מײַזל האָט ער איבערגעזעצט ס. איינזאַפּטס „די זובאַטאָווישטשינע און גאַפּאָנישע באַוועגונגען" (דערשינען אין 1936).

אויף אָפּהאַנדלונגען וועגן א. וואָלאָברינסקיס אַרבעטן זײַנען פאַראַן זייער ווייניק. זיי זײַנען צעוואָרפן איבער ביבליאָגראַפישע אויסגאַבעס פון די דרײַסיקער יאָרן און גיבן גאָר א קנאַפּע פאָרשטעלונג וועגן זײַן צושטײַער אין דער יידישער קולטור.

דעם מעמאָריאַל־אַפּטייל פירט כ א י ם ב י י ד ע ר

# אונדזערע לייענער פאַרפינקטלעכן

אין נומ. 8 פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1989 איז אין דער רובריק „אונדזער מעמאָריאַל" אָפּגעדרוקט א נאָטיץ וועגן דעם לעבן און שאַפונג פונעם אומגעבראַכטן זשורנאַליסט ה. ברייל. לעצטנס האָבן מיר באַקומען א קאָפּיע פון א דאָקומענט, וואָס פאַרפינקטלעכט אייניקע ידיעס וועגן אים. דער דאָקומענט איז אַדרעסירט דער פּלימעניצע פונעם אומגעקומענעם:

**„קאָמיטעט פון מעלוכע־זיכערהײַט פון כאַבאַראָווסקער קאַנט.**

**13 יול 1989, נומ. 2627—10/2.**

**כאָשעווע גאַלינע וולאַדימיראָווגע!**

**די פאַרוואַלטונג פון קגב פון כאַבאַראָווסקער קאַנט האָט אָפּגעזוכט אַרכיוו־מאַטעריאַלן וועגן דעם ברודער פון אײַער מוטער — ברייל ג. ס.**

**ברייל גריגאָרי סאַוועליעוויטש (ער איז אויך הירש זוסעלעוויטש), געבוירן אין 1901 אין פּוילן, האָט געאַרבעט אַלס פאָרזיצער פון אָבלפּראָמסאָיוז (געגנטלעכן געווערב־פאַרבאַנד), געוווינט אין דער שטאָט כאַבאַראָווסק אָף דער מוכין־גאַס, 30, דירע 1.**

**ברייל ג. ס. איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 27 אַפּרעל 1937 מיצאַד דער פאַרוואַלטונג פון נקווד פונעם ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט לויט דער באַשולדיקונג אין אָנגעהעריקײַט צו „...דער אַנטיסאָוועטישער רעכט־טראָצקיסטישער אָרגאַניזאַציע".**

**לויט דער דאָזיקער אומבאַגרינדעטער באַשולדיקונג האָט די אַרויספאָר־סעסיע פון דער מיליטערישער קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פּססר דעם 26 מײַ 1938 אים פאַרמישפּעט צו דער העכסטער באַשטראָפונגס־מאָס — צום דערשיסן. דער אורטייל איז אויסגעפילט געוואָרן אין זעלבן טאָג.**

**דאָס אָרט, ווו גריגאָרי סאַוועליעוויטש איז מעקאָבער געוואָרן, איז אומעגלעך צו באַשטימען.**

**די מיליטערישע קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פּססר האָט דעם 15 אַפּרעל 1958 אָפּגעשאַפן דעם אורטייל פונעם 26 מײַ 1938 און דער איניען בענעגייע ברייל ג. ס. איז אָפּגעשטעלט איבער דער אָפּוועזנהײַט פונעם באַשטאַנד פון דעם פאַרברעכן. ברייל ג. ס. איז רעאַביליטירט נאָכן טויט...".**

אַזויאַרום, קאָן מען שוין פאַרפינקטלעכן: הירש ברייל איז געבוירן געוואָרן אין 1901 און איז אומגעקומען דעם 26 מײַ 1938.

# טרויער־מיטינג אפֿן IX פֿאָרט

דעם 28־טן אָקטיאבער איז געוואָרן 48 יאָר זינט די דײַטשישע פֿאשיסטן צוזאמען מיט די ליטווישע בורזשואזע נאַציאָנאליסטן האָבן אין קאָוונער געטאָ דורכגעפֿירט די „גרויסע אקציע“, בײַ וועלכער זיי האָבן אָפּגעקליבן 12 טויזנט מענער, פֿרויען און קינדער, זיי צונויפֿגעטריבן אפֿן IX פֿאָרט און דעם 29־טן אָקטיאבער 1941 מערדערלעך אומגעבראכט.

יעדן יאָר קלײַבן זיך צונויף אין אָט די טעג ייִדן פֿון גאנץ ליטע און מערקן אָפּ די טרויעריקע דאטע. אין די צײַטן פֿונעם סטאלין־רעזשים און פֿון דער סטאגנאציע פֿלעגט מען אפֿן פֿאָרט ארומהענגען מוידאָעס, אז ס׳קומט פֿאָר א „סאניטארישע ריייניקונג“, אָדער פֿאָשעט פֿארשטעלן די װעגן מיט מיליציע און מיטארבעטער פֿון דער זיכערהײַטסדינסט. אָבער אַף צעפּיקעניש אונדזערע שטאָטישע באלעבאטים האָט נאָך ניט פֿאסירט קיין איין יאָר, אז די ייִדן זאָלן ניט דורכפֿירן א מיטינג און דאפֿקע דאָ, אפֿן IX פֿאָרט.

האיאָר, אין איינקלאנג מיט דער פֿערעסטראָיקע און גלאסנאָסט, האָט דער קאָמיטעט פֿון ראַדיאָ און טעלעוויזיע אײַנגעאָרדנט דעם 28־טן אָקטיאבער א טראנסליאציע אַף ליטוויש און ייִדיש װעגן דער פֿאָלקס־טראגעדיע. די טעלעוויזיע האָט אינפֿאָרמירט וועגן דער צוגרייטונג פֿון דער קאָוונער ייִדישער קולטור־געזעלשאפֿט צום טרויער־מיטינג. אויך אין דער קאָוונער צײַטונג „קאונאָ טיעסא“ איז װעגן דעם געווען אָנגעדרוקט אן אינטערוויו מיט מיר.

12 אזייגער באטאָג, דעם 29־טן אָקטיאבער, האָבן זיך אפֿן IX פֿאָרט צונויפֿגעקליבן מער פֿון אָנדערהאלבן טויזנט ייִדן (ווי אויך ליטווינער) פֿון קאָוונע, ווילנע, שאוול, פֿאנעוועזש, קלײַפּעדע, אויך פֿון ווײַסרוסלאנד און אוקראַינע. צו באערן דעם אָנדענק פֿון די פֿארפּײַניקטע געטאָ־ייִדן זײַנען געקומען דעפּוטאטן פֿון אויבער־סאָוועט פֿון פֿון פּססר, דער פֿאָרזיצער פֿונעם קאָוונער אויספּירקאָם, סעקרעטאר פֿון דעם שטאָטישן פֿארטיי־קאָמיטעט, אָנפֿירנדיקע פֿערזאָנען פֿון פֿארשיידענע ליטווישע געזעלשאפֿטלעכע אָרגאניזאציעס, פֿארטייען און פֿארבאנדן.

אין דער ליטווישער און ייִדישער שפּראך האָבן גערעדט דרײַ לעבעדיקע אײדעס פֿון דער „גרויסער אקציע“: דמיטרי געלפֿערן, איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דער אונטערערדישער אנטיפֿאשיסטישער קאמפּס־אָרגאניזאציע פֿון קאָוונער געטאָ און פֿאָרזיצער פֿון דער הײַנטיקער אָרגאניזאציע „געטאָ־אסירים און קעמפֿער“, ווערא זשעלעזניאק — מיטגליד פֿון דער קאָוונער פֿארוואלטונג פֿון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאפֿט, און איך. ס׳זײַנען ארויסגעטראָטן עמאנועל זינגעריס — פֿאָרזיצער פֿון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאפֿט אין ליטע, יאָסיף טראָופּיאנסקי — א גאסט פֿון ייִסראָעל, לעקטאָר פֿונעם טעל־אוויווער אוניווערסיטעט, יאדוויגע ליעפּינײַטיענע — א קינדער־רעטערן, וועלכע האָט אין דער אָקופּאציע־צײַט געארבעט אין קינדעריאסלעס, ווו זי האָט, צוזאמען מיט אנדערע מיטארבעטער, אויסגעהיט עטלעכע צענדליק ייִדישע אייפּעלעך פֿון דער געטאָ, גוטמאן שמערקאָוויטש — א פֿארדינסטפֿולער זשורנאליסט, יוזעפּא באניענע — א ליטווינערן, איינע פֿון די טעטיקסטע אקטיוויסטן פֿון דער קולטור־געזעלשאפֿט, זיגמאנטאס קאזאקעוויטשוס — דער סעקרעטאר פֿונעם שטאָטישן פֿארטיי־קאָמיטעט, דער פּאָעט מארק זינגער און אנדערע.

נאָך א מינוט שטילשווײַגן האָבן אלע אָנוועזנדע מארשירט צום ערד־טאָוול פֿאר די דערמאָרדעטע און דאָרט געלייגט קרענץ און בלומען. דער פֿאָרשטייער פֿון דער קאָוונער סינאגאָגע אווראָם קרום האָט געזאָגט קאדיש. דער גאנצער האמוין איז אין איין שערענגע דורכגעגאנגען דעם גאנצן שעטעך פֿונעם צעשיסונגס־פֿעלד, פֿון די ברידער־קוואָרים, אָפּגעבנדיק מיט דעם קאָוועד אונדזערע אומגעבראכטע און פֿארפּײַניקטע ברידער און שוועסטער, טאטעס און מאמעס.

דער טרויער־מיטינג איז געווען ראַדיאָפֿיצירט און פֿילמירט. וועגן דעם מיטינג זײַנען דעם 31־טן אָקטיאבער פֿארעפֿנטלעכט געוואָרן רעפּאָרטאזשן אין אלע רעפּובליקאנישע צײַטונגען.

עליעזער זילבער,
געוו. פֿארטיזאן, היסטאָריקער,
פֿאָרזיצער פֿון דער קאָוונער
פֿארוואלטונג פֿון דער ייִדישער
קולטור־געזעלשאפֿט אין ליטע.

## קורצע רעצענזיעס

# אונדזער אייביקער איצער

אומגעריכט, ווי צו א יאָמטעוו, וואָס איז ניטאָ אין קאַלענדאַר, האָבן מיר אין פאָריקן יאָר געקראָגן י.־ל. פּערעצעס א ביכל דערציילונגען און נאָוועלן[1]. אינעם ביכל זײַנען אַרײַן זיבן קליינע דערציילונגען, זיבן שעדעווערס, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן מיט הונדערט יאָר צוריק און וועלכע קאָנען אָן א גוזמע אַרײַנגערעכנט ווערן צווישן די מוסטערן פון נאָוועליסטיק אין דער וועלט־ליטעראַטור, דערבײַ זײַנען זיי אָבער נאָר א טראָפּן פונעם אוצער, וואָס דער געניאַלער שרײַבער האָט איבערגעלאָזט אַף דאָר־דורעס. ס׳איז א קוואַל, פון וועלכן וואָס מער מע שעפּט, אַלץ מער באַגרײַפט מען זײַן טיפקײַט, זײַן דויערהאַפטיקײַט, זײַן לויטערקײַט.

דרײַ אָוועס האָט דאָס ייִדישע פאָלק — אווראָם, ייִצכאָק און יאַנקעוו. דרײַ אָוועס פאַרמאָגט אונדזער ייִדישע ליטעראַטור — מענדעלע, פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם. מענדעלע איז דער זיידע, י.־ל. פּערעץ — דער פאָטער, שאָלעם־אַלייכעם — דאָס אייניקל, צוזאַמען מיטן פאָלק האָבן זיי זיך געבאָדן אינעם יאַם פון ייִדישע צאָרעס, גזיירעס, קליינע פריידן און גרויסע אומגליקן, עס טוט א שפּיל דער פידל אַף א ייִדישער כאַסענע, אָבער אָפטער און דײַטלעכער הערט מען דעם אויסגעשריי „אייל מאָלע ראַכמים!”. די גדוילים אונדזערע האָבן אַלץ געהערט, אַלץ געזען און אַלץ געניוי פאַרצייכנט מיט געוויינלעכע פעדערס, פון אונטער וועלכע עס זײַנען אַרויס גאָלדענע ווערק.

ווער האָט פון זיי מער אופגעטאָן, ווער האָט איבערגעלאָזט א טיפערן אָנדענק, א בעסערע יערושע, ווער איז מער באַליבט, מער פּאָפּולער?

אַף דער צונג ליגט שוין דער ענטפער: שאָלעם־אַלייכעם, אָבער, דוכט זיך, אַליין שאָלעם־אַלייכעם וואָלט זיך א קנייטש געטאָן פון אַזעלכע פּוסטע קאַשעס, און ער וואָלט מיסטאַמע געזאָגט דערוף: קינדערלעך, פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין נאַרישקײַטן...

און קושניראָוו האָט אַמאָל אָנגעשריבן אין איינער פון זײַנע בעסטע לידער:

וויל צו די, וואָס קומען צו דער צײַט,
וויל צו די, וואָס האָבן ניט פאַרשפּעטיקט...

[1] י.־ל. פּערעץ. דערציילונגען און נאָוועלן. ביבליאָטעק פון „סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 5 (89), 1988.

איינעם אָנבליק פון די בלוטיקע געשעענישן, וועלכע זײַנען באַ אונדז פאָרגעקומען, וואָלט מען געדאַרפט אָנשטאָט „קומען” אָנשרײַבן „אוועק”. וויל צו די, וואָס זײַנען אוועק צו דער צײַט, אונדזערע באַרימטע דרײַ קלאַסיקער, זיי וואָלטן געוויס געהאַט דעם זעלבן גוירל, וואָס עס האָבן געהאַט דאָוויד בערגעלסאָן, פּערעץ מאַרקיש און די פיל אַנדערע אומשולדיק־אומגעבראַכטע שרײַבער.

די ווולגאַרע סאָציאָלאָגישע קריטיק האָט גאַנץ פײַן געצופּט שאָלעם־אַלייכעמען און דעריקער פּערעצן שוין נאָך זייער טויט. אַף דעם איז אַפילע געשטרויכלט געוואָרן אַזא טאַלאַנטפולער, איינער פון די בעסטע אונדזערע קריטיקער, דער וואָרטזאָגער אין דער נײַ־אופגעקומענער נאָך־אָקטיאַבערדיקער סאָוועטישער ליטעראַטור מוישע ליטוואַקאָוו. אין זײַן בוך „אין אומרו” (באַנד 2, 1926) האָט ער געשריבן, אַז פּערעץ „איז פאַרבליבן אין דער ליטעראַטור ווי א בליץ־ערינערונג, וועלכע רעגט און אינטריגירט סײַ דעם נײַעם שרײַבער, סײַ דעם נײַעם לעזער, אָבער נאָר אַלס א זייכער פון דעם, אַז „אַמאָל איז געווען א מיילעך”... דער נײַער לעזער האָט באַקומען בעיערושע פונעם פאָריקן לעזער־דאָר א טיפן דרערכערעץ צו פּערעצן און אַן אומקלאָרן באַוווסטזײַן, אַז אָן פּערעצן דאַרף מען זיך נישט באַגיין, אָבער אין דער זעלבער צײַט פילט ער, אַז אָן פּערעצן קאָן ער זיך באַגיין.



אָט אַזוי האָט מוישע ליטוואַקאָוו, א פּאַרפּירטער פון א פאַלשער טעאָרעטישער איינשטעלונג, גרינג אויסגעשטראָכן פּערעצן „אַלס פאַקטאָר פון לעבעדיקער שאַפונג, וועלכע פליסט איצט". אָבער מיט וואָס איז בעסער די ייִדישע ליטעראַטור פון דער רוסישער און אַנדערע ליטעראַטורן, מע האָט דען דעמלט ניט געשריבן, אַז מע קאָן זיך באַגיין אָן טשעכאָוון, וועלכער „פירט אין ערגעץ ניט", אָן בלאָקן מיט זיינע איינוויגנדיקע אַליטעראַציעס?

אויב אין ליטוואַקאָווס אַרטיקל פילט מען דאָך גרויס ייִראַס־האַקאָוועד צו פּערעצן, העכסטע אָנערקענונג, ווי צו א צוויבערנדיקער פּערזענלעכקייט, א דיכטער, וואָס האָט „געהערשט איבער א גאַנצן דאָר לעזער און שרייבער", הערן מיר שוין גאָר אַנדערע דיבורים בא א ליטעראַטור־קענער פון א סאַך נידעריקערן גראַד.

ווען מע לייענט א. ראָזענצווייגס ביכל „דער ראַדיקאַלער פּעריאָד פון פּערעצעס שאַפן", וואָס איז דערשינען אין 1934, דוכט זיך, אַז פּערעץ שטייט פאַר אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן פּראָקוראָר, א מין ווישינסקי, וועלכער פאָדערט די האַרבסטע שטראָף. פּריִער פון אַלץ מאַכט ער צו נישט פּערעצעס „אַדוואָקאַטן" — שאַכנע עפּשטיינען, יִצחאָק נוסינאָוון, נאָכעם אויסלענדערן און אויך טאַקע מוישע ליטוואַקאָוון, וועלכע זיינען ניט גענוג שאַרף אינעם אָפּשאַצן פּערעצן, זיי געפינען אין זיינע ווערק אייניקע מײַלעס.

„אָבער „כסידיש" איז דאָך בא פּערעצן א פאַקט, — רעכנט איבער דער פּראָקוראָר פונקט נאָך פונקט פּערעצעס פאַרברעכנס. — „די גאָלדענע קייט" איז דאָך בא פּערעצן א פאַקט, איז וואָס טוט מען מיט זיי?"

ס'איז צו באַוווּנדערן, וויִאַזוי אפילע די בעסערע קריטיקער פון יענער צייט פאַרגעסן ניט אופּצושטעלן א וואַנט, א שטרענגע מעכיצע צווישן פּערעצן דעם „ראַדיקאַל" און פּערעצן דעם אָפּטרעטער פונעם מאַגיסטראַלן וועג, פּערעצן פון די „יאָמטעוו־בלעטלעך" און פּערעצן פון „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און „כסידיש". מע צעטיילט פּערעצן גראָדליניק אָף צוויי פּעריִאָדן: א פּעריִאָד (א גאַנץ קורצער, שטרייכט מען אונטער), ווען דער שרייבער איז געווען אויסגעלייטערט און פּראָגרעסיוו, און א פּעריִאָד פון פאַרטונקלעניש, רעגרעס. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מייער ווינער, ריווקע רובין ריכטיק אָנגעוויזן אָף דער פּרימיטיווקייט פון אַזאַ „פּעריִאָדיזאַציע".

„צווישן צוויי בערג", „א גילגל פון א ניגן", „אויב נישט נאָך העכער" פון די „כסידישע" דערציילונגען, „באַם גויסעס צוקאָפּנס", „דריי מאַטאָנעס", „דער אַרענדאַר", „דריי קיכלעך" פון די „פאָלקס־געשיכטן" און אַלע אַנדערע דערציילונגען, וועלכע גייען אַריין אין די צוויי בענדער „כסידיש" און „פאָלקס־געשיכטן", זיינען, ווי די געזאַמלטע ווערק פון י.־ל. פּערעץ אין אַלע זיינע אַנדערע בענדער, געקנאָטן פון איין טייג, דערוואַרעמט און באַפליגלט מיט איין גרויסער ליבע צום פאָלק, צום פאָלקס־מענטש. דאָס הייסט ניט, אַז דער שרייבער האָט שטענדיק זיך געהאַלטן בא איין טעמאַטיק, ניין, אפילע ניט בא איין זשאַנער. אונדזערע קלאַסיקער זיינען אָבער שטענדיק געווען דער פּילבאַרער קאָמפּאַס פון זייער צייט, אָפּגערופן זיך אָף די וויכטיקסטע געשעענישן אינעם לעבן.

ווער פון די ייִדישע לייענער פונעם עלטערן דאָר האָבן ניט געלייענט „באָנציע שוויַיג"? די דערציילונג, וועלכע פאַרנעמט צען זייטעלעך פון קליינעם פאָרמאַט, האָבן מיר נאָך געלייענט אין דער זיבעטער גרופּע (דאַן זיינען קיין קלאַסן ניט געווען, נאָר גרופּעס), און דוכט זיך, דער זעלבער פּאָרטרעט, וואָס איז איצט אָף דער הילע פונעם „סאָוועטיש היימלאַנד"־ביכעלע, איז געווען אויך דעמלט אין דער שול־כרעסטאָמאַטיע, און ווידער, ווי אינעם ערשטן פּערטל פון אונדזער יאָרהונדערט, זעען מיר זיין שיינעם קאָפּ מיט די געדיכטע האָר, זיין הויכן שטערן, די בליצנדיקע אויגן. קיין באָרד ווי בא מענדעלען טראָגט ער ניט, א בערדל ווי בא שאָלעם־אַלייכעמען אויך ניט, נאָר זייער פיינע וואָנצעס, ווי בא מאָפּאַסאַנען.

„באָנציע שוויַיג", „קלאָץ־געשיכטן", „א קאַס פון א ייִדענע", „די פרומע קאַץ", „דער מעשולעך", שאָלעם־באַיִס", „דאָס שטרײַמל" — אַזאַ איז דער פולער אינהאַלט פונעם ביכל, וועגן וועלכן מיר ריידן דאָ. אַנאַטאָמיע, אַנאַליז איז ביכלאַל אָן אומעטיקע אַרבעט. אַז מע לייענט א גוטע זאַך, האָט מען האַנאָע און ס'פאַלט גאָרניט איין צו נעמען און צעגלידערן דאָס ווערק, אַריינקוקן אין די אַטאָמען און מאָלעקולן, וועלכע האָבן עס אַזוי פעסט און האַרמאָניש צונויפגעשמידט, אָן איין דעפעקט, אָן איין דורכגעלאָזטן שפּעלטל. די שרייבער אַליין האָבן אויך ניט ליב צו אַנאַליזירן, זאָלן דאָס טאָן ספּעציִאַליסטן, ליטעראַטור־קענער. אַוואַדע האָט דאָס אויך ניט געטאָן י.־ל. פּערעץ. ביכלאַל האָט ער, ווי מע דערציילט, געשריבן אָף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר, אָפּטמאָל באַם זעלבן טיש אין דער וואַרשעווער גמינע, ווו ער איז צענדליקער יאָרן, ביזן טויט, געווען א פּאָשטעטער אָנגעשטעלטער.

אַלזאָ, לאָמיר טאַקע פּרוּוון זיך א גריבל טאָן אין די אינגעווייִדן, אינעם מעכאַניזם, א קוק געבן, וויִאַזוי זיי זיינען געמאַכט די דאָזיקע בליצנדיקע, אָנגעשריבענע מיט גרויסער עקספּרעסיע נאָוועלן. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז אַזאַ נאָוועלע, לעמאָשל, ווי „א קאַס פון א ייִדענע" האָט בא פּערעצן פאַרנומען אָנצושרייבן פונקט אַזויפיל צייט, וויפל ס'האָט געדויערט, אַז די האַנט מיט דער פעדער זאָל באַוויזן אַריבערצוטראָגן אָפן פּאַפּיר די אימפּולסן, וועלכע עס שיקט דער שאַרפער מויעך און דאָס מיטפילנדיקע האַרץ. דאָ איז זייער צוגעפּאַסט צו זאָגן, אַז „ס'האָט זיך אויסגעגאָסן אין איין אָטעם". פּערעץ האָט ניט געשליפן יעדע שורע, ווי מענדעלע, די שפּראַך שיידט זיך אונטער פונעם „זייִדנס" שפּראַך, דער דיִאַלעקט איז אויך אָן אַנדערער. בא מענדעלען, וועלכער שטאַמט פון קאָפּוליע אין ווייסרוסלאַנד, איז דער ייִדיש־ווייסרוסישער דיִאַלעקט, בא פּערעצן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער אַלטער פּוילישער שטאָט זאַמאָשץ, איז דער ייִדיש־פּוילישער דיִאַלעקט, ס'טרעפן זיך ווערטער, וועלכע מע דאַרף פאַרטייטשן, אָבער דאָס לאָשן בא פּערעצן, אַזוי ווי בא מענדעלען, איז אויך א געלייטערטער, א קלאָרער, עס שעפּט די

זאפטן אָפּטמאָל פון צוויי לעשוינעס — ייִדיש און העברעיִש. ס׳זײַנען פאַרשטענדלעך פאַרן לייענער ניט בלויז די אויסיִעס, נאָר אויך די פּינטעלעך, מיט וועלכע דער גרויסער שרײַבער האָט גאַנץ אָפּט פאַרביטן די ווערטער, און די פּינטעלעך האָבן אויך קלאָר גערעדט.

די דערציילונג „א קאס פון א ייִדענע" פאַרנעמט אינעם ביכל זעקס מיט א האלבן זײַטעלעך. אין שאָלעם־אלייכעמס דערציילונג „א טעפּל" גיסט אויס א ייִדענע איר ביטער הארץ אין נײַן מאָס רייד, דערבײַ איז אין דער דערציילונג ניטאָ קיין איין איבעריק וואָרט. פּערעץ דערגרייכט דעם עפעקט פונעם פאַרקערטן. זײַן ייִדענע רעדט קימאַט ניט, איר ווייטיק, איר צאָרן דריקט זי אויס אין אָפּגעהאַקטע ווערטער. אויסגעשרייען צום מאַן, וואָס דאַוונט, צום קינד אין וויגל, וואָס וויינט, צום ריבוינעשעלוילעם אין ווײַטן הימל, צו זיך אליין, צו דער גרויסער אָרעמקײַט.

צוויי סטילן, פאַרשיידענע אויסדרוק־מיטלען פון צוויי גרויסע שרײַבער אונדזערע, בא איינעם — געלעכטער דורך טרערן, באַם אנדערן — פײַערדיקער גרימצאָרן, פײַנלעכער פּאַרטויבנדיקער ארײַנדונער, ווי א הילכיקער שאָס, אין אויער ארײַן: „נא, צי, בײַסן!"

די ערשטע שורע איז שוין גענוג אַף ארײַנצופירן דעם לייענער אין דער אַטמאָספער, אין וועלכער די האנדלונג קומט פאָר:

„דאָס קליינע שטיבל איז פאַרכוישעכט, ווי אין אים דער דאַלעס, אַף וועלכן עס וויינען אלע פיר ווענט".

די פאַרפולקומטקײַט, די מײַסטערשאַפט פון א קינסטלעריש ווערק ווערט געשאַצט לויט דעם, וויאַזוי עס זײַנען דאָרט אויסגעפורעמט מענטשלעכע כאַראַקטערס אין זייער אנטוויקלונג. ווונדערלעך־קורץ און ווונדערלעך־בילדעריש איז אין „א קאס פון א ייִדענע" געשילדערט דער „ער" און די „זי".

„זי — א ייִדענע אין די מיטעלע יאָרן — זיצט אַפן קאַסטן, וואָס פּילט אויס דאָס אָרט צווישן הימל־בעט און דער וויג.

זי האָט אין דער רעכטער האנט דאָס איינציקע, קליינע פאַרגרינטע פענצטער; לינקס דעם טיש, זי ארבעט א זאָק, שאָקלט צו דאָס וויגל מיטן פוס און הערט זיך אײַן, ווי ער לערנט באַם טיש. און ער לערנט מיט א זינגענדיק־וואָלאָכיש־וויינענדיק קאָל... דאָס קינד וועקט זיך ניט! עס איז געוווינט צו דער מוזיק!

און זי, דאָס יונגערהייט אײַנגעשרומפּענע ווײַב, זיצט און שעפּט נאָכעס פונעם מאַן... ער זאָל אזוי, — טראַכט זי, — טויגן צו דער־וועלט, ווי צו יענער, וואָלט איר דאָך אזוי וויל און ליכטיק געוועזן... דאָ אויך..."

געניאַל איז געגעבן דער בעהאַדראַגעדיקער אריבערגאנג פון נאָכעס־רועך, פון צופרידנקײַט מיטן מאַן דעם לאַמדן ביז צו טיפסטער אופגעבראַכטקײַט און פאַרצווייפלונג. „זי הערט זיך אײַן... איר אײַנגעשרומפּן פּאָנעם ענדערט זיך... זי וואַרפט אַן אויג אַפן קינד; עס שלאָפט שוין אומרויִק, עס וועט זיך באַלד אופכאַפּן, עס איז פאַרן קראַנקן קינד קיין טראָפּן מילך ניטאָ — און פון שאָטן איז שוין א וואָלקן געוואָרן...

ער לערנט און טײַטשט זיך אויס בעניִמעס: „איז דאָך פונדאַנען גערדרונגען..." אויסער זיך איז זי צוגעשפּרונגען צום מאַן מיט פּינע אין מויל, מיט נעגל אין פּאָנעם ארײַן.

— גערדרונגען, זאָגסטו, גערדרונגען? פּאַר פּייסעך... דאָנערשטיק... ס׳קינד קראַנק... קיין טראָפּן מילך! האַ!"

דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן. ווי גרויס דאַרף זײַן די פּײַן, די אויסוועגלאָזיקײַט, אז די פרומע שטילע ייִדישע מאַמע, וואָס האָט א וויגקינד, זאָל זיך אַנטשליסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד... „נאָר פון דער הייך דערזעט זי, אז דאָס דערשראָקענע, פאַרכאַלעשטע קינד בייגט זיך איבערן וויגל; אָט־אָט פאַלט עס ארויס..."

וויפל עקספּרעסיע, וויפל ענערגיע ליגט אין יעדן וואָרט! א דערשיטערנדיקן אײַנדרוק מאַכט די קליינע דערציילונג אַף אונדז ביז איצט, ווײַל טיפע מענטשלעכע איבערלעבונג און עמעסע קונסט ווערן קיינמאָל ניט פאַרעלטערט אָדער אָפּגעוועלקט.

עס וואַקסן איצט בא אונדז עטלעכע יונגע שרײַבער, דאָס איז אונדזער גרעסטע פרייד אין די לעצטע יאָרן. אלטע לײַט האָבן ליב צו געבן אייצעס די יונגע. איך וויל אויך האָבן די האַנאָע צו אייצענען די שרײַבער־אָנפאַנגער: לייענט דורך איין מאָל, א צווייט מאָל די דערציילונגען, וואָס זײַנען ארײַן אינעם פּערעץ־ביכל. לערנט זיי אויסוויייניק. זיי זײַנען דורכזיכטיק־קלאָר לויט דער אידיי, האַרמאָניש איז דער געדאַנק און געפיל, דערבײַ זעלטענע לאַקאָנישקײַט, די קורצע שורעס זײַנען פול אָנגעלאָדן, אלץ, וועגן וואָס עס ווערט דערציילט, שטייט פונעם אָנהייב ביזן סאָף, ווי א פּרעכטיק אָנגעמאָלט בילד פאַר די אויגן.

די העכסטע מאַדרייגע און דער גרעסטער דערפאָלג בא א שרײַבער איז דאַן, ווען אים גיט זיך אײַן צו שאַפן א געשטאַלט, וואָס ווערט א שעמדאָוואָר, א טיפּ, און אז מע טוט א טײַטל אַף עמעצן — „אַן אָבלאָמאָוו" אָדער „א מענאַכעם־מענדל", ווייסן מיר שוין, מיט וועמען מע האָט צו טאָן. אינעם פּערעץ־ביכעלע האָבן מיר צוויי אויסגעשפּראָכענע ליטעראַרישע טיפּן: „באָנציע־שווײַג" און „די פרומע קאַץ".

„באָנציע־שווײַג" איז די פאַרקערפּערונג פון האַכנאָע, געפאַלנקײַט, שטומקײַט, ווען א מענטש דערשטיקט אלע זײַנע ווייטיקן אין זיך, ער וואַגט ניט האָבן צו קיינעם עפּעס א טײַנע, אָפּגערעדט שוין פון געבן אַמאָל א געשריי. אין מעשעך ביט פון איין דאָר האָט זיך געקאָנט אויספורעמען אזא פיגור, ווי באָנציע־שווײַג, און אפילע אין אונדזער צײַט, אין שוין גאָר אנדערע באַדינגונגען, אנדערע לעבנספאַרהעלטענישן, קאָן מען נאָך טרעפן אזעלכע פאַרשטויסענע שטומע נעשאָמעס. „שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן; ווי א שאָטן איז ער דורך — דורך אונדזער וועלט".

אין דער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען קיין שרײַבער־פאַנטאַסטן ניט געווען. די ליטעראַרישע געשטאַלטן האָבן זייער אָפּט מיט געבעט און מיט האַ־

פענונג אופגעהויבן די אויגן צום הימל, אָבער אפן הימל גופא האָבן מאלאָכים זיי ניט ארופגעטראָגן. דער לעצטער וועג איז געווען אפן בעסוילעם.

פערעץ טראָגט אריבער באָנציען אפן הימל, צום בעסדן שעל מײַלע, דער מישפּעט — מיט א קאטייגער (פּראָקוראָר) און א מייליץ־יוישער, אן אדוואָקאט, איז דאָרטן, ווי מע קאָן זיך פאָרשטעלן, א מער גערעכטער, ווי אף דער ערד. אויב ריידן מיט אונדזער איצטיקן לאָשן, ווערט דאָרט באָנציע פולשטענדיק רעאביליטירט. דער פּראָקוראָר זאָגט זיך אָפּ פון זײַן באשולדיקונגס־רעדע:

„— ראבויסײַ — מעלדעט ער, — ער האָט געשוויגן, וועל איך אויך שווײַגן”.

איך געדענק, ווען מיר האָבן אין שול געלערנט פערעצן, האָט דער לערער פון ליטעראטור באזונדערס באטאָנט באָנציעס קליינע האסאָגע, וואָס ווען מע זאָגט אים:

„.... אלץ איז דײַנס, אלץ אין הימל געהער צו דיר! ווײַל אלץ, וואָס דאָ בלאנקט און בליצט, איז נאָר אן אָפּשײַן פון דײַן פארשוויגענער גוטסקײַט; אן אָפּגלאנץ פון דײַן נעשאָמע, דו נעמסט נאָר בא דיר אליין!”

„— נו, אויב אזוי, — שמייכלט באָנציע, — וויל איך טאקע אלע טאָג אינדערפרי א הייסע בולקע מיט פרישער פוטער!”

איצט טראכט איך, אז די האסאָגע איז גאָר אזא קליינע. ס'וואָלט אים אין אונדזער צײַט ניט אויסגעקומען צו שטיין נאָכן שטיקל פוטער אין א לאנגער אָטשערעד.

„די פרומע קאץ”... מענטשן, וועלכע האָבן ניט געלייענט פערעצן, ווייסן אויך וועגן דער „פרומער קאץ”. וויפל „פרומע קעץ”, מאנצבלען און פרויען, גייען ארום צווישן אונדז, „עמעס, עמעס, פרומע נעשאָמעס...”, וואָס דערווערגן איין קאָרבן זייערן נאָכן צווייטן.

„און מיט ראכמאָנעס איז זי צוגעגאנגען צום דריטן קאנאריק!

שרעק דיך ניט, — מאכט זי מיט דער ווייכסטער שטים, וואָס איז אמאָל ארויס פון א קאָצישן האלדז, — זינדיק ביסטו, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן, ווײַל איך האָב ראכמאָנעס אף דיר!

...און די קאץ פילט ערשט, ווי גוט עס איז צו מויכל זײַן, ווי א פרייד עס איז אין יענעם ארײַנצובלאָזן מיטן הויך פרומקײַט און ערלעכקײַט.

און עס וואקסט דאָס פרומסטע הארץ אין דער פרומסטער ווײַסער קאץ — עס האָט אים דערשטיקט!”

י.־ל. פערעץ איז ניט געווען קיין סאטיריקער, ווי מענדעלע מויכער־ספאָרים, אָבער אין א סאך, אויב ניט אין דער מערהײַט דערציילונגען און נאָוועלן, זײַנען בא אים צעוואָרפן אזויפיל שארפע שפּיזן, אָנגעצילטע אין יעטווידן מין פאלשקײַט, צוויעס, אומרעכט, אז זיי וואָלטן גענוג געווען פאר א גאנצן צעך „סאטיריקאָן”.

ס'איז איבעריק צו ריידן, אז כוץ „באָנציע שווײַג”, „די פרומע קאץ”, „א קאס פון א ייִדענע”, וועגן וועלכע מיר האָבן דאָ שוין עטוואָס אָנגעוויזן, זײַנען אויך די אנדערע פיר דערציילונגען — „קלאָץ־געשיכטן”, „דער מעשולעך” „שאָלעם־באיִס” און „דאָס שטרײַמל” — אינעם ביכל פראכטפולע מוסטערן פון הויכער קלאסיק.

י.־ל. פערעץ, ווי אויך מענדעלע און שאָלעם־אליכעם, זײַנען געווען גאנץ קאַרג אף נאטור־באשרײַבונגען, מאָלן פּייזאזשן איז ניט געווען אין זייער טעווע. ס'זײַנען, ווײַזט אויס, גערעכט יענע קריטיקער, וועלכע דערקלערן עס דערמיט, וואָס די ייִדישע באפעלקערונג, פארשפּארט אין ענגשאפט אין טכום האמוישעוו, בא פארזומפּיקטע גנילאָפּיאטעווקעס, אָפּגעשיידט פון וואלד און לאָנקע, פון אזעלכע „פריצישע” צײַטפארטרײַבערײַען, ווי, לעמאָשל, פישפאנג און יאגד, פארטאָן און פארדײַגעט: „ווו נעמט מען א דרײַערל אף שאבעס?”, איז דער קאָפּ אוודע ניט געלעגן און דער אויער איז ניט געווען אָנגעשפּיצט צו הערן דאָס געזאנג פון פייגעלעך, וואָס זײַנען דורכגעפלויגן דורך קאסרילעווקע און קאָפּצאנסק, פארהאלטן האָבן זיי זיך דאָרט ניט, געפלויגן ווײַטער, ווו זיי איז ניט פארבאָטן „פּראוואָזשיטעלסטוואָ”. קיין ווונדער ניט, אז אלע פייגל, כוץ עפשער דער סאָלאָוויי און די קוקאווקע, ווערן פּאָשעט אָנגערופן „פייגל”. שוין פיל שפּעטער, אין די דרײַסיקער יאָרן, האָט הענעך קאזאקעוויטש פארעפנטלעכט א ייִדישן נאָמען־צעטל פון א געוויסער צאָל פייגל, אָבער די מערהײַט נעמען האָבן זיך נישט אײַנגעבירגערט ניט אין אומגאנגס־לאָשן, ניט אין דער ליטעראטור... מינים פון געוויקסן זײַנען קימאט אויך ניט קלאסיפיצירט, פּאָשעט — ביימער, גראָז. בא מענדעלען שאָקלען זיך די צווײַגן אף די ביימער און דאוונען, די פייגל זינגען שירע.

אין פערעצעס דערציילונג „דער מעשולעך” קומט פאָר די סיפּער־האמײַסע אין וועג. „ער גייט, און דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס און די ווײַסע באָרד”. דער לאנגער וועג איז באוויזן אָן א וועלכער־ניט־איז געניוערער נאטור־שילדערונג.

„ער קוקט זיך אום — ארום און ארום שניי; אויבן — א גרויער הימל מיט שווארצע שמאטעס געלאטעט”.

עס פעלט דעטאליזירונג, אָבער צי דאַרף מען זיך פילן אים, דעם וועג, און צוזאמען מיטן אכציקיאָריקן שמאריען נעמט אונדז אויך דורך א וויסטע קעלט אין אלע אייוורים. די לעבנס־געשיכטע, וואָס דער אלטער מעשולעך דערציילט זיך אליין, גייענדיק אין זײַן לעצטן וועג, איז אזוי פײַנלעך געפרעסט, אזוי דערשיטערנדיק קלאָר איז דער טראגישער סאכאקל פון א לאנג לעבן, אז פאר קיין שום אנדערע דעטאלן איז ניטאָ קיין אָרט. ביכלאל, די גרויסע מײַלע פון לאקאָנישקײַט דאַרף מען זיך לערנען בא פערעצן.

איינע פון די שענסטע און בעסטע דערציילונגען פערעצעס איז די דערציילונג „דרײַ מאטאָנעס”. אינעם ביכל איז זי ניט ארײַן, זי געהערט צו אן אנדער סעדרע, צו די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן”, און מיר דערמאָנען זי דאָ, ווײַל ס'ווערט אין איר דערציילט וועגן א נעשאָמע, וועלכע וואנדערט אום איבער דער ערד, זי זוכט דרײַ מאטאָנעס ארופצו־

ברענגען אפן הימל, קעדיי צו פאַרדינען איר אָרט אין גאַניידן.

און זי געפינט זיי — „עמעס שיינע מאַטאָנעס, אויסטערליש שיינע...״

א זוכנדיקע נעשאָמע איז געווען י.־ל. פּערעץ, ער האָט געזוכט און געפונען און אַרייַנגעבראַכט אין אונדזער ליטעראַטור זייער שיינע מאַטאָנעס, וואָס וועלן לעבן אייביק.

ט עוויע ג ען

# דער גורל פון אַן עכטן מענטשן

ווען מע טוט א גיי מיטן אויג איבער די ווערק פונעם פּרוכטבאַרן ראָמאַניסט הערשל פּאָליאַנקער, אָנהייבנדיק פון „שויעל דער זייפנמאַכער״, „שמייַע גאַזלען״, „דער בעקער פון קאַלאָמייע״ און פיל אַנדערע ביז דעם „לערער פון מעדזשיבאָזש״, ווערן קלאָר די אָנגעשטרענגטע זוכונגען פונעם שרייַבער און זייַן שטענדיקע שטרעבונג צום אידעאַל, צו דעם אידעאַלן העלד, וואָס טיילט זיך אויס מיט זייַן הויכער זיטלעכקייַט, אַקטיווער טעטיקייַט, מענטשן, וואָס קאָנען קיין אוולעס ניט לייַדן און וועלכע פאַרלירן ניט זייער מוט אין די סאַמע קריטישע סיטואַציעס. פאַרקערט, זיי קאָנען דערמונטערן ניט בלויז זיך, נאָר אַלע אַרומיקע מיט א פריילעכן וויץ, מיט א כאָכמעלע. דער פאָלקסהומאָר איז א שטענדיקער באַגלייטער פון פּאָליאַנקערס ווערק, דער הומאָר, וואָס שטאַמט, זעט אויס, פונעם שרייַבערס כאַראַקטער, פון זייַן אייגענעם וועלט־באַנעם.

דערצו זייַנען זייַנע פּערסאָנאַזשן ניט פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן, זיי זייַנען מענטשן פון א קאָנקרעטער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער סוויווע, אַרויסגעוואַקסן און זיך פאָרמירט אין באַשטימטע היסטאָרישע און געזעלשאַפטלעכע אומשטאַנדן. זיי זייַנען אַלע דערקענבאַרע, און דערפון נעמט זיך די וואָרהאַפטיקייַט פונעם געשילדערטן, ווי אויסטערליש עס זאָל זיך ניט דוכטן. פון דעם מין זייַנען אויך די העלדן פונעם ראָמאַן „דער גורל פון א קינסטלער״.

פון דעם מין, אָבער פון אַן אַנדער מאַדרייגע.

דער הויפּט־העלד אַליין, סימאָן מאַרקוס, און זייַן אומגעוויינלעכער גוירל האָט געצווונגען דעם שרייַבער אָפּטרעטן פון זייַן געוויינלעכן נוסעך, זוכן נייַע פאַרבן, נייַע שילדערונגס־מיטלען, ווייַל דער גאַנצער סיפּער־האַמייַסע, די גויראָלעס פון די העלדן זייַנען פול און איבערפול מיט טראַגיזם.

עמעס, פאַר אייניקע פּערסאָנאַזשן פונעם ראָמאַן, פאַרן באַלעבאָס פון דער באַרימטער פירמע, מישטיינס־געזאַגט, „פירמע־זינגער״, לייבעש רודניצקי פונעם שטעטעלע גלושאָוו, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פאַריכטן נייַמאַשינען, פאַר לויזען, וועלכע האָט כאַסענע געמאַכט פאַר זיך דעם יונגן קינסטלער, און פאַר זיין שוויגער אַגנעטע, וואָס האָט פאַרקישעפט מאָסקווער מאָדניצעס מיט אירע קונציקע פריזורן, געפינט דער שרייַבער ניט ווייניק הומאָריסטישס. אפילע פאַרן פאָטער פונעם קינסטלער, ווען מע האָט פון כויזעק א נאָמען געגעבן דאָוויד האַמעלעך. אָבער דער אַלגעמיינער נוסעך פונעם ראָמאַן שיידט זיך אויס פון פיל זייַנע פריקע ווערק.

עס וואָלט זיך אוודע געוואָלט ברייטער דערציילן וועגן קינסטלערס פאָטער דאָוויד מאַרקוס, וועמען דער שלימאַזל איז נאָכגעגאַנגען פוסטריט. זיך אומגעקערט פון דער יאַפּאַנישער מילכאָמע אף איין פוס און דאַפּקע גליקלעך כאַסענע געהאַט פאַר זייַן געליבטער און געטרייַער זעלדען, ווערט ער לויט א בילבל אין באָלשעוויסטישער אַגיטאַציע פאַרמישפּעט אף דרייַ יאָר קאַטאָרגע. און ווען ער קערט זיך אום אַהיים, וויל אים קיינער ניט נעמען אף דער אַרבעט, כאָטש ער איז אַן ערשטקלאַסיקער שלאָסער. ער מוז פאַרלאָזן זייַן שטעטל, און אייניינעם מיט דער פרוי און מיטן קינד זיך לאָזן אין א ווייַטן וועג אַזש קיין קיעוו צו זייַנעם א פרייַנט פון דער קאַטאָרגע. דעם פרייַנט האָט ער ניט גע־




הערשל פּאָליאַנקער. דער גורל פון א קינסטלער, ראָמאַן, פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 1985.

פונען, נאר אין איינער פון די קיעווער פארשטעט, אפן פאדאל, האט זיי ארײַנגענומען צו זיך איינע א פוילישע פרוי, וואנדע טוראווסקאיא, אויך א געליטענע פון די צארישע פארפאלגונגען.

עס וואלט זיך זייער געוואלט ברייטער אנמאלן דאס געשטאלט פון דער נאבעלער פרוי וואנדע — א לערערן און אליין א מאלערן, וועלכע האט די ערשטע דערפילט און אפגעשאצט דעם טאלאנט פון נעם קומענדיקן קינסטלער און אפגעשפילט אן אנטשיידנדיקע ראל אין זײַן ווײַטערדיקן וווּקס.

און די מאמע זײַנע, זעלדע, די געזונטע און ארבעטזאמע פרוי, וועלכע איז פון צארעס און אייביקער נויט פרי אלט און גרוי געווארן, האט אויך פארדינט, מע זאל זי דערמאנען. אן זיי און אן פיל אנדערע פאלקס־מענטשן, אן די רעוואליוציאנערע געשעענישן אין קיעוו, מיט די דעמאנסטראציעס און מאניפעסטאציעס, אלץ, צו וואס ס'איז געווען אפן דאס הארץ פון דעם נאך גאר יונגן באכערל, אן די אונטערערדישע קרײַזלעך פון יונגע ארבעטער און אן דער טורמע, אין וועלכער סימאן איז אפגעזעסן עטלעכע כאדאשים, ווען קיעוו האבן אקופירט די דײַטשן, וואלט געבליבן ניט קלאר, פארוואס איז דער קינסטלער סימאן מארקוס געווארן אזא און ניט קיין אנדערער. סײַ אלס קינסטלער און סײַ אלס מענטש.

און אוואדע ווילט זיך דערמאנען דאס מיידל אינעם בלויען קליידל, אין א לײַכט רעקעלע און אין א רויטער קאסינקע אפן קורץ געשוירענעם קאפ — זינע, מיט וועמען סימאן האט זיך באקאנט אף איינער אן אונטערערדישער באגעגעניש. זינע, וואס איז געווען זײַן ערשטע און איינציקע ליבע.

און עפשער מער פון אלץ די טריפאליער טראגעדיע, ווען צווישן פיל קאמיוגיסטן, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין שלאכט מיט זעליאניס באנדעס, איז אומגעקומען אויך זײַן געליבטע. דאן פארלאזט ער זײַן נאך ניט רײַפע מאלערײַ און נעמט א ביקס אין דער האנט, קעדיי קעמפן מיט די סאנים פון דער ראטנמאכט. אזוי וועט ער טאן אויך אין פיל יארן ארום, ווען עס וועט זיך אנהייבן די גרויסע פאטערלענדישע מילכאמע. נאר דאן וועט זײַן א ביסל אנדערש. ער וועט קעמפן מיטן פאשיזם מיט דער ביקס און מיטן פענדזל אייינצײַטיק.

ווען איך נעם איצט באטראכטן, אין וואס באשטייט די באזונדערקײַט פונעם אנגעמאלטן העלד, מיט וואס איז ער ליב, אינטערעסאנט און באלערעוודיק סײַ פארן עלטערן, סײַ פארן ייִנגערן לייענער, מיט וואס רופט ער ארויס צו זיך טיפע אכטונג און רעגעוודיקן מיטגעפיל, ווילט זיך זאגן, אז דאס איקערדיקע באשטייט אין דעם, וואס דער שרײַבער האט בוילעט אנטפלעקט זײַן מענטשלעכן מעהוס, זײַן געפיל פון הויכער פאראנטווארטלעכקײַט פאר זײַן טאלאנט און פאר זײַן באַרוף, זײַן טיפן באנעמען די ראליע פון א קינסטלער אינעם לעבן פון דער געזעלשאפט.

ניט גרינג איז געווען זײַן וועג צום רום. ניט ווייניק מאטעריעלע נויט און מאראלישע דערנידעריקונגען. און דער ערשטער קאנפליקט זײַנער איז געווען מיטן אייגענעם טאטן, וועלכער האט ניט געקאנט אים פארשטיין און געפאדערט, ער זאל זיך אויסלערנען עפעס א מעלאכע, קעדיי לינדערן א ביסל די נויט. דעם ניסאיען פון גרינגע פארדינסטן איז סימאן בײַגעשטאנען אויך אין מאסקווע, שוין א בארימטער קינסטלער, ווען ער לאזט איבער האקל־באקל, אפילע דאס אייגענע ווײַב, און הייבט אן וואנדערן איבער די שטעטלעך, מאלן פאשעטע, ערלעכע הארעפאשניקעס, גוטע מענטשן, וועלכע זײַנען געבליבן אין זיקארן פון זײַן שווערער קינדהײַט. און בעסויכעם אויך דעם טאטן, די מאמע, די גוטע לערערן וואנדע און, פארשטייט זיך, דאס מיידל אין דער רויטער קאסינקע, די איינציקע ליבע זײַנע, וועמענס שטריכן ער האט פארקערפערט אין פיל פרויען־געשטאלטן.

און גראד אט די בילדער האבן מיט זייער פאשטעס, מיט זייער ווארהאפטיקײַט געהאט א ראשיקן דערפאלג אף זײַן אויסשטעלונג אין קיעוו, אף וועלכער ס'איז אפילע געקומען צו פליען זײַן פרוי. נאר נאך אלעמען, ווען מע לייגט אים אין קיעוו פאר א באזונדערע דירע און א גוטע ארבעט, מע זאגט אים צו גאלדענע בערג, ווי עס רעדט זיך, לאזט ער ווידער איבער אלץ. זײַן לויזע גייט איבער דעם אוועק פון אים אף שטענדיק, און ער לאזט זיך אוועק אין די קארפאטן, צו דער סאמע גרענעץ. עס האט אנגעהויבן שמעקן מיט א מילכאמע, און ער האט פארשטאנען, דערפילט, אז זײַן כויוו איז — רופן צו פעסטיקן די לאנדשוץ און מאלן דאס לעבן פון די העלדישע גרענעצלער. ער לעבט אינאיינעם מיט זיי, גייט אף זייערע געפערלעכע אפעראציעס, ער זאל זען אלץ מיט די אייגענע אויגן און דערפילן אלץ מיט זײַן אנגעווייטיקט הארץ.

די ערשטע דײַטשישע באמבעס פאלן אף דער זעמליאנקע, אין וועלכער עס האבן זיך געפונען זײַנע בילדער, און אלץ ווערט פארברענט. און סימאן כאפט גלײַך א ביקס, ווערט א שלאכטמאן. אינאיינעם מיט די רויטארמייער שלאגט ער אפ עטלעכע אטאקעס, דערנאך מאכט ער דורך אינאיינעם מיט זיי דעם שווערסטן און בלוטיקסטן מארש אף מיזרעך, ווערט שווער פארוווּנדעט, און עס הייבט זיך אן א סעדרע פון האספיטאלן און אפעראציעס, איינע געפערלעכער פון דער אנדערער, און די דאקטוירים הערן ניט אוף וווּנדערן זיך, ווי קאן עס א מענטש אזויפיל אויסהאלטן.

און ווי נאר ער קומט א ביסל צו־זיך, בעט ער אויס פאר זיך א שטיל ווינקעלע בא א פענצטער און נעמט ווידער מאלן. און גאר אינגיכן ווערט אין דער שטאט, ניט ווײַט פונעם פראנט, אײַנגעארדנט אן אויסשטעלונג פון זײַנע נײַע בילדער, און די אויסגעהונגערטע שטאט־לײַט, אינוואלידן פון די האספיטאלן באקוקן פארגאפטע, מיט פלאטערנדיקע הערצער דאס, וואס יעדערער פון זיי האט אליין איבערגעלעבט.

וויפל מאל האט ער ארויסגעוויזן א בייזע, עפשער אפילע א זינלאזע אקשאנעס, האנדלענדיק אפצולאכעס זיך אליין, אפט אפילע ריזיקירנדיק מיטן לעבן. אזוי איז געווען אויך דאן, ווען די מעדיצינישע קאמיסיע האט באשלאסן, אז לויט זײַן איצטיקן געזונט־צושטאנד, נאך די צוויי שווערע אפעראציעס אף די לונגען, איז אים קאטעגאריש פארווערט זיך

אומקערן אפן פראנט. נאר ווי האט ער געקאנט בלײַבן אין הינטערלאנד? ער האט דאך א באַוונדערן כעזשבן מיטן פאשיזם! און טראָץ דעם קאַטעגארישן פארווער גייט ער אוועק אפן פראנט, באטייליקט זיך אין פיל שלאכטן. און יעדע פרײַע מינוט לייגט ער אוועק די ביקס און נעמט אין דער האנט דאס פענדזל.

סימאנס טייל האט אנגעהויבן באפרײַען פוילן, און אט איז ער אף דער טעריטאריע פון איינעם א טויט־לאגער.

פאר די מילכאמע־יארן האט דער סאלדאט און קינסטלער זיך אנגעזען מיט גענוג שוידער, נאר דאס, וואס ער האט געזען איצט, איז געווען אומבאגרײַפלעך. „דא האט ער זיך געגעבן א שוווּע, אז ער וועט דאס גאנצע לעבן ווידמענען אף באַווײַזן דער גאנצער וועלט דאס טײַוולאנישע ווינקעלע אין די אלטע פוילישע וועלדער".

און ער איז געבליבן טרײַ דער שוווּע. שוין אין דער ערשטער באפרײַטער פוילישער שטאט האט דער פאליט־אפטייל פון דער ארמיי אײַנגעארדנט אן אויסשטעלונג פון סימאנס בילדער. דערנאך, ווען גאנץ פוילן איז באפרײַט געווארן, האט זײַן אויסשטעלונג ארומגעוואנדערט איבער ווארשע, לאדז, קראקע און פיל אנדערע פוילישע שטעט.

הערשל פאליאנקערס ווערק איז ניט בלויז וועגן דעם גוירל פון א קינסטלער, נאר וועגן דעם גוירל פון א מענטשן, וואס איז שטענדיק ערלעך מיט זיך אליין, זוכט קיינמאל ניט קיין גרינגע וועגן און קאן ניט גיין אף קיין מינדסטער פשארע מיטן אייגענעם געוויסן.

מע קאן זיכער זאגן, אז דעם שרײַבערס הויפּט־העלד האט ניט וואס זיך צו שעמען פאר זײַנע פארגייער: פאר שמײַע גאזלען, פארן בעקער פון קאלאמייע, פארן לערער פון מעדזשיבאזש און פיל אנדערע. ער פארנעמט א בעקאוועדיק ארט אין דער גאלעריי פון די קאלאריטפולע געשטאלטן פון עכטע מענטשן, וואס הערשל פאליאנקער האט געשאפן.

כאיים מעלאמוד

---

# א באזוכער פון ווילנע

ווילנע, די פרעכטיקע אוראלטע שטאט. ניט ווייניק באגײַסטערטע זײַטלעך האבן איר געווידמעט ווארט־קינסטלער פון פארשיידענע נאציאנאלע ליטעראַטורן. ווילנע איז אין טאך די גרונט־טעמע אין דער ליטערארישער שאפונג פונעם אנגעזעענעם ייִדישן סאוועטישן פראזאיקער יויסעף ראבין. ווילנע איז בא אים ניט נאר א טעמאטישער אביעקט, ניט נאר א פאן פון דער סאציאלער ווירקלעכקײַט. זי איז אין זײַנע ווערק אויך א קינסטלעריש געשטאלט, וואס מאכט פולער און בוילעטער דעם געשילדערטן טיפאזש. אין י. ראבינס בוך „די שטאט פון מײַן יוגנט" זײַנען אײַנגעשלאסן דרײַ ראמאנען און אווטאביאגראפישע נאוועלעס. דער קליינער ראמאן „כאוועלע געפען", מיט וועלכן דער בוך עפנט זיך, טראגט אונדז אריבער אין 1918 יאר, ווען אין ווילנע האט זיך אײַנגעשטעלט די ראטנמאכט, נאר זי האט זיך נאך ניט פארפעסטיקט. נארוואס האבן זיך אפגעטראגן די דײַטשישע אקופאנטן. און נאך איידער די טיילן פון דער רויטער ארמיי זײַנען ארײַנגעטראטן אין שטאט, האבן אין איר געווילדעוועט צעיושעטע פוילישע לעגיאנערן.

„כאוועלע געפען" איז אנגעזעטיקט מיט רעוואַליוציאנערן פאטאס. מע שפירט די אטמאספער פון דער גאס, דעם אטעם פון די העראישע שטורעם־טעג. דער שרײַבער דעקט אוף די סאציאלע פארבאדינגען, וועלכע האבן פארברידערט מענטשן פון פארשיידענע נאציאנאליטעטן אין אן אלגעמיינעם קאמף פאר א נײַער, פרײַער וועלט. פארן לייענער דערשײַנען שטרענג אינדיווידואליזירטע פארשוינען, מאמעש ארויסגעכאפטע פונעם לעבעדיקן לעבן. באזונדערס פארגעדענקען זיך דער שטילער באשיידענער שנײַדער זיאמע ראמעס מיט זײַן אפענער פאטישער נעשאמע, די איידלמוטיקע באלשעוויקעס גערשן דער שטעפער און זײַן פרײַנט ניקאלײַ לאַ־




יויסעף ראבין. די שטאט פון מײַן יוגנט. ראמאנען. אווטאביאגראפישע נאוועלן. פארלאג „סאוועטסקי פיסאטעל", מאסקווע, 1985.

פאַטין. די סאַמע קאַלאַריטפולע פיגור איז דאָס צוזאַנציקיאָריקע האַרעפּאַשנע מיידל כאַוועלע געַ־פען, א פלאַמיקע באַלשעוויטשקע, איינע פון יענע העלדישע פּרוויען־טיפּן, וועלכע ס'האָט אַרויסגע־הויבן די רעוואָליוציע. כאַוועלע איז א מענטש מיט א פילבאַר הארץ און אן אומרויִקן גײַסט. אומע־טום זעט מען זי, אָט טרעט זי אַרויס מיט א רעדע אַף א מאַסן־מיטינג, אַגיטירנדיק פאַר דער ראַטנ־מאַכט. און אָט איז זי אַף א זיצונג פונעם ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן. כאַוועלע איז אי שטרענג, ערנסט, אי מילד, צוגעלאָזט. עפּעס א מין קינדערשע אומיטלבאַרקייט שפּאַרט אַרויס פון איר גאַנצן וועזן. זי איז אופריכטיק אין ליבע. דאָס אינטים־פּערזענ־לעכע און דער פּאָליטישער באַוווסטזײַן זײַנען בא איר אין האַרמאָנישער גאַנצקייט. פעסטער גלויבן אין זיג פון גערעכטיקייט און גוטס — אזא איז דער לייטמאָטיוו פונעם ווערק.

„איך זע דיך, ווילנע”. דער דאָזיקער ראָמאַן איז אָריגינעל געבויט. יעדעס קאַפּיטל ווערט באַגלייט מיט א לירישער אָפּווענדונג. דאָס טראָגט אַרײַן א פּאַטעטישן שטראָם אין סוזשעטישן געוועב פונעם ווערק. פון זײַן קוק־ווינקל אין מאָסקווע זעט דער שריפטשטעלער די אַלטע ווילנע, די שטאָט פון זײַן יוגנט, רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט. ער זעט זי אין פאַרשיידענע פּעריאָדן פון איר הערואיִשער געשיכטע. אין די לירישע אָפּווײַכונגען קלינגט דעם אויטאָרס שטים, א פּײַערלעך דערהויבענע, ווען ער זעט זײַן שטאָט א באַפרײַטע, א יאָמטעוודיקע אין דער סאָוועטישער טקופע; אָן אופגערעגטע פון צאַר און צאָרן, ווען ער זעט זי א פאַרומערטע אונטערן קנאַפּל פון די היטלעריסטן.

די צענטראַלע טעמע פונעם ראָמאַן איז דער טראַגישער גורל פון צענדליקער טויזנטער ייִדן אין ווילנער געטאָ און דער מעסירעסנעפּעשדיקער ווידערשטאַנד פון אירע קעמפער. אין פאָדערגרונט פון די ענטוזיאַסטן־קעמפער איז דער שטאָלצער, פאַרהאַרטעוועטער קאָמוניסט איציק וויטענבערג, וועלכער האָט אַרײַנגעשריבן א העלדיש זײַטל אין פּינקעס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין די ייִדישע געטאָס. ראַבין האָט געגעבן די קינסטלערי־שע פאַרקערפּערונג פון אָט דעם ליכטיק געשטאַלט. ער מאָלט אים אַלזײַטיק. מע זעט אים אין די יאָרן פון זײַן הונגעריקער קינדהייט אין דער מישפּאָכע פון א שנײַדער, אין זײַן יוגנט, אַלס געזעלשאַפט־לעכן טוער. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס גראָדע אים האָט מען אָנגעטרויט די אָנפירונג פונעם פּראָ־פאַריין פון די לעדער־אַרבעטער און פונעם קאָמי־טעט צו ווערבירן איבערוואַנדערער קיין ביראָבי־דזשאָן.

פיל זײַטלעך זײַנען געווידמעט וויטענבערגס טיטאַנישער אַרבעט צו שאַפן אין געטאָ א פּאַרטי־זאַנישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. שטיצנדיק זיך אַף די אָנווײַזונגען פונעם קאָמוניסטישן אונטערערד און אַף דער פּראַקטישער הילף פון די פּאַרטיזאַנער אין די אַרומיקע וועלדער, האָט זי דעם סוינע אָנ־געטאָן ניט ווייניק שאָדן. רירנדיק איז די באַ־שרײַבונג פון די אומשטאַנדן, וואָס האָבן געבראַכט צו איציקס טראַגישן טויט.

באַנאַנד מיט וויטענבערגן זײַנען אַרויסגעפירט אויך אַנדערע רעאַלע פּערזענלעכקייטן: דער דיכ־טער הירש גליק, דער אויטאָר פון דער באַוווסטער ליד „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג”, די שרעקלאָזע קאָמוניסטקע סאָניע מאַדייס־קער אאַ.

די געשעענישן אינעם ראָמאַן „מײַן טײַערער צעדרייטער” קומען פאָר ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע און אין די ערשטע כאָדאָשים פון דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע. דאָ האָבן מיר צאַפּלדי־קע שטיקער פונעם ייִדישן אַרט לעבן אין דער בור־זשואַזער ווילנע און אין יענעם קורצן צײַט־אָפּ־שניט, ווען ליטע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין פאַר־באַנד פון די סאָוועטישע רעפּובליקן. אין גרונט באַוועגט זיך די האַנדלונג אַרום דער שטוב פונעם צושנײַדער רעפאַעל קאַרנבלאַט. זי שנײַדט זיך אַרויס ווי א סימבאָל פונעם ייִדישן פאָלקסלעבן מיט אַלע זײַנע אַטריבוטן פון יענער צײַט. דאָ קומען זיך אָפּט צונויף די מעכוטאָנים, קרויווים פון די גאַסטפרײַנטלעכע באַלעבאַטים און גלאַט באַקאַנטע, נײַגעריקע זיך צו דערוויסן עפּעס נײַס. אין דעם צוזאַמענהאַנג ווערן געגעבן טרעפלעכע פּאָרטרעטן פון די אָנוועזנדע, עס וויקלט זיך פאַנאַנדער אַן איבערפלעכט פון מענטשלעכע גורלען. נאָר אָט רײַסט זיך אַרײַן אין שטאָט די ברוינע בעסטיע, און צו דעם אַלעם קומט א סאָף. עס הייבט זיך אָן די גרויסע טראַגעדיע פון מאָרד און רויִנירונג.

אין דער געשטאַלטן־סיסטעם פונעם ראָמאַן פאַר־נעמט א באַזונדער אָרט דער סטודענט פונעם וויל־נער אוניווערסיטעט כאַימקע מילגרוים, וועלכער איז פאַרליבט אין רייזלען, רעפאַעלס טאָכטער. און ווע־מען די פאַרליבטע אין אים דווירעלע האָט גוט־מוטיק געקרוינט מיטן נאָמען „טײַערער צעדרייטער”. ער איז אייגנטלעך דער הויפּט־העלד. מיר דערוויסן זיך אייניקע פּראַטים וועגן זײַן אָפּשטאַמונג — א זון פון א שטעפּער און א נייטערן פון א ליטוויש שטעטל. כאַימקע איז לויט דער נאַטור א שווײַגער, א שעמעוודיקער. דער מעכאַבער קאָנצענטרירט די אויפמערקזאַמקייט מער אָפּן גײַסטיקן צושטאַנד פון זײַן העלד און ווייניקער אַף די אויסערלעכע אומ־שטאַנדן פון זײַן לעבן. פון טכילעס לעבט ער מער אין כאַלוימעס איידער אַף דער וואָר. ער פּאַסט אוף די אַרומיקע ווירקלעכקייט דורך דער פּריזמע פון זײַנע זעונגען. די סימבאָליק פון זײַנע וויזיעס באַקומט אָפּט א סאָציאַל־פּאָליטישן זין. מײַסטעריש שילדערט ראַבין די אָנגעשטרענגטקייט פון כאַימ־קעס געדאַנקענגאַנג, די באַוועגונג פון זײַנע גע־פילן, זײַנע שווערע אינערלעכע פּײַניקונגען. ס'איז אים ניט גרינג צו באַנעמען, וואָס ס'קומט פאָר אַרום אים. ער וויל זיך פאַנאַנדערקלײַבן, אַלץ באַזיניקן, זיך דערגרונטעווען צום זין פונעם מענטשלעכן זײַן. די יעדיִעס וועגן די שכיטעס פון די נאַציסטישע באַרבאַרן אין שכיינעסדיקן פּוילן און זייערע בלוי־טיקע אַקציעס דערנאָך, שוין אין דער אָקופּירטער ווילנע, האָבן אָפּגעקילט זײַן אָנגעגליטן קויעך־האַדימיען, אים אויסגעניכטערט פון זײַן פאַר־כאָלעמטקייט. ער זוכט שוין איצט וועגן זיך אָנצור־שליסן אין דעם אומגלײַכן געראַנגל מיטן אָקופּאַנט. די מעטאַמאָרפאָזע אין כאַימס פּסיכיק איז אַזויאַרום סאָציאַל דעטערמינירט.

די קאָמפאָזיציאָנעלע סטרוקטור פונעם ראָמאַן איז אונטערגעאָרדנט דער נעטיע פונעם אווטאָר צו פסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג, דער שטרעבונג אַרויסצוברענגען די אינערלעכע איבערלעבונגען פונעם מענטשן, די אימפולסיווע מאָטיוון פון זיינע האַנדלונגען. דאָס איז באַזונדערס קענטיק ניט בלויז אין דער כאַימקע־געשטאַלט, נאָר אויך פונעם נאָבעלן פוילישן מיידל מאַריַע, דער פאַטריאָטקע. לויט אירע שטימונגען, געדאַנקען פאַרשטייט מען, אַז איר וועג ליגט צו די קעמפער פון דער רעזיסטאַנץ.

ראַבין שטעלט אַמאָל זיינע העלדן אין עקסטרעמאַלע סיטואַציעס, אין וועלכע ס׳ווערט אויסגעפרווט זייער מענטשלעכע ווערט, זייער גייסטיקע גרויסקייט. אין אַ קריטישן מאָמענט, ווען דעם ראַט פון אַרבעטער־דעפוטאַטן האָט געדראָט אַ גרויסע געפאַר מיצאַד די פוילישע לעגיאָנערן, האָט כאַוועלע געפען זיך אַנטשלאָסן אַף אַ ריזיקאַלער אַקציע, וואָס האָט זי דערהויבן צו די העכסטע הייכן פון מוט און העלדישקייט. זי האָט אָפגעגעבן איר יונג לעבן פאַר דער הייליקער אידיי, וועלכער זי האָט געטריי געדינט.

די געסטאַפאָ האָט געוואָרנט, אַז זי וועט אומברענגען אין געטאָ 20 טויזנט יידן, אויב איציק וויטענבערג וועט זיך פרייוויליק ניט אָפגעבן אין אירע הענט. ער האָט דעם טנײַ באַפרידיקט, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז די 20 טויזנט וועט מען סײַ ווי סײַ פאַרטיליקן אין פאָנאַר.

כאַיִם מילגרוים האָט גענומען אַף זיך מיט אַ מעסער אָפראַמען דעם מענוואָל מיקאָלע טעלעשקאָ, וועלכער האָט געוואָלט פאַרגוואַלטיקן שיינע יידישע מיידלעך. „און ביידע, רייזל און לייבל, דערזעען אין דער רעדע, אַז פאַר זיי שטייט גאָר אַן אַנדער כאַימקע. שוין ניט דער גוטער, ניט דער טײַערער צעדרייטער, נאָר אַ געפרווּטער מענטש, מיט אויגן פול מיט צאָרן. אָט אַף דעם כאַימקען, דעם פאַרביסענעם שווײַגער, קאָן מען זיך פאַרלאָזן" (ז. 419).

אין אַלע ראָמאַנען פון דער זאַמלונג זיינען קימאַט ניט פאַראַן קיין שאַרפע, קאָמפליצירטע קאָליזיעס. די האַנדלונג פליסט לאַנגזאַם, רויִק. דער אווטאָר איז קלוימערשט אין אַ זײַט אַלס אָבסערוואַטאָר. דאָס האָט אָבער ניט קיין שום געמיינזאַמס מיט נייטראַלער, אָביעקטיוויסטישער באַאָבאַכטערישקײַט. אינעם אונטערטעקסט פילט מען שטענדיק דעם שרײַבערס פאָזיציע, זײַן באַציִונג צו די אַרומיקע געשעענישן.

באַם לייענען דעם בוך וואַרפן זיך אין די אויגן פאַרביקע נאַטור־געמעלן. זיי האָבן אַ צילגעווענדטע פונקציע: ניואַנסירן די שטימונג, געפילן, מאַכשאַוועס פון אַ פערסאָנאַזש. ס׳איז שווער צו פאַרגעסן דעם שרײַענדיקן קאָנטראַסט פון דעם ווונדערלעכן באַנאַכטיקן נאַטור־בילד צו דער שוידערלעכער האָפענונגסלאָזער לאַגע, פון טויזנטער פאַרורטיילטע פלייטים, וועלכע פרוּוון זיך ראַטעווען פונעם דײַטש, לויפנדיק פון ווילנע קיין מינסק. „אַ גרויסע און שטילע לעוואָנע, אַ ליכטיקע און ריינע, שווימט אַרום איבערן וואַלד און וואַרפט דורך די ביימער־צווײַגן זילבערנע ליכט־פאַסן אַף דער אָפגעקילטער ערד... די סאָסנעס מיט די באַלויכטענע רויטלעכע שטאַמען און מיט אַ סאַך געלע און גרינע נאָדלען אַף דער ערד אַרום זיך קוקן דער לעוואָנע אין פאָנעם אַרײַן און שאָקלען קוים־קוים מיט די אָפענע און אָפנהאַרציקע קרוינען, ווי זיי וואָלטן באַגיטיקט אַלץ, וואָס זי שטראַלט אַרויס... און אין פאַרטרוימטן בערעזע־וועלדל שפילן די ביימער מיט לעוואָנע־שײַן, גאַרטלען זיך אַרום מיט זילבער־פעדעם, און ס׳איז מײַסעדיק־שטיל און ליכטיק פון זייערע אייגענע העלע שטאַמען און פון דער לעוואָנעס גוטהאַרציקײַט, געמישט מיט הימל־בלויקײַט... די ווילנער שווײַגן. זיי זײַנען פאַרנומען מיט איבערטראַכטן און איבערשאַצן זייער לעבן. און נאָר אייניקע פון זיי, וואָס ווילן זיך אָפרײַסן פון די געדאַנקען, וועלכע מאַטערן זיי, ווילן וויסן, וואָס, לעמאָשל, טראַכט הײַנט די אוראַלטע לעוואָנע וועגן אַזאַ מענטשן־אַנגעלאָף אין באַנאַכטיקן וואַלד. זי וויל געוויס וויסן און פאַרשטיין: ווער זײַנען זיי? זיי גייען באַפרײַטע פון מיצראַיִם, מע פירט זיי מיט גוואַלד קיין באָוול, מע טרײַבט זיי פון שפאַניע, זיי לויפן פון פאָגראָמען — ווער זײַנען זיי" (ז. 375—376).

ראַבינס קינסטלערישע מיטלען זײַנען ניט איינאַרטיק. אַן אָרגאַנישער עלעמענט פון זײַן קינסטלערישן סטיל איז די איראָנישע אינטאָנאַציע, אַ לײַכטע, ווען ס׳גייט אַ רייד וועגן מענטשלעכע שוואַכקײַטן, וואָס מע קאָן מויכל זײַן. זי ווערט סאַרקאַסטיש, גאַליק, וואַקסט אַריבער אין בײַסיקער סאַטירע, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן נידערטרעכטיקע מײַסים פון נעפאַשעס, געפערלעכע פאַר דער געזעלשאַפט. סאַטיריש־אָפרײַסעריש איז געוויזן די פאַכדאָנישע, פאַרעטערישע ראָל פון גענסן, דעם פאָרזיצער פונעם יודנראַט, און די שעדלעכע אַגיטאַציע פונעם צופאַסלער שמועל־יאָשע אייסעק, וואָס רופט די געטאָ צו האַכנאָע די באַצווינגער („איך זע דיך, ווילנע"). קאַריקאַטוריש, קאָמיש, לעכערלעך זעען אויס דער סאַטיריש־געמאָלטער מעטורעף מוישעלע צאַדיק און זײַן מעקאָרעוו, דער פלוידערזאַק שימעלע דריידל — געהיימע פאַרעטער („מײַן טײַערער צעדרייטער"). די און אַנדערע פאַרדאָרבענע אויסוווּרפן זײַנען קעגנגעשטעלט פאָשעטע, ערלעכע אַרבעטער, באַלמעלאָכעס, אָרנטלעכע מענטשן פון דער פאָלקס־אינטעליגענץ. אַפילע אין אַן אייסצאָרע, אין די אומנאָרמאַלסטע באַדינגונגען פאַרהיטן זיי זייער מענטשלעכקײַט. סאַראַ פאַשטעס, פאָלקס־כאָכמע, האַרציקײַט, גוטסקײַט שטראַלט אַרויס פון אווראָם דעם שוסטער („איך זע דיך, ווילנע"). ער האָט האַנאָע, ווען ער האַלט אין דער האַנט אַ שטיוול, וואָס איז אויסגעגאַנגען אַ וועלט צוליב יוישער, און אויך פון דעם, וואָס די רויטאַרמייער זאָגן אים „באַטיאַ".

און אָט איז אַן אַנדער אַמכאָ — איציק שישעלניק, אַן אײַנבינדער, אַ מענטש אַ שטילער, אַ באַדאַכטער. אָפט קלאַפט ער איבערן בוך, וואָס ער בינדט אײַן, און זאָגט: „אָט אָ־דאָ". און אין דעם „אָט אָ־דאָ" איז פאַרבאָרגן אַ טיפער מיין („מײַן טײַערער צעדרייטער").

ראַבינס שפראַך איז פאָלקסטימלעך, מאַקסימאַל געפרעסט. זי איז דורכגעוועקט מיט דער רײַכקײַט פון דער יידישער סינאָנימיק, מיט די דינסטע סטיליסטישע שאַטירונגען. ס׳זײַנען אים גענוג עטלע־

כע ווערטער צו באַטאָנען אַ שטריך אינעם אויסערלעכן אויסזען אָדער אין דער פּסיכיק פֿון אַ געשטאַלט. ער פֿאַרלירט אָבער אַמאָל די מאָס פֿון שפּאָרעוודיקייט אין דער אויסוועבונג פֿונעם סיפּעראַמײַסע. אויב אין „כאָורעלע געפֿען" און „איך זע דיך, ווילנע" איז די אַנטוויקלונג פֿונעם סוזשעט גראָדליניק, קאָנדענסירט און יעדער פּערסאָנאַזש, אַפֿילו אַן עפּיזאָדישער, איז צום אָרט, איז דער ראָמאַן „מײַן טײַערער צעדרייטער" צעצויגן, שוין צו באַפֿעלקערט. אַ שלאַל מיט פּאַרשוינען. אייניקע ווערן אָפּט פֿאַרטושירט דורך אַנדערע און פֿאַרלירן זיך אין זיקאָרן. ערטערווײַז רײַסן זיך איבער די פֿעדעם, וועלכע פֿאַרבינדן די סוזשעט־ליניעס, און דאָס ברענגט צו אַ באַשטימטער געבראָכנקייט פֿון דער פֿאַבולאַרער קאַנווע. צו וואָס זײַנען, אַשטייגער, נייטיק ציפֿע און גוטע אָדער דער באַריידעוודיקער טאַלאַנטלאָזער שרײַבער שאָלעמקע גאָלובטשיק?

אָן און פֿאַר זיך איז יעדער פֿון זיי אַ כאַראַקטער, געצייכנט געניט, פֿאַכמענעריש. פֿונדעסטוועגן וואָלט מען זיי, ווי מיר שײַנט, געקאָנט לײַכט באַזײַטיקן אָן שאָדן פֿאַר דער איינהײַטלעכקײַט פֿון דער קאָמפּאָזיציע.

ראַבין האָט אויף זײַנע לאַנגע לעבנסוועגן פֿיל געזען און דורכגעלעבט, ניט ווייניק זיך אָנגעליטן אין די באַדינגונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ליטע, וווּ ער האָט אַ לענגערע צײַט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין דער אומלעגאַלער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, געהאַט טרעפֿענישן מיט אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקײַטן. וועגן דעם איז די מערהײַט פֿון זײַנע אויטאָביאָגראַפֿישע נאָוועלעס. לייענענדיק דעם בוך „די שטאָט פֿון מײַן יוגנט", פֿילט מען בעכוש, ווי טרײַ ס'איז דער אויטאָר דעם קינסטלערישן עמעס, ווי געוויסנהאַפֿטיק און מיט אַכרײַעס באַציט ער זיך צו זײַן שרײַבערישן באַרוף. אין דער נאָוועלע „ווילנע" דערציילט ער וועגן אַן אויסטערלישן עפּיזאָד אין זײַן ביאָגראַפֿיע. איינער אַ פֿאַרשוין, שטאַרק באַהערשט פֿונעם פֿאַרלאַנג צו ווערן אַ שרײַבער, ניט פֿאַרמאָגנדיק קיין ברעקל טאַלאַנט, האָט צוגעשריבן זיך דעם מאַנוסקריפּט פֿון ראַבינס אַ קינדער־מײַסעלע, וואָס איז אים אַדאַנק אַ צופֿאַל געקומען אין דער האַנט. דאָס מײַסעלע (ס'איז נאָך ניט געווען פֿאַרעפֿנטלעכט) האָט מען טראַנסלירט דורך ראַדיאָ. די אומווירדיקע האַנדלונג פֿונעם ערעגײַציקן נעפֿעש האָט דעם מעכאַבער דערשיטערט. מיט אַ געפֿיל פֿון ביטל רעדט ער וועגן אַזעלכע לײַט, וועלכע רײַבן זיך דאָס גאַנצע לעבן בײַ פֿרעמדע טישן. אין שײַכעס דערמיט איז זייער באַלערעוודיק זײַן רײַע וועגן דעם קויעך פֿון שרײַבן: „ער איז גרויס און שטאַרק, ער איז פֿול מיט גלויבן, מיט טעמפּעראַמענט, מיט אַקשאָנעס. ער איז גרויס מיטן פֿאַרלאַנג צו מאַכן זעענדיק אַנדערע מיט זײַן זעונג, צו לאָזן דערפֿילן אַנדערע זײַנע געפֿילן און איבערלעבונגען, איבערצוגעבן אַ צווייטן זײַנע געדאַנקען. אָט זעצט זיך אַוועק אַ מענטש אַרבעטן אויף אַ יאָר, צוויי און דרײַ — ער שרײַבט אַ בוך. צי וועט זיך אָבער באַקומען אַ ווערק? ער ווייסט ניט. גאַראַנטירן קאָן קיינער ניט. דאָ ליגט אַ העלדישקײַט. דאָ ליגט דער קויעך פֿון טאַלאַנט, וואָס פֿירט און וועט אַרויספֿירן" (ז. 501).

ראַבינס ווערק האָבן באַשטעטיקט, אַז ער האָט זיך פֿעסט געהאַלטן בײַ דעם דאָזיקן פּרינציפּ.

עליע קריס

# מאַרק שאַגאַלס לידער אין אַ מיניאַטיור־פֿאָרמאַט

דער טאַלאַנט פֿון דעם גרויסן מאַרק שאַגאַל (1887 — 1985) איז בעעמעס פֿילפֿאַכיק. באַגלײַך מיט די אומשטערבלעכע לײַוונטן, וויטראַזשן, קעראַמיק און ביכער־גראַפֿיק שעצן מיר הויך די ליטעראַרישע שאַפֿונג פֿונעם געניאַלן מאָלער: פֿילצאָליקע אַרטיקלען אויף קונסטקענערישע טעמעס, די אויטאָביאָגראַפֿישע גרעסערע דערציילונג „מײַן לעבן", פּאָעטישע ווערק.

ווי באַוווּסט, איז שאַגאַלס גאַנצע שאַפֿונג דורכגעזאַפּט מיט די געשטאַלטן פֿון וויטעבסק, דער שטאָט פֿון זײַנע קינדער־יאָרן. די זעלבע געשטאַלטן זעען מיר אויך אין זײַנע לידער און פּאָעמעס. מיט אָט דעם אַספּעקט פֿון דער שאַפֿונג פֿון אונדזער לאַנדסמאַן האָט באַשלאָסן באַקאַנען די לייענער דער ווײַסרוסישער פֿאַרלאַג „מאַסטאַצקאַיאַ ליטעראַטורא", וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט אַ מיניאַטיור־אויסגאַבע פֿון מאַרק שאַגאַלס לידער אונטערן טיטל „פּאָעזיע".

אין אָט דער מיניאַטיור־זאַמלונג זײַנען אײַנגעשלאָסן 26 לידער, וועלכע באַזינגען די שטאָט וויטעבסק, די טײַערע פֿאַרן קינסטלער מענטשן. „יענע ווײַטע שטאָט", „דאָס אַלטע הויז", „היימלאַנד", „די מוטער", „דער פֿאָטער", „דאָס ווײַב" (וועגן בעלע ראָזענפֿעלד), „דער ערשטער לערער" (וועגן דעם קינסטלער יו. מ. פּען), „דער מאַלעך איבער די דעכער", „מײַן פֿאָלק", „דער ווילנער בעסמעדרעש", „יאַנקעוו לייטער", „דער אָנדענק פֿון די קינסטלער — קאָרבאָנעס פֿונעם האָלאָקאָוסט", „בעלע", „די אָוונט־טפֿילע" — אַזעלכע זײַנען די נעמען פֿון שאַגאַלס אייניקע לידער. אינעם בוך איז אויך אײַנגעשלאָסן די איבערזעצונג פֿון זײַן אַרטיקל „מײַן לײַבלעכן וויטעבסק" (פֿאַרעפֿנטלעכט דאָס ערשטע מאָל אין ניו־יאָרק דעם 15 פֿעוורואַל 1944).




דער זאַמלבוך איז דערשינען אין צוויי שפּראַכן: אויף ווײַסרוסיש און רוסיש. די לידער האָט איבער־געזעצט פון ייִדיש אויף ווײַסרוסיש ריגאָר באָראָ־דולין, און אויף רוסיש לעוו בערינסקי. דער בוך איז אילוסטרירט מיט זיבן קאָלירטע רעפּראָדוק־ציעס פון שאַגאַלס בילדער, צווישן זיי: „דער פּאָרט־רעט פון מײַן קאַלע" (בעלע ראָזענפעלד, 1909), „וויטעבסק, דאָס בלאָווע הויז" (1920), „אַ נאַקעטע איבער וויטעבסק" (1933), „וואָוועס פּאָרטרעט" (וואַ־לענטינע בראָדסקאַיאַ) אאַ.; אויף דעם פּאָדערשטן דעקל־איינבונד איז אָפּגעדרוקט מיט גאָלד דאָס בילד „די רײַטער" (1929). אויסער דעם, זײַנען גע־געבן דרײַ שוואַרץ־ווײַסע פאָטאָגראַפיעס: מאַרק שאַ־גאַל אין די יוגנט־יאָרן; מאַרק שאַגאַל אויף דער על־טער; מאַרק שאַגאַלס הענט.

אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט צום זאַמלבוך ברענגט ריגאָר באָראָדולין וואַסיל ביקאָווס אָפּשאַצונג וועגן שאַגאַלס שאַפונג: „ס׳וואָלט זיך געדאַכט, נו, וואָס קאָן באַטײַטן דער פּראָווינציעלער וויטעבסק פאַר אַזאַ באַרימטן קינסטלער, ווי מאַרק שאַגאַל? אָבער גראָד וויטעבסק איז געוואָרן אַן אומויסשעפּלעכער קוואַל פאַר זײַן גרויסער ליבע צו מענטשן, דער אינהאַלט פון זײַן קימאַט גאַנצער שאַפונג... שאַגאַלס לידער זאָגן אײדעס וועגן דער טיפקײַט פון זײַנע מענטש־לעכע איבערלעבונגען, וועגן זײַן קלוגן לעבנס־באַנעם און זײַן ליבע צום לײַבלעכן וויטעבסק".

אין איינעם פון דעם קינסטלערס לעצטע בריוו קײן רוסלאַנד האָט ער אויך געשריבן: „איך דערמאָן טאָמיד מײַן שטאָט, און זי איז קימאַט קעסיידער געשילדערט אין מײַנע בילדער". צו די דאָזיקע ווערטער שאַגאַלס וועלן מיר פון זיך צוגעבן: „און קימאַט אין אַלע לידער".

צום שלוס ווילט זיך אָפּמערקן, אַז דאָס דאָזיקע פײַן מיניאַטיור־ביכעלע מיט אַ פאָרמאַט פון 70×93 מם. האָט מיט געשמאַק און ליבע אויס־געפורעמט דער קינסטלער ל. יאַ. פּראַגין און עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין נעם פּאָליגראַפישן קאָמ־בינאַט אויף יאַ. קאָלאַסעס נאָמען מיט אַ טיראַזש פון 5 000 עקזעמפּלאַרן.

**דאָוויד פרײַשטאַט,**
מיטגליד פונעם מאָסקווער ליבהאָבער־קלוב פון מיניאַטיור־ביכער

# באשטעלט ביכער אין 1990

„סאָוועטיש היימלאַנד" רעצענזירט רעגולער די ווערק, וואָס גייען ארויס אין פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", אָבער ווען די דאָזיקע אָפּרופן באווײַזן זיך אף די שפּאלטן פונעם זשורנאל, זײַנען די פּאַרערער פונעם ייִדישן וואָרט ניט אימשטאנד צו קויפן די ביכער מאכמעס דעם קנאַפּן טיראַזש. ווײַזט אויס טאקע, אַז גערעכט זײַנען די לייענער, וועלכע פאַרלאַנגען באַקומען א געהעריקע אינפאָרמאציע וועגן די ווערק, וואָס גרייטן זיך צום ארויסגעבן, אורטיילנדיק לויטן טעמאטישן פּלאַן פונעם פארלאג. מיר טיילן מיט אונדזערע לייענער, אַז אין 1990 פּלאַנירט „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" ארויסגעבן 11 ביכער פון ייִדישע מעכאַברים און דעם זעקסטן באַנד פונעם יאָרבוך „יאָר נאָך יאָר".

כאַיִם ביידער „די וועגן, וואָס מיר אנטדעקן". א פּאָרשערישע ארבעט, וועלכע אנטהאַלט אין זיך פאַרצייכענונגען און עסייען וועגן דער שאַפונג פון די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור און וועגן מערקווירדיקע סאָוועטישע שרײַבער. די אייגנאַרטיקײַט פון כאַיִם ביידערס בוך באַשטייט קוידעמקאָל אין דעם, וואָס ער איז געבויט אפן סמאַך פון מאַטעריאַלן, אָפּגעזוכטע אין פאַרשיידענע ארכיוון. דער ערודירטער ליטעראַטור־קענער איז אליין א פּראַזאִיקער און פּאָעט, און דאָס פילט זיך באַשײַמפּערלעך אין דעם נײַעם בוך זײַנעם.

יויסעף בורגס זאַמלונג „פּאַרשפּעקטיקטע עכאָ" דערציילט, ווי־אַזוי עס לעבן צוזאַמען ייִדן און גרוזינער, פּאָשעטע און באַשיידענע מענטשן. די געשעענישן ווי־קלען זיך פאַנאַנדער הויפּטזאַכלעך אין בוקאָווינע. דאָסראָוו דערציילונגען, וואָס זײַנען אײַנגעשלאָסן אין דער זאַמלונג, האָבן א לירישן קאָלאָריט, דעם מעכאַבערס שפּראַך איז א לויטערע, זאַפטיקע, פּאָלקסטימלעכע. יויסעף בורג ווייסט גוט די גײַסטיקע וועלט פון זײַנע העלדן און שפּיגלט זי אָפּ מיט א היפּשער קינסטלערישער קראַפט.

דער סאָוועטישער לייענער האָט אופגענומען מיט אינטערעס אַרן וווערגעליסעס רײַזע־נאָטיצן „זעכצן לענדער, אײַנגעשלאָסן מאָנאַקאָ". אין דאָזיקן בוך דערציילט דער מעכאַבער וועגן זײַנע פּילצאָליקע רײַזעס איבער דער וועלט, וועגן באַגעגענישן מיט געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַטור־טוער, מיט פּאָליטיקער און פּאָשעטע מענטשן. די באַהאַנדלונגען פון לעבנסוויכטיקע פראגן אינעם בוך זײַנען אָפּט דראַמאַטישע, די באַשרײַבונגען — הויכקינסטלערישע, די געדאַנקען — שאַרפע, איבערגעמישטע מיט הומאָר, יעדעס וואָרט איז אף זײַן אָרט. דער בוך איז א קאָמפּעריששער און האָט שוין אויסגעהאַלטן פינף אויסגאַבעס אף רוסיש. די אויסגאַבע, וואָס דערשײַנט איצט, איז די צווייטע אף ייִדיש.

דער אָרדנטלעכער בוך, מיט וועלכן עס טרעט ארויס שמועל גאָרדאָן, איז אָנגערופן געוואָרן „די אייביקע מאָס" לויטן ראָמאַן, וואָס גייט ארײַן אין אים אלס באַשטאַנדטייל. דער בוך דערשײַנט אין דער איבערזעצונג אף רוסיש. כוץ דעם ראָמאַן, זײַנען אײַנגעשלאָסן עטלעכע גרעסערע דערציילונגען. ווי טאָמיד אין ש. גאָרדאָנס ווערק, שטעלט דער קינסטלער מאָראַליש־עטישע פּראָבלעמען. די גויראָלעס פון זײַנע פּערסאָנאַזשן זײַנען ניט קיין פּאָשעטע. יעדערע פון זיי האָט געהאַט אף זיך שווערע אויספּרוּוון בײַס דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע און אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן. שמועל גאָרדאָנס בוך איז העכסט קינסטלערישע פּראָזע.

דער גענעראַל־פּאָלקאָווניק דאָוויד דראַגונסקי האָט זײַנערצײַט ארויסגעלאָזט א בוך דערינערונגען „מענטשן אף דער מילכאָמע". דאָס איז א דאָקומענטאַלע דערציילונג וועגן די קעמפּער קעגן פאַשיזם. דער מעכאַבער איז אין אָנפאַנג פונעם קריג געווען א לייטענאַנט, פאַרענדיקט האָט ער די מילכאָמע אלס קאָמאַנדיר פון א טאַנקען־בריגאַדע, א צווייי מאָל העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. דער לייענער וועט איצט באַקומען די צווייטע אופלאַגע פונעם בוך.

אווראָם קאַהאַנס ראָמאַן „פאַרברעכן און געוויסן", וועגן דעם ביילים־פּראָצעס, וואָס מיט אים האָט געראַשט די וועלט, דערשײַנט אין דער איבערזעצונג אף רוסיש. דער מעכאַבער פאַרורטיילט שאַרף אין זײַן ווערק דעם אנטיסעמיטיזם. דער בוך איז אַקטועל אויך הײַנט.

גריגאָרי קאַנאָוויטש, וועלכער שאַפט זײַנע ראָמאַנען אין דער רוסישער שפּראַך, גיט ארויס אין לויפנדיקן יאָר א בוך „ניטאָ קיין גאַניידן פאַר קנעכט". דאָס איז א ראָמאַן וועגן ליטווישע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אינעם נײַנצנטן יאָרהונדערט.

עס דערשײַנט אין א בוך־פאָרם הערשל פּאָליאַנקערס ראָמאַן „געווען אַמאָל א שטעטל". דער מעכאַבער דערציילט וועגן דעם לעבן פון א ייִדישער מישפּאָכע, אָנהייבנדיק פונעם בירגערקריג און ביז הײַנטצוטאָג. א סאַך איז אויסגעקומען איבערלעבן די העלדן פון הערשל פּאָליאַנקערס ווערק — די היטלערישע אָקופּאַציע, די סטאַלינישע רעפּרעסיעס, אָבער זיי, די העלדן, האָבן ניט אָנגעווירן דעם גלויבן, די מענטשלעכקײַט, זיי זײַנען געבליבן איבערגעגעבענע בירגער פון דעם היימלאַנד. דער ראָמאַן האָט שוין צוגעצויגן צו זיך די אופמערקזאַמקײַט פונעם לייענער אין דער זשורנאַל־פּובליקאַציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

אין 1990 וועט דער לייענער באַקומען צוויי לידער־זאַמלונגען. שיקע דריזס „ווײַסער פלאַם" אין דער איבערזעצונג אף רוסיש, און דאָרע כײַקינעס „צוזינגס־קראַפט" אף ייִדיש.

אלע אָנגעוויזענע ביכער קאָן מען באַשטעלן אין יעדער ביכער־קראָם, וואָס האָט דעם טעמאַטישן פּלאַן פונעם פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

מאניע לאנדמאן

# אמאָל און הײַנט

בערשאַד, דאָס שטעטעלע אויף דער אוקראַיִנע, וווּ כ׳בין געבוירן געוואָרן, גייט מיר נאָך דאָס גאַנצע לעבן, כאָטש די קינדהײַט, וועלכע איז דורכגעגאַנגען אין בערשאַד, איז בא מיר געווען זייער א שווערע, כ׳האָב געליטן הונגער און קעלט. אין מויעך האָט זיך מיר באַזונדערס אָפּגעלייגט די צײַט, ווען מײַן טאַטע איז געשטאָרבן פון הונגער. געווען איז דאָס אין די דרײַסיקער יאָרן. פון הונגער זײַנען געשטאָרבן איין ברודער נאָכן אַנדערן, שויעל איז אַלט געווען 24 יאָר און מייער — 21. וויאַזוי האָט עס אַלצדינג אויסגעהאַלטן די מאַמע? זעט אויס, אַז דער מענטש איז אַמאָל טאַקע שטאַרקער פון אײַזן, אַמאָל שוואַכער פון א פליג.

פון בערשאַד בין איך אַנטלאָפן צוזאַמען מיט דער מאַמען קיין מאָסקווע, מאַמעס אַנטלאָפן פונעם טויט. און אָט איז שוין פינף און פופציק יאָר ווי איך לעב אין אונדזער הויפּטשטאָט. יענע צײַטן שטייען אָבער נאָך אַלץ פאַר די אויגן. דאָס גאַנצע לעבן גייען מיר נאָך די דערינערונגען וועגן די געשעענישן פונעם ניט ווײַטן אַוואַר, באַזונדערס דער גרויסער הונגער אויף אוקראַיִנע אין 1933.

אין בערשאַד איז אין די דרײַסיקער יאָרן געווען א קאָמפּאַקטע יידישע באַפעלקערונג. אַרום דעם שטעטל — פּילצאָליקע דערפער, וווּ עס האָט געלעבט די אוקראַיִנישע באַפעלקערונג. אָבער זייער זעלטן פלעג איך הערן, מע זאָל רעדן אין שטעטל אויף רוסיש צי אוקראַיִניש. אַלע האָבן מיר גערעדט נאָר אויף יידיש.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין בערשאַד פאַרהיט א טייל יידן, ווײַל דאָרט זײַנען אײַנגעשטאַנען די רומענער. אין שטעטל איז געווען א געטאָ. אַלע מײַנע אייגענע זײַנען אומגעקומען.

די גאַנצע צײַט נאָגט מיך א בענקשאַפט, מיטן האַרצן בין איך טאָמיד אין שטעטל. עטלעכע מאָל בין איך אַהין געפאָרן. כ׳האָב אָבער געזען דאָרט שוין אַן אַנדער שטעטל, ס׳איז געוואָרן, קאָן מען זאָגן, א שטאָט, ניט קיין גרויסע דערווײַל נאָך.

ניט לאַנג צוריק בין איך געפאָרן אַהין אויף קייווער־אָווע. כ׳האָב דאָרט א היפּשן כיילעק אָפּן הייליקן אָרט — מײַן טאַטע, די ברידער, די באָבע מיטן זיידן, כאַוועירטעס פון דער שול, כאַווײרים פון אונדזער גאַס. בײַס איך גיי אַרויף אָפּן בעסוילעם, דערמאָנט זיך מיר יעדערער פון זיי, כ׳האָב ניט פאַרגעסן זייערע פאַמיליעס און וויאַזוי זיי האָבן אויסגעזען.

דאָס הייליקע פעלד אין בערשאַד האָט זיך פאַרהיט. אָט איז די מאַצייווע פון מײַנער א כאַווערטע, מיט וועלכער כ׳האָב זיך געלערנט אין דריטן קלאַס. א ווײַסע שטיינערנע מאַצייווע, ווי א ווײַס בערעזע־ביימעלע מיט אָפּגעהאַקטע צווײַגעלעך. אָט איז אַן אָנגעבויגן קניעלע, זייער א קליינס, דאָס איז איר שוועסטערל. דאָס שטיינערנע קניעלע איז פון גרויען שטיין. די עלטערן האָבן באַווייזן שטעלן מאַצייוועס, אין א שטיקל צײַט אַרום זײַנען זיי אַליין געשטאָרבן פון הונגער. זייער קייווער האָב איך שוין ניט געפונען, די גאַנצע מישפּאָכע איז אויסגעשטאָרבן.

מײַן טאַטע ליגט אונטער א פּאָשעטן שטיין, אָן אַן אויפשריפט. מיר האָבן געבעטן אונדזערן א שאָכן, ער זאָל אויסקריצן די אויסיעס, דאָס יאָר, מע זאָל וויסן, ווער עס ליגט אונטערן שטיין, איז אָבער דער שאָכן אויך זייער גיך געשטאָרבן...

פונעם בעסוילעם בין איך אַוועק אין שטאָט דורך דער בריק, וואָס פירט צו דער מאַרק־גאַס. די גאַס איז דעמלט, אין די דרײַסיקער יאָרן, געווען איינע פון די שענסטע. אָט דאָ איז געשטאַנען א הויז, וואָס מע האָט גערופן „טשײַנאַ". עס הייבן זיך מיר אָן דערמאָנען פּאַסירונגען פון גאָר־גאָר ווײַט, ווען איך בין נאָך געווען א קינד פון דרײַ יאָר. די מאַמע פלעגט מיך שיקן קויפן אָקרעפּ,

געזאָטענע וואסער אין א בלעכן טשײניקל. איך פלעג פארגעסן, וויאזוי איך דארף אויסריידן די ווערטער, וועלכע די מאמע האט מיר אנגעזאגט: קויפן פאר א קאפיקע אקרעפ. אלץ פלעג איך איבערפלאנטערן. אפן ארט פון דער „קאפיקע" פלעג איך זאגן א „טאפקע" און אף „אקרעפ" — „אפרעק". אט אזוי פלעג איך לויפן, אונטערטאנצנדיק, פריילעך און שרײַען: „גיט מיר פאר א טאפקע אפרעק, טרי־לי־לי", ביז איך האב געבראכט אהיים דעם אקרעפ, פלעג בלײַבן אין טשײניקל א ביסל וואסער אפן דעק.

דארט, וווּ ס'איז געווען די טשײַנע, שטייט איצט א קאפע־רעסטאראן, די פענצטער פארהאנגען מיט שיינע טיולענע פארהאנגען, גארנישט צו דערקענען. ווײַטער בין איך צוגעגאנגען צו מײַן שול, צו דעם ציגלנעם מויערל, ווו כ'האב זיך געלערנט א פאר יאר. איך שטיי לעבן אים, און פאר די אויגן גייען מיר דורך יענע ווײַטע טעג. אט ערשט ניט לאנג, אזויווי דאס וואלט פארגעקומען נעכטן, האט מיך געבראכט אהער אין שול מײַנע א קרויווע זשעניעטשקע זאסלאווסקאיא. זי האט מיר געזאגט: „שעם זיך ניט, וואס מע וועט דיך פרעגן, זאלסטו ענטפערן. אבער ערלעך, קיין ליגן זאלסטו ניט זאגן. דאס איז א שול, ווו דו וועסט זיך אויסלערנען שרײַבן, לייענען, אט אזוי ווי איך. אויב מע וועט דיך פרעגן, צי דו גלויבסט אין גאט, זאג, אז ניט. דו גלויבסט ניט..."

— פארוואס טאר איך ניט זאגן דעם עמעס? איך גלויב דאך יא אין גאט... דו האסט מיר ערשט געזאגט, אז קיין ליגן טאר מען דא ניט זאגן.

— יא, — ענטפערט זי מיר, — א ליגן טויג ניט, אבער אז דו גלויבסט אין גאט טויג אויך ניט. דאס איז א סאוועטישע שול, דו וועסט ווערן אן אקטיאבערל, דערנאך א פיאנערקע, און דא טויג ניט גאט...

איצט איז זשעניעטשקע זאסלאווסקאיא, אזוי ווי איך, שוין א פענסיאנערקע, זי איז א באוווסטער דאקטער, לעבט אין יעווּפּאטאריע. איר מאן איז אויך א דאקטער, א כירורג. בא די זאסלאווסקיס זײַנען אלע קינדער געווארן דאקטוירים. וועגן העניען — אזוי האט געהייסן די מוטער — און בעניען — דעם פאטער — פלעג מען זאגן: העניע־בעניע האבן געגעבן אלע זייערע קינדער הויכע בילדונג...

א גרויל גייט מיר דורך איבערן לײַב, אזויפיל מענטשן זײַנען אומגעקומען אין דער שרעקלעכער מילכאמע, אויב ניט געווארן דערמארדעט, איז געשטארבן פון הונגער און קעלט. אבער אט דאס מויערל, ווו ס'איז געווען די ערשטע יידישע שול אין בערשאד און צו וועלכן איך בין צוגעקומען, שטייט ביז איצט, שטייט ווי אן אדלער, מיט שיינע אויסגעפוצטע ציגל, — רויטע, פונקט ווי דעמלט, ווען מע האט עס ערשט אויסגעבויט. לעבן דעם מויערל געפינט זיך דער קלויסטער, ער האט זיך אויך פארהיט. און ווידעראמאל דערמאן איך זיך: ווען כ'פלעג ארויסגיין פון דער שטוב און זיך אוועקלאזן אין שול, פלעג די מאמע מיך טאמיד דערמאנען, אז אויב איך וועל זען א גאלעך ארויסגיין פונעם קלויסטער, זאל איך א ווארף טאן איבער זיך א שטרוי, דאן וועט עס זיך רעכענען, אז איך האב אים ניט געזען.

פאראיארן האב איך באקומען א בריוו פון מײַן שוועסטערקינד, וועלכע בעט, כ'זאל קומען צום אייניקל אף דער כאסענע. די אײַנלאדונג איז פון אדעס, אליקס כאסענע מיט מאשען וועט פארקומען אין א שיינעם רעסטאראן.

צווישן אדעס און בערשאד איז א היפשער מעהאלעך, אבער איצט גייט אהין אן אויטאבוס מיט ווייכע שטולן — זעקס שא אין וועג. וועל איך זײַן אף דער כאסענע און באלד אפן צווייטן טאג פארן קיין בערשאד. אמאליקע יארן איז דער וועג געווען זייער א שווערער. מע האט געדארפט פארן ביז רודניצע און דארט לאנג־לאנג ווארטן, קעדיי זיך איבערזעצן אף אן אנדער באן. פון רודניצע ביז בערשאד איז געגאן (און ביז הײַנט גייט) א שמאלע ליניע מיט קלייניקע וואגאנטשיקלעך, די אזוי־גערופענע „אוזקאקאלייקע".

אין אדעס האב איך דעם ערשטן דערזען אף דער באן־פלאטפארמע מײַן ברודערס זון דאך ווידן מיט זײַן פרוי ליבע. די קינדער זײַנען געקומען אזש פון קריוואיע אזערע, א קליין שטעטעלע צווישן אדעס און בערשאד. ארויסגעגאן פונעם וואגאן, בין איך ארײַנגעפאלן אין די ארעמס פון מײַנע שוועסטערקינדער, מיט וועלכע איך האב זיך ניט געזען א לאנגע צײַט. וועמען יא דערקענט, וועמען ניט — ס'איז אוועק אזויפיל צײַט, און מענטשן ענדערן זיך. נאר מײַן שוועסטערקינד ביילען האב איך באלד דערקענט. עפשער דערפאר, ווײַל זי האט געלעבט בא אונדז אין שטוב אין בערשאד א לאנגע צײַט. אירע קינדער־יארן זײַנען געווען זייער ביטערע — אן א טאטן, אן א מאמען, געבליבן זײַנען זיי פיר קינדער יעסוימים.

די קאלע מיטן כאסן זײַנען מיך אויך געקומען באגעגענען. דער כאסן האט געליִען בא זײַן כאווער א מאשין, קעדיי בעסער באגעגענען די געסט, וועלכע וועלן קומען אף דער כאסענע פון אנדערע שטעט, און ביכלאל אף דער צײַט, ווען מע וועט דארפן פארן אין זאגס. און ביז עס וועט זיך ענדיקן דער יאמטעוו פון דער כאסענע.

גלײַך פונעם וואקזאל האט מיך צוגענומען צו זיך ביילע.

— ביילעניו, — גיב איך א זאג צו מײַן שוועסטערקינד, — איז וויאזוי לעבט זיך דיר?

— ווי גאט אין אדעס. — און זי האט צוגעגעבן: — אין אדעס לעב איך שוין זעכציק יאר.

מײַן מאַן איז בײַ מיר דער צווייטער. דער ערשטער איז אומגעקומען אויף דער מילכאָמע, זײַן לעצט בריוועלע האָב איך באַקומען אין אַפּרעל 1945. ניט דערלעבט צו זען דאָס כיעס, וואָס איך האָב פֿון די קינדער...

צום פֿרישטיק איז געקומען ביילעניוס ברודער — אַ נײַנציקיאָריקער. כ'האָב אינגאַנצן ניט דערקענט אים. האָט ער זיך צוגעזעצט צו מיר נעענטער און פֿריילעך אָנגעהויבן רעדן, דערבײַ האָבן זײַנע ליכטיקע, לויטערע אויגן געשײַנט:

— מאַניעלע, ווי געפֿעלט דיר, איך האָב איבערגעביטן די נאַכט אויפֿן טאָג, באַנאַכט שלאָף איך ניט און באַטאָג וויל איך שלאָפֿן, גאָר ווי אַ קליין קינד. כ'וועל אָבער פֿון דיר ניט אָפּגיין אויף קיין איין מינוט, אַפֿילע זיך ניט צושפּאַרן נאָכן מיטיק...

דאָס ערשטע, וואָס ער האָט מיר דערציילט, איז וועגן זײַן טאַטן, וועגן דעם פֿעטער, מײַן מאַמעס ברודער אָרן, וועגן דעם, אַז זײַן טאַטע האָט זייער פֿרי כאַסענע געהאַט און איז זייער פֿרי געשטאָרבן. ער האָט געהאַלטן אין איין דערציילן, אין איין דערמאָנען זיך. אַ שײַנענדיקער פֿון אונדזער באַגעגעניש, זאָגט ער מיר:

— איך געדענק זייער גוט, וויאַזוי דו ביסט געבוירן געוואָרן. ווען עס איז אין בערשאַד געווען די לעצטע באַנדע, האָבן זיך באַהאַלטן בײַ אַ דרײַסיק מענטשן אין קעלער אונטער אונדזער שטוב. דער קעלער איז אין דרויסן געווען פֿאַרשאָטן מיט ערד, ס'איז אויף אים געוואַקסן גראָז, אינווייניק אין שטוב זײַנען געווען אַזוי קונציק צוגעשטעלט און צוגערוקט די טרעפּ, אַז די באַנדיטן, וועלכע זײַנען אַרומגעלאָפֿן איבערן שטעטל, האָבן פֿאַרזען דעם קעלער און ניט געפֿונען די מענטשן. אַט טאַקע אין דעם קעלער איז אַרײַנגעלאָפֿן די באָבע עטיע, פֿריִער אָפּגערוקט די טרעפּ און אַרײַן אַ מידע, אַ פֿאַרשוויצטע און אויסגעשריִען צו מײַן טאַטן, וועלכער איז געווען צווישן די דרײַסיק אויסבאַהאַלטענע מאַנצבילן: „מאַזלטאָוו דיר, איציק, עס איז בײַ דיר געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע!..“

— און דיך, — זאָגט ער מיר ווײַטער, — האָט מען גערופֿן דאָס מאַזלדיקע קינד. ביסט געבוירן געוואָרן, ווען עס האָבן אָפּגעבושעוועט די באַנדעס פֿון די פּעטליוראָווצעס און נאָך פֿון אַנדערע שלעק. די באָבע עטיע איז ווידער געקומען אָנזאָגן די בסורע: „גייט אַרויס פֿונעם קעלער, די רויטע זײַנען געקומען, קיין באַנדעס זײַנען שוין ניטאָ...“

מײַן שוועסטערקינד האָט מיר דערציילט וועגן זיך.

קיין אָדעס איז זי געקומען נאָך זייער יונג. אַ שטיק צײַט איז זי געווען אין אַ קינדערהויז, פֿון דאָרט איז זי אַוועק לערנען זיך פֿאַר אַ שנײַדערקע. דערנאָך כאַסענע געהאַט, געהאַט צוויי מיידעלעך. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, דער מאַן איז אַוועק אויפֿן פֿראָנט, זי מיט די קינדער האָבן זיך עוואַקויִרט. נאָך דער מילכאָמע האָט זי זיך אומגעקערט צוריק קיין אָדעס.

דערציילנדיק עס מיר אַלץ, ווישט ביילע אויס די אויגן מיטן טיכעלע און טוט טרויעריק אַ לאַך, איבער וועלכן ס'איז ניט צו פֿאַרשטיין צי זי שמייכלט, צי זי וויינט. בייס זי האָט ווידער אָנגעהויבן דערציילן זײַנען אין אירע רייד נאָך אַלץ געווען אויסגעמישט טרויער און פֿרייד.

— איך האָב זייער אַ סאַך געליטן, נאָר איך בין דען געווען די איינציקע? אָבער איצט איז מיר גוט, קיין אײַנהאָרע. די קינדער זײַנען כאַשעווע מענטשן. דער עלטערער איידעם איז אַ באַרוועסטער קראַוועלשטשיק, דאָס הייסט אַ בלעכער, ווי מע פֿלעגט זאָגן בײַ אונדז אין בערשאַד. אָבער איצט זײַנען די בלעכערס גאָר אַנדערע. ער מאַכט ווענטיליאַטאָרס פֿון בלעך בײַ די נײַע הײַזער. אַ בריגאַדיר איז ער, סיאָמעלע, מיר זאָל זײַן פֿאַר אים, כ'האָב אים ליב בעסער פֿון דער טאָכטער. קיין זין האָב איך דאָך ניט געהאַט, איז ער בײַ מיר ווי אַן אייגענער זון. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מײַנע אייניקלעך זײַנען בריליאַנטיקלעך. איינע איז אַ רעזשיסער אין אַ טעאַטער, די צווייטע אַ דאָקטער. מענער בײַ די אייניקלעך זײַנען גאָר גרויסע לײַט. דער עלטערערס מאַן איז אַ מאָלער. זיי האָבן זיך באַקאַנט אין טעאַטער, דאָרט אַרבעטן זיי אַדהײַנט. מיר האָבן זייער ניט געוואָלט דעם מאָלער, ווײַל מיר זײַנען דאָך פּאַשעטע מענטשן, פּלוצעם אַ מאָלער זאָל אַרײַן אין דער מישפּאָכע. דו מעגסט זען, וואָס פֿאַר אַ פּאָרטרעט ער האָט אָנגעמאָלט פֿון זײַן ווײַבל...

ווײַטער האָט זי אָנגעהויבן דערציילן וועגן די אורייניקלעך, נאָר איך האָב איר איבערגעשלאָגן:

— מע דאַרף גיין אויף דער כאַסענע. מירן נאָך באַווײַזן רעדן און רעדן...

— גוט, — ענטפֿערט זי מיר, — נאָר לאָמיר אַרײַנפֿאָרן צו דער קלענערער טאָכטער. מאַמעש אויף איין שאָ וועלן מיר אַרײַנפֿאָרן. דו דאַרפֿסט דאָך זען מײַן אייניקל, זי האָט ניט לאַנג צוריק כאַסענע געהאַט. איר מאַן איז אַ הויפּט־אינזשעניער, אַ פּעיִקער באָכער, זי אַרבעט אינאיינעם מיט אים אויף איין „פּראָיִזוואָדסטווע“. איצט איז זי אין דעקרעט, נאָך דרײַ כאָדאָשים דאַרף זי זײַן איבערדערהיים מיטן קינד, איך העלף איר אונטער, וויפֿל ס'איז אין מײַנע קויכעס. דו מעגסט הערן ווי זי רעדט צו דעם איפּעלע, אַט ווי צו אַ גרויסן. „גיי שוין גיכער, שפּאַן איבער די שוועל, הייב אָן לויפֿן, איך דאַרף שוין גיין אַרבעטן, אין יאַסלע וועט מען דיך ניט נעמען, ביז דו וועסט ניט שפּאַנען מיט די אייגענע פֿיסעלעך“.

בייס ביילעניו רעדט צו מיר און האַלט אין איין לויבן אירע קינדער און אייניקלעך, כאַפּט זיך אויף דער אַלטיטשקער פֿון שלאָף, גיט אַפּגיך אַ גיי צו צו דער שוועל, פּרוּווט זי איבערטרעטן און גיט דערבײַ זייער אַ הויכן געשריי:

— איך קאָן ניט עפֿענען די טיר, וווּ איז די קליאַמקע? אזא פֿינצטערניש בײַ אײַך אין קאַרידאָר, איך זע גאָרניט. מאַכט זשע ליכטיק, איך וויל אַרויסגיין אַ קוק טאָן אויף אָדעס...

זייער פֿיל האָט פֿאַר די פֿאַרגאַנגענע יאָרצענדליקער זיך געענדערט אין אָדעס. די גאַסן אַבער, די הויפֿן זײַנען געבליבן ווי געווען. דעמלט האָט מײַן שוועסטערקינד געלעבט אין אַ צימערל פֿון פֿיר מעטער, וווּ קיין בעט האָט מען ניט געקאָנט אַוועקשטעלן. מע האָט געמוזט אָפּזוכן אַ האַלבן מעטער, ווײַל אַנדערש האָט זיך די בעט ניט געשטעלט. און אַ פֿענצטער איז געווען אין דער סטעליע. אָט אַזוי האָבן דעמלט געלעבט אַ סך יונגע מענטשן. איצט איז גאָר אַנדערש: מאָדערנע מעבל, „סטענקעס", ווי מע רופֿט די גאַרניטורן. ניטאָ קיין דײַגעס, אַז עס פֿעלט אויף ברויט, צי מע האָט קיין אַרבעט ניט. עס דערמאָנט זיך מיר דאָס גיין אויף דער אַרבעטס־בירזשע אין יענע יאָרן. אַלע טאָג פֿלעג מען קומען אַהיים מיט גאָרניט. אייניקע דײַגעס זײַנען איצט אויך דאָ, אָבער שוין גאָר אַנדערע, ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט די אַמאָליקע. מע דאַרף גיכער מאַכן פֿון דער מילך קעז, די מילך וועט איבערשטיין, וועט דער קעז זײַן ניט געשמאַק. מע דאַרף מאַכן זאַפּט פֿאַר דעם קינד, און ענלעכע דײַגעס.

עס דערהערט זיך אַ קלונג אין טעלעפֿאָן. מײַן ברודערס זון מיט זײַן פֿרוי אײַלן מיך אונטער. מע דאַרף קויפֿן קוויטן צו דער כאַסענע.

ווײַאַזוי וועל איך עס אַלצדינג אַזוי גיך באַווײַזן? די פּלימעניצע זאָגט מיר אונטער, אַז באַלד וועלן זיי קומען מיט דער „גאָלובקע" (אַזוי רופֿט זי די מאַשין זייערע, וועלכע האָט אַ בלויען קאָליר), און מירן אָפּטאָן אַלצדינג צו דער צײַט.

אַזוי איז טאַקע געווען.

אַזעלכע בלומען ווי מיר האָבן געקויפֿט, זײַנען פֿאַראַן בלויז אין אָדעס: גרויסע, רויטע, ווײַסע, שיינע, יאַמטעוודיקע, פּרעכטיקע.

די כאַסענע איז דורכגעגאַנגען זייער פֿריילעך. כ'האָב זיך געזעגנט מיט דעם נײַעם פּאָרל, צוגעווינטשעוועט אַ גליקלעך לעבן און זיך אַרײַנגעזעצט אינעם אויטאָבוס, וועלכער גייט פֿון אָדעס קיין בערשאַד.

פֿאָרנדיק מיטן אויטאָבוס, דערמאָן איך זיך, ווי שווער עס איז אין בערשאַד געווען דער וועג פֿון דער סטאַנציע ביז דער שטאָט. פֿאָרן פֿלעג מען אויף פֿאַעטאָנען און וואָגנס, די באַלעגאָלעס האָבן זיך פֿאַרשאָלטן דאָס געביין. מידע, מיט שוים אַרום דעם מויל האָבן די פֿערד געשלעפּט דעם פֿאַעטאָן מיט די מענטשן, און יעדעס מאָל איז מען אַראָפּגעגאַן, קעדיי אַרויסשלעפּן דאָס פֿערד פֿון דער בלאָטע. גרויסע גריבער זײַנען געווען אויפֿן וועג, פֿאַרגאָסענע מיט וואַסער, די רעדער פֿלעגן אײַנגעזונקען ווערן. אָפֿט פֿלעגט מען זיך איבערקערן אינײַנעם מיטן וועגעלע.

און איצט איז דער וועג אַ גלײַכער און ריינער. דער אויסגעפּוצטער אויטאָבוס טראָגט זיך געשווינד גלײַך פֿון אָדעס. קיין באַלעגאָלעס זעט מען ניט.

ווי איך זיץ מיר אַזוי פֿאַרטראַכט, גייט צו מיר צו אַן עלטערער מענטש, קוקט זיך אין מיר אײַן און זאָגט:

— איר האָט מיך ניט דערקענט? — און באַלד גייט ער איבער אויף „דו". — ווען דײַן מוישעלע זאָל לעבן, וואָלט ער געווען אַ קאָמפּמענטש... איך האָב די גאַנצע צײַט געאַרבעט ביז דער פּענסיע, איצט ווילט זיך מיר זען אַ ביסל די וועלט. איך וועל אָבער אַרבעטן ביז די פֿיס וועלן מיך טראָגן, אָן דעם קאָן איך ניט לעבן. איצט בין איך אַ קאַסיר אין די אויטאָבוסן. איך גיי אַרײַן אין אויטאָבוס, צעגיב די בילעטן, דערנאָך טו איך עס אין אַנדערע, ניט נאָר וועלכע גייען קיין בערשאַד, אויך — פֿון בערשאַד קיין ווינניצע, קיין אָדעס, קיין באַלטע, קריוואָיע אָזערע. פֿון כאַשטשעוואַטע איז שוין אָפּגערעדט, דאָרט בין איך דרײַ־פֿיר מאָל אין טאָג. כ'בין זייער צופֿרידן מיט מײַן אַרבעט. אַ גאָלדענע עלטער בײַ מיר...

דער קאַסיר, וואָס האָט מיר אַרויסגעגעבן דעם בילעט, האָט מיר דערמאָנט אין מײַן ברודער. זיי זײַנען געווען, געדענק איך, כאַווירים, בײדע אין איין עלטער. בײַ מיר אינדערהיים איז דאָ אַ קלײנינקע, גאָר אַ פּיצעלע פֿאָטאָגראַפֿיע, וווּ זיי שטייען אינצווייען פֿאָטאָגראַפֿירט. ער האָט מיר דערמאָנט נאָך אין אייניקע זאַכן, געפֿרעגט, צי איך ווייס עפּעס פֿון מײַן ברודער מוישעלע. איך האָב אים געענטפֿערט, אַז מײַן ברודער איז אין די ערשטע טעג אַוועק אויף דער מילכאָמע, געשטאַנען הינטער פּאָלאָצק און דאָרט אומגעקומען.

דער קאַסיר האָט צעגעבן אַלעמען די בילעטן, נאָכאַמאָל צוגעגאַן צו מיר און די גאַנצע צײַט געהאַלטן אין איין דערמאָנען מיר: „דו געדענקסט, ווען מוישעלע האָט זיך צעבראָכן אַ האַנט?.."

אַכט טעג איז מײַן ברודערל געלעגן מיט זייער הויכער היץ, די מאַמע האָט נאָכאַנאַנד געטונקט דעם האַנטעך אין אַ שיסל קאַלטער וואַסער, אויסגעדרייט, עס זאָל פֿונעם האַנטעך ניט קאַפּען, און צוגעלייגט מוישעלען צום הייסן קאָפּ. יעדעס מאָל טוט זי זיך אַ בײג אָן צו אים מיט די ליפּן, פּרוּווט די בעקעלעך, דאָס נעזעלע, און גיט אַ זיפֿץ. מע האָט געשיקט נאָכן דאָקטער ראַשקאָווסקי. דער טאָג ציט זיך און ציט זיך, און דער דאָקטער איז נאָך אַלץ ניטאָ.

ראַשקאָווסקי איז געווען אַן אויגן־דאָקטער, אָבער גערופֿן האָט מען אים צו אַלע קרענק. די עלטערע מענטשן פֿלעגן אים רופֿן ניט דאָקטער, נאָר פֿעלדשער. צו די גרויסע דאָקטוירים גאָפּ־

מאַן און ברייטמאַן קען ער ניט גרייכן. לויטן אויסזען זײַנען אַט די צוויי ווי לײַבלעכע ברידער, איינער אַפּן אַנדערן זייער ענלעך. ביידע טראָגן פּענסנעס, בײַ ביידן שפּיצעכיקע בערדעלעך, אַפילו די שעוועליורעס זײַנען אַלציינע. אָנגעטאָן זײַנען זיי אויך אַלציינס. קיינמאָל האָב איך ניט געקאָנט פֿאַנאַנדערקלײַבן, ווער פֿון זיי עס איז גאָפּמאַן און ווער ברייטמאַן, מאַמעש אַ צווילינג: אינדערעמעסן זײַנען זיי פּרעמדע צווישן זיך. ווײַזט אויס, די מאָדע האָט זיי געמאַכט אַזוי ענלעך איינער אַפּן צווייטן. געקומען זײַנען די דאָקטוירים גאָפּמאַן און ברייטמאַן קיין בערשאַד אין סאָף פֿון די צוואַנציקער יאָרן, איינער פֿון לעניגראַד, דער צווייטער פֿון אָדעס. געפֿירט האָבן זיי זיך ווי גרויסע לײַט, געפֿאָרן צו די קראַנקע אַף פֿאַעטאָנדלעך און צו אונדז קיינמאָל ניט פֿאַרפֿאָרן. ווען איינער פֿון זיי וואָלט אַ קוק געטאָן אין מײַן זײַט, וואָלט איך צוגעלאָפֿן צו אים און געבעטן, ער זאָל באַטראַכטן מײַן ברודערלס האַנט. מוישעלע ברענט פֿון היץ. אָבער דאָס פֿאַעטאָנדל לויפֿט, דאָס פֿערד פֿליט, דער באַלעגאָלע טרײַבט עס אונטער מיט דער בײַטש ביז עס קומט אָף אונדזער גאַס. און אָף דער גאַס, ווו מיר לעבן, זײַנען, כוץ מוישעלען, קראַנק נאָך צוויי יינגעלעך — מאָטעלע, דער איצטיקער קאַסיר, וועלכער גיט אַרויס די בילעטן אַפּן אויטאָבוס, און מייערל דעם פֿעלצנמאַכערס.

דער דאָקטער ראַשקאָווסקי פֿאָרט ניט אָף קיין פֿאַעטאָנען, ער טראָגט מיט זיך אַ גרויסן סאַקוואָיאַזש, אין וועלכן עס ליגן אינסטרומענטן און אַ קליזמע. די גלעזערנע קאָלבע מיט דער קישקע זײַנען אײַנגעוויקלט אין אַ ווײַס טאָרבעלע. דאַרף מען אַ רעפּוע, נעמט ער אַרויס פֿונעם סאַקוואָיאַזש אַ בלעכן קעסטעלע פֿון מאָנפּאַסיע, דאָרט ליגט אַ פֿלעשעלע מיט פּילן, אָדער אַ פּראָשעק. קיין געלט נעמט ער ניט, אַפילו פֿאַר דער רעפּוע אויך.

הײַנט פֿאַרהאַלט ער זיך עפּעס זייער לאַנג. עס ווערט שוין טונקל אין דרויסן, און ער איז נאָך אַלץ ניטאָ. די מאַמע שיקט מיך איטלעכווײַל אַרויס אין דרויסן, אַ קוק טאָן, צי ראַשקאָווסקי גייט.

דאָס ברודערל מײַנס ליגט אַ פֿאַרטומלטער — איין הענטעלע אונטער דער קאָלדרע, דאָס צווייטע זעט מען ניט. ס'ווײַזט זיך מיר אויס, אַז ער האָט גאָר קיין האַנט ניט. אין שטוב האָט מען גערעדט, אַז דאָס ביינדעלע באַם עלנבויגן איז אינגאַנצן איבערגעדרייט, שטייט ניט דאָרט, וווּ מע דאַרף, נאָר פּונקט אין דער פֿאַרקערטער זײַט. מע דאַרף עס אַ גוטן דריי טאָן און אַוועקלייגן אָף אָן אָרט...

...דאָס קאָל פֿונעם שאָפֿער האָט מיר איבערגעשלאָגן די געדאַנקען. פּערעקור! — דאָס הייסט, אָן אָפּשטעל אָף אויסצורייכערן אַ סיגאַרעט.

איך בין געבליבן זיצן אין אויטאָבוס. לעבן מיר — אַ יונגינקע פֿרוי מיט אַ קליין קינד, וואָס האָט געזויגן פֿונעם פֿלעשעלע מילך. דער „שעף", ווי מע האָט גערופֿן דעם שאָפֿער, האָט אונדז געפֿרעגט, צי ער זאָל פֿאַרמאַכן די טירן פֿונעם אויטאָמוס, ווײַל מיר זײַנען געבליבן די היטער פֿון אַלע קוישלעך, פּעקלעך און טשעמאָדאַנען, וואָס די פּאַסאַזשירן האָבן איבערגעלאָזט.

דער שאָפֿער, אַ שיינינקער, זייער אַ באַוועגלעכער, ער דאַרף אַלט זײַן אַ יאָר זיבן־אַכט און דרײַסיק, עפּשער אַלע פֿערציק, רעדט אָף יידיש, אָף רוסיש, מערסטנס אָף אוקראַיִניש. וווּ זשע האָב איך אים געזען? זייער אַ באַקאַנט קאָל. עפּעס דערמאָנט ער מיר אין זאַלמענען. נו, יאָ. אָבער זאַלמען דאַרף זײַן אין מײַנע יאָרן, עפּשער עלטער מיט אַ יאָר פֿינף־זעקס. אפֿאָנעם, אַז דאָס איז דער זון זײַנער...

אָפּגעפֿאָרן אַ שטיק וועג, האָט דער שאָפֿער ווידער אָפּגעשטעלט דעם אויטאָבוס און געזאָגט אָף יידיש: „גלײַכט זיך אויס די ביינער. ווער עס וויל, קאָן אַרויסגיין, איך וועל זיצן דאָ, אַלצדינג לאָזט איבער, זײַט רויִק".

איך האָב אויסגעניצט די געלעגנהײַט, בין צוגעגאַן צום יונגנמאַן און געזאָגט, אַז ער איז מיר זייער קענטלעך. ענטפֿערט ער מיר:

— איך בין אַ בערשאַדער, אַ נאָכמילכאָמעדיקער.

— איר זײַט ענלעך אָף ביינעש באָנדערס זון.

יאָ, ער איז טאַקע פֿון די באָנדערס. זאַלמען באָנדערס אַ זון. ביינעש באָנדערס אַן איינִיקל.

מײַן שאָכן אונדזערן, ביינעש באָנדער, האָבן מיר געוווינט אַ וואַנט בײַ וואַנט. פֿון אונדזער פֿענצטער האָב איך געקאָנט זען, וואָס עס טוט זיך בײַ זיי אין שטוב, אויב נאָר די פֿאָרהענגלעך זײַנען געווען צערוקט. אַלע אינדערפֿרי פֿלעג די ביינעשקע אָפּרוקן די פֿאָרהענגלעך, סע זאָל ליכטיקער ווערן אין שטוב. זייער זון זאַלמען איז געווען אַ הויכינקער, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע קוטשעראווע האָר. די האָר ווי אײַנגעוויקלט אין פֿלעשעלעך, זײַנען אַראָפּגעהאַנגען בײַ אים אָף דער פֿלייצע, אַפּן שטערן, דערצו האָט ער פֿאַרמאָגט קויל־שוואַרצע אויגן. אין דער מישפּאָכע זײַנען געווען פֿינף קינדער, געלעבט האָט מען זייער אָרעם.

ביינעש באָנדער פֿלעגט אַרבעטן מיט זײַנע דרײַ זין לעבן דער שטיב, געמאַכט פּעסער. אייניקע פּעסער זײַנען געווען גרויס, ווי אַ האַלבע שטוב, אייניקע קליין, ווי אַ שעפּעלע אין באָד. אַרום דער שטוב זײַנען געלעגן רייפֿן, פֿאַרטיקע פּעסער, גרויסע און קליינע דייזשקעלעך, קלעפּקעס און געצײַג — גרויסע האַמערס, דאָלעטעס, אַלערלייִקע זעגן און זייער אַ גרויסער קלאָץ. די רייפֿן פֿלעגן זיך אָפּט פֿאַרקײַקלען אַזש אין אַנדערע גאַסן.

ביינעש באָנדער האָט געהאַט צוויי טעכטער. ביידע שיינע, שוואַרצכיינעוודיקע, באַזונדערס די

קלענערע, פֿערעלע. זײער מאַמע, בײנעשעס װײַב, איז געװען אַ הױכע ייִדענע, מע פֿלעג זי רופֿן בײנעשקע די לאַנגע. בכלל איז זי געװען זײער אַ גוטע פֿרױ, נאָר אױף מיר פֿלעגט זי זיך תּמיד קאָסן, װײַל כ׳פֿלעג לױפֿן צו זאַלמענקען. זאַלמען האָט געהאַלטן טײַבעלעך. צוליב די טײַבעלעך פֿלעג איך לױפֿן צו אים. ער האָט דערלױבט, כ׳זאָל זײ אַ גלעט טאָן, אַרױסלאָזן פֿון די הענט אַ טײַבעלע, סע זאָל זיך פֿליִען װוּהין עס װיל. איך האָב געהאַט גרױס הנאה פֿון האָדעװען זײ, אַרױסנעמען פֿון מײַן מױל אַ װײַך, צעקײַט שטיקעלע ברױט און אַרײַנלײגן עס אין אַ שנאָבעלע; געבן אַ ביסעלע װאַסער צו טרינקען. אײנמאָל האָט געטראָפֿן, אַז אַלע טײַבעלעך זײַנען אַװעקגעפֿלױגן. כ׳האָב זיך דערשראָקן, אַז מער װעלן זײ ניט קומען, זיך שטאַרק צעװײנט, אָנגעהױבן שרײַען. קײנער האָט ניט געװוּסט, װאָס איך װיל דערמיט זאָגן. כ׳האָב לאַנג געהיכצט, ביז איך האָב אױסגעהיכצט: טײַבעלעך, זאַלמען; זאַלמען, טײַבעלעך. זאַלמענס מאַמע האָט אױף מיר אָנגעשריגן און געזאָגט: „אױב דו װעסט װײנען און כליפּען, איז גײ צו אונדז מער ניט און אױס מיט די טײַבעלעך".

דאָס איז געװען דעם איצטיקן שאָפֿערס באָבע. דער זײדע זײַנער, בײנעש, איז געװען אַ בײזער ייִד, ניט ליב געהאַט, אױב מיר, קינדער, דרײען זיך אַרום, װען ער אַרבעט, — קלאַפּט אָן די רײפֿן אױף די פֿעסער. תּמיד פֿלעג ער שרײַען: „איך װעל דיר באַלד געבן מיט אַ קלעפּקע, װעסטו פֿאַרגעסן װי דו הײסט".

אײנמאָל האָט ער מיר געמאַכט אַ קלײנינק דײזשקעלע, אַ מין באַרילעכל. איך האָב עס אָנגעשאָטן מיט װײַנשעלעך און פֿלעג אַלײן קאָנען זײ אַרױסנעמען פֿון דאָרט.

א סאך װאַסערן זײַנען שױן אַװעקגעשװוּמען פֿאַר דער צײַט.

אין מעשך פֿון די לעצטע יאָרן בין איך דאָס צװײטע מאָל אין בערשאַד. דאָס ערשטע מאָל בין איך געװען באַלד נאָך דער מלחמה. אַװעקגעפֿאָרן בין איך פֿון דאָרט אין מײַן נײַ װױנאָרט צוריק מיט פֿינף און פֿופֿציק יאָר. מײַן שװעסטערקינד שײװקעלע זיצערמאַן, װעלכע האָט אונדז, מיך מיט דער מאַמען, אַרױסבאַגלײט קײן מאָסקװע, האָט מיר דעמלט אײַנגערױמט אַ סאָד: „זאָלסט ניט פֿאַרלירן דאָס שטיקל ברױט, װאָס איך גיב דיר, װײַל איר װעט אױסגײן פֿאַר הונגער, ביז איר װעט דערפֿאָרן. זע, מע זאָל עס בײַ דיר ניט צוגאַנװענען אין װעג. טוליע עס צו צו זיך, פֿאַרליר עס ניט..."

מײַן הײַנטיקס קומען אַהער איז אַ באַגעגעניש מיט דער קינדהײַט. אָט בין איך שױן אױף דער בריק. זי פֿירט מיך אין שטאָט. און אָט איז דער פּאַרק, דער בערשאַדער פּאַרק מיט דעם שײנעם טײַך, אױף װעלכן איך פֿלעג זיך שיפֿן און באָדן. אין אָט דעם פּאַרק בין איך אַמאָל געגאַן שפּאַצירן מיט מײַנע כאַװערטעס. צוזאַמען מיט אונדז איז געװען אַ ייִנגעלע, איציקל האָט ער געהײסן. מיר פֿלעגן אים רופֿן נאָך מיט אַ צונאָמען סאָבאָל, װײַל זײַן פֿאַמיליע איז געװען סױבעלמאַן. עס איז געװאָרן פֿינצטער, און די פֿינצטערניש פֿון יענער נאַכט איז געװען אַזױ שטאַרק, אַז מיר האָבן זיך דערשראָקן, װען מיר האָבן דערזען פֿונדערװײַטן אַ װײַסן פֿלעק. דער װײַסער פֿלעק איז געגאַן גלײַך אױף אונדז, מיר גײען, און ער גײט אונדז אַנטקעגן. אײן מײדעלע האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ װײַסער בער, דאָס צװײטע — אַז ס׳איז אַ מענטש, אָנגעטאָן אין װײַסן. די װײַסקײַט גײט גלײַך אױף אונדז, דערנעענטערט זיך. צום סוף האָט זיך איציקל סאָבאָל דערמאָנט, אַז דאָס דאַרף זײַן די מאַמע זײַנע — זי טראָגט געװײנלעך אַ װײַסע שאַל. װײַזט אױס, אַז זי זוכט אים. ער האָט איר ניט געזאָגט, אַז ער גײט מיט אונדז אין פּאַרק. מיר האָבן ניט אױפֿגעהערט צו ציטערן, מורא האָבנדיק סײַ פֿאַר דעם װײַסן פֿלעק, װעלכער האָט זיך דערנעענטערט צו אונדז, סײַ פֿאַר דער פֿינצטערניש, װאָס איז אַרום אונדז. אינגיכן האָט איציקל סאָבאָל צוגעפֿירט צו אונדז זײַן מאַמע, און מיר זײַנען אַלע אין דער געדיכטער פֿינצטערניש אַװעק יעדערער צו זיך אַהײם...

דער אױטאָבוס איז אָנגעקומען באַנאַכט, אָבער די ליכטיקײַט פֿון די גרױסע עלעקטרישע לעמפּ, װעלכע הענגען אױף די סלופּעס, איז גענוג צו געפֿינען די גאַס, די שטוב, צו װעמען יעדער פּאַסאַזשיר איז געקומען.

פֿאַרטאָג גײ איך איבער די גאַסן, װוּ איך האָב געלעבט קימאַט צען יאָר, און פֿאָרט זעט מיר דאָ אױס אַלצדינג גאָר עפּעס אַנדערש. די אַנטקעגנדיקע שטוב, װוּ עס האָט געלעבט בײנעש באָנדער, װײַזט זיך מיר אױס װי צוגעקלעפּט צום גאַנעק פֿון אונדזער שטוב. פֿריִער איז די גאַס, דאַכט זיך, געװען אַ ברײטערע. פֿאַר די יאָרן, װאָס איך בין דאָ ניט געװען, איז אַלצדינג װי צונױפֿגעװאַקסן געװאָרן. װען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט לעם אונדזער שטוב, זײַנען עלטערע מענטשן, װעלכע געדענקען עטװאָס, אױך שטײן געבליבן. אָט איז שלימע־שלױמעס, זי האָט געלעבט פֿון אונדז די דריטע שטוב, איר מאַן איז שױן אַװעק אין דער אײביקײַט. שלימע בעט מיך אַרײַנגײן צו איר. זי האָט הײַנט אַ גאַסט — דעם זון.

— דו דאַרפֿסט אים געדענקען. מײערל.

װיפֿל מאָל בין איך מיט מײערלען געלאָפֿן צום טײַך זיך באָדן, געלאָפֿן באָרװעס איבער די שטױביקע גאַסן. איצט איז מײערל אַ פּראָקוראָר, ער לעבט אין טאַשקענט, האָט אַ משפּחה. איך

שטיי, און עס גלייבט זיך מיר ניט, אַז איך בין אין בערשאַד, אויף מײַן גאַס. אונדזער גאַס איז געווען צווישן די געטאָ־גאַסן, אָפּגעצאַמטע פֿון דעם אַנדערן טייל שטאָט.

עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן און ס'איז אַוועק ניט קיין גרויסער רעגן. געזעגנט זיך מיט די צוויי־דרײַ עלטערע מענטשן, האָב איך פֿאַרקערעוועט צו דער איליוויזיאָן־גאַס, דער צענטראַלער גאַס אין בערשאַד. אויפֿן וועג האָב איך דערזען אין אַ קאַנאַווע אַרומגיין אַ ייִנגעלע, ער האָט געטאָן דאָס אייגענע, וואָס מיר, קינדער, האָבן געטאָן אַמאָליקע יאָרן בעשאַס אַ רעגן. ווו נאָר אַ לוזשע, אַ קאַנאַווע, אַ ריטשקע, דאָרט זײַנען מיר געווען פֿול, אַלציינס, צי דאָס וואַסער איז וואַרעם, צי קאַלט. מיר האָבן געהאַט הנאה פֿון פּליוסקען זיך מיט די באָרוועסע פֿיסלעך אינעם רעגנוואַסער. צוגעגאַנגען אָבער נעענטער, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט דערשראָקן. דאָס איז ניט קיין קינד געשטאַנען מיט פֿאַרקאַשערטע הייזלעך ביז די קני, נאָר אַן עלטערער מענטש מיט אַ ציגנבערדל. מע האָט מיר נאָכדעם דערציילט וועגן אים. ער איז געווען אין געטאָ. בײַס ער האָט געפּרוווט זיך אַרויסכאַפּן פֿון דאָרט, איז מען אים נאָכגעלאָפֿן. ער איז אַרײַן אין אַ קעלער. דאָרט איז געווען זייער פֿינצטער. פֿאַר שרעק איז ער משוגע געוואָרן.

אויף דער איליוויזיאָן־גאַס שטייט אַ גרויסער קינאָ־טעאַטער, לעבן אים — אַ קיאָסק פֿון „סאַיוזפּעטשאַט".

איך בין צוגעגאַנגען צום קיאָסק און געפֿרעגט, צי איז פֿאַראַן דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". די פֿאַרקויפֿערן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז מײַנע אַ געוועזענע שכנה. זאָגט זי צו מיר:

— אויב דו דאַרפֿסט דעם סלעצטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", וועל איך דיר אים געבן, איך לייג אָפּ די נומערן פֿאַר אַזעלכע מענטשן, וועלכע קענען גוט ייִדיש. כ'ווייס שוין, ווער בײַ אונדז אין בערשאַד קען לייענען און ווער עס קוקט נאָר אויף די אויסיעס און אויף די געמעלן. איך אַליין קאָן אויך ניט לייענען, אָבער די מענטשן, וואָס קויפֿן דעם זשורנאַל, דערציילן מיר יעדערער צוביסעלעך, וועגן וואָס עס שרײַבט זיך דאָרט. דײַנע זיכרוינעס פֿון אַ מאַשיניסטקע האָט מען מיר אַפֿילע געלייענט. איך בעט דיך זייער, ווײַבאַלד דו דרוקסט זיך, איז שרײַב עפּעס אָן וועגן אונדזער בערשאַד. זאָל די וועלט וויסן...

— איך פֿאַרשטיי ניט, — זאָג איך צו איר, — פֿאַרוואָס קאָנסטו ניט לייענען אויף ייִדיש, דו האָסט זיך דאָך אויך געלערנט אין אַ ייִדישער שול, ניט אין אונדזער זיבניאָריקער, נאָר אין דער דרײַאָריקער.

אין דער שול האָט זי זיך טאַקע געלערנט, אָבער די בענק מיט די טישן זײַנען געווען זייער הויכע, די פֿיס האָבן אַראָפּגעהאַנגען, ניט דערגרייכט ביזן דיל, און די הענט פֿלעגט זי מוזן אופֿהייבן זייער הויך, בײַס זי האָט זיך געדאַרפֿט באַניצן מיט אַ הענטל־פֿען. דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווײַל די שול איז געווען צוגעפּאַסט פֿאַר עלטערע מענטשן, אַנאַלפֿאַבעטן...

איך האָב אָנגעהויבן אָט די נאָטיצן מײַנע מיט אַ דערמאָנונג, וויאַזוי מײַן קרעווע זשעניעטשקע זאַסלאַווסקאַיאַ האָט מיך געלערנט, וואָס איך דאַרף ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, צי איך גלייך אין גאָט צי ניט... און אָט שטיי איך לעבן דער שטוב פֿון די זאַסלאַווסקיס. איצט איז די שטוב פֿאַרמאַכט, קיינער איז דאָ ניטאָ, נאָר זי זעט אויס פּונקט ווי אין מײַנע קינדער־יאָרן, בלויז די טרעפּלעך זײַנען אײַנגעוואַקסן אין דער ערד. אַרום און אַרום — ווילד גראָז. זשעניעטשקע זאַסלאַווסקאַיאַ לעבט אין יעוופּאַטאָריע, דאָרטן לעבן אויך אירע שוועסטערלעך. זייער מוטער העניע איז שוין אַריבער די נײַנציק. בעניע זאַסלאַווסקי, דער פֿאָטער פֿון די זייער גראָטענע קינדער, אַ שטילער, אָרנטלעכער מענטש, זייער אַ בענימעסדיקער, איז בײַס דער מלחמה אומגעקומען אין געטאָ.

בעניע איז געווען אַ שנײַדער — פֿלעגט ער נייען פֿאַר די פּאַרטיזאַנער. אין בערשאַד האָט פֿונקציאָנירט אַן אונטערערדישע פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע. די רומענער האָבן געכאַפּט בעניע דעם שנײַדער בײַ דער אַרבעט און אים אופֿגעהאַנגען.

צו מיר איז צוגעקומען די קיאָסקערשע און פֿאַרבעטן מיך צו זיך אַהיים. זי האָט מיר צו דערציילן. אָבער מיטאַמאָל זײַנען צו אונדז צוגעפֿאָרן מײַן פּלימעניק מיט דער פּלימעניצע, מיך אַרײַנגעזעצט אין דער „גאָלובקאַ" און אַוועקגעפֿירט צו זיך קיין קריוואָיע אָזערע — אַ קליין שטעטל צווישן בערשאַד און אָדעס.

איך געזעגן זיך מיט דיר ניט, מײַן טײַער היימשטעטל, איך האָף נאָך ווידער זײַן אויף דײַן ערד, זיך זען מיט מײַנע האַרציק־נאָענטע בערשאַדער...

מאטל פאליאנסקי

# דער קאזיאנע ראבינער

(בלעטלעך פון מיין לעבנס־קאלענדאר)

ווי אין אלע אמאליקע ייִדישע שטעטלעך, האט אויך אין מיין היימשטעטל סעקוראן די אקטן פון א געבורט און א טויט, פון כאסענע האבן און זיך געטן געפירט בא זיך אינדערהיים דער קאזיאנע ראבינער. ער האט בא אונדז געהייסן איכיל מוזיס. א הויכוואוקסיקער, ווי און אויסגעצויגענע סטרונע, מיט אויסגעראזירטע באקן און מיט א צעקעמט אף צוויי העלפטן קורץ־געשוירן ווייס בערדל, האט ער דערמאנט אין מענדעלע מויכער־ספארימס פארטרעט.

זייענדיק שוין אלט און צעשטריט, האט איכיל מוזיס ניט געפילט קיין אכרייעס פאר זיין אר־בעט און אויך ניט שטארק געציטערט פארן ראבינער־אמט, וואס ער האט, ווי א כאזאקע־זאך, שוין געהאלטן א סאך יארן. אפטמאל פלעג ער אפלייגן אף שפעטער דאס פארנאטירן געשעעניש אין פינקעס, דערלאזן דערביי פעלערן, אומפינקטלעכקייטן, פארבייטן די דאטעס, פארדרייען די נעמען, אדער אינגאנצן עפעס דורכלאזן. מיט אזעלכע פארשרייבעכצן זיינען מענטשן דערנאך דורכגעגאנגען גרויסע גרימעניש.

איך אליין האב אין מעשעך פון יארן ניט געוווסט די גענויע דאטע פון מיין געבוירן. אין פינקעס איז געווען פארשריבן, אז איך בין געבוירן געווארן אין יאר 1910 „אכט טאג אין כוידעש שוואט". גיי ווייס, וואס פאר א דאטע דאס איז געווען! ערשט אין א צייט ארום, ווען „אכט טאג אין שוואט" איז גראד אויסגעפאלן דעם 4 פעווראל, האב איך די דאזיקע דאטע באשטימט אלס דעם טאג פון מיין געבוירן.

מיין געבורטס־מעטריקע האט מיר אין מיין קינדהייט פארשאפט ניט ווייניק קלאפאט.

דער טאטע האט מיך פארשריבן אין דער נארוואס געגרינדעטער פריוואטער גימנאזיע אין ערשטן קלאס. איך בין מיט פרייד געלאפן אהין אפטראגן די נייטיקע דאקומענטן. דער דירעקטאר, א גוטער צוגעלאזטער מענטש און דער אווטאר פון א לערנבוך וועגן דער נאטור, האט מיך אופגע־נומען ליבלעך. אבער נאכן איבערלייענען דורך די פענסטע־גלעזער מיין מעטריקע האט ער געביטן די מינע, און פון צווישן זיינע געדיכטע, שווארצע וואנצעס האב איך דערהערט:

— אזא מעטריקע טויג ניט! ס'איז ניט אנגעוויזן די געבורטס־דאטע, און פון די עלטערן איז דערמאנט נאר די מאמע דיינע! נו, און דער טאטע?

ס'האט מיך באשלאגן א שוויס. כ'האב געכאפט די מעטריקע און מיט א געוויין ארויס פונעם קאבינעט.

אפן הויף האבן זיך געשפילט כעווריע. מע האט געראשט, זיך געפרייט, געלאכט. איך בין געווען ווי פריטשמעליעט. ס'האט זיך מיר געדוכט, אז זיי לאכן און כויזעקן פון מיר, פון מיין מעטריקע. כ'בין אנטלאפן אהיים און ערשט דא זיך גוט צעיאמערט.

דער טאטע איז מיט מיר אוועק צום קאזיאנע ראבינער. מיר האבן אים געטראפן זיצן אף א געפלאכטענעם שטול באם פענצטער און טרינקען טיי.

— רעב איכיל, — האט דער טאטע, אריבערטרעטנדיק די שוועל, א וויינ געטאן די מעטריקע, — טוט נאר א קוק, וואס איר האט דארט אנגעשריבן.

איכיל מוזיס האט רויִק אוועקגעשטעלט אין א זייט די גלאז טיי, אנגעטאן די בריקן, גענומען לייענען די מעטריקע און זיך צעשמייכלט:

— ס'איז אנגעשריבן אזוי ווי מע דארף!

— סטייטש, רעב איכיל, — איז דער טאטע צוגעשטאנען, — פארוואס האט איר אנגעוויזן נאר די מאמע פונעם קינד, און איך ווו בין, דער טאטע?

דער ראבינער האט זיך א ביסל געקווענקלט:

— באלד, באלד, — האט ער געזאגט און ארויסגענומען פונעם ביכער־שראנק א גרויסן פינקעס, גענומען בלעטערן און מיט א פעסט קאל דערקלערט:

— איר פארשטייט, אייער נאמען קאן אינעם קינדס מעטריקע ניט פיגורירן, ווייל די כאסענע אייערע איז אין פינקעס ניטא.

— וואס הייסט ניטא?

— גאנץ פאשעט, ניטא, און שוין! — האט דער ראבינער קאלטבלוטיק געענטפערט און, פארריי־כערנדיק א ציגאר, פארגעזעצט:

— ס'הייסט, אייער כאסענע איז יא געווען, כ'געדענק אפילע דעם טאג, ווען איך האב זי אהער פארשריבן, נאר יענץ בלעטל איז אין פינקעס ניטא.



די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסן האַרציק דעם אַוטאָר פֿונעם זשורנאַל מאָטל פּאַליאַנסקי מיט זײַן 80־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, אַריכות־יאָמים און שעפֿערישע דערפֿאָלגן.

---

אויף מײַן טאַטנס פֿאַרוווּנדערונג האָט דער ראַבינער זיך ווי פֿאַרענטפֿערט און דערציילט, אַז דאָס דערמאָנטע בלעטל איז פֿאַרברענט געוואָרן פֿון אַ טליִענדיקן ציגאַר, מיט וועלכן ער, דער ראַבינער אַליין, האָט אַמאָל אײַנגעדרעמלט איבערן אָפֿענעם בוך.

קיין שום טײַנעס האָבן שוין ניט געקאָנט העלפֿן. די איינציקע אײצע דעם ראַבינערס איז געווען, אַז מײַן טאַטע־מאַמע זאָלן גיין אין דער רומענישער פּרימאַריִע זיך פֿאַרעגיסטרירן, דאָס הייסט, נאָכאַמאָל כאַסענע האָבן.

וואָס טוען דען ניט טאַטע־מאַמע, אַז זייער קינד זאָל האָבן אַ ריינע, אַן „אָנשטענדיקע“ געבורטס־מעטריקע?

געוווינט האָט איציל מוזיס אין אַ גרויסאַרטיק הויז אויף דער פּריצישער „וואָלאָסט־גאַס“ און געפֿירט אַ רײַכע אַריסטאָקראַטישע שטוב, ווו אַלע בניי־בײַס האָבן צווישן זיך גערעדט נאָר אויף רוסיש, כאָטש מע האָט גוט געקענט ייִדיש. פֿון טראַדיציאָנעלע ייִדישע מינהאָגים און יאָמטויווים איז בא איציל מוזיסן אין שטוב אַפֿילע קיין זייכער ניט געווען, כוץ נאָר, וואָס איין מאָל אין יאָר, אין טאָג פֿון יאָמקיפּער, האָט זיך אין אים, ווי מע האָט אין שטעטל געזאָגט, דערוועקט דער ייִד. אַרום מיטיקצײַט, ווען אין די קלויזן זײַנען ייִדן שוין געווען אויסגעמאַטערט פֿונעם טאָנעס, פֿון די יעלאָלעסדיקע טפֿילעס, פֿאַרטשאַדעט פֿון די גרויסע ברענענדיקע ליכט און אַלטע לײַט האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס, פֿלעג ער, אַן אויסגערוטער, אַ זאַטער, אַ פֿריש געראזירטער, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פֿראַק, מיט אַ הויכן צילינדער אויפֿן קאָפּ און מיט אַ פּאָרטפּעל אין דער האַנט, זיך אַראָפּלאָזן אין דער שול־גאַס, ווו יונגער אוילעם, יאָמטעוודיק פֿאַרפּוצט, האָט צווישן די טפֿילעס זיך גערעדלט אין דרויסן פֿאַר די קלויזן אָדער שפּאַצירט הין און צוריק. מיט אָנגעצויגענער ערנסטקײַט, ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף קיינעם, גלײַך ווי ער זעט קיין מענטשן ניט פֿאַר זיך, פֿלעג ער אַזוי־אָ אַרײַנשפּאַנען אין „וועלוולס קלויז“, ווו ער האָט געהאַט זײַן שטענדיקע רעזערווירטע „שטאָט“ אין דער מיזרעך־וואַנט, באַם כאַמע אָרנקוידעש. אָנטוענדיק אויף זיך דאָס פֿונעם פּאָרטפּעל אַרויסבאַקומענע אַכטקאַנטיקע שוואַרץ־פּליושענע יאַרמעלקעלע און דאָס מיט זילבער באַנייטע שמאָלע שאַרפֿעלע־טאַלעסל, פֿלעג ער שטיל־שווײַגנדיק אָפּזיצן אַזוי אַ פּאָר שאָ און דערנאָך פּונקט אַזוי אָנגעצויגן־ערנסט אַוועקגיין אַהיים.

מיר, קליינוואַרג, האָבן זיך געבויערט די קעפּלעך, ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וויאַזוי ער באַווײַזט אַרײַנשטעלן אינעם קליינעם שטענדער־שאַפֿקעלע אַזאַ „הויכן קוימען“, ווי מיר האָבן גערופֿן זײַן צילינדער, ניט אַנדערש, האָבן מיר געטראַכט, אַז דאָ איז פֿאַראַן עפּעס אַ פֿאָקוס, אַ מין קישעף. אָבער ווען מיר האָבן זיך גוט אונטערגעקוקט, האָבן מיר דערזען, אַז קיין שום קישעף איז דאָ ניטאָ. אין צילינדער איז פֿאַראַן אַ פּרוזשינע, וואָס קוועטשט אים צונויף ווי אַ פּלעצל. נאָר סײַווי האָט דער צילינדער בא אונדז אַרויסגערופֿן כידעש און אָפּשײַ. מיר פֿלעגן דעם ראַבינער נאָכגיין אַ שטיק גאַס, פֿאַרײַסן אַרויף די קעפּלעך און ניט קאָנען זיך געניג אָנקוקן אויף דעם כאַריפּעס, וואָס האָט געבליאַסקעט און געגלאַנצט. אין שטעטל איז אַזאַ צילינדער מער בא קיינעם ניט געווען.

זײַענדיק אַ גרויסער באַלגײַווע און אַ ליבהאָבער פֿון קאָוועד, האָט איציל מוזיס, מײַסע „מעלוכישער טשינאָווניק“, זיך געפֿירט גרויסהאַלטעריש און אויף מענטשן געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ, קימאַט

קיינעם ניט געגירצט. צום פראסטן הארעפאשנעם אוילעם, און באזונדערס צום באלמעלאכישן שיכט, געהאט א ביטל־באציונג. וועגן דעם, וויאזוי ער איז צום שטעטלשן פאטשטאליאן דערגאנגען די יארן, זיינען ארומגעגאן לעגענדעס. יענער איז געווען א ווילדער, שטילער רוס, א געהארכזאמער מענטש, וואס האט זיין ארבעט געטאן ערלעך. אין שטעטל האט מען אים געהאלטן פאר א טאמע־וואטן און עמעץ האט אים צוגעטשעפעט א צונאמען „כאלאמיש", — „כאלאמיש לעמייני מאים". איכיל מוזיס איז זיך מיט אים באגאנגען ווי מיט א מעשארעסל, געטשעפעט זיך צו אים און פירגע־ווארפן, אז ער ברענגט אים צו שפעט די קארעספאנדענץ, פארשליידערט ערגעץ זיינע בריוו און נאך אזעלכע אומזיסטיקע טיינעס. איינמאל האט ער זיך צו אים געווענדט אזוי:

— הער מיך אויס, כאלאמיש, אויב דאס לעבן איז דיר טייער, זאלסטו טאן ווי איך הייס דיר: אז דו צעטראגסט די פאטשט, איז ווי פרי ס'זאל ניט זיין, אפילע אין בלויען קאיאר, זאלסטו מיר אנקלאפן אין לאדן און מיך אפוועקן.

אפן צווייטן טאג, גאנץ קאיאר, האט דער פאטשטאליאן שטארק געקלאפט באם ראבינער אין אלע לאדנס, ווען יענער איז אראפ אין הוילן העמד, אופגעמאכט די טיר און אויסגעשטרעקט די האנט אפצונעמען די פרישע קארעספאנדענץ, האט כאלאמיש זיך א נייג געטאן און אויסגעשטאמלט:

— וואם ניטשעווא ניעט (ניטא פאר אייך גארניט).

— דוראק! — האט דער ראבינער מיט כעס פארקלאפט הינטער זיך די טיר.

אייניקע אין שטעטל האבן דערנאך געבריינעט, אז דער פאטשטאליאן האט בעקיוון מיט אזא שפיצל אפגעענטפערט דעם ראבינער פאר זיין רישעס. נאר ווי ס'זאל ניט זיין, איז דער טאמעוואטע־קלוגער זאג „וואם ניטשעווא ניעט" פארבליבן אף אלע יארן אין שטעטל אלס אומגאנג־ווערטל, מיט וועלכן מענטשן האבן זיך באניצט בא יעדער פאסיקער געלעגנהייט.

ווען שוין גאר אין טיפן עלטער איז איכיל מוזיס געבליבן ליגן אין בעט קראנק און מע האט געזען, אז דאס זיינען זיינע לעצטע טעג, זיינען די אנגעזעענע באלעבאטים, די פניי פונעם שטעטל, געקומען אים מעוואקער־כוילע זיין, באדויקן אים, טרייסטן און ווינטשן א רעפוע שליימע. ער האט דאס אלץ אויסגעהערט, און שוין אן קויכעס, נאר מיט א גרינגן שמייכל אף די ליפן זיך אנגערופן:

— איר מיינט כ'האב מוירע פארן שטארבן? אייסעך, כ'בין פאשעט צו דעם ניט געווינט!

צוליב נאר דעם איינעם זאג אליין האט, מיין איר, געלוינט זיך דערמאנען אין דעם סעקוראנער קאזיאנע ראבינער.

כראניק

# א געזעלשאפט פון ייִדישער קולטור איז געגרינדעט אין בערדיטשעוו

דער הויפט־ציל פון דער נייער געזעלשאפט איז — אקטיוויזירן אין שטאט די ייִדישע קולטור־טעטיקייט. שוין פון די ערשטע טעג האט זי געמאלדן וועגן זיך מיט קאנקרעטע אופטוען.

קוידעמקאל זיינען געבראכט געווארן אין ארדע־נונג די ברידער־קווארים פון 38 טויזנט ייִדן, וועלכע די היטלעראווצעס האבן אכזאריעסדיק אומגעבראכט אין סענטיאבער 1941.

די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, צוזאמען מיט צענדליקער אנדערע שטאט־איינוווינער, האבן דורכגעלייגט א וועג צום קייווער פון דעם בארימטן כסידישן צאדיק און פאלקס־דיכטער לייווי־ייִצכאק בערדיטשעווער. דער טראדיציאנעלער ייִדישער יאמ־טעוו סימכעסטוירע איז אפגעמערקט געווארן מיט א קאנצערט — פאר די לאנדסלייט האט געשפילט אונדזער קרייזל פון קינסטלערישער זעלבסטעטיקייט.

מיר האבן ארגאניזירט קורסן אף צו דערלערנען ייִדיש און איווריט. לויט דער באקאשע פון דער געזעלשאפט איז אין דער מיטלשול נומ. 9 געעפנט געווארן א פאקולטאטיוו פון ייִדיש פאר קינדער פון אלע שטאט־שולן.

מיר שטעלן די ערשטע טריט. עסווארט אף אונדז א יאם מיט ארבעט. ס'באגייסטערן אבער די אנהייב־רעזולטאטן: צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג פון דער שטאט הערשט איצט אן אופלעבונג, א גלויבן אין דעם, אז די ייִדישע קולטור לעבט איצט איבער בעעמעס א ווידערגעבורט.

ניקאליי באלבער,
פארזיצער פון דער בערדיטשעווער
ייִדישער קולטור־געזעלשאפט

# מיניאטורן וועגן דער איבערבויונג

• • •

ס׳איז ניט גענוג, אז די אידיי
זאָל ערלעך זײַן און פײַן.
מע דאַרף, דער באָדן צום פּאַרזיי
צעאַקערט גוט זאָל זײַן.

• • •

אויב קוילעטש פעלט, די קיכעלעך, פאַרבײַטן בולבעס זיי,
אָך, האַלעווײַ וואָלט נאָך געווען צו זיי א שטיקל פוטער.
ווען דער עמעס פעלט, איז טאַקע אָך און ווײ,
דאַן זײַנען זעמעלעך אפילע ביטער.

• • •

מע פרעגט מיך אין א בריוו,
וועמען דאַרף מען אָפּגעבן די בכוירע:
א פּערזענלעכקײַט, צי א קאָלעקטיוו?
האָב איך טאַקע מוירע,
אז דער, וואָס פרעגט, איז אָדער שטאַרק נאַיִוו,
אָדער זײַן קאָפּ איז אים פאַרדרייט.
פאַרשטייט זיך, נאָר דעם קאָלעקטיוו,
אויב פון פּערזענלעכקײַטן ער באַשטייט.

## די סיבע פונעם דעפיציט

פון אלץ זײַטן הערט זיך, אז עס פעלט,
וואָס א מענטש אין לעבן נאָר באַדאַרף:
פלייש און אויך א בעגעד צו דער קעלט,
פוטער און א גאָלמעסער א שאַרפס,
א קוואַרטיר, און אָרט אינעם שפּיטאָל,
אין האָטעל א בעט כאָטש אױף איין נאכט,
אין טעאַטער זען ווי ס׳קלינגט די ראָל,
וואָס דער רעזשיסער האָט גוט פאַרטראַכט.
וואָס זשע ליגט אין טאָך פון אלץ, וואָס פעלט
און נעשאָמעס ערלעכע עס בריט,
וואָס פאַרלאָרן איז אין אונדזער וועלט —
פון געוויסן איז דער דעפיציט.

• • •

די פרײַהײַט צו באַשיידן איז מיסטאמע,
זען די כעסרוינעס אירע אויס
בא דעם, וואָס ווייסט ניט אירע טאַמען,
שרעקלעך גרויס.




# אונדזער אַשער

## פײַערונגען אין ראָוונע און דער געגנט, געווידמעט דעם 100־טן געבורטסטאָג פון אַשער שוואַרצמאַנען

זיי שטייען אויף דער בינע — אַ צענדליק מיידלעך און יאַטן, סטודענטן פון דעם ראָוונער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. יעדערער פון זיי דעקלאַמירט אַ ליד פונעם גרויסן ייִדישן דיכטער. די קינפּטיקע אוקראַיִנישע פּעדאַגאָגן לייענען שוואַרצמאַנען, פאַרשטענדלעך, אויף אוקראַיִניש אין די פּרעכטיקע איבערזעצונגען פון פּאַוולאָ טיטשינא, מאַקסים רילסקי, פּאַוולאָ אוסענקאָ און פון אַנדערע מײַסטערס. דער זאַל ענטפערט מיט הייסע אַפּלאָדיסמענטן. שטורמיש נעמען אויף די בײַוועזנדע דעם מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער היגער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט כײַע פישמאַן, אַ געוועזענע לערערן, וועלכע דעקלאַמירט אַשער שוואַרצמאַנס ליד „כ׳דאַרף איצט ניט קיינעם, איך דאַרף איצט מײַן מאַמען...״

דער זאַל הערט פאַרגאַפט — ער איז באַגײַסטערט דערפון, וואָס נאָך אַן איבעררײַס פון אַ האַלבן יאָרהונדערט קלינגט דאָ דעם דיכטערס ליד אויף ייִדיש.

מע דאַרף זאָגן, אַז דער יויוול האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מערקווירדיקער פײַערונג ניט בלויז פאַר די מיטגלידער פונעם ייִדישן קולטור־צענטער, וואָס טראָגט זײַן נאָמען, נאָר פאַר דער גאַנצער היגער געזעלשאַפטלעכקײַט. אַ היפּשע אַרבעט האָט דורכגעפירט די ראָוונער אָפּטיילונג פונעם אוקראַיִנישן שרײַבער־פאַרבאַנד בעראָש מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר יעווגען שמאָרגון. צו אַשער שוואַרצמאַנס געבורטסטאָג האָט די געגנטלעכע צײַטונג „טשערוואָני פּראַפּאָר״ פאַרעפנטלעכט אַן אויספירלעך אַרטיקל וועגן זײַן לעבן און שאַפונג. די היגע צײַטונגען האָבן פאַרעפנטלעכט ברייטע באַריכטן וועגן די פײַערונגען אין ראָוונע און אין דעם דאָרף ראַפּאַלאָווקע, ווו עס געפינט זיך שוואַרצמאַנס קייווער. דער אוקראַיִנישער פּאָעט




פּרעזידיום פון דעם אָוונט אין ראָוונע

אַלעקסאַנדער באַגאַטשוק האָט געווידמעט דעם ייִדישן דיכטער אַ ליד און זי פֿאָרגעלייענט אויף די אָוונטן.

לאָמיר זיך אומקערן אין פֿולגעפּאַקטן זאַל פֿון דעם לעקטאָריום פֿון דער געזעלשאַפֿט „קענטעניש‟. באַנאַנד מיט די מיטגלידער פֿונעם ייִדישן קולטור־צענטער זיצן פֿאָרשטייער פֿון דער אוקראַיִנישער געזעלשאַפֿט „ביקאָר‟, אָרטיקע שרײַבער, געזעלשאַפֿטלעכע טוער, לעקטאָרן, סטודענטן פֿון די ראָוונער הויכשולן, אַקטיוויסטן פֿונעם אוקראַיִנישן קולטור־פֿאָנד. צוגאַסט זײַנען געקומען דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד‟ כאַיִםביידער, דער אוקראַיִנישער שרײַבער פֿון קיִעוו, מיטגליד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער קיִעווער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט אַלעקסאַנדער דעקאָ און אַנדערע. די בינע איז דעקאָרירט מיט אַ גרויסן פּאָרטרעט פֿון אָשער שוואַרצמאַנען, מיט בלומען־קרענץ.

מיט אַ קורץ אַרײַנפֿיר־וואָרט טרעט אַרויס יעווגען שמאָרגון. ער שטרײַכט אונטער, אַז אַזאַ ליטעראַריש־קינסטלערישער אָוונט איז מעגלעך געוואָרן אַדאַנק די פֿרישע ווינטן פֿון דער פּערעסטראָיקע. אַ רעפֿעראַט וועגן דעם יובילייאַר האַלט דער קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן, דאָצענט פֿונעם היגן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט מאָיִסיי גאָן, וועלכער רעדט וועגן דעם בונד פֿון דער ייִדישער און אוקראַיִנישער ליטעראַטורן און דערמאָנט, אַז אָשער שוואַרצמאַן האָט זײַנע ערשטע לידער געשריבן אויף אוקראַיִניש.

— אַזעלכע אָוונטן, ווי דער הײַנטיקער, — זאָגט ער, — וועלן געוויס ווערן טראַדיציאָנעלע, ווײַל גרויס איז דער אינטערעס צו דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור.

דער דיכטער כאַיִם ביידער דערציילט וועגן דער אויפֿלעבונג פֿון דער ייִדישער קולטור אין לאַנד, וועגן דעם סטאַבילן אָפּטייל אין „סאָוועטיש היימלאַנד‟, געווידמעט דער מאַרטיראָלאָגיע פֿון די ייִדישע שרײַבער, וועלכע זײַנען אומגעקומען בײַם דעם ווילדן סטאַליניסטן טעראָר.

דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם פֿאָרזיצער פֿון דעם אוקראַיִנישן יובילײ־קאָמיטעט, וועלכער איז געשאַפֿן געוואָרן צוליב אָפּמערקן דעם 100־טן געבורטסטאָג פֿון אָשער שוואַרצמאַנען, אַלעקסאַנדער דעקאָ טיילט מיט וועגן די פּלענער פֿון דורכפֿירן די פֿײַערונגען אין אוקראַיִנע. זיי וועלן זיך פֿאַרענדיקן מיט אַ גרויסן ליטעראַריש־קינסטלערישן אָוונט אין קיִעוו. מיט וואַרעמע ווערטער פֿון אויפֿריכטיקער ליבע און אָפּשײַ רעדן וועגן אָשער שוואַרצמאַנען די אָרטיקע אוקראַיִנישע דיכטער אַלעקסאַנדער באַגאַטשוק, מיקאָלאַ פּשעניטשני, סטעפֿאַן באַבי.

מיט אַ שלוסוואָרט איז אַרויסגעטראָטן דער פֿאָרזיצער פֿונעם ראָוונער ייִדישן קולטור־פֿאַרבאַנד דאָוויד פֿײַשטער. ער דעמאָנסטרירט פֿאַר די צושויער אַ בלעטעלע מיט אַ ייִדישן טעקסט פֿון אַכט שורעס — דאָס האָט געשריבן איינער פֿון די שילער פֿון די היגע ייִדיש־קורסן — אַ רעזולטאַט פֿון



אָשער שוואַרצמאַנס קייווער
אויפֿן ראַפּאַלאָווקער בעסוילעם

די דערפֿאָלגן פֿון דער גרופּע פֿונעם ייִדישן לימעד, וועלכע עס באַזוכן רעגולער 20—25 מענטשן פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער.

— מיר טראָגן מיט שטאָלץ אָשער שוואַצמאַנס נאָמען, — זאָגט ער, — און דער הײַנטיקער אָוונט איז אַ בוילעטער באַווײַז, וויאַזוי עס קערט זיך צו אונדז אום דאָס ייִדישע וואָרט, דער אוצר פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור.

אויפֿן אַנדערן טאָג זײַנען די אָנטיילנעמער פֿונעם ראָוונער אָוונט אַרויסגעפֿאָרן אין דאָרף ראַפּאַלאָווקע, וווּ עס ליגט אָשער שוואַרצמאַנס געביין צוזאַמען מיטן געביין פֿון נאָך 11 שלאַכטלײַט פֿון דער באַגון־דיוויזיע.

אין ראַפּאַלאָווקע איז איצט קיין איין ייִד ניט פֿאַראַן, נאָר דער קייווער פֿונעם גרויסן ייִדישן דיכטער ווערט אויפֿגעהאַלטן אין אַ מוסטערהאַפֿטער אָרדענונג. די שילער פֿון דער אָרטיקער שול און אַ היפּשער אוילעם דאָרפֿסלײַט באַגעגענען די געסט פֿון ראָוונע, מאָסקווע און קיִעוו מיט „ברויט און זאַלץ‟. אויפֿן בעסוילעם קומט פֿאָר אַן אָנדענקמיטינג. אַ גרופּע שילער שטעלט זיך אין ערן־קאַראַול. בײַ דער מאַצייווע ווערן אַוועקגעלייגט לעבעדיקע בלומען.

דערנאָך זאַמלט זיך צונויף דער אוילעם אינעם דאָרפֿישן קולטור־הויז. ווידער קלינגען אָשער שוואַרצמאַנס לידער אויף אוקראַיִניש און ייִדיש. איצטער לייענען זיי פֿאַר ניט בלויז די סטודענטן

פונעם ראָוונער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, נאָר אויך די שילער פון דער ראַפּאַלאָווקער שול.

אין די פֿײַערונגען האָבן זיך באַטייליקט אַ פאָרשטייער פונעם געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט מ. ריאַבטשוק, דער פאַרוואַלטער פונעם אידעאָלאָגישן אָפּטייל פון דעם ראַיקאָם פון דער פּאַרטיי וו. זשוק, דער פּאָרזיצער פונעם ראַפּאַלאָווקער יִשעוו־סאָוועט פּ. יאַרעמאַ און אַנד.

די פֿײַערונגען אין ראָוונע און אין ראַפּאַלאָווקע זײַנען געווען אַ דעמאָנסטראַציע פון עכטן אינטער־נאַציאָנאַליזם, פון אופריכטיקער ברידערלעכקײַט פון דער ייִדישער און אוקראַיִנישער קולטור.

**דאָוויד פייִשטער,**
פּאָרזיצער פונעם ראָוונער
ייִדישן קולטור־צענטער אפן
נאָמען פון אַשער שווארצמאַן

אַלעקסאַנדער ליזען

# און איך אַליין בין ווי אַ קלאַנגלאָזער געשריי...

(אַ באַגעגעניש מיט יעווגעני יעווטושענקאָ)

אין מעשעך פון די צוויי טעג, וואָס יעווגעני יעווטושענקאָ איז געווען אין לוואָוו, האָט ער גע־געבן דרײַ קאָנצערטן, אַרויסגעטראָטן אויף אַ מיטינג פון דער לוואָווער באַוועגונג פאַר דער פּערעסטראָי־קע. און דאָך האָט ער געפונען צײַט זיך באַגעג־נען מיט דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט.

מיר האָבן באַגעגנט דעם רוסישן פּאָעט מיט אַ קופּלעט פון דער ייִדישער פאָלקסליד: „לאָמיר אַלע אײַנײַנעם, אײַנײַנעם יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטשן מעקאַבל־פּאָנעם זײַן...״ — און באַלד נאָך דער באַגריסונג געמאָלדן, אַז מיר האָבן אים אָנגענומען אין אונדזער געזעלשאַפט אַלס ערן־מיטגליד און דערלאַנגט אים אַ מיטגליד־בילעט.

— אַ שיין ביכעלע! — האָט דער דיכטער אויס־גערופן, דאַנקענדיק פאַרן קאָוועד. מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אַז יעווטושענקאָ, וואָס איז ניט נאָר אַ דיכטער, נאָר אויך אַ פאָלקס־דעפּוטאַט, אינטע־רעסירט זיך פּראַקטיש מיט דער טעטיקײַט פון אונדזער געזעלשאַפט און אַלס פויעל־יויצע פון דעם זײַנען אַנטשטאַנען צוויי זאַכלעכע בריוו.



יעווגעני יעווטושענקאָ צווישן די אַקטיוויסטן פון דער לוואָווער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט

אַלזאָ, דער ערשטער בריוו.

דער דעפּוטאַט פרעגט:

— וויאַזוי און צוליב וואָס איז אַנטשטאַנען אײַער געזעלשאַפט?

האָב איך געענטפערט אזוי:

— בעשאַס דער מילכאָמע איז מײַן טייל דורכגעגאַנגען עפּעס א שטעטל, און אַף די רויִנען פון אן אָפּגעברענטער שול האָב איך באַמערקט צעפליקטע שיימעס פון „שיר־השירים". איך האָב זיי אויפגעהויבן, פאַנאַנדערגעגלעט. אין דער שרעקלעכער מילכאָמע, צווישן פאַשיסטישע מערדערײַען האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר די ליבע פרידלעכע ווערטער: קושן זאָל ער מיך מיט די קושן פון זײַן מויל. וואָרעם בעסער פון ווײַן איז דײַן ליבשאַפט...

איך האָב צונויפגעלייגט די שיימעס, פאַרבאַהאַלטן זיי אין דער קעשענע פון דער גימנאַסטיאָרקע, און שוין מער פון פיר צענדליק יאָר היט איך זיי. די פּאַסירונג האָט אויסגעזען אין מײַנע אויגן, ווי עפּעס א צייכן, א סימבאָלישער צייכן. צי האָט זיך אַף אייביק איבערגעריסן דער פאָדעם פון שיר־השירים, דער פאָדעם פון אן אוראַלטער פירטויזנטיאָריקער קולטור? און עפּשער זײַנען די דאָזיקע צעפליקטע, צעקנייטשטע בלעטלעך עפּעס א מין סנע, וואָס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט, און קיינמאָל, קיינמאָל וועט ער ניט פאַרברענט ווערן?

אַלס א פּראַקטישער ענטפער אַף דער דאָזיקער פראַגע איז טאַקע געווען דאָס שאַפן אונדזער געזעלשאַפט, וועלכע האַלט אונטער אין לוואָווער קאַנט די אויפלעבונג פון דער אוראַלטער גײַסטרײַכער ייִדישער קולטור...

— צי האָט איר פּראָבלעמען? שוועריקײַטן?

— אַוודע. פאַראַן פּראָבלעמען. פאַראַן שוועריקײַטן. און די שווערסטע שוועריקײַט איז — די אָפּוועזנהײַט פון עפּעס א לאָקאַל. קעדיי צו פאַרווירקלעכן אונדזער פּראָגראַם, נייטיקן מיר זיך אין אן עכטן ייִדישן קולטור־צענטער, ווו עס זאָלן פונקציאָנירן א ייִדישער טעאַטער, א מוזיי, ביבליאָטעק, אויסשטעלונג־זאַל...

— פאַראַן א פּאַסיקער אָביעקט?

— יאָ. פאַראַן. די געוועזענע סינאַגאָגע.

יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטש האָט גענומען א בייגעלע פּאַפּיר און אָנגעשריבן א בריוו דעם סעקרעטאַר פונעם לוואָווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און דעם פאָרזיצער פון שטאָט־אויספירקאָם. ס׳איז טשיקאַווע, וויאַזוי שרײַבט א דיכטער זאַכלעכע בריוו.

„טײַערע פרײַנט!

איך ווענד זיך צו אײַך מיט א ביטע וועגן פאַרזעצן דעם גוטן אופטו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין לוואָוו — דאָס שאַפן א ייִדישע געזעלשאַפט פון ליבהאָבער פון דער ייִדישער שפּראַך און קולטור אַף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען. די געזעלשאַפט עקזיסטירט שוין א יאָר צײַט, א סאַך איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן. אָבער די הויפּטשטערונג אין דער אַרבעט פון דער געזעלשאַפט איז די אָפּוועזנהײַט פון א לאָקאַל פאַר דעם ייִדישן קולטור־צענטער אין לוואָוו. אַלס אזא מין לאָקאַל וואָלט געקאָנט זײַן די געבײַדע פון דער געוועזענער סינאַגאָגע אַף דער אוגאַלנע־גאַס, 3, וועלכע מע ניצט איצטער אויס אַלס א ספּאָרט־באַזע פון דעם פּאָליגראַפישן אינסטיטוט. ווי כ׳האָב זיך דערוווּסט, פאָדערט דער אינסטיטוט א גרויסן אָפּצאָל פאַר אומקערן די דאָזיקע געבײַדע דער געזעלשאַפט פון ייִדישער קולטור. וויאַזוי דאַרף מען דאָס פאַרשטיין? נעמען אומקערן פאַר געלט? דאָס איז אַמווייניקסטן אַמאָראַליש.

איך גלייב, אז איר וועט מאַכן אן אָרדענונג אין דאָזיקן עניען, און דער גוטער אופטו, אין וועלכן איר האָט אויך גענומען אן אָנטייל, וועט באַקומען זײַן העמשעך — די געבײַדע פון דער סינאַגאָגע וועלן באַקומען אירע עכטע באַלעבאַטים..."

צווישן דעם ערשטן און צווייטן בריוו איז געווען א פּאָעטישע פּאַוזע. ס׳איז אַרויסגעטראָטן דער פּראָפעסאָר רודאָלף מירסקי. א וווּנדערלעכע גײַסטיקע קראַפט פאַרמאָגט אָט דער מענטש! א בלינדער, ווײַזט ער אַרויס אַזויפיל אַקטיווקײַט, לעבנסלוסטיקײַט, וואָס עס וואָלטן געקאָנט פאַרדינען זיך פיל זעענדיקע. זײַנערצײַט האָט ער דערפאָלגרײַך פאַרטיידיקט די קאַנדידאַטישע דיסערטאַציע, ניט לאַנג צוריק — די דאָקטאָרישע. פאַראַיאָרן איז דערשינען אין פאַרלאַג „מיסל" זײַן בוך. ער איז געווען פון די ערשטע, וועלכע זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט, נאָך דעמלט, ווען ס׳איז געווען בלויז אן איניציאַטיוו־גרופּע און אייניקע פּראָפעסאָרן האָבן נאָך „מוירע געהאַט" צו האָבן מיט אונדז צו טאָן.

דער פּראָפעסאָר מירסקי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט זען דעם דיכטער. ער האָט אָבער געוווּסט אַף אויסווייניק אייניקע זײַנע לידער. פאַרופנדיק זיך אַף „באַבי יאַר", האָט ער געפרעגט:

— אַנטיסעמיטיזם? בא אונדז? אין א פרײַנטשאַפט־בונד פון פעלקער און נאַציעס?

א רעפּליק פון זאַל:

— פאַרוואָס צערעמאָניעט מען זיך מיט דער אַנטיסעמיטישער „פּאַמיאַט"?

יעווטושענקאָס אומדערוואַרטער ענטפער:

— ניטאָ קיין ברירע. דעמאָקראַטיע... פּליוראַליזם... איב פאַרמאַכן די „פּאַמיאַט", וועלן זיי גלײַך אָנהייבן פאָדערן פאַרמאַכן דעם „אָגאָניאָק"...

דער פּראָפעסאָר מירסקי, ווידער, האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין צעפּירן מיט די הענט אין שטענדיק פינצטערן רוים, וואָס רינגלט אים ארום:

— וויפל איז דער שיר! וויפל איז דער שיר!

פאַרענדיקט האָט ער אָבער אַף גאָר א פריידיקער נאָטע:

— ווי גוט עס איז, וואָס אַף דער וועלט זײַנען פאַראַן אַזעלכע וווּנדערלעך־ווילדע מענטשן ווי אַנדריי סאַכאַראָוו, ווי דמיטרי ליכאַטשאָוו, ווי...

— ...און ווי איר, יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטש, — האָט זשוואַוו אונטערגעכאַפּט ראָזע קאָשאַראָווסקע, איינע פון די אַקטיווסטע אָנטיילנעמער אין דער באַגעגעניש.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט און פאַרגלייענט אויסדריקלעך:

Мне говорят: ты смелый человек.
Нет, никогда я не был смелым.
Считал я просто недостойным делом
Унизиться до трусости коллег.

(מע זאָגט מיר: ביסט א דרייסטער מענטש. ניין, כ'בין קיינמאָל ניט געווען קיין דרייסטער. כ'האָב פּשוט געהאלטן פאר ניט אָנשטענדיק צו זײַן א פּאכדן ווי די קאָלעגן מײַנע.)

ס'איז געוואָרן אומעטיק אפן הארצן, ווען פּאַזינע גאָרץ, שוין אַן עלטערע פרוי, וועלכע איז דורכגעגאַן די שיווע מעדורעס פון א פאשיסטישן לאַגער אין דעם דאָרף פּעטשאָרא, וויניצער געגנט, האָט גענומען דערציילן וועגן די ליידן און איבערלעבונגען פון די קאָצעטניקעס. אומעטיק אפן הארצן? יאָ. עפשער ניט צום אָרט? ס'קאָן זײַן. ס'איז אָבער אונדזער הייליקער כויוו בענעגייע די אומגעקומענע. טאָמיד געדענקען!

נאָך מער — עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז, דערציילנדיק וועגן די גרויל, האָט פּאַזינע מאָיסייעוונע א קאָפּעלע צוגעשמייכלט. זי פלעג מיסטאמע צושמייכלען אפילע אין לאַגער. אניט וואָלט זי ניט אויסגעהאלטן, ניט געבליבן לעבן. זי איז אַן עכטע טאָכטער פון איר פאָלק, וואָס אלעמאָל שטייט עס אויף טכיעס־האַמייסים.

יעווטושענקאָ האָט געפרעגט:

— און ווי איז געווען בייס דער היטלערישער אָקופּאַציע בא אײַך אין לוואָוו?

— אין לוואָווער געטאָ האָט מען פארניכטעט הונדערט זעקס און דרײַסיק טויזנט ייִדן.

— א דענקמאָל איז פאראַן?

— ניין, דערווײַל ניט. מיר זאמלען געלט.

— שוין א סאך צונויפגעזאמלט?

— לעסאטע נאָך ווינציק.

יעווגעני אלעקסאנדראָוויטש נעמט זיך גלײַך ווידער פאר דער פּען און אין פינף מינוט ארום ווערט געבוירן א נײַער אָפענער בריוו צו די אָנפירער און ארבעטס־קאָלעקטיוון פון די גרעסטע אונטערנעמונגען אין לוואָוו.

„טײַערע פרײַנט!

מיר וועלן ניט קאָנען העכערן די קולטור פון אונדזער לאַנד, אויב מיר וועלן זיך פארלאָזן בלויז אויף מעלוכע־דאָטאציעס און סובסידיעס. אין דעם דאָזיקן וויכטיקן איניען קאָנען מיר זיך ניט באַגיין אָן סאָוועטישע מעצענאטן. מיר האָבן ניט קיין מעצענאטן — מיליאָנערן־קאפּיטאליסטן. דעם דאָזיקן גוירל דארפן נעמען אויף זיך די אונטערנעמונגען פון אונדזער לאַנד, די ארבעטס־קאָלעקטיוון.

דער באַגריף „קולטור" איז פאר מיר צום אלעם ערשטן — קולטור פונעם היסטאָרישן זיקאָרן. אין 1941—1943 האָט עקזיסטירט די לוואָווער געטאָ, וווּ די פאשיסטן האָבן פארפײַניקט, לויט אָפּיציעלע אָנגאַבן, 136 טויזנט מענטשן. די, וועמען ס'איז געלונגען צו ראטעווען זיך, האָבן געקעמפט האַנט בא האַנט צוזאמען מיט די אוקראַינער און פּאָליאקן קעגן די פאשיסטן.

די לוואָווער געטאָ איז אין טאָך א לוואָווער באַבי יאַר. אָבער אין קיִעוו איז שוין פאראַן א דענקמאָל אפן באַבי יאַר, און אין לוואָוו איז נאָך ניטאָ. ס'איז גוט, וואָס עס איז אָנגענומען א באַשלוס וועגן אויפשטעלן אזא מעמאָריאַל. מיר איז זייער געפעלן דער פּראָיעקט פון דעם קאָמפּלעקס, וועלכן ס'האָבן פאַנאַנדערגעארבעט ל. שטערנשטיין, י. שמוקלער, וו. פּלעכיווסקי. מע האָט געמאָלדן א זאמלונג פון געלט.

איך ווענדע זיך צו אײַך, טײַערע פרײַנט, מיט א באַקאָשע, איר זאָלט איבערעכענען אײַער וואָגיקן בײַטראַג אויף דער קאָנטע 70201 אין לוואָווער זשילסאָצבאַנק אויף א דענקמאָל פאר די קאָרבאָנעס פון געטאָ.

איך האָף און פארלאָז זיך אויף דעם געפיל פון סאָלידארישקײַט, אפן מיטגעפיל צו מענטשלעכע ליידן, וועלכע זײַנען שטענדיק געווען אייגנטימלעך דעם אוקראַינישן פאָלק..."

אין פארלויף פון דעם שמועס איז אויפגעקומען א נאַטירלעכע פראַגע צום דיכטער וועגן זײַנע שעפערישע פּלענער. ער האָט אונדז דערציילט וועגן א פילם, וואָס ער גרייט אלס א סצענאַריסט און רעזשיסער. דער פילם הייסט — „די באַערדיקונג פון סטאַליִנען". ווי ס'איז באַוווּסט, זײַנען בעשאַס סטאַליִנס לעווײַע אומגעקומען א סאך מענטשן מאַכמעס דער גרויליקער שטיקעניש. דער נײַנציאָריקער יעווגעני יעווטושענקאָ האָט דאָס געזען מיט די אייגענע אויגן, און ער נעמט זיך איצט צו שאַפן א פילם, כּדי באַפרײַען זיך פון דעם ווייטיק, וואָס פּײַניקט אים שוין פיל יאָרן.

אין צענטער פונעם פילם איז אוועקגעשטעלט די פרײַנטשאַפט פון צוויי ייִנגלעך, א רוס און א ייִד. דער פּראָטאָטיפּ פון דעם רוסישן איז דער אווטאָר אליין. ער איז אלט פופצן יאָר, הייסט עס — אויף פיר יאָר ייִנגער פון דעם עמעסן יעווגעני יעווטושענקאָ. וועגן דעם פּראָטאָטיפּ פון דעם ייִדישן ייִנגל דערציילט דער דיכטער אופריכטיק, אפילע אין טעסעך פון א באַלטשוווע. און די מײַסע איז אזא. ווען אלע צײַטונגען, די ראַדיאָ און טעלעוויזיע האָבן געטומלט איבער דעם גאַנצן לאַנד וועגן די „נידערטרעכטיקע פארברעכער", ייִדישע דאָקטוירים, האָט דער יונגער נאַיִווער יעווגעני אויך אָנגעשריבן א ליד — „די פארסאַמער אין ווײַסע כאַלאַטן". די מוטער פון דעם ייִדישן ייִנגל האָט אים אָפּגערעדט צו דרוקן די ליד. ער איז איר געבליבן דאַנקבאַר דאָס גאַנצע לעבן, ווײַל זי האָט אים געראַטעוועט פון כאָרפּע און געוויסנביסן.

ווען יעווטושענקאָ האָט זיך גענומען אָפּגעזעגענען, זײַנען מיר אלע ארויס אויף דער גאַס און זיך פאָטאָגראַפירט מיט אים.

# פּאָעזיע, לידער, ספּעקטאַקלען...

ניט לאַנג צוריק האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם ניט אַזוי ווײַטן 1982 יאָר, ווען מיר האָבן מיטן איצט שוין פֿאַרשטאָרבענעם אַפּערע־זינגער, פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון דער מאָלדאַווישער רעפּובליק באָריס ראַיסאָוון צונויפֿגעשטעלט (צונויפֿגעגרייט) אַ פּראָגראַם פֿון ייִדישער מוזיק. די אידעע פֿון אָט דער פּראָגראַם איז אויפֿגעקומען נאָך דעם, ווי מיר זײַנען דערפֿאָלגרײַך אַרויסגעטראָטן אין צענטראַלן ליטעראַטן־הויז אין מאָסקווע בײַ דער פֿײַערונג פֿונעם צוואַנציקיאָריקן יובילײַ פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד".

דעם אײנציקן קאָנצערט אין קעשענעוו (מער האָט מען אונדז ניט דערלויבט אַרויסטרעטן) האָט פֿאַרשריבן די מאָלדאַווישע טעלעוויזיע, אָבער, ווי ס'איז ניט שווער זיך אָנשטויסן, איז די טראַנסליר־ונג אין עפֿיר ניט פֿאָרגעקומען. מע האָט עס אונדז דערקלערט אויף אַזאַ אופֿן: ס'איז ניט באַקוועם צו געבן ייִדישע מוזיק, ווען ייִשׂראל פֿירט אַ מילחמה מיט ליוואַן. אַן אײַזערנע לאָגיק, ניט עמעס?

די דאָזיקע „לאָגיק", לויט וועלכער מע האָט געשטיקט די שטרעבונג צו אַנטוויקלען די ייִדישע קולטור (בײַשפּילן זײַנען בלויז בײַ אונדז אין מאָלדאַוויע פֿאַראַן אַ גרויסע צאָל), האָט געבראַכט דעם סאָוועטן־לאַנד אַן אומגעהײַערן שאָדן, אַרויסרופֿנדיק דעם חוזק פֿון די עמיגראַציע־שטימונגען צווישן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

אָט אַזעלכע דערמאָנונגען און געדאַנקען זײַנען מיר אויפֿגעקומען אינעם קעשענעווער זאַל „דרוזש־באַ" (פֿרײַנטשאַפֿט) אויף דער באַגעגעניש מיט די געסט פֿון ייִשׂראל, דעם זינגער גאַבי בערלין, דעם דיכטער יאָראַם טאַכאַר־לעווו און דעם פּראָזאַיקער און סצענאַריסט אַמאָס עטינגער. צי האָט מען געקענט זיך פֿאָרשטעלן אַזעלכס נאָך מיט אַ וועלכע־ניט־איז דרײַ יאָר צוריק?

ווי ס'איז צו זען, שלאָגט זיך דורך אַ וועג דאָס נײַע דענקען. אָט איז אויף דעם לעצטן פּאַרטיי־פּלע־נום איבער דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע געגאַנגען אַ רייד וועגן אַנטוויקלען די קאָנטאַקטן צווישן די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, צווישן זיי מיט בירגער פֿון אַנדערע מעלוכעס, מיט וועלכע עס פֿאַרבינדט זיי אַן אַלגעמיינער עטנישער אָפּשטאַם אָדער די קולטור־ירושה. דער וויזיט פֿון די ייִשׂראלים אין קעשענעוו איז דאָס ערשטע שוועלבעלע אינעם אײַנ־שטעלן אַזעלכע קאָנטאַקטן.

לויטן זשאַנער איז די אַרויסטרעטונג פֿון די ייִשׂראלדיקע געסט גיכער פֿון אַלץ אַ שעפֿערישער אָוונט. זיי האָבן דערציילט וועגן זיך, וועגן זייער מדינה מיט דער שפּראַך פֿון מוזיק, פּאָעזיע, קינסטלערישער פּראָזע. פֿאַרשטייט זיך, אַז דעם גרעסטן דערפֿאָלג האָט געהאַט דער זינגער־באַרד גאַבי בערלין, ניט בלויז אַדאַנק זײַן שיינעם זאַפֿ־טיקן באַריטאָן, זײַן אויסגעצייכנטע שפּיל אויף דער גיטאַרע, דער סצענישער כיין, וואָס האָט דער־מעגלעכט באַלד אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער אַודיטאָריע. גופֿא די שפּראַך פֿון דער מוזיק, אַן אַמעריקאַנער, מאַזשאָר־ אינטערנאַציאָנאַלע, וואַרפֿט אָפּ די שפּראַך־באַריערן.

ס'האָבן זיך פֿאַרגעדענקט די שאַרפֿזיניקע, גראַציעזע און אָריגינעלע לויט די אומדערוואַרטע אָפּ־בליצן פֿונעם געדאַנק לידער פֿון יאָראַם טאַכאַר־לעווו, דעם אויטאָר פֿון אַן ערך 20 פּאָעטישע זאַמלביכער און פֿון פֿיל לידער פֿאַר קינדער. אים געהערן איבערזעצונגען אויף איוריט פֿון פֿאַרשיידענע שפּראַכן, דערונטער פֿון רוסיש.

בכלל, איז די רוסישע טעמע קעסיידער גע־ווען בײַוועזנד אויף דעם דאָזיקן אָוונט. זי האָט גע־קלונגען אין אַמאָס עטינגערס אַרויסטרעטונג וועגן דער השפּעה אין ייִשׂראל פֿון דער רוסישער קול־טור, וועלכע ס'האָבן אַרײַנגעבראַכט אַהין נאָך די ערשטע איבערוואַנדערער פֿון רוסלאַנד אין אָנהייב פֿונעם הײַנטיקן יאָרהונדערט. דער זאַל האָט מיט שפּאַנונג אויפֿגענומען עטינגערס דערציילונג וועגן דעם אָפּשטאַמיקן פֿון מאָלדאַוויע יעשאַיאָהו (שײַ־קע) דאַן, וועלכן מע האָט אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַראָפּגעוואָרפֿן מיט אַ פּאַ־ראַשוט אויף דער טעריטאָריע פֿון דער פֿאַשיסטישער רומעניע און אַדאַנק זײַן קענען די רומענישע שפּראַך, זײַן מוטיקייט און דערפֿינדערישקייט איז מעגלעך געוואָרן ראַטעווען הונדערטער מענטשן פֿון די גאַז־קאַמערן אין אָשוועניטשים און טרעבלינקע. פֿאַרקישעפֿנדיק האָט גאַבי בערלין געזונגען „דאָס בלויע טיכעלע" — («Синий платочек») די ליד פֿון די צײַטן פֿון דער פֿאָטערלענדישער מלחמה...

מע דאַרף האָפֿן, אַז די קינסטלער פֿון ייִשׂראל האָבן דערפֿילט סײַ די גאַסטפֿרײַנטלעכקייט פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון ייִדישער קולטור פֿון דער מאָלדאַווישער רעפּובליק, אונטער וועמענס עגידע עס זײַנען פֿאָרגעקומען די צוזאַמענטרעפֿן, סײַ די וואַרעמע אַטמאָספֿער פֿונעם צושויער־זאַל. עס ווילט זיך גלייבן, אַז דער ערשטער וויזיט פֿון ייִשׂראל־דיקע שעפֿערישע טוער איז אַן אָנהייב פֿון שטענ־דיקע קולטור־קאָנטאַקטן.

אין די זעלבע טעג האָט אינעם זאַל „אַקטאָמ־בריע" גאַסטראָלירט דער מאָסקווער טעאַטער „שאַ־לאָם". און דאָס איז אויך אַ סימן פֿון דער נײַער צײַט — צוויי בעסטע לאָקאַלן פֿון דער מאָלדאַווי־שער הויפּטשטאָט זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן דעם ייִדישן צושויער, וואָס האָט זיי פֿאַרפֿולט ביז לעצט אין פֿאַרלויף פֿון אַלע אָוונטן פֿון די גאַסטראָלן.

איך בין זיך מודה, אַז דער ספּעקטאַקל „דער צוג נאָך גליק" (בילדער פֿונעם ייִדישן לעבן) האָט געמאַכט אויף מיר אַ צווייענדיקן אײַנדרוק. פֿון איין זײַט, איז ער פֿעסט געבויט פּראָפֿעסיאָנעל: סײַ די פּלאַסטיק פֿון די מיזאַנסצענעס (רעזשי — א. לע־ווענבוק), סײַ די סצענאָגראַפֿיע פֿון מ. אושאַץ, וועל־כע האָבן געשאַפֿן אַן אויסדריקלעך געשטאַלט פֿון אַ צײַט־צוג, וואָס פֿאָרט דורך ייִדישע שטעטלעך פֿונעם אַלטן רוסלאַנד און דערנאָך דורך אונדזער הײַנטצײַטיקער געשיכטע. די געפּונענע פֿאָרם פֿו־

נעם ספעקטאקל גיט א מעגלעכקייַט צו פאראייניקן פארשיידענע לויטן כאראקטער טעאטראלע מיניאַטיורן אין איין גאנצעס. אויך ארקאדי כאַיטס מערערע מיניאַטיורן, וועלכע דער באקאנטער סצענאַריסט און דראמאטורג האָט געבויט לויטן פרינציפּ פון א קאָנטראסט־קעגנשטעלונג, פון שייַן און שאָטן, מאכן א שטארקן איינַדרוק, באזונדערס די טראגישע, וועלכע דערציילן וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם אין 1903, וועגן דער טראגעדיע פון די ייִדן אין די יאָרן פונעם פאשיזם, וועגן דעם סטאליניש ן אנטיסעמיטישן טעראָר, וואָס איז פארבונדן מיט דער קאמפאניע קעגן די „קאָסמאָפּאָליטן", מיט דעם „איניען פון די דאָקטוירים"...

מע וואָלט אויך געקאָנט אָפּמערקן די אינטערעסאנטע מוזיקאלע קאָמפּאָזיציע פון ס. בורד מיט דער זיך־פארגעדענקענדיקער אָריגינעלער ליד וועגן „דעם אָרעמען, אומגליקלעכן, ווונדערלעכן, קיינמאָל ניט פארומערטן פאָלק", ווען דער קאָמפּאָזיטאָר וואָלט ניט וווּלגאַריזירט דעם טאַנץ־פינאל סיי אינעם ערשטן, סיי אין דעם צווייטן אקט (כאָרעאָגראַף — וו. וויטאָלס) מיט דער אָפּגעניצטער און אָפּגעריבענער מעלאָדיע „זיבן מיט פערציק". איך קאָן ניט פארשטיין, פארוואָס עס ווענדן זיך קעסיידער סיי דער ייִדישער מוזיקאלער קאמער־טעאטער, סיי דער טעאטער „שאלאָם" צו רעסטאָראַן־שלאַגערס און ניט צום רייַכן ייִדישן פאָלקלאָר, זוכן ניט עפּעס מער פרישס, אָריגינעלס, נאָר שווימען אויף דער אויבערפלאַך!

דער טעאטער „שאלאָם" ציט צו זיך צו מיט זייַן אקטיאָרישן אנסאמבל, וווּ עס באהעפטן זיך געלונגען פארשייַטקייַט, האסטיקער טעמפּ, ברענענדיקער טעמפּעראַמענט פון דער יוגנט מיט דער מייַסטערשאַפט, טעאטראלער דערפארונג פון די עלטערע קאָלעגן לויט דער קונסט. עס רופט אָבער ארויס א פּראָטעסט די שפּראַך פון די אקטיאָרן. ווי עס ווערט אָפּגעמערקט אין דער פּראָגראַמקע, איז דער ספעקטאקל צוגעגרייט אויף צוויי שפּראַכן — אויף ייִדיש און רוסיש. מע דאַרף מיינען, אַז אין קעשענעוו, א שטאָט, וווּ פיל ייִדן קענען דאָס מאַמעלאָשן, וואָלט דער ספעקטאקל געמעגט גיין אויף ייִדיש. ווען מע שפּילט אים אויף רוסיש, זעט אויס די אויסגעדרוקטע פאראָדירונג פון די ייִדישע אינטאָנאַציעס אין דער רוסישער שפּראַך לעכערלעך־האַפּאַכעס טאַקטלאָז. אין אָט דעם אַספּעקט קאָן דינען אלס בייַשפּיל דער מעכטיקער טאלאַנט פון מיכאיל אוליאַנאָוון, וועלכער האָט געשאַפן אָן קיין שום נאָכקרימעניש אָן עכט נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון טעוויע דעם מילכיקן.

דאָס אויבנגעזאָגטע האָט א שייַכעס צום ערשטן אקט פונעם ספעקטאקל, וווּ ס'איז געשילדערט די וועלט פון די בײַ־רעוואָלוציאָנערע ייִדישע שטעטלעך. וואָס איז שייַעך דעם צווייטן אקט, וואָס כאַפּט ארום לויט דער צייַט די רעוואָלוציע, דעם בירגערקריג, דעם נעפּ אאַז., הארט ביז אונדזערע טעג, איז ער א פארצויגענער און עפּעס א מין אָנפּערזאָניקער. אין אים איז אַבסאָליוט פארשוווּנדן דער נאַציאָנאַלער קאָלאָריט, און ס'ווערט אומפארשטענדלעך, וואָס פאַר א שייַכעס דאָס אַלץ האָט צום ייִדישן נאַציאָנאַלן טעאטער.

עס ווילט זיך גלייבן, אַז די באַוועגונג, וועלכע קומט פאָר אין אונדזער לאַנד, אייַנגעשלאָסן מאָלדאַוויע (באַזונדערס דער אָנגענומענער געזעץ וועגן דער אַנטוויקלונג, באַגלייַך מיט אַנדערע שפּראַכן, פון ייִדיש), וועט מיטווירקן דעם וווּקס פונעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזייַן פון די ייִדן, דאָס וויידערופשטעלן אונדזער אוראַלטע קולטור, וועלכע וועט פאַרנעמען א ווירדיק אָרט אין דער פילפאַרביקער פאַליטרע פון די קולטורן פון די פעלקער פון אונדזער לאַנד.

ס ע ר ג אָ  ב ע נ ג ע ל ס ד אָ ר ף,
פּיאַניסט און מוזיקאַלער קריטיקער,
מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג
פון דער געזעלשאַפט פון ייִדישער
קולטור אין מאָלדאַוויע

# ייִדישע קולטור־טעטיקײַט אין טאַדזשיקיסטאַן

אין דושאַנבע איז באַם טאַדזשיקישן קולטור־פאָנד געשאַפן געוואָרן א געזעלשאַפטלעכער ראַט פון דער ייִדישער סעקציע. דער ראַט באַשטייט פון פאַרשטייער פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, וועלכע לעבן אין דער הויפּטשטאָט פון טאַדזשיקיסטאַן.

לויט דער פּראָגראַם, וועט דער ראַט זיך פאַרנעמען מיט שאַפן באַדינגונגען פאַר דערלערנען די ייִדישע געשיכטע, ברייט אינפאָרמירן די באַפעלקערונג וועגן די נייַס פונעם ייִדישן קולטור־לעבן בײַ אונדז אין לאַנד, פּראָפּאַגאַנדירן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". א גרויסע אויפמערקזאַמקייַט שענקט דער ראַט די פראַגן פון אונטעריכטן ייִדיש און איוורית. די לימודים פון דער ייִדישער שפּראַך פירט דער לערער שימען דייטש. וועגן די לימודים האָט לעצטנס דערציילט א רעפּאָרטאַזש אין דער רעפּובליקאַנישער יוגנט־צייַטונג „קאָמסאָמאָלעץ טאַדזשיקיסטאַנאַ".

מ אָ ט ל  ד אַ ווי ד ז אָ ן

# ראול וואלענבערג —

## עס איז אײַנגעפאלן די וואנט פון שווײַגן



### פון דער סאָוועטישער פרעסע פאר אָקטיאבער 1989:

• • •

ראול וואלענבערג איז געווען א שוועדישער דיפּ־לאָמאט, וועלכער איז שפּורלאָז פארשווונדן געוואָרן אין די לעצטע כאדאָשים פון דער מילכאָמע. ער האָט געארבעט אין בודאפּעשט אלס אָנפירער פון דער מיסיִע, וועלכע איז געווען באופטראָגט צו ראטעווען די ייִדישע באפעלקערונג אין דער אונגארישער הויפּט־שטאָט. אין צוויי יאָר ארום נאָך דער מילכאָ־מע — כאָטש וועגן דעם איז מיטגעטיילט געוואָרן א סאך שפּעטער — איז ער, ווי מע רעכנט, געשטאָרבן אין דער לוביאנקא־טפּיסע. די ניט־גענוגנדיקע און ווידערשפּרעכיקע אָפיציִעלע ענטפערס פון מאָסקווע אף די אָנפראגעס פון סטאָקהאָלם האָבן ניט אויסגע־קלאָרט דעם סאָד פון זײַן גוירל. א סאך פון דעם, וואָס מע האָט געשריבן מיקויעך דעם איניען אין די מײַרעוו־לענדער, ווערט ערשט איצט אן אנטפּלעקונג פאר די סאָוועטישע מיטלען פון מאסן־אינפאָרמאציע.

(„מאָסקאָו ניוס”)

• • •

דער אויסערן־מיניסטער פון שוועדן סטען אנדער־סאָן איז ארויסגעטראָטן מיט א דערקלערונג בענע־גייע דער פאָרשטייענדיקער רײַזע קיין פּסקר פון ראול וואלענבערגס קרויווים און נאָענטע.

אין שוועדן, האָט אָנגעוויזן ס. אנדערסאָן, איז מיט באפרידיקונג אופגענומען געוואָרן די ידיִעה, אז די סאָוועטישע מאכט־אָרגאנען האָבן אײַנגעלאדן די פאָרשטייער פון ראול וואלענבערגס קאָמיטעט, קעדיי שמועסן מיט זיי אין מאָסקווע. די דאָזיקע אײַנלאָ־דונג, ווי אויך דער פאקט, אז די סאָוועטישע פרעסע גיט איצט א ברייטע אינפאָרמאציע מיקויעך די באַ־מיִונגען צו אויסקלאָרן ר. וואלענבערגס גוירל, זאָגן אײדעס וועגן דער נײַער אָפענער פּאָליטיק פונעם ראטנפארבאנד.

(„איזוועסטיִא”)

• • •

ווי א טראגישן פעלער שאצט מען אָפּ אין פּסקר דעם ארעסט אין 1945 אין בודאפּעשט פונעם שווע־דישן דיפּלאָמאט ראול וואלענבערג מיצאד דעם סאָ־וועטישן מיליטער. פאריכטן דעם פעלער האָט זיך ניט אײַנגעגעבן: אין 1947 איז ר. וואלענבערג גע־שטאָרבן אין דער לוביאנקא־טפּיסע, זײַן טויט איז אן אומבאשטרײַטבארער פאקט. וועגן דעם האָט דעם 16 אָקטיאבער, בעשאס א בריפינג אין פרעסע־צענ־טער פונעם אויסערן־מיניסטעריִום פון פּסקר, מיטגע־טיילט דער שעף פון דער אינפאָרמאציע־פארוואלטונג פונעם אויסערן־מיניסטעריִום ג. אי. געראסימאָוו.

אין מאָסקווע, ווי ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן בעשאסן בריפינג, איז פאָרגעקומען א באגעגעניש פונעם פארטרעטער פונעם אויסערן־מיניסטער פון פּסקר וו. מ. ניקיפאָראָוו און פונעם פארטרעטער פון דעם פאָרזיצער פון קגב וו. פּ. פּיראָזשקאָוו מיט דער אָנפירונג פון דער שוועדישער „ראול וואלענבערג־געזעלשאפט” און מיט וואלענבערגס קרויווים. ס׳איז אָפּגעמערקט געוואָרן, אז אין פּסקר האלט מען טײַער דעם אָנדענק פונעם הומאניסט, וועלכער האָט געראָ־טעוועט אין אונגארן, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, טויזנטער מענטשן, אף וועלכע עס האָט געוואַרט א טויט אין די פאשיסטישע קאטאָור־ניעס.

(„פּראוודא”)

• • •

די באַגעגעניש האָט געדויערט באַ צוויי שעה. דער אמט־ניוואָ פון אונדזער פאַרשטייערשאַפט זאָגט איי־דעם וועגן דער היכער אַפּשאַצונג, וועלכע מיר גיבן ר. וואַלענבערגס איידלמוטיקער טעטיקייט און אין דער זעלבער צײַט שפּיגלט ער אָפּ די באַדײַטונג פאַר אונדז פון אָט דער פראַגע, וועלכע רודערט אוף שוין אַזוי לאַנג די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין פיל לענדער, בעסויכעם אין ראַטנפאַרבאַנד.

איצט וועגן דער באַגעגעניש גופא. צו אונדזער גרויסן באַדויערן, האָבן מיר ניט געקאָנט מיטיילן קיין שום נײַס בנוגע די אומשטאַנדן פון ראַול וואַלענבערגס אַרעסט אין בודאַפּעשט אין 1945 און פון זײַן שפּעטערדיקן אופהאַלט אין ססר. ס'איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז דער איינציקער דאָקומענט אין אונדזערע אַרכיוון, וועלכער האָט אַ שײַכעס צו דעם איניען, איז דער באַוווּסטער ראַפּאָרט פון א. סמאָלצאָוון, דעם שעף פון דער סאַניטאַרן־דינסט פון דער לוביאַנקאַ־טפיסע, וווּ ס'איז קאָנסטאַטירט גע־וואָרן וואַלענבערגס טויט אין יול 1947. לויט דער באַקאַשע פון די מיטגלידער פון דער פאַמיליע און פון דער אָנפירונג פון דער געזעלשאַפט, איז פאַר זיי צום ערשטן מאָל — דאָס איז קעדײַ אונטער־שטרײַכן באַזונדער — דעמאָנסטרירט געוואָרן דער אָריגינאַל פונעם ראַפּאָרט, און זיי האָבן באַקומען אַ קאָפּיע. אַכוץ דעם, זײַנען אינעם אַרכיוו פון קגב אַנטדעקט געוואָרן אייניקע דאָקומענטן, דערין דער דיפּלאָמאַטישער פּאַספּאָרט און די שאָפערן־צײַגעניש, ווי אויך פּערזענלעכע כפייצים, וועלכע האָבן געהערט ראַול וואַלענבערגן.

(„איזוועסטיא")

• • •

בעשאַס דער באַגעגעניש איז געגאַנגען אַ רייד וועגן די אַזויגערופענע איידעס, וועלכע, לויט דער באַהויפּטונג פון די קרויווים, האָבן קלוימערשט געזען אַ לעבעדיקן ראַול וואַלענבערגן אין אַ היפּשער צײַט אַרום נאָכן 1947, דה. נאָך דעם, ווי די סאָוועטישע מאַכט־פאַרשטייער האָבן באַשטעטיקט זײַן טויט אין דער לוביאַנקאַ־טפיסע.

...די באַווײַזן פון די „איידעס" (אַ סאַך פון וועל־כע זײַנען שוין געשטאָרבן) האָט מען אופמערקזאַם דורכקאָנטראָלירט. אַלע באַווײַזן פון די פּערזאָנען, וועלכע האָבן קלוימערשט געזען וואַלענבערגן אָדער געהערט וועגן זײַן אופהאַלט אין פאַרשיידענע סאָ־וועטישע טורמעס, זײַנען אַזוי אומדירעקט, נעפּלדיק און ווידערשפּרעכיק, אַז זיי קאָנען ניט דינען אַלס יעסאָד פאַר כאָטש וויפל־ניט־איז ערנסטע אויספירן. אַשטייגער, איינער פון די הויפּט־„איידעס", דער סאָוועטישער פּראָפעסאָר מיאַסניקאָוו, האָט זיך נאָך אין 1965 קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן די צוגעשריבענע אים ווערטער וועגן דעם, אַז וואַלענ־בערגן האָט מען קלוימערשט געהאַלטן אין אָנהייב פון די 60־ער יאָרן אין אַ סאָוועטישער פּסיכיאַטרי־שער קליניק. מיאַסניקאָוו האָט דערקלערט, אַז ער הערט ביכלאַל צום ערשטן מאָל דעם פאַמיליען־נאָ־מען פון וואַלענבערגן. וועגן דעם זײַנען פאַראַן פאַר־נאָטירונגען פון מיאַסניקאָווס שמועסן מיטן שוועדישן פּראָפעסאָר ג. שוואַרץ און מיט דעם שוועדישן אַמ־באַסאַדאָר אין מאָסקווע ג. יאַרינג. די פאַרנאָטירונגען פון די שמועסן, וועלכע געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון דעם אויסערן־מיניסטעריום, זײַנען דעמאָנסטרירט געוואָרן פאַר וואַלענבערגס קרויווים.

וויבאַלד פיל „איידעס" דערמאָנען אַזוי אָדער אַנ־דערש די וולאַדימיר־טפיסע, איז פאַר וואַלענבערגס קרויווים פאַרגעלייגנט געוואָרן אַן אָפּיציעלע מעל־דונג פון דער פּענסיאָנערקע בוטאָוואַ יעלענאַ ניקאָ־לײַעוונאַ, וועלכע האָט אין די יאָרן 1946—1978 גע־אַרבעט אַלס שעף פונעם סאַניטאַרן־טייל פון דער טורמע. אין איר מעלדונג ווײַזט זי אָן, אַז וואַלענ־בערגס פאַמיליען־נאָמען האָט זי צום ערשטן מאָל דערהערט אין 1988 און אַז אַזאַ כוילע האָט זיך צו איר קיינמאָל ניט געווענדט. ס'איז געוואָרן פאָרגע־לייגנט אַ מעלדונג פון אַן אַנדער דאָקטער פון דער זעלבער טורמע — סוכאָטשאָוואַ ל. ק., וועלכע האָט געאַרבעט דאָרט אין 1953—1962, — אַז זי האָט אויך קיינמאָל ניט געהערט וועגן וואַלענבערגן. עס זײַנען באַווײַזן געוואָרן אַנאַלאָגישע מעלדונגען פון אייניקע אַנדערע „איידעס", וועלכע זײַנען דערמאָנט געוואָרן אין דער ליסטע.

פון דער סאָוועטישער זײַט איז געוועזן ווידער אונטערגעשטראָכן, אַז ראַול וואַלענבערגס טויט אין 1947 בלײַבט אַן אומבאַשטרײַטלעכער פאַקט, און מע דאַרף, ווי ס'איז ניט טרויעריק, קוקן דעם עמעס אין די אויגן. די שוועדישע פאַרשטייער האָבן גענומען צו קענטעניש די דערקלערונגען, אָבער זיי האָבן מיטגעטיילט וועגן זייער קאַוואָנע פאָרזעצן די זוכונ־גען פון וואַלענבערגן. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אַף דעם רעכט.

(„איזוועסטיא")

• • •

אַף דער פּרעסע־קאָנפערענץ אין דער שוועדישער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע האָט נינע לאַגערגרען (ר. וואַלענבערגס שוועסטער) אָפּגעדאַנקט די סאָוועטישע מאַכט־פאַרשטייער פאַר דער הילף. זי האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די פאַרגעקומענע אין מאָסקווע באַגעגענישן שאַצט זי אָפּ אַלס מאַזלדיקער אָנ־הייב פון אַ דיאַלאָג. זי איז איבערצײַגט, אַז ראַול לעבט נאָך אַדהײַנט.

(„עכאָ פּלאַנעטי")

• • •

לויט דער באַקאַשע פון דער רעדאַקציע פון „סאָ־וועטיש היימלאַנד" האָט די זשורנאַליסטקע נינע ברומבערג זיך באַגעגנט מיט די פאַרשטייער פון ראַול וואַלענבערגס פאַמיליע. מיר ברענגען דאָ די נאָטיץ פון דער זשורנאַליסטקע וועגן דעם איניען.

**יאָ, ראַול וואַלענבערג האָט אַליין, קימאַט אָן קיין שום שטיצע, געראַטעוועט טויזנטער אונגאַרישע ייִדן**



Сов. секретно № 59

Министру Государственной безопасности
Союза ССР – Генерал-полковнику
тов. Абакумову В.С.

Рапорт

Докладываю, что известный Вам заключенный
Валенберг сегодня ночью в камере внезапно
скончался предположительно вследствие
наступившего инфаркта миокарда.
В связи с имеющимся от Вас распоряжением
о личном наблюдении за Валенбергом прошу
указания, кому поручить вскрытие трупа
на предмет установления причины смерти.

Начальник санчасти тюрьмы
полковник медицинской службы

17/VII 47 г. Смольцов

Доложил лично министру
Приказано труп кремировать без вскрытия
17/VII. Смольцов

א. סמאָלצאָווס ראַפּאָרט,
וועלכער קאָנסטאַטירט
ר. וואלענבערגס טויט



ר. וואלענבערגס שוועסטער
נינע לאַגערגרען בעשאַס
דער פּרעסע־קאָנפערענץ

פון דער אויסראָטונג. אלס ערשטער סעקרעטאר פון דער שוועדישער מיסיע אין בודאַפּעשט פלעגט ער ארויסגעבן די ייִדן אזויגערופענע „שוץ־פּאַספּאָרטן“— דאָקומענטן, וואָס האָבן באַשטעטיקט, אַז די דאָזיקע מענטשן געפינען זיך אונטערן פליגל פון דער שוועדישער מאכט. דערנאָך פלעג מען די ייִדן ארויספירן מיט דער אײַזנבאַן אין דער נייטראַלער שווייץ. אלס „איבערפירער־פּונקטן“ האָבן געדינט די הײַזער, וועלכע וואַלענבערג האָט ספּעציעל געקויפט אין פּעשט. לויט פאַרשיידענע אָפּשאַצונגען האָט זיך אים אײַנגעגעבן ראַטעווען פון 20 ביז 100 טויזנט נעפּאַשעס.

ווער איז געווען ראול וואַלענבערג? ער איז געבוירן געוואָרן אין 1912 אין סטאָקהאָלם אין איינער פון די באַוווּסטע אַדלשטאַמיקע און רײַכע מישפּאָכעס, געווען א ליבלינג פון עם געזינד און פון די אַריסטאָקראַטישע קרײַזן. אין 1938 קומט ער צום ערשטן מאָל קיין בודאַפּעשט צוליב די אינינאָנים פון וואַלענבערגס באַנקירן־הויז. אין 1941 איז ער ווידער אין בודאַפּעשט, ווו ער באַזוכט די פּסיכיאַטרישע שפּיטאָלן, אין וועלכע ס׳פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן אייניקע פון די פאַרורטיילטע. און לעצטנס — דאָס יאָר 1944, די אַקציע פאַר אויסראַטעווען די ייִדן.

דעם 17 יאַנוואַר 1945 פאָרט ער אַוועק אינעם שטאַב פון דעם מאַרשאַל מאַלינאָווסקי, וועגן וואָס מע האָט זיך פריִער צונויפגערעדט דורך די דיפּלאָמאַטישע קאַנאַלן, און נאָך דעם איז ער נעלעם געוואָרן. דעם 28 מאַרט שיקן אָפּ די קרויווים זייער ערשטע אָנפראַגע, אַדרעסירט צו אַלעקסאַנדראַ קאָלאָנטײַ, דעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין שוועדן. ווישינסקי ענטפערט: אונדז איז גאָרנישט ניט באַוווּסט. אין 1953, נאָך פילצאָליקע אָנפראַגעס מיצאַד דער שוועדישער רעגירונג און ר. וואַלענבערגס מישפּאָכע, קומט אָן אַן אָפיציעלער ענטפער: ער איז געשטאָרבן אין 1947 אין דער לוביאַנקאַ־טפּיסע פון אַן אינפאַרקט.

די קרויווים געטרויען ניט דער אָפיציעלער ווערסיע וועגן זײַן טויט אין 1947.

איצט געפינען זיך אין מאָסקווע מיטאַרבעטער פון דער שוועדישער פירמע „קאַרלבעק איסאָטאַלאָ“, וועלכע שטעלן פאָר די אינטערעסן פון דער פאַמיליע וואַלענבערג. זיי קלײַבן צונויף אַלמעגלעכע ידיעס וועגן ר. וואַלענבערגס גוירל.

אויב עמעצער ווייסט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט א שײַכעס צו דעם איניען, ווערט ער געבעטן אָנקלינגען לויטן מאָסקווער טעלעפאָן: 238־49־28, העלען קאַרלבעק.

נינע ברומבערג

---

קולטור־נײַס

# א נײַער פילם אין דער מײַרעוו־דײַטשישער טעלעוויזיע

די טעלע־זשורנאַליסטקע פון מײַרעוו־דײַטשלאַנד רענאַטע עריק איז באַוווּסט מיט אירע אַרבעטן וועגן דעם קולטור־לעבן און דער געשיכטע פון פאַרשיידענע פעלקער.

דאָס מאָל פילמירט ר. עריק א לעגנטע וועגן דעם ייִדישן אָוואַר אין די אַמאָליקע פּאָדאָליער און וואָלינער גובערניעס — איצטיקע כמעלניצקער, וויניצער און זשיטאָמירער געגנטן פון אוקראַינע.

אין דער גרופּע פון דער מײַרעוו־דײַטשישער טעלעוויזיע גייען ארײַן אויך צוויי יוגאָסלאַווישע קינאָ־דאָקומענטאַליסטן — דער אָפּעראַטאָר פּרעדראַג פּאָפּאָוויטש און דער טאָן־רעזשיסער דראַגאַן איאָוואַנאָוויטש.

סעמיאָן בענציאַנאָוו

# וועגן שאַגאַלן פֿאַר די יאַפּאַנער

• • •

שאַגאַל און וויטעבסק — הײַנט קלינגען די דאָזיקע ווערטער ווי סינאָנימען. דעם קינסטלער האָט זיך אײַנגעגעבן צו שאַפֿן זײַן אייגענע „אַל־וועלט“, אין צענטער פֿון וועלכער עס איז געשטאַנען די היימשטאָט וויטעבסק.

צום באַדויערן, דערמאָנען איצט ניט קיין סך ערטער אין דער שטאָט יענע צײַט, ווען עס האָט דאָרט געלעבט און געשאַפֿן דער גרויסער מײַסטער. און דאָך האָט מיט וויטעבסק זיך פֿאַראינטערעסירט די יאַפּאַנישע טעלעקאָמפּאַניע „טעלעקאָם דזשאַפּאַן“, וועלכע האָט אין סענטיאַבער פֿילמירט אַ דאָקומענטאַל־קינסטלערישע לענטע וועגן מאַרק שאַגאַלן. די פֿילמירונגען זײַנען געפֿירט געוואָרן אינעם שטיבל אויף דער דזערזשינסקי־גאַס, געוועזענע 2־טע פּאָקראָווסקע, וווּ מאַרק שאַגאַל האָט געלעבט אין דער יוגנט. אַציִנד וווינט אינעם שטיבל דאָס פּאָרפֿאָלק מייטין, וועלכע היטן אָפּ אַלץ, וואָס דערמאָנט זיי וועגן זייער לאַנדסמאַן. די פֿילמירונגען זײַנען דורכגעגאַן אויך אין דעם מויער אויף דער פּראַוודאַ־גאַס, 5, געוועזענע בוכאַרינסקע, 10, וווּ עס האָט געאַרבעט די קינסטלערישע שול, וועמענס גרינדער עס איז געווען מאַרק שאַגאַל. די יאַפּאַנישע קינעמאַטאָגראַפֿיסטן האָבן באַזוכט דעם קייווער פֿון מאַרק שאַגאַלס ערשטן לערער יעהודע פּען.

אין דעם פֿילם דאַרפֿן באַווײַזן ווערן די געשטאַלטן פֿון מענטשן, נאָענטע צום קינסטלער. אויף צו שפּילן די ראָל פֿון בעלאַ שאַגאַל, זײַן ערשטער פֿרוי, האָט מען אײַנגעלאַדן איינע פֿון די פֿינאַליסטקעס פֿונעם „וויטעבסקער שיינהײַט־89“ ליודמילע קאָרענעווסקאַיאַ; דאָס באַרימטע געשטאַלט פֿונעם יִידישן פֿידלער וועט שאַפֿן אינעם פֿילם דער וויטעבסקער פֿידלער לעאָניד באָגאָראַד.

— מיט וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דער אינטערעס פֿון די יאַפּאַנער צו מאַרק שאַגאַלן? — פֿרעגן מיר באַם רעזשיסער פֿונעם פֿילם ק. קאַוואַטי.

— מאַרק שאַגאַלס נאָמען געהער דער וועלט־קולטור. אין יאַפּאַן ווערן אָפּגעהיט אין פּריוואַטע קאָלעקציעס און אין בילדער־גאַלערייען אייניקע אַרבעטן פֿון אײַער לאַנדסמאַן. די יאַפּאַנישע צײַטונגען „אַסאַכי סימבון“ און „טאָקיאָ סימבון“ אָרדענען אײַן אין סאָף 1989 — אָנהייב 1990 צוויי גרויסע אויסשטעלונגען פֿון מאַרק שאַגאַלס ווערק, וועלכע געפֿינען זיך אין די מוזייען פֿון פֿראַנקרײַך, פּשאַ און סאָוועטנפֿאַרבאַנד. אונדזער אָנדערהאַלבן־שאָ‌יקער פֿילם וועט זײַן געווידמעט די דאָזיקע אויסשטעלונגען.



# קאדרען פונעם
# קינפטיקן פילם







פון וויטעבסק זײַנען די יאַפּאַנישע קינעמאַטאָגראַפיסטן אַפּגעפאָרן קיין לעניִנגראַד, וווּ זיי וועלן זײַן בא מאַרק שאַגאַלס שוועסטער מאַריִע זאַכאַראָוונע, און דערנאָך קיין פּאַריזש.

איך האָב געשמועסט מיטן יאַפּאַנישן רעזשיסער און דערבײַ געטראַכט, פאַרוואָס עס נעמען אַראָפּ אַ פילם וועגן אונדזער לאַנדסמאַן די יאַפּאַנער, און ניט מיר. פאַרוואָס האָט מען פאַרן קומען פון די יאַפּאַנער דרינגענדיק אָנגעהויבן אונטערפאַרבן די בוכשטאַבן, פאַרזעצן בלומען אויף יעהודע פּענס קייווער? פאַרוואָס איז נאָך ביז איצט אויף מאַרק שאַגאַלס הויז ניטאָ קיין מעמאָריִאַל־טאָוול? פאַרוואָס ווערט די פראַגע וועגן שאַפן אַ מעמאָריִאַלן מוזיי אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטער צײַט? פאַרוואָס ווייסן הײַנט בכלל ניט פיל וויטעבסקער טוישווים וועגן זייער לאַנדסמאַן? פאַרשטייט זיך, אַז ניט זיי זײַנען שולדיק דערין. שולדיק זײַנען יענע, ווער עס האָט אונטער פאַרשיידענע טערוצים פאַרשלאָסן פאַר זיי דעם קינסטלערס ווערק אונטער צען שלעסער. און נאָך האָב איך געטראַכט: צי וועלן מיר ניט זײַן קיין איידעס פון אַזאַ קאָמישן פענאָמען, אַז די יאַפּאַנער וועלן וויסן וועגן מאַרק שאַגאַלן מער, איידער זײַנע לאַנדסלײַט?

ארקאדי שולמאן

• • •

דאָס פאַרפאַלק מײַטין לעבט אין אָט דעם הויז שוין פיל יאָרן. באַלד נאָך דער מילכאָמע, זײַענדיק פאַרווונדעט אויפן 3־טן אוקראַיִנישן פראָנט, האָט זיאַמע מענדעלעוויטש זיך אומגעקערט אין זײַן היימשטאָט וויטעבסק, און ער האָט זי ניט דערקענט: אַלץ, וואָס עס האָט זיך אים פאַרגעדענקט פון דער קינדהײַט, איז געלעגן אין כורוועס. דער דעמאָביליזירטער יינגערער סערזשאַנט מײַטין האָט באַשלאָסן אופשטעלן איינע פון די אַלפּי נעס גאַנץ געבליבענע הײַזער ניט ווײַט פונעם אָרט, וווּ ער האָט געלעבט ביז דער מילכאָמע און פונוואַנען ער איז אַוועק אויפן פראָנט.

ס׳האָבן אופגעלעבט די אַלטע ציגלענע ווענט. אויפן באַשיידענעם כאַנוקאַס־האַבאַיִס, ווען ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט די קרויווים, וועלכע זײַנען געבליבן לעבן נאָך דער שוידערלעכער טראַגעדיע, האָט מײַטינס מאַמע דערציילט, אַז מיט פיל יאָרן צוריק האָט אין אָט דעם הויז געלעבט אַ באַוווּסטער מאָלער. זי האָט פאַרגעדענקט אים אַליין און זײַן יונגע פרוי. די צײַט איז אָבער געווען אַזאַ, אַז מע האָט זיך אָפּגעהיט אַרויסצוברענגען זײַן נאָמען: ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, און וווּ ער געפינט זיך, וואָס ער טוט האָט קיינער ניט געוווּסט...

ס׳זײַנען פאַרבײַ יאָרן. אַ סאַך האָט זיך געענדערט אין דער וועלט. אומעטום האָט אָנגעהויבן קלינגען דעם קינסטלערס נאָמען. צו זײַן הונדערטיאָריקן געבורטסטאָג האָט אין מאָסקווע זיך געעפנט אַן אויסשטעלונג פון זײַנע בילדער. ערעוו דער דאָזיקער געשעעניש האָט די יינגערע שוועסטער פונעם קינסטלער מאַריִע זאַכאַראָוונע אָנגעשריבן אויף אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם אַלטן הויז: „דאָ האָט געלעבט מאַרק שאַגאַל״.

ווען עס זײַנען געקומען צו פליִען די יאַפּאַנישע קינעמאַטאָגראַפיסטן און זיי זײַנען אַריבערגעטראָטן די שוועל פון שאַגאַלס הויז, האָט די איצטיקע באַלעבאָסטע, ראַיִסע גריגאָריעוונע מײַטין, זיי מעכאַבער געווען מיט יידישע מײַכאָלים. אויפן טיש זײַנען געווען געפילטע פיש, אַ צימעס, טייגלעך. ס׳האָבן געקלונגען אין שטוב יידישע פאָלקסלידער.

איינער פון די געסט האָט אַ זאָג געטאָן:

— נו, יאָ. מאַרק שאַגאַל איז דאָך געווען אײַנגעוואָרצלט אין יידישן פאָלקס־באָדן...

דאַוויד סימאַנאָוויטש






שמעון דובנאָוו

# די רוימישע מעמשאָלע און דער אונטערגאַנג פֿון דער ייִדישער מלוכה

## 3.1. די אומרוען אין פּילאַטוסעס צײַטן

פּאָנטיוס פּילאַטוס, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר אַ פּראָקוראַטאָר נאָך גראַטוסן (26—36), האָט דורך זײַן כוצפּעדיקן אופֿיר אַרויסגערופֿן אומרוען צווישן פֿאָלק. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַן „אומבייגזאַמען כאַראַקטער און אַ שרעקלעכער אַכזער", לויט ווי עס שילדערט אים פֿילאָן פֿון אַלעקסאַנדריע, וואָס האָט געלעבט אין זײַן צײַט. „שוחד, גזילעס, גוואַלדטאַטן, באַליידיקונגען קעגן מענטשן, ווילדקייט, טויט־שטראָפֿן אָן אַ מישפּט" — אָט דאָס זײַנען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿון פּילאַטוסעס פֿאַרוואַלטונג. ער האָט געהאַט האַנאָע דערפֿון, וואָס ער פֿלעגט כויזעק מאַכן פֿון די מינהגים, וואָס זײַנען הייליק פֿאַר ייִדן, און אַרײַנרײַסן זיך אין זייער אינעווייניקסטן לעבן. ער האָט ביכלאַל געהאַלטן, אַז מע מוז אין די באַזיגטע אַרײַנוואַרפֿן אַ שרעק פֿאַר דער קראַפֿט פֿון די זיגער.

די פֿריערדיקע פּראָקוראַטאָרן, מאַכמעס זיי האָבן זיך גערעכנט מיט די מינהגים פֿון די ייִדן, פֿלעגן אַכטונג געבן, אַז בעשאַס די רוימישע זעלנער גייען דורך איבער די גאַסן פֿון ירושלים, זאָל מען ניט טראָגן פֿאַר זיי די פֿאָנען מיטן קייסערס בילד. עפּעטלעך טראָגן אַזעלכע פֿאָנען וואָלט אויסגעזען, ווי „דינען צו בילדער", וואָס לויט דעם ייִדישן געזעץ איז דאָס שטרענג פֿאַרבאָטן. פֿאַרן אַבסאָליוטן קולט פֿון גאָט האָט ניט געפּאַסט אַפֿילו, אַז עס זאָלן זיך געפֿינען אין דער הייליקער שטאָט אַזעלכע בילדער, וואָס זײַנען אַ סימבאָל פֿונעם „קולט פֿונעם קייסער". נאָר פּילאַטוס האָט ניט געהאַט די דאָזיקע שוואַכקײַט — צו שוינען דעם רעליגיעזן געפֿיל פֿון פֿאָלק, און איינמאָל האָט ער געשיקט פֿון קייסאַריאַ קיין ירושלים אַ מיליטערישע אָפּטיילונג מיטן בילד פֿונעם קייסער אויף די פֿאָנען. געטאָן האָט מען דאָס באַנאַכט, ביכדיי אויסצומײַדן דעמאָנסטראַציעס. אַז די אײַנוווינער האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָט זיי אָנגעכאַפּט אַן אימע. און אַ גאַנצע מאַסע ירושלימער טוישעווים זײַנען אַוועק קיין קייסאַריאַ, און אין משך פֿון פֿינף טעג האָבן זיי זיך געבעטן בײַ פּילאַטוסן, ער זאָל צונעמען דעם קייסערס בילדער פֿון דער הייליקער שטאָט. פּילאַטוס האָט דערויף ניט מאַסקים געווען און ער האָט געטײַנעט, אַז אַרויסנעמען די בילדער פֿון ירושלים וואָלט געהייסן באַליידיקן דעם קייסער. העיוויס ווי די צורייד‏ענישן האָבן ניט געהאָלפֿן, און די מאַסע איז אַלץ באַשטאַנען אויף איר פֿאָדערונג, האָט פּילאַטוס אָנגעהויבן סטראַשען. ער האָט אַרײַנגענאַרט די שטאַדלאָנים אויפֿן היפּאָדראָם (פּלאַץ, וווּ פֿערד יאָגן זיך), וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט מיליטער, און האָט געשראָקן, אַז ער וועט זיי אויסקוילען, אויב זיי וועלן זיך ניט אונטערגעבן זײַן באַשלוס. שטורמישע פּראָטעסטן מיצאַד די ייִדן זײַנען געווען אַן ענטפֿער אויף דעם דאָזיקן סטראַשונעק. בעשאַס די רוימישע סאָלדאַטן זײַנען שוין געווען גרייט זיך אַ וואַרף צו טאָן אויף די אומבאַוואָפֿנטע ייִדן, האָבן די לעצטע זיך אַנידערגעלייגט אויף דער ערד, אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער און דערקלערט, אַז זיי זײַנען גרייט בעסער צו שטאַרבן, איידער צו דערלאָזן, אַז מע זאָל מעטאַמע זײַן די הייליקע שטאָט.

פֿאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1, 1990.

פילאטוס איז נישטוימעם געוואָרן איבער דער שטאַנדהאַפטיקייט פון די ייִדן און איז געווען געצוווּנגען נאָכצוגעבן. ער האָט געהייסן אַרויסנעמען דעם קייסערס בילדער פון ירושלים און אַריבערפירן זיי צוריק קיין קיסריא.

אין א געוויסער צייט אַרום האָט פילאַטוס ווידער געפּרוּווט אײַנצופירן דעם קולט פון קייסער אין ירושלים. אין הורדוסעס געוועזענעם פּאַלאַץ, וווּ די פּראָקוראַטאָרן פלעגן וווינען בעשאַס זיי פלעגן קומען צו פאָרן קיין ירושלים, האָט ער אײַנגעשטעלט גאָלדענע שילדן, וואָס אויף זיי איז געווען אויסגעקריצט דעם קייסערס נאָמען. געטאָן האָט ער עס, ווי עס שרײַבט דער כראָניקער פון זײַן צײַט, „ניט אַזוי צוליב דעם, ביכדיי אָנצוטאָן קאָוועד טיבעריוסן, ווי צוליב פאַרשאַפן אַגמעס־נעפעש דעם פאָלק". די פאָרשטייער פון דער העכערער ירושלימער געזעלשאַפט האָבן געבעטן פילאַטוסן, ער זאָל דערווײַטערן די שילדן. אַז ער האָט זיי דערין אָפּגעזאָגט, האָבן זיי זיך געווענדעט צו טיבעריוסן. טיבעריוס האָט ניט געוואָלט אײַנרייצן די ייִדן; און דעריבער האָט ער געהייסן פילאַטוסן צונעמען די שילדן פון הורדוסעס פּאַלאַץ און אַרײַנשטעלן אין געצנדינערישן טעמפּל פון אויגוסטוסעס נאָמען וועגן אין קיסריא.

טרויעריקערע רעזולטאַטן האָט געהאַט אַן אַנדער צוזאַמענשטויס צווישן די ייִדן און דעם אומרויִקן פּראָקוראַטאָר. פילאַטוס האָט געמאַכט א פּלאַן דורכצופירן וואַסער קיין ירושלים פון קוואַלן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף א מהלך פון העכער דרײַסיק ווערסט פון שטאָט. געלט אויף דעם דאָזיקן טײַערן ביניען האָט ער גענומען פון דער קאַסע פון בית־המיקדעש. דורך דעם האָט ער זיך אַרײַנגעריסן אין דער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די ייִדן, און די לעצטע האָבן טאַקע באַלד פּראָטעסטירט קעגן דעם. אַז פילאַטוס איז אײנמאָל געקומען אין ירושלים אין דער צײַט, וואָס מע האָט געאַרבעט אַרום דער וואַסערלייטונג, האָט מען אים באַגעגנט מיט פאָדערונגען, ער זאָל אָפּשטעלן די אַרבעטן, דערבײַ האָבן זיך פון המון געלאָזט הערן זידלערײַען קעגן פילאַטוסן. פילאַטוס, וואָס האָט זיך שוין פון פריִער געהאַט צוגעגרייט צו דעם דאָזיקן פּראָטעסט, האָט געהייסן זײַנע סאָלדאַטן שטילערהייט איבערטאָן זיך אין ציווילע קליידער, צווישנמישן זיך מיטן טומלדיקן המון פון די ייִדן און שלאָגן זיי מיט שטעקנס, וואָס זיי האָבן געהאַט באַהאַלטן אונטער זייערע מאַנטלען. פילאַטוס האָט געגעבן דעם אָפּגעמאַכטן צייכן — און די סאָלדאַטן האָבן זיך א וואָרף געטאָן אויף די אומבאַוואָפנטע ייִדן. א סך האָבן באַקומען קלעפּ און א סך זײַנען אַפילע דערהאַרגעט געוואָרן. דער ווידערשטאַנד פון פאָלק איז געוואָרן געבראָכן, נאָר די סינע צום רוימישן פּראָקוראַטאָר מיצאַד די ייִדן איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן.

צולעצט האָט פילאַטוס באַקומען דעם לוין פאַר זײַנע אומגעזעצלעכע מײַסים בא א צוזאַמענשטויס מיט די שאָמרוינים (שאָמרון און די געגנט פון שכעם זײַנען געווען א טייל פון צענטראַלן לאַנד יעהודע און האָבן זיך געפונען אונטער דער מעמשאָלע פון די פּראָקוראַטאָרן). אײנער א פאַלשער נאָווי האָט אײַנגערעדט די לײַכטגלויביקע שאָמרוינים, אַז אויפן באַרג גריזים, וואָס זיי האָבן אים גערעכנט פאַר הייליק, זײַנען פאַרגראָבן זינט מוישע ראַבייִנוס צײַטן די קיילים פונעם אַלטן איהעל־מויעד. א באַוואָפנטער המון שאָמרוינים האָבן זיך צונויפגעקליבן אין א דאָרף באַם פוס פון באַרג גריזים, ביכדיי אַרויפצושטײַגן אויפן באַרג און צו זען די הייליקע קיילים. פילאַטוס, וואָס האָט כּמישעד געווען די שאָמרוינים, אַז זיי גרייטן זיך צו א מערידע, האָט אַרויסגעשיקט קעגן זיי א מאַכנע זעלנער, וואָס האָבן א סך דערהאַרגעט און די איבעריקע צעטריבן אָדער גענומען געפאַנגען. פון די געפאַנגענע האָט פילאַטוס געהייסן טײטן די כאַשעווסטע. וועגן דער דאָזיקער מײַסעאַכזאָריעס האָבן די שאָמרוינים געגעבן צו וויסן דעם הויפּט־פאַרוואַלטער פון סיריע, וויטעליוס. וויטעליוס האָט באַפוילן פילאַטוסן אָפּפאָרן קיין רוים, ביכדיי צו פאַרענטפערן זיך פאַרן קייסער בענעגייע צו די באַשולדיקונגען, וואָס מע האָט אויפגעהויבן קעגן אים (36). מער איז שוין פילאַטוס קיין מאַלכעס־יעהודע ניט געקומען.

אַזוי זײַנען די ייִדן פּאָטער געוואָרן פונעם פאַרהאַסטן פּראָקוראַטאָר. וויטעליוס האָט געוואָלט באַרויִקן די אויפגערעגטע באַפעלקערונג, און דעריבער איז ער זיך באַגאַנגען מיט די ייִדן זייער פרײַנטלעך. פּייסעך־צײַט איז ער אַליין געקומען קיין ירושלים און האָט געשאָנקען די אײַנוווינער געוויסע האַנאָכעס. צווישן אַנדערע האָט ער מעוואַטל געווען איין פּריווילעגיע פון די פּראָקוראַטאָרן, וואָס איז געווען באַזונדערס באַליידיקנדיק פאַר די ייִדן. אין הורדוסעס ערשטנס צײַטן פלעגן די יאָמטעוודיקע ביגדיי־קעהונע ליגן באַהאַלטן אין אײנעם פון די טורעמס פון דער פעסטונג אַנטאָניוס, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן בית־המיקדעש. די ערשטע פּראָקוראַטאָרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן אוועקגעשטעלט אין דער פעסטונג א רוימישע וואַך, האָבן געלאָזט אונטער איר האַשגאָכע אויך די ביגדיי־קעהונע. די לעצטע פלעגן ליגן באַהאַלטן אין טורעם אין א באַזונדער קיידער, וואָס פאַר אים האָט שטענדיק געברענט א נייר טאָמיד, און ערשט ערעוו די גרויסע יאָמטויוויִם פלעגט מען זיי אַרויסגעבן דעם קויהען־גאָדל. אויף אַזאַ אויפן האָט די רוימישע רעגירונג געהאַלטן אין מאַשקן די הייליקע כפייצים פון די ייִדן. וויטעליוס האָט אײַנגעזען אין דעם דאָזיקן מינהעג אַן אָנפאַל אויף דער

גײַסטיקער אויטאָנאָמיע פֿון די ייִדן, און דעריבער האָט ער געהייסן אָפּגעבן די קוהאַנים זייערע הייליקע קליידער אויף היטן זיי אויפֿן פּאַסיקן אָרט אין בייס־האַמיקדעש. וויטעליוס — ס׳קאָן זײַן, לויטן פֿאַרלאַנג פֿון פֿאָלק, — האָט אַראָפּגעזעצט דעם קוהען־גאָדל יויסעף קיפֿאַ, וואָס האָט געדינט אין פּילאַטוסעס צײַט, און אויף זײַן שטעל האָט ער באַשטימט יאָנאַטאַנען, פֿון דער פּאָפּולערער מישפּאָכע קוהאַנים בייס־כאַנאַן.

בעשאַס זײַן קריגס־צוג קעגן די אַראַבער (אין יאָר 37) האָט וויטעליוס מיט זײַן אַרמיי באַדאַרפֿט דורכגיין דורכן לאַנד יעהודע. לויט דער באַקאַשע פֿון די ייִדן האָט ער געשיקט זײַן כאַיל אויף אומוועגן פֿאַזע דער גרענעץ, ביכדיי ניט צו באַליידיקן די געפֿילן פֿון דער באַפֿעלקערונג דורכן אָנבליק פֿון די קייסערלעכע פֿאָנען. נאָר די דאָזיקע פּאָליטיק פֿון שאָלעם און באַרויִקונג האָט געדויערט ניט לאַנג, און דעם לאַנד זײַנען נאָך פֿאַרגעשטאַנען שווערע ניסיוינעס.

## 4.1. די טעטראַרכיעס פֿון פֿיליפּוס און הוירדוס־אַנטיפּאַס

אין דער צײַט, וואָס אין דער צענטראַלער מאַלכעס־יעהודע, וואָס איז פֿריִער געשטאַנען אונטער אַרכילוסעס רעשוס, האָבן געבאַלעבאַטעוועט די רוימישע פּראָקוראַטאָרן, — האָבן אין די גרענעץ־לענדער פֿאַרוואַלטעט איבער זייערע כאַלאָקים הוירדוס דעם ערשטנס זין, הוירדוס־אַנטיפּאַס און פֿיליפּוס. ווי ס׳איז באַוווּסט, האָבן זיי ביידע באַקומען פֿון אויגוסטוסן די טיטלען „טעטראַרך": איינער איבער גאַליל און פּערעאַ, און דער אַנדערער איבער די געגנטן און אייבערשטן טייל פֿון יאַרדן. די טעטראַרכיעס פֿון הוירדוס־אַנטיפּאַס און פֿון פֿיליפּוס האָבן זיך אויך געפֿונען אונטער דער איבערהערשאַפֿט פֿון רוים, נאָר זיי האָבן געהאַט מער אויטאָנאָמיע, איידער די צענטראַלע מאַלכעס־יעהודע, וואָס איבער איר האָבן דירעקט פֿאַרוואַלטעט די רוימישע פֿאַרוואַלטער. נאָר די פֿאַרוואַלטער, הוירדיסעס זין, האָבן זייער ווייניק אויסגענוצט די דאָזיקע אויטאָנאָמיע צוליב די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון זייערע מעדינעס.

פֿיליפּוסעס טעטראַרכיע איז, איבעריקנס, געווען בלויז טיילווײַז אַ ייִדישע פּראָווינץ, הען לויט איר געאָגראַפֿישער לאַגע, הען לויט איר באַפֿעלקערונג. זי איז באַשטאַנען פֿון פֿאָלגנדע געגנטן אין אייווער־האַיאַרדן: באַסאַן, גאַלאַן, טאַרכוניא, כאַראַן און פּאַנעאַס (האַרט נעבן די קוואַלן פֿון יאַרדן). אַלע די דאָזיקע לענדער האָבן פֿאַרנומען אַ גרויסן שטעטך צווישן דעם יאַם־קינערעט, די בערג לעוואַנאָן, דאַמעסעק און די לענדער פֿון די אַראַבער פֿונעם שיוועט בניי־נעוויעס, מיט מאַלכעס־יעהודע זײַנען די דאָזיקע לענדער פֿאַראייניקט געוואָרן ערשט אין דער צײַט פֿון די כאַשמינאָיִם און באַזעצט זײַנען זיי געווען מער פֿון גריכן און סירער, איידער די ייִדן. אויך דער רעגירער פֿון דער דאָזיקער טעטראַרכיע איז געווען מער אַן אויסלענדער, איידער אַ ייִד. אויפֿגעהאָדעוועט אין רוים און אָפּגעפֿרעמדט פֿון ייִדישקײַט, איז פֿיליפּוס געווען ווייניק ענלעך אויף אַ נאַציאָנאַלן ייִדישן מוישל. וועגן זײַן רוימישן פּאַטריאָטיזם זײַנען איידעס די נעמען, וועלכע ער האָט געגעבן די שטעט, וואָס ער האָט אויסגעבויט. די אַלטע שטאָט פּאַנעאַס (אָדער פּאַנייאַן), נעבן די קוואַלן פֿון יאַרדן, האָט ער איבערגעבויט און פֿאַרברייטערט און געגעבן איר אַ נאָמען קיסרין. ביכדיי זי אָפּצושיידן פֿון קיסרין נעבן יאַם, וואָס איז געווען די רעזידענץ פֿון די פּראָקוראַטאָרן, איז די שטאָט באַם יאַרדן אָנגערופֿן געוואָרן קיסרין פֿיליפּי. דער שטאָט בייס־סיידע, וואָס איז געלעגן אויפֿן אָרט, ווו דער יאַרדן פֿאַלט אַרײַן אין יאַם־קינערעט, האָט ער אומגעביטן דעם נאָמען אויף יוליאַדע, לעקאָוועד דער טאָכטער פֿון קייסער אויגוסטוס.

פֿיליפּוס האָט רעגירט אין זײַן טעטראַרכיע פֿרידלעך און שטיל אין מעשעך פֿון 37 יאָר. ער האָט ניט געהאַט זײַן פֿאָטערס קריגערישע נעטיִעס און איז קימאַט ניט אַרויסגעפֿאָרן פֿון די גרענעצן פֿון זײַן מעלוכע. בעשאַס פֿיליפּוס פֿלעגט אַרומפֿאָרן איבערן לאַנד אין דער באַגלייטונג פֿון זײַנע מעקוראָווים, פֿלעגט מען אומעטום (ווי יויסעף פֿלאַוויוס דערציילט) נאָכפֿירן נאָך אים זײַן ריכטער־שטול. און בעשאַס מע פֿלעגט אונטערוועגס ווענדן זיך צו אים מיט פֿאַרשיידענע פּראָצעסן, פֿלעגט ער דאָרט גופֿע זעצן זיך אויפֿן שטול, אויסהערן די צדאָדים און אַרויסזאָגן דעם פּסאַק־דין. פֿיליפּוס איז געשטאָרבן אין יאָר 37 נאָך דער קר. צײַטרעכענונג. אַזוי ווי ער האָט נאָך זיך קיין קינדער ניט געלאָזן, האָט דער קייסער טיבעריוס געגעבן אַ באַפֿעל, מע זאָל צוגעבן זײַן פּראָווינץ צו די איבעריקע רוימישע מעדינעס אין סיריע.

נעענטער צום ייִדישן מוטערלאַנד איז געווען הוירדוס־אַנטיפּאַס טעטראַרכיע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון גאַליל און פּערעאַ. איבער אין פּערעאַ (דער מיטלסטער טייל פֿון אייווער־האַיאַרדן) האָט געוווינט אַ געמישטע ייִדישע און סירישע באַפֿעלקערונג, אין די פֿרוכטבאַרע און מאָלערישע געגנט

פון גאַליל געווען געדיכט באַזעצט פון ייִדן. פון גאַליל פלעגן זיך אָנהייבן יענע פּאַטריאָטישע פאָלקס־באַוועגונגען, וואָס האָבן אַזוי אָפט באַאומרויִקט סײַ די רוימער, סײַ די רעגירער פון הורדוסעס מישפּאָכע, וואָס די רוימער האָבן זיי געשטעלט.

הורדוס־אַנטיפּאַס (וואָס אין דער ליטעראַטור פון דער „ברית־החדשה" ווערט ער אָנגערופן פּאַשעט הורדוס) איז געווען זייער ווײַט פון די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אידעאַלן פון ייִדישן פאָלק. אין זײַנע פּערזענלעכע באַציִונגען מיטן מוטערלאַנד האָט ער זיך באַנוגנט, אַפּאָנעם, דערמיט, וואָס ער פלעגט אַלע יאָר באַזוכן דעם בית־המיקדש אין די גרויסע יאָמטויווים. אין זײַן פאַרוואַלטונג האָט ער זיך געהאַלטן פאַר דער פּאָליטיק פון אַ באַשיידענעם רוימישן וואַסאַל, וואָס האָט אַפילע ניט געכאָלעמט וועגן אומאָפּהענגיקײַט. די הויפּטשטאָט פון גאַליל ציפּאָרי, וואָס וואַרוס האָט זי צעשטערט בעשאַס דער מערידע נאָך הורדוסעס טויט, איז פונדאָסנײַ אויפגעבויט געוואָרן און באַפעסטיקט אין הורדוס־אַנטיפּאַסעס צײַטן. ניט ווײַט פון איר, אויפן מײַרעוודיקן ברעג פונעם יאָם־קינערעט, האָט ער אויסגעבויט אַ נײַע שטאָט, וואָס ער האָט איר אַ נאָמען געגעבן פון דעם קייסערס קאָוועד וועגן טעוועריאַ (שפּעטער־צו האָט די אָזערע אויך באַקומען איר נאָמען פון דער שטאָט — יאָם־טעוועריאַ). הורדוס־אַנטיפּאַס האָט געוואָלט די דאָזיקע שטאָט מאַכן פאַר אַ נײַער הויפּט־שטאָט, און דעריבער האָט ער זיך באַמיט צו באַזעצן דאָרט וואָס מער מענטשן. נאָר פרומע ייִדן האָבן זיך ניט גערן באַזעצט אין דער נײַער שטאָט, מאַכמעס דעם אָרט, אויף וועלכן זי איז געווען געבויט, איז פריִער געווען אַ בעסאַלמען, און אַזאַ אָרט רעכנט זיך פאַר טאָמע. דעריבער האָט דער טעטראַרך באַזעצט אין טעוועריאַ אויסלענדער, בעטלערס און אַלערליי שלעפּערס, אַזוי אַז די ערשטע צײַט האָט די דאָזיקע שטאָט געהאַט אַ שלעכטן נאָמען. הורדוס־אַנטיפּאַס האָט זיך דאָ אויסגעבויט אַ קיניגלעכן פּאַלאַץ, וואָס איז געווען באַצירט מיט פיגורן פון כײַעס, וואָס איז אויך געווען ניט אָנגענעם פאַרן רעליגיִעזן געפיל פון די ייִדן.

באַזונדערס האָט אַרויסגערופן טאַדל דעם טעטראַרכס פאַמיליען־לעבן. אַלס ערשטע פרוי האָט הורדוס־אַנטיפּאַס געהאַט אַ טאָכטער פונעם אַראַבישן קיניג אַרעטאַס. איין מאָל האָט ער, אונטערוועגס קיין רוים, באַזוכט זײַן ברודער הורדוס (הורדוס דעם ערשטנס אַ זון פון מיריאַם II, דער טאָכטער פון כויהען־גאָדל ביטוס) און האָט זיך פאַרליבט אין יענעמס פרוי העראָדיאַס, זײַן געטייטן שטיפברודערס אַריסטאָבאָלס אַ טאָכטער. אים האָט זיך אײַנגעגעבן צוצורעדן העראָדיאַס, זי זאָל פאַרלאָזן איר מאַן און איבערגיין צו אים. און הורדוס־אַנטיפּאַס האָט פאַרשטויסן זײַן ערשטע פרוי און האָט כאַסענע געהאַט מיט העראָדיאַס, האַגאַם אַלע פרומע לײַט זײַנען דערויף שטאַרק אין קאַס געווען. די טראַדיציע פון „ברית־החדשה" דערציילט, אַז פאַר דעם דאָזיקן אינערלעכן שידעך האָט דעם טעטראַרך געזידלט פאַר קאָל אַם וועיידע דער שטרענגער אַסקעט יויכענען האַמאַטביל (דער טויפער), וואָס איז אין יענער צײַט געקומען קיין גאַליל און וואָס האָט גערופן אַלעמען טשווע צו טאָן, מאַכמעס עס דערנעענטערט זיך „דאָס קיניגרײַך פון הימל". דער דערצאָרנטער טעטראַרך האָט אַרײַנגעזעצט דעם דרייסטן דאַרשן אין דער פעסטונג מאַכאַר, און באַלד דערויף האָט ער געהייסן אַראָפּהאַקן אים דעם קאָפּ, בכדיי צוליב צו טאָן העראָדיאַסן.

די ערשטע פרוי, וואָס אַנטיפּאַס האָט פאַרשטויסן, איז אַנטלאָפן געוואָרן צו איר פאָטער אַרעטאַס, און דער פויעל־יויצע דערפון איז געווען דאָס, וואָס עס זײַנען אויסגעבראָכן שטרײַטן צווישן דעם אַראַבישן קיניג און דעם טעטראַרך פון גאַליל, וואָס האָבן געדויערט אַ לאַנגע צײַט. די פײַנטלעכע מײַסים צווישן דיביידע שכיינים האָבן זיך אָנגעהויבן פון קליינע געשלעגן נעבן גרענעץ, נאָר געענדיקט האָבן זיי זיך מיט אַ גרויסער מילכאָמע, וואָס אין איר האָט אַנטיפּאַס באַקומען אַ מאַפּאָלע (36). דעמאָלט האָט ער זיך געווענדט נאָך הילף צו זײַן אויבערהאַר, דעם קייסער טיבעריוס. דער קייסער האָט געשיקט אַ באַפעל דעם סירישן פאַרוואַלטער, דעם דערמאָנטן וויטעליוסן, אַרויסצוטרעטן קעגן די אַראַבער. נאָר קוים איז וויטעליוס אַרויס מילכאָמע האַלטן, האָט זיך שוין באַקומען אַ ידיִע וועגן טיבעריוסעס טויט (37). דאָס האָט באַוויגן דעם סירישן פאַרוואַלטער זיך אָפּצוזאָגן פון דער שליכעס, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן, און אומצוקערן זיך אין אַנטיוכיאַ. אויף אַזאַ אויפן האָט הורדוס־אַנטיפּאַס ניט באַקומען נעקאָמע גענומען, ווי ער האָט דאָס געוואָלט. זײַן פּאָליטישע לאַגע איז שוואַכער געוואָרן, און אינגיכן איז געקומען אַ סאָף צו זײַן מעמשאָלע, אַדאַנק דעם, וואָס זײַן פלימעניק אַגריפּס איז גיך דערהויבן געוואָרן.

## 5.1. די דערהייבונג פון אַגריפּסן

דאָס, וואָס טיבעריוס איז געשטאָרבן און אויפן טראָן איז אַרויף קאַיוס קאַליגולאַ (37—41), האָט געגעבן די מעגלעכקײַט זיך אַרויסצורוקן איינעם פון הורדוסעס מישפּאָכע, וואָס אים איז באַשערט

געווען אױף א קורצער צײַט צו פֿאַרענדערן די פּאָליטישע לאַגע פֿון מאַלכעס־יעהודע. דער דאָזיקער פּרינץ איז געווען אַגריפּאַס, הורדוס דעם ערשטנס אײניקל.

דער זון פֿון הורדוסן און פֿון דער כאַשמונײַמיש־טאָכטער מיריאַם, דער אומגליקלעכער פּרינץ אַריסטאָבאָל, האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך צוויי זין, אַגריפּאַס און הורדוס (וואָס האָט באַקומען דעם צונאָמען כאַלקידישער), און איין טאָכטער, די איבערדערמאָנטע העראָדיאַס. אַגריפּאַס איז אַלט געווען דרײַ יאָר, בעשאַס זײַן פֿאָטער איז געטויט געוואָרן (אין יאָר 7 פֿאַר קר.). אַלס זעקסיאָריקן ייִנגל האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין רום אױף האָדעווען אים דאָרט. יונגערהייט איז ער אַרײַנגעפֿאַלן צווישן דער העכסטער רוימישער געזעלשאַפֿט און איז געווען באַפֿרײַנדעט מיט דעם קייסער טיבעריוסעס זון, דרוזוס דעם ייִנגערן. די ווירקונג פֿון די הויפֿישע קרײַזן האָט זיך שלעכט אָפּגערופֿן אױף אַגריפּאַסעס כאַראַקטער. ער האָט זיך אָנגעאייגנט אַלע שלעכטע געוווינהײַטן פֿון די רוימישע פּריצים, באַזונדערס די נייטיע צו פֿאַרשווענדערײַ. אינגיכן האָט ער געפּאַטערט זײַנע אייגענע געלט־מיטלען, האָט אָנגעהויבן מאַכן הלוואָעס און איז אַרײַן איך כויוועס ביז איבערן קאָפּ. נאָכן טויט פֿון זײַן פֿרײַנט דרוזוס (23) האָט אַגריפּאַס אַזוי ווײַט פֿאַרפּלאָנטערט זיך אין זײַנע כויוועס, אַז ער איז געווען געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן רום און אומצוקערן זיך קיין פּאַלעסטינע. דאָ האָט איבערן פֿאַראָרעמטן פּרינץ ראַכמאָנעס געקראָגן דער גאַלילער טעטראַרך הורדוס־אַנטיפּאַס, וואָס האָט כאַסענע געהאַט מיט זײַן שוועסטער העראָדיאַס, און האָט אים געגעבן די שטעל פֿון אַן „אַגאָראַנאָמוס”, דאָס הייסט, אַן אױפֿזעער פֿון מאַרק אין טעווערי. אַגריפּאַס האָט זיך ניט לאַנג אײַנגעהאַלטן אױף דער דאָזיקער באַשיידענער שטעלע. באַלד האָט ער זיך צעקריגט מיט זײַן שוואָגער און האָט געמוזט פֿאַרלאָזן טעווערי.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א ריי וואָגלענישן איבער סיריע און עגיפּטן. אַגריפּאַס פֿלעגט איבערפֿאָרן פֿון איין אָרט אױפֿן אַנדערן און האָט אומעטום געמאַכט כויוועס און באַהאַלטן זיך פֿאַר זײַנע אַלטע מאַלווועס. סאָפּקאָלסאָף איז ער א יאָר פֿאַר טיבעריוסעס טויט ווידער געקומען קיין איטאַליע און האָט באַנײַט זײַנע פֿאַרבינדונגען מיט די רוימער כאַשעווע לײַט. אין דער זעלביקער צײַט איז ער געוואָרן באַפֿרײַנדעט מיטן קרוין־יורש, אַווגוסטוסעס אייניקל, קאַיוס קאַליגולאַ. פֿאַרפּלאָנטערט אין זײַנע כויוועס, האָט אַגריפּאַס אַלע זײַנע האָפֿענונגען אַרױפֿגעלייגט אױף דער צוקונפֿט, אױף דער צײַט, ווען זײַן גוטער פֿרײַנט קאַליגולאַ וועט ווערן קייסער. אײנמאָל איז ער געווען גענוג אומפֿאָרזיכטיק אַרויסצוזאָגן זײַן הייסטן פֿאַרלאַנג — צו זען וואָס גיכער קאַליגולאַן אױפֿן טראָן. װעגן דעם האָט מען געמאָסערט טיבעריוסן. דער קייסער האָט געהייסן שמידן אַגריפּאַסן אין קייטן און אַרײַנזעצן אים אין טפֿיסע. אַגריפּאַס איז געזעסן אין טפֿיסע נאָר א האַלב יאָר, ווײַל אינגיכן איז טיבעריוס געשטאָרבן — און דער סענאַט האָט פּראָקלאַמירט פֿאַר א קייסער קאַליגולאַן.

זינט יענעם מאָמענט הייבט אָן אַגריפּאַס אוילע לעמײַלע זײַן. נאָך דעם, ווי קאַליגולאַ איז געקומען צו דער מאַכט, האָט ער באַפֿרײַט פֿון טפֿיסע דעם ייִדישן פּרינץ, וואָס האָט געליטן מאַכמעס זײַן איבערגעגעבנקײַט צו אים, און האָט אים געשאָנקען א גאָלדענע קייט, צו אָנדענקען אָן דער אײַזערנער קייט, וואָס דער טאָפּעס האָט געטראָגן אין טפֿיסע. אין דער זעלביקער צײַט האָט דער נײַער קייסער אָפּגעגעבן אַגריפּאַסן די געוועזענע טעטראַרכיע פֿיליפּוסעס און מיטן טיטל קיניג און ניט טעטראַרך (37).

אױף אַזאַ אופֿן האָט דער אָרעמער פּרינץ מיטאַמאָל באַקומען אין פּאַלעסטינע אַזאַ לאַגע, וואָס האָט אים אַוועקגעשטעלט העכער פֿון זײַן שוואָגער און פֿעטער הורדוס־אַנטיפּאַס, וואָס האָט געהאַט נאָר דעם טיטל טעטראַרך. דאָס האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן העראָדיאַס, דעם טעטראַרכס פֿרוי און אַגריפּאַסעס שוועסטער; זי האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן מיט דעם געדאַנק, וואָס זי וועט ניט זײַן קיין „קיניגן”, אין דער צײַט, וואָס איר ברודער טראָגט דעם טיטל קיניג. איר קינאָ איז נאָך שטאַרקער געוואָרן בעשאַס אַגריפּאַס איז געקומען צו פֿאָרן קיין פּאַלעסטינע, און זי האָט אים דערזען בעכוש, אָנגעטאָן אין גלענצנדע ביגדיי־מאַלכעס. געטריבן פֿון איר קינע־געפֿיל, האָט זי געפּאָדערט פֿון איר מאַן, אַז ער זאָל זען צו באַקומען פֿון קייסער דעם טיטל קיניג, זאָל קאָסטן וואָס עס קאָסט. זייער ניט גערן און נאָר נאָכגעבנדיק די טײַנעס פֿון זײַן פֿרוי, איז הורדוס־אַנטיפּאַס מיט איר אײנײנעם אַוועקגעפֿאָרן קיין איטאַליע, בכדיי זיך מישטאַדל צו זײַן וועגן העכערן זײַן טיטל. נאָר קוים האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן קייסער אין זײַן ווילע אין באַיִ, איז אַהין געקומען א שאָליעך מיט א בריוו פֿון אַגריפּאַסן. דער לעצטער האָט געמאָסערט קאַליגולאַן, אַז הורדוס־אַנטיפּאַס פֿאַרדינט ניט דעם גנאָד, וואָס ער בעט, מאַכמעס ער זאָל האָבן ניט לאַנג געפֿירט שטילערהייט אונטערהאַנדלונגען וועגן א מיליטערישן בונט מיטן פּאַרטישן קיניג אַרטאַבאַנעס. בכדיי צו באַשטעטיקן זײַן באַשולדיקונג בענעגייִע צו דער אומגעטרײַשאַפֿט פֿונעם גאַלילער טעטראַרך, האָט אַגריפּאַס אָנגעוויזן אױף די גרויסע באַוואָפֿענונגען, וואָס אַנטיפּאַס האָט געמאַכט די לעצטע צײַט. אַז קאַליגולאַ האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט ער געפֿרעגט בא אַנטיפּאַסן, צי עס איז עמעס דאָס, וואָס ווערט דערציילט וועגן זײַן פֿאַרשטאַרקטער באַוואָפֿענונג; און אַז אַנטיפּאַס האָט דאָס באַשטעטיקט, האָט דער קייסער

שוין געגלייבט די אנדערע באשולדיקונגען, וואָס ווערן ארויסגעזאָגט אין בריוו. אלס שטראָף דערפאַר, האָט דער קייסער אָפּגענומען בא הורדוס־אנטיפּסן זײַן טעטראַרכיע און האָט אים פאַרשיקט אין דער שטאָט לוגדונום, אין גאַליען (39). וועלנדיק טאָן צוליב זײַן פרײַנט אגריפּסן, האָט קאַליגולא באַשלאָסן לאָזן זײַן שוועסטער העראָדיאַס פרײַ און אָפּגעבן איר איר אייגנס; נאָר די שטאָלצע פרוי, זיך מוידע זײַענדיק, אז זי איז אליין שולדיק אינעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט איר מאַן, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיקן גנאָד און איז אוועק מיטן מאַן אין געפאַנגענשאַפט.

הורדוס־אנטיפּסעס טעטראַרכיע האָט דער קייסער אָפּגעגעבן אגריפּסן, און אַף אזא אויפן איז דער לעצטער געוואָרן פאַרוואַלטער איבערן גרעסטן טייל פון פּאַלעסטינע, כּוץ דער געגנט, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער מעמשאָלע פונעם רוימישן פּראָקוראַטאָר. ער האָט נאָך באַדאַרפט באַקומען אויך די דאָזיקע צענטראַלע געגנט. נאָר איידער ס'איז פאָרגעקומען די פאַרייניקונג פון דער צענטראַלער ייִדישער טעריטאָריע, האָבן זיך א שאָט געטאָן אַף די קעפּ פון די ייִדן גרויסע צאָרעס. די זעלביקע האַנט, וואָס האָט געטאָן כעסעד מיט אגריפּסן, האָט געוואָלט אָנפאַלן אַף די מינהאָגים, וואָס זײַנען הייליק באַם ייִדישן פאָלק, און דאָס האָט שיר ניט געבראַכט צו א בלוטיקער איבערקערעניש.

(פאַרזעצונג קומט)

# דער היסטאָריאָסאָפישער אני־מאמין פון שימען דובנאָוון

שימען דובנאָוו וועט אַף שטענדיק פאַרבלײַבן אלס דער ערשטער מעכאַבער פון א בעעמעס אלגעמיינער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק. אויב פאַר אים האָט היינריך גרעץ אויך געהאַט געמאַכט אַן ענלעכן פאַרמעסט, איז דאָך גוט באַקאַנט, אז סײַ צוליב זײַן היסטאָריאָסאָפישן קוקווינקל און סײַ צוליב א ריי אָביעקטיווע סיבעס, וואָס האָבן פּאַשעט געהאַט א שײַכעס צום צושטאַנד פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע, האָט זײַן ווערק ניט ארומגענומען אלע אַספּעקטן פונעם ייִדישן גוירל, און ריין־געאָגראַפיש — אלע ייִשוווים.

עס איז מינאַסטאַם אויך שטאַרק וואַרשײַנלעך, אז דובנאָווס ווערק וועט פאַרבלײַבן אלס איינציקס פון אָט דעם מין. ווײַל פּונקט ווי עס איז צוליב דער ווײַטגייענדיקער ספּעציאַליזאַציע מער ניט מעגלעך בא הײַנטיקן טאָג, אז איין מענטש זאָל זײַן בעקויעך אָנשרײַבן א וועלט־געשיכטע, אזוי איז שוין אויך מער ניט דענקבאַר, אז איין היסטאָריקער זאָל זיך פאַרמעסטן אַף דער געשיכטע פון א פאָלק און דערצו נאָך אַף דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק. זעלטן־ווען האָט זיך די געשיכטע פון א פאָלק אזוי ברייט אויסגעשפּרייט אין צײַט און רוים: מער ווי דרײַ טויזנט יאָר (די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין ייִסראָעל שטויסן קעסיידער אַף צוריק דעם אָנהייב פון אונדזער געשיכטע) איבער די פאַרשיידנסטע קאָנטינענטן און לענדער, צווישן די פאַרשיידנסטע ציוויליזאַציעס און פעלקער.

איבערגעדרוקט פון „פּאַריזער צײַטשריפט" נום. 26—27, 1961.

בא הײַנטיקן טאָג קאָן אזא מין וועלט־געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק זײַן בלויז א קאָלעקטיוו ווערק.

שימען דובנאָוו האָט געהאַט דאָס גליק צו קומען אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין א מאָמענט, ווען זינט דעם ווערק פון זײַן גרויסן פאָרגייער היינריך גרעץ (דערשינען צווישן 1853 און 1876) האָט זיך אָנגעקליבן אַן אומגעהײַער גרויסער מאָנאָגראַפישער מאַטעריאַל, וואָס האָט דערלויבט זיך צו פאַרמעסטן אַף א נײַעם סינטעטישן פּרוּוו. דער דאָזיקער מאָנאָגראַפישער מאַטעריאַל איז אויסגעוואַקסן אין די פאַרשיידנסטע לענדער, ווו עס זײַנען אנטשטאַנען היסטאָרישע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן געפירט א ברייט־פאַרצווײַגטע רעגולערע אַרבעט. אָט די פאָרשונגס־אַרבעט האָט זיך באַזונדערס אנטוויקלט אין מיזרעך־אייראָפּע, וועמענס ייִדישע ייִשוווים האָבן פאַרנומען אזוי ווייניק פּלאַץ אינעם ווערק פון היינריך גרעץ.

עס איז גוט באַקאַנט, אז דובנאָוו איז צוגעטראָטן צו זײַן לעבנס־ווערק, צו דער אלגעמיינער געשיכטע פון דעם ייִדישן פאָלק, ערשט נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעשריבן זײַנע אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן און אין ליטע. אזוי האָט ער דערזען געוויסע פאָרמען פון ייִדישער אווטאָנאָמיע אין די פאַרשיידנסטע צײַטן און לענדער: אין גאָלעס־באָול (עס זײַנען שוין דאַן געווען „לאַנדסמאַנשאַפטן"); אין די לענדער ארום מיטללענדישן יאַם אין די גריכיש־רוימישע צײַטן (די קעהילעס, וואָס האָבן אַף גריכיש געהייסן „סינאַגאָגעס"); שפּעטער אין אייראָפּע — אין שפּאַניע, פראַנקרײַך און דײַטשלאַנד.

אין אָט דער הינזיכט האָט אונדזער היסטאָריקער איבערגעריסן מיט זײַן גרויסן פאָרגייער, היינריך גרעץ, פאַר וועמען די ייִדישע געשיכטע איז אין דער אונטערשטער שורע געווען א געשיכטע פון קידעש־האשעם און פון רעליגיִעזער ליטעראטור.

דאקעגן האָט דובנאָוו, באטראכטנדיק די געשיכטע פון די באזונדערע ייִדישע ייִשווּוים פונעם שטאנד־פונקט פון דער אנטוויקלונג פון זייערע אווטאָנאָמי־שע אינסטיטוציעס, אויסגעארבעט א פעריִאָדיזאציע, וועמענס קריטערי איז געווען די העגעמאָניע פון די באזונדערע צענטערס.

אויב אָבער די אווטאָנאָמיע איז בעעמעס געווען א שטארק כאראקטעריסטישער שטריך פון דער אי־נערלעכער אָרגאניזאציע פון די ייִדן אין פוילן און אין ליטע, איז דאקעגן געווען שטארק טענדענציִעז און בעמיילע וויסנשאפטלעך ניט אויסגעהאלטן צו וועלן באטראכטן פון אָט דעם קוקווינקל די גאנצע ייִדישע געשיכטע אין די פארשיידנסטע צײַטן און אין די פארשיידנסטע ייִשווּוים. דובנאָוו האָט ניט גענומען אין אכט די ספּעציפישע עקאָנאָמיש־ווירט־שאפטלעכע פארהעלטענישן אין אמאָליקן פוילן און ליטע, וואָס האָבן דערמעגלעכט, אז די ייִדן זאָלן דאָרט געניסן פון א געוויסער אינערלעכער אווטאָנאָ־מיע. די ייִדן האָבן אין די פוילישע און ליטווישע שטעטלעך און שטעט, צוליבן מאנגל פון אווטאָכטאָ־נישן בירגערטום, וואָס האָט זיך דאָרט אנטוויקלט א סאך לאנגזאמער ווי אין מיַרעוו־אייראָפּע, גע־שפּילט ווירטשאפטלעך און סאָציִאָל א ברייטערע ראָל ווי זייערע ברידער אין אָט די לענדער.

דערבײַ איז אויך ניט ריכטיק געווען איבערצו־טרײַבן דעם פארנעם פון אָט דער אווטאָנאָמיע, וואָס האָט אין לעצטן כעזשבן טיף געשטעקט אין איר פעאָדאלן שוירעש און איז מער ענלעך געווען צו אן עלעמענט פון דער מיטלאלטערלעכער קאָרפּאָראַ־טיווער צעכן־סיסטעם ווי צו אן אטריבוט פון א נאַ־ציִאָנאלן אינדיווידוום, וועהאָרײַע, אז דער וועד אר־בע הארצוס איז אָפּגעשאפן געוואָרן אין 1764 מיטן מאָמענט, וואָס ער האָט אופגעהערט צו שפּילן זײַן אייגנטלעכע ראָל אין דער פוילישער שטײַערן־סיס־טעם.

די מאָדערנע היסטאָריִאָגראפיע, דעריקער אין מיזרעך־אייראָפּע, איז א טרײַ קינד פון די גרויסע נאציִאָנאלע באוועגונגען. זי איז בא געוויסע פעל־קער, ווי די פּאָליאקן, טשעכן און אוקראַיִנער, גע־ווען א באגלייט־דערשײַנונג פון נאציִאָנאלן באַ־פרײַונגס־קאמף. אויך שימען דובנאָווס ווערק זײַנען אן אויסדרוק פון די מאָדערנע ייִדישע נאציִאָנאלע באוועגונגען.

נאָך א קורצן יוגנט־פלירט מיט די מאסקיליש־אסימיליאטאָרישע שטרעמונגען איז דובנאָוו געוואָרן דער אידעאָלאָג פון א וועלטלעכער בירגערלעך־דעמאָקראטישער ייִדישקײַט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו פאָרמולירן אין זײַנע „בריוו וועגן אלטער און נײַער ייִדישקײַט" שוין אין יאָר 1897. אָט די אידעאָ־לאָגיע איז שפּעטער פארטראָטן געוואָרן דורך דער פאָלקיסטיש־דעמאָקראטישער באוועגונג.

דערבײַ איז קעדײַ צו דערמאָנען, אז אין זעלבן יאָר 1897 האָט זיך געגרינדעט דער „בונד" און אין


שמעון דובנאוו.

אלגעמיינע
אידישע געשיכטע
פון דעם אור־עלטער ביז דער נייער צייט
מיט א נייער הקדמה פון מחבר.

אין 4 טיילען.

איבערזעצט פון ה. קאלמאנאוויטש.

צווייטער טייל.

פערלאג „הד הזמן", ווילנא.

ווילנא. 1910.

באזעל איז אנטשטאנען די אָרגאניזאציע פונעם פּאָ־ליטישן ציִעניזם.

פון איין זײַט, האָט דובנאָוו, צווישן אנדערס, פארייניקט מיטן „בונד" די קאָנצעפּציע וועגן דער נאציִאָנאל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע, וואָס איז, אגעוו, ניט געווען קיין ריין־ייִדישער פּאָסטולאט. ער איז אויסגעארבעט געוואָרן מיצאד די עסטרײַכישע סאָ־ציִאליסטישע אידעאָלאָגן אלס אויסוועג פאר דער לאגע פון די נאציִאָנאלע מינדערהײַטן אין דער עסט־רײַכיש־אונגארישער אימפּעריע. פון דער אנדערער זײַט, טאָר מען ניט פארגעסן, אז טראָץ א ריי כילו־קע־דייעס, האָט דובנאָוון, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען קיין ציִעניסט, פארבונדן מיט אכאד האָאָמען דער געדאנק וועגן די ייִדן אלס גײַסטיקע נאציע. דער אווטאָנאָמיזם איז לויט דובנאָוון גופע געווען עפּעס אזוינס, וואָס האָט געדארפט פארטרעטן די מעלוכעשאפט, וועלכע איז אן אומבאדינגטער אטרי־בוט פון יעדער נאציִאָנאלער עקזיסטענץ.

אָבער אָט די אידיי וועגן ייִדן אלס גײַסטיקע נאַ־ציע, וועמענס אָנשפאר עס איז די אווטאָנאָמיע — דער אייגנטלעכער היסטאָריִאָסאָפישער אני־מאאמין פון שימען דובנאָוון — האָט, ווי יעדע אויסערלעכע טענדענץ, פארקריפּלט אין א געוויסער מאָס בא אים דעם וויסנשאפטלעכן צוגאנג צו דער געשיכטע. אָט די אידיי האָט אים אין לעצטן סאכאקל דערנענ־טערט צו זײַן פאָרגייער גרעץ, פאר וועמען די גע־שיכטע פונעם ייִדישן פאָלק איז די געשיכטע פון אן עטישער מיסיִע. בא דובנאָוון ווערט די טרײַבקראפט פון דער ייִדישער געשיכטע דער נאציִאָנאלער ווילן פון אופהאלטן און אנטוויקלען די גײַסטיקע און עטי־שע ווערטן פונעם ייִדישן פאָלק.

דובנאָוו איז פּאָליטיש ווײַט געווען פון די רעוואָליוציאָנערע אידייען פון זײַן צײַט. פילאָסאָפיש האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט קיין געמיינזאַמס מיטן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. אַנערקענענדיק מער ווי זײַנע פאָרגייער דעם ווירטשאַפטלעכן פאַקטאָר אין דער געשיכטע, האָט ער אים פּראַקטיש ווײַט ניט געווידמעט דעם געהעריקן פּלאַץ, שוין אָפּגערעדט פון אַזאַ מין איקער שטויס־קראַפט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג ווי דער קלאַסן־קאַמף. אַלס אָנהענגער פון די אַלטע סאָציאָלאָגישע טעאָריעס פון דזשאָן סטיוּאַרט מיל, לויט וועלכע דער מאָטאָר פון דער געשיכטע איז דער געראַנגל פונעם יחיד מיטן כלל, איז דובנאָוו ניט געווען בעקויעך צו באַנעמען דעם טיפערן סאָציאַלן זין פון אַזעלכע רעליגיעזע באַוועגונגען בײַ ייִדן, ווי דאָס פּרימיטיווע קריסטנטום, די קאַראַימער, די קאַבאָלע, די מאָשיכישע באַוועגונגען און אַפילע דעם כאַסידיזם, ווײַל ער האָט ניט געקאָנט טויפעס זײַן זייער אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַלן כאַראַקטער.

אָבער די גרויסע פאַרדינסטן פון שימען דובנאָוו — דאָס באַלויכטן די ייִדישע געשיכטע פון אַ וועלטלעכן און נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט; זײַנע טיף־אָריגינעלע אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן און אין ליטע, זײַן קאָלאָסאַלע פּראָפּעקציע פונעם אָנגעהויפטן מאָנאָגראַפישן מאַטעריאַל — וועלן אים פאַרזיכערן אַ דויערנדיקע בעקאָוועדיקע פּאָזיציע אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע.

שימען דובנאָוו איז עפּשער בעטעווע געווען אַ קאַבינעט־מענטש; דעריקער זינט ער איז פּאָטער געוואָרן פון דער פּובליציסטיק אַלס אויסשליסלעכן קוואַל פון כאַיונע. אָבער אין דעצידירנדיקע פאַרן גוירל פון זײַן פאָלק מאָמענטן האָט ער מוטיק געלאָזט הערן זײַן שטים, וואָס האָט מאַמעש בעווײַזש געקלונגען. אַזוי האָט ער האַרט פאַרן צווייטן וועלט־קריג געשריבן אין אַ בריוו צום היסטאָריקער אַ. טשעריקאָווער, אַז דער איינציקער אָנשפּאַר פאַרן ייִדישן פאָלק זײַנען די פּראָגרעסיווע קויכעס פון דער מענטשהײַט. ער האָט גערופן צו ווערבירן פרײַוויליקע אין די אַנטיהיטלערישע אַרמייען, ווײַל „מיר וועלן אונטערגיין, אָדער עקזיסטירן צוזאַמען מיט דער מענטשהײַט״.

שוין פריִער האָט ער אין אַן אַרטיקל אין דער „צוקונפט״ גערופן די ייִדן צו שאַפן פאָלקס־פראָנטן צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע.

זומער 1939 האָט ער אין צווייטן באַנד פון דעם פּאַריזשער זאַמלבוך „אויפן שיידוועג״ פאַרעפנטלעכט אַן אָפּהאַנדלונג: „וואָס דאַרף מען טאָן אין האַמאַנס צײַטן?״ אַלס ענטפער אויפן ערשטן באַנד, וווּ די מעכאַברים מיט אַ. טשעריקאָווער און י. עפּרויקין בעראָש האָבן גערופן צו „טאָן טשוווע״, צוריקגיין אין דער גײַסטיקער געטאָ, וואַרפנדיק די גאַנצע שולד ניט, כאַסוועכאָלילע, אויפן פאַשיזם, אויפן היטלעריזם, נאָר... אויף דער פּאָליטישער עמאַנסיפּאַציע, אויף דער האַסקאָלע־באַוועגונג.

דער אַלטער היסטאָריקער האָט מוטיק געענטפערט די פּאַריזשער באַלטשוווניקעס, פאַרטיידיקנדיק די עמאַנסיפּאַציע און אָפּוואַרפנדיק דעם רוף „צוריק אין געטאָ, צו גאָט, צו דער אַלטער פרומער ייִדישקײַט״.

אָט דער ענטפער פונעם גרויסן געלערנטן איז נאָך אויך הײַנט כאַל, ווײַבאַלד די רעפּועס פון „אויפן שיידוועג״ האָבן נאָכן כורבן־היטלער געפונען — דעריקער אין אַמעריקע — אַזויפיל הייסע כאַסידים. פּונקט אַזוי איז נאָך הײַנט כאַל דובנאָווס רוף: „מענטשן, פאַרגעסט ניט!״, וואָס ער האָט געוואָרפן, גייענדיק אָנהייב דעקאַבער 1941 זײַן לעצטן וועג הינטער ריגע. דעם דאָזיקן רוף האָט געמאַכט ניט בלויז דער געלערנטער, דער היסטאָריקער, וואָס האָט געטראַכט וועגן דער קומענדיקער היסטאָריאָגראַפיע פון אונדזער כורבן, נאָר אויך דער נאַציאָנאַלער מאַנהיג, וואָס האָט געטראַכט וועגן ייִדישן קיִעם. דער דאָזיקער רוף: „מענטשן, פאַרגעסט ניט!״ וועט טיף פאַרבלײַבן אײַנגעקריצט אינעם פאָלקס־זיקאָרן.

ז ש אַ ק   ק ו ר י צ ק י

# טיקון-טאָעס

אונדזער ייִסראָעלדיקער פרײַנט פּראָפעסאָר מאָרדעכײַ אַלטשולער האָט אין זײַן בריוו צו דער רעדאַקציע געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז אין די מאַטעריאַלן, געווידמעט דעם 100־טן געבורטסטאָג פון דאָוויד האָפשטיין („סאָוועטיש היימלאַנד״ נום. 10, 1989) איז אַרויסגעפאַלן די באַמערקונג, אַז האָפשטיינס בריוו צו דאַניִעל טשאַרני זײַנען איבערגעדרוקט פונעם בוך „בריוו פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער״, וועלכן עס האָבן צונויפגעשטעלט און רעדאַגירט י. ליפשיץ און מ. אַלטשולער.




# די געפאלענע מאלאָכים און די ריזן

אז די וועלט איז געוואָרן זייער זינדיק, איז גאָט געזעסן טרויעריק אױף זײַן שטול און זיך באראטן מיט די מאלאָכים, וויאזוי צו באשטראָפן די זינדיקע מענטשן.

שטייען אוף צוויי מאלאָכים, שאמכאזאַי און אזאייל, און זאָגן:

— ריבוינעשעלוילעם! אז דו האָסט נאָר פארטראכט צו באשאפן דעם מענטשן, האָבן מיר דיר נאָך דעמלט געזאָגט, אז ס'איז נישט קעדײַ — איצט נעם און פארטיליק אלע מענטשן, עס זאָל פון זיי קיין זייכער ניט בלײַבן.

— און וואָס וועט זײַן מיט דער וועלט?

— גענוג פאר דיר די הייליקע מאלאָכים אין הימל.

— ווען איר, מאלאָכים, וווינט אױף דער ערד, וואָלט איר אויך ניט געקענט דעם יעיצערהאָרע בײַשטיין, און נאָך עפשער געווען זינדיקער פון מענטשן.

— פרוּווּ אונדז, וועסטו זען.

האָט גאָט זיי ביידע אראָפגעוואָרפן אױף דער ערד, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו זינדיקן.

איינמאָל דערזעט שאמכאזאַי די שיינע יונגפרוי עסטער, איז ער באלד צו איר צוגעקאָכט געוואָרן און הייבט זי אָן אײַנרעדן, זי זאָל זינדיקן.

זאָגט זי אים: איך וועל דיר ניט פאָלגן, סײַדן דו זאָלסט מיר פריִער אויסלערנען דעם שיים האמפוירעש[1], מיט וועלכן דו הייבסט זיך אוף אין הימל.

ווי ער האָט איר אויסגעזאָגט דעם סאָד, האָט זי געזאָגט דעם שפּרוך און א ריינע ארוף אפן הימל.

דערפאר האָט זי גאָט ארײַנגעזעצט אין מאזאָל קימאָה[2] און זי פארוואנדלט אין א ליכטיקן שטערן.

---

[1] „גאָטס נאָמען", אז מע רעדט אים אויס ווי געהעריק, קען מען טאָן די גרעסטע ווונדער. דער נאָמען איז א גרויסער סאָד, וואָס נאָר מאלאָכים און גרויסע צאדיקים ווייסן עס.
[2] אזא שטערן־בילד, א גרופּע שטערן.

די צוויי מלאָכים האָבן נאָכדעם באַסעגנט געהאַט מיט מענטשן־טעכטער, און די פרויען האָבן געבוירן קינדער־ריזן. יעדער ריז פלעגט אויפעסן פאַר א מאָל טויזנט אָקסן מיט טויזנט פערד און טויזנט קעמלען.

שאַמכאַזאַי האָט געהאַט צוויי אַזעלכע ריזן־קינדער, איינער האָט געהייסן היוואַ, דער אַנדערער — הייאַ.

איינמאָל באַנאַכט כאָלעמט זיך זיי ביידן: היוואַ זעט אין טרוים א שטיין, דורכויס פאַרשריבן מיט שורעס אויסגעקריצטע אויסיעס, קומט א מאַלעך מיט א מעסער און קראַצט אָפּ אַלע שורעס און לאָזט איבער נאָר פיר ווערטער. און הייאַ האָט געזען אין כאָלעם א גאָרטן באַפלאַנצט מיט אַלערליי ביימער, קומען מלאָכים מיט העק און האַקן אויס דעם גאַנצן גאָרטן, נאָר פיר ביימער האָבן זיי איבערגעלאָזן.

אין מאָרגן פרי קומען זיי צום פאָטער און דערציילן די כאַלוימעס. זאָגט ער זיי, וואָס די כאַלוימעס באַטייַטן:

— א מאַבל וועט קומען און אַלע מענטשן אומברענגען. עס וועט בלייַבן לעבן ניט מער ווי נויעך מיט זייַנע דריי זין.

הייבן זיי אָן צו קלאָגן: אוי ווי, אונדזערע נעמען וועלן אויך אויסגעמעקט ווערן פון דער וועלט.

טרייסט זיי שאַמכאַזאַי:

— האָט קיין יעסורים ניִשט, אייַערע נעמען וועלן אייביק בלייַבן. אין אַלע צייַטן, ווען דער מענטש וועט פיל קויכעס אָנווענדן, דיקע קלעצער האַקן, שווערע שטיינער הייבן, אָנגעלאָדענע פלאָטן שלעפּן, — וועט ער אַלץ אייַך דערמאָנען און שרייַען היוואַ! הייאַ!

# נויעך און דער מאַבל

הונדערט און צוואַנציק יאָר האָט גאָט געוואָרנט דעם דאָר האַמאַבל, זיי זאָלן טשווע טאָן, און זיי האָבן ניט געוואָלט הערן, האָט ער געהייסן נויעכן, ער זאָל זיך אָנהייבן בויען א קאַסטן.

האָט נויעך גענומען פלאַנצן טאַנענביימער, קומען מענטשן צו אים און פרעגן: וואָס טוסטו? — ענטפערט ער זיי: — א מאַבל וועט קומען און אייַך פאַרפלייצן, און איך וועל מיר פון די ביימער אויסבויען א קאַסטן און געראַטעוועט ווערן. לאַכן זיי און שפעטן פון אים. שפעטער זעען זיי, ווי ער באַגיסט די ביימער און פרעגן ווייַטער: — צו וואָס? — ענטפערט ער זיי ווי פריער. שפעטן זיי ווידער פון אים. אין א צייַט אַרום זעען זיי, ווי ער האַקט אויס די ביימער און אַרבעט זיי אַרום. פרעגן זיי ווייַטער: — צו וואָס דאַרפסטו עס? ענטפערט ער זיי אַלץ דאָס אייגענע, און זיי גלייבן אַלץ ניט.

און אַז דער מאַבל איז אָנגעקומען און זיי האָבן געזען, אַז זיי האַלטן באַם אונטערגיין, זייַנען זיי געקומען און געוואָלט איבערקערן דעם קאַסטן. וואָס טוט גאָט? שיקט ער צו לייבן מיט לעמפערטן און זיי ריַיגלען אַרום דעם קאַסטן פון אַלע זייַטן און לאָזן ניט צוטרעטן.

פון אַלע ריזן איז געבליבן נאָר איינער — אויג מעלעך האַבאַשן. ער האָט זיך אייַנגעבעטן בא נויעכן, ער זאָל אים לאָזן זיצן רייַטנדיק אַפן קאַסטן און דערלאַנגען אים עסן דורכן דאַך־פענצטערל. דערפאַר האָט ער נויעכן געשווירן, אַז ער וועט בלייַבן אַן אייביקער קנעכט אים און זייַנע קינדער.

אַז דאָס וואַסער איז אָפּגעפאַלן, האָט נויעך אַרויסגעשיקט דעם ראָב, ער זאָל זען, צי איז שוין דאָ טרוקן לאַנד און קומען צוריק מיט אַן ענטפער. איז דער ראָב אַוועקגעפלויגן און צוריק זיך שוין ניט אומגעקערט. א נעווייַלע האָט ער געפונען אַפן שפּיץ באַרג, און פון גרויס סימכע פאַרגעסן אין זייַן שליכעס.

האָט נויעך אַרויסגעשיקט די טויב, און זי האָט זיך אומגעקערט צוריק מיט אַן איילבערטבלאַט אין מויל, ווי איינער זאָגט:

ליבער א ביטערע בלאַט פון גאָטס גנאָד,
איידער זיסע שפייַז פון מענטשנס גאָב.

שפעטער האָט סיים בען נויעך דערציילט, ווי זיי האָבן געלעבט אין קאַסטן:

— זייער פיל האָבן מיר זיך דאָרט אָנגעליטן, גאָר ניִשט אויסצושטיין. קיין רו באַטאָג און באַנאַכט. יעדן באַשעפעניש באַזונדער גיב צו דער צייַט זייַן שפייַז, וואָס אים פּאַסט. דער עסט פאַרטאָג, ווען דער האָן קרייעט, דער באַטאָג און דער — גאָר האַלבע נאַכט. דעם קעמל גיב שטרוי,

